שלמה לבדי

# שוועלן

א טרילאָגיע



שיקאגא · „ידידים" · ניינצן פערציג אַכט

# אינהאַלט

## ערשטער טייל:
## דער רייץ פון שטורעם

## צווייטער טייל:
## נאָכגעשריי פון בלוט

# ערשטער טייל:

# דער רייץ פון שטורעם

## 1

## רינגען אין אַ קייט



ייַן ערשטן באַזוך ביי אדון שיפריסן האָט אביגדור געמאַכט צוזאַמען מיט קאַפּלאַנען. די אויפנאַמע איז געווען אַ וואַרעמע, אַ פריינדלעכע.

— איך האָב שוין וועגן אייך געהערט פון מיין גוטן פריינט אדון ליפשיצן, — האָט אדון שיפריס געזאָגט, אַריינפירנדיג דוכסן אינ׳ם קיל־שאָטנדיגן, אויפגערוימטן צימער.

דער מענטש האָט דוכסן אָפּגעקויפט מיטן ערשטן בליק פון זיינע פרישע, מילדע אויגן, מיטן ליבהאַרציגן שמייכל אויף זיין פאָטערלעכן, איידעלן פּנים. זיין באַנעם האָט געריזלט מיט אינערלעכער וואַרעמקייט, מיט אָפענער פריינדלעכקייט צום מיטמענש. זיין עקזאָלטירטע פערזענלעכקייט האָט באַלד מיט זיך פאָרגעשטעלט פאַר דוכסן אַ האַרמאָנישן צוזאַמענגוס פון דער מזרחשער באַזאַכטקייט און דער חכמה פון מערב. ווי ער האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, האָט אדון שיפריס געשטאַמט פון אַן אשכנזישן פאָטער און אַ ספרדישער מוטער. דערדאָזיגער פאַקט האָט אים ווי באַזונדערס דערהויבן אין אביגדורס אויגן: ער האָט אין אים געזען דעם יורש פון די בעסערע אייגנשאַפטן פון די ביידע דערוויטערטע עלעמענטן פון פאָלק.

פון דער ערשטער מינוט וואָס ער האָט באַטראַכטן דעם שוועל פון אדון שיפריסעס הויז, האָט ער געהאַט דעם געפיל, אַז ער שטייט פאַר אַן אומגע־

קרוינטן פּרינץ צווישן די זין פון זיין פאָלק, וועמענס ערשטער האַרציקער האַנטדריק געווינט דעם פולן צוטרוי צו זיך און דערוועקט אַ מיסטעריעזן פאַרלאַנג צו זעצן זיך ביי זיינע פיס און וואַרטן אויף זיין וואָרט. דעמזעלבן געפיל, האָט ער זיך דערמאָנט, האָט ער געהאַט ווען דער זידע האָט אים צום ערשטן מאָל געבראַכט פאַר רב אַשרלען אין דער טעלזער ישיבה.

אדון שיפּריס האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן דוכסעס דערציאונג, זיין ביז־אַהעריקער אידישער און וועלטלעכער בילדונג, און וועגן די מאָטיוון וועלכע האָבן אים באַוועגט צו פאַרברייטן זיך פאַר אַ לערער־קאַריערע. עס איז געווען אַ מין מינדליכער עקזאַמען, נאָר אָן די אָנגעצויגענע פאָרמאַליטעטן, דער געמיט־לעכער אופן, אין וועלכן די פראַגן זיינען געשטעלט געוואָרן, האָט איינגאַנצן צעשטרויט די אָנגעשטרענגטקייט, וועלכע קומט מיט אַ נייער באַקאַנטשאַפט, און האָט מעגלעך געמאַכט פאַר דוכסן צו ענטפערן אויף די פראַגן פריי, אָפן, ווי ער וואָלט גערעדט צו אַ באַנטן, צו איינעם וועמען ער קען שוין פון לאַנג. אדון שיפּריס האָט אים אויסגעהערט מיושבדיג, האָט געלייגט באַדייטנד גע־וויכט אויף די מינדסטע דעטאַלן אין אביגדורס ענטפערס. ער האָט אים גע־ראָטן צו אָנשליסן זיך צייטווייליג אַלס פרייער צוהערער אינ'ם דריטן לער־יאָר קורס, צו וועלכן זיין עקסטערן־אַטעסטאַט באַרעכטיגט אים, און דורך דער צייט זאָל ער זיך פאַרברייטן צום פאַרמאַלן עקזאַמען אין יענע געגנשטאַנדן, אין וועלכע ער האָט ניט געהאַט קיין סיסטעמאַטישן אונטערריכט.

אדון שיפּריס האָט אַרויסגעוויזן טיפן אינטערעס אין דוכסעס מאַטעריעלער לאַגע, און האָט אים געעצהט ווי צו איינאָרדענען זיך אַמבעסטן. און אַרויסבאַ־גלייטנדיג אים צו דער טיר, האָט ער באַטאָנענדיג איבערגעחזרט:

— איך וויל אַז איר זאָלט אייך פילן פריי, און זיך ווענדן צו מיר ווען־נאָר איר פילט אַז איך קאָן אייך אויף וועלכן ס'איז אופן באַהילפיג זיין. מיין הויז איז שטענדיג אָפן. מיר זיינען דאָ איין גרויסע משפחה.

און אביגדור האָט מיטן גאַנצן ברען פון זיין פאַרליבטער נשמה זיך אַרייג־געוואָרפן אין די למודים. עס האָט זיך אין אים דערוואַכט דער אַמאָליגער חשק, די התמדה פון די ישיבה־טעג, דיין איינגעבוירענער דורשט צום לערנען. ער האָט איצט קלאָר געזען זיין ציל, דעם מיין פון זיין דאָ־זיין, און אין דעם ציל — תמרהן. ער האָט זיך ניט פאַרגונען קיין פרייע מינוט. ווי באַר ער פלעגט צוריקקומען פון די לעקציעס אין סעמינאַר, פלעגט ער זיך איינשליסן אין זיין צימער און פלעגט מיט אונדערמידלעכן פלייס אַרבעטן אויף זיך שעה־איין שעה־אויס, ביז וויט נאָך האַלבער נאַכט. דאָס לערנען איז אים געווען ליב, דער ציל — רייצנדיג. און אָפט, אין די שפּעטנאַכטיגע שעהן — ווען איבער די ווענט אַרום האָבן געדרעמלט מידע שאָטנס, אויפן טיש האָט דער סומנער שיין פון נאָפט־לעמפּל אונטערגעציטערט האַלב־פאַרחלשט איבער די צעוויטע ביכער און נאָטיצן; ווען אין דער נאַכטיגער שטילקייט האָט דער טורעם־זייגער

פון שנעללער'ס יתומים־הויז, יעדע פערטל שעה, אויסגעקלונגען זיין לאַנגוויַיל איבער די פאַרוואָרלאָזטע פלעצער וואָס זייַנען געלעגן צווישן „כרם" און „זכרון משה", איבער די פאַרשלאָפענע ליידיגע געסלעך פון „אחוה" און „יגיע כפים", און דורכן אָפענעם פענצטער פלעגט די דרויסנדיגע קילקייט זיך פאַרקלייבן אין צימער און גלעטן דאָס ביט־דעררוט לייב — פלעגט דוכס זיך געפינען זיצנדיג איבער די למודים און פלעגט אָפט פאַרגיין אין אַ גמרא־ניגון, אַמאָל — זיין אייגענעם, אַמאָל — דעם טאַטנס. די אויגן פלעגן פאַרלויפן, די שורות פלעגן צעשווימען דורך אַ פאַרלייקנטער טרער, און פאַרן דמיון פלעגט דאַמאָלט דערשיינען ז י... ז י, וועמענס האַנט ס'האָט מיט פאַרהוילענעם צויבער געוועקט אין אים פאַרבאָרגענע פאַרלאַנגען, פרישע קוואַלן פון כוח, און חלום און ווילן האָבן דערשפּינט ס'איבעריגע. אַ פאַרשמאַכטער שמייכל פלעגט זיך אויסלייגן איבער זייַנע מויל־ווינקלען. אַ וואַרעמע מידקייט פלעגט אָנגיסן זייַנע גלידער. די ברעמען פלעגן צופאַלן נאָכגעביג, דער קאָפּ פלעגט זיך שווער אַרונטערלאָזן אויפן טיש, און פאַרוויגט פון זיין אייגענעם חלום פלעגט ער זיך איבערגעבן אין די אָרעמס פון אויסגעבענקטן שלאָף. מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג פלעגט ער זיך אויפכאַפּן מיט אַ פאַרשולדיגט געפיל און זיך ווידער אַרייַנוואַרפן אין לערנען.

זייַנע גוטע פעאיגקייטן און זיין געבענטשטער זכרון זייַנען אים געקומען צו הילף, און באַלד נאָך חנוכה האָט ער צופרידנשטעליג דורכגעמאַכט דעם איינטריט־עקזאַמען פאַרן דריטן לער־יאָר קורס פון סעמינאַר.

זיין צייט איז איצט געווען מער סיסטעמאַטיש איינגעטיילט. ער האָט זיך געשאַפן נייע חברים צווישן די סעמינאַריסטן, איז געוואָרן טעטיג אין דעם תלמידים־פאַריין, איז אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין די ליטעראַרישע גרופּן, אין דעם דראַמאַטישן אַמאַטאָרן־קרייז. די למודים האָבן פאַר אים געעפנט אַ נייע וועלט, אַנטפּלעקט אַ נייעם אַרט דענקען, און איבערהויפּט — אדון שיפּריס. זייַנע לעקציעס איבער דער ליטעראַטור פון מיטלאַלטער און איבער דער אָפשטאַמונג און אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער שפּראַך זייַנען פאַר דוכסן געווען אַ קוואַל פון באַגייסטערונג, פון אָנרעג צום קלאָרן דענקען און שאַפן, דער אָנצייג צום אומקאָמפּראָמיטירטן וועג פון אידעאַל און פאַרהייליגונג. זיין השפּעה אויף דוכסן איז געוואָקסן מיט יעדן טאָג. און שפּעטער, ווען די שטילע רייבונגען צווישן אדון שיפּריסן און דעם דירעקטאָריום פון דעם אידיש־דייטשישן „הילפס־פעראיין" איבער דער פראַגע פון דער אונטערריכטשפּראַך האָט זיך ענדלעך פאַרוואַנדלט אין אַן עפנטלעכן קאַמף, איז דוכס געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן זיך געשטעלט ביי אדון שיפּריסעס זייט און האָבן אַרויסגערופן די תלמידים־קערפּערשאַפטן אין אַן אָפענעם שטרייק. דערדאָזיגער קאַמף האָט מיט דער שנעלקייט פון אַ וואַלד־פייער אַרומגעכאַפּט אַלע לער־אַנשטאַלטן פון לאַנד, מיטן סעמינאַר אַלס דעם סטראַטעגישן צענטער און

מיט אדון שיפריסן אין דער שפּיץ. עס האָט אויפגעברויזט געמיטער, האָט אויפגעשטורעמט געפילן, און מ׳האָט געשטעלט אַלץ אין קאָן אין דעם פאַרביטערטן קאַמף פאַר דער אויבערהערשאַפט פון דער ביבלישער שפּראַך אין די ארץ־ישראל־שולן.

אביגדור האָט מיט באַדויערונג געקוקט אויף די חברים און לערער, וועלכע זיינען אַריבער אינ׳ם לאַגער פון די „בוגדים״. זיי האָבן ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון פון דער צוגעזאָגטער תמיכה און די זיכערע, פעטע געהאַלטן, מיט וועלכע די דייטשישע יהודים האָבן זיי אימפּאָנירט. אָבער דער גרעסטער טייל פון די תלמידים און די מיטגלידער פון פאַקולטעט זיינען מיט מוט אַנטקעגנגעקומען דעם רוף, און האָבן זיך געשטעלט אין די רייען פון די „שובתים״. דער אָפּגרונט פון שוואַרצן חרם, וועלכער האָט זיך אויסגעלייגט צווישן די צוויי קעגנערישע לאַגערן, איז פאַרבליבן אַ שטענדיגער, אַן אייביגער ריס; און אביגדור האָט מיט אַ געמישט געפיל פון פרייד און שטילער קרענקונג צוגעזען ווי יונגע שול־קינדער שרייען נאָך מיט פאַרדאַמונג זייערע געוועזענע לערער „בוגד!״; ווי ברודער פון ברודער האָט זיך אָפּגעפרעמדט; ווי ניט איין פאַרליבט פּאָרל זיינען פאַרבליבן בלוטיגע שונאים.

און ווען דער שטרייט איז געקרוינט געוואָרן מיט נצחון אויף דער זייט פון אדון שיפריסעס פאַקציע דורך דער גרינדונג פון ריין־העברעאישע שולן אונטער דער אויפזיכט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן די חברים גוט געדענקט דוכסעס דרייסטע שטעלונג אין די טעג פון קאַמף, זיין מסירת־נפשדיגע מוטיגקייט, און ער איז באַליבט און געאַכפּערט געוואָרן צווישן זיי.

זיין אינטימער קרייז איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדע חברים: קאַפּלאַן, שאַפּיראָ, כייקין, יואלי, שמחוני און זיין שכן שוואַרצבערג, „דער בצלאלניק״. יעדער איינער פון זיי איז געוועזן אַ באַזונדער וועלט פאַר זיך, נאָר צוזאַמען האָבן זיי מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געוויסע פילפאַרביגע געמיינשאַפטלעכקייט, אַ גאַנצן עפּעס.

דוד קאַפּלאַן האָט געוואוינט ביי זיינעם אַ פעטער אין „מאה שערים״. נאָר אַזוי ווי די אַטמאָספערע אין דער הויז פון דעם אידן — האַלב־סוחר־האַלב־חלוקה־מענטש — איז פאַר קאַפּלאַנען געווען שטיקענדיג, האָט ער זיך ממילא געפונען מער ביי אביגדורן אין צימער ווי ביי זיין פעטער. אפילו זיין מאַנדאָלינע האָט שוין דאָרט געהאַט איר באַשטימטן פּלאַץ. מיט אים פלעגט אביגדור צוזאַמען לייענען, צוגרייטן שול־אַרבעט, און אָפט — פאַרלייענען פאַר אים אַ ניי־געשאַפן ליד. דאָס רוב אָבער פלעגט איינער פון זיי זיצן ביים טישל, דער צווייטער — ליגן אויסגעצויגן אויפן בעטל, און יעדערער פאַרטאָן אין זיין אַרבעט. נאָר פון צייט־צו־צייט פלעגט זיך צווישן די צוויי פאַרפלעכטן אַ לעבהאַפטיגער קורצער שמועס. און פון די קורצע שמועסן האָט זיך מיט דער צייט אויסגעבריט ביי זיי דער געדאַנק פון שאַפן צוזאַמען, אין דער צוקונפט,

אַ קינדער־ליטעראַטור און אַ וויסנשאַפטלעכע פּעדאַגאָגישע צייטשריפט אין העברעאיש.

מיט אים — מיט קאַפּלאַנען — פלעגט דוכס אין די פרייטיק־צו־נאַכטן גיין צו אדון שיפּריסן אין הויז. דאָרט פלעגן זיי טרעפן אַ קרייז פון עלטערע סעמינאַריסטן און יונגע לערער פון אדון שיפּריסעס „חסידים״, וועלכע פלעגן ביי אַ גלעזל טיי פירן דיסקוסיעס איבער ליטעראַטור, געשיכטע, פאָלקלאָר און צייט־פראַגן. אַמאָל פלעגט אדון שיפּריס פאָרלייענען אַ כתב־יד פון אַ ניי־אַנטדעקטן כוח צווישן די תלמידים און עס לאָזן צו דער פרייער קריטיק פון די אַנוועזנדע. און אַז יעדער איינער האָט שוין געהאַט זיינס אָפּגעזאָגט, פלעגט אדון שיפּריס לאָזן פאַלן אַ באַמערקונג דאָ און דאָרט און אַרויפשיפן דעם געשפרעך אויפן גלייכן דרך. ער האָט אָבער אויסגעמיטן פון אַרויפצווינגען זיין מיינונג ביי די געלעגנהייטן. אדרבה, ער האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיט דער מיינונג פון יעדן איינציקן, און זיינע באַמערקונגען האָבן נאָר געדינט אַלס א מיטל צו סטימולירן ווייטערדיגע מיינונג־אויסטוישונגען. די האַלטונג איז געווען ניט ווי פון תלמידים פאַר זייער רבין, נאָר אַ משפּחהמעסיגע, אַ פרייע. מ'האָט זיך אפילו אַמאָל דערלויבט אַ וויץ אין מאַמע־לשון. אָבער דער אָפּשיי פאַר זייער עלטערן חבר איז שטענדיג אָפּגעהיט געוואָרן.

אדון שיפּריסעס פּאַטער — אַ פּיפיגער אַלטיטשקער אין די טיפּע שמונים — פלעגט זיך אויך צושאַרן צום טיש, די האַנט צוגעלייגט צום אויער, און פלעגט נעמען אַ לעבעדיגן אַיינטייל אין די געשפרעכן. זיין שאַרפער הומאָר פלעגט, ווי אַ ליכטיגער פאָדים, זיך דורכוועבן דורך דער ערנסקייט פון די ויכוחים.

דוכס פלעגט מיט דערוואַרטונג אויסקוקן אויף דידאָזיגע צוזאַמענקונפטן.

און ס'איז געווען דוד קאַפּלאַן, וועלכער האָט איינמאָל בגנבה געבראַכט פאַר אדון שיפּריסן עטלעכע פון אביגדורס שירים אין כתב־יד. אדון שיפּריס האָט אויף מאָרגן אַריינגערופן דוכסן צו זיך, האָט אים אַ לענגערע ווײַלע אָנ־געקוקט מיט א דינעם שמייכל, און'ט זיך אָנגערופן מיט כלומרשטן טאַדל:

— הייסט עס, אַז איר זענט גאָר אַ למד־וווניק. א מענטש „ציט מיט דער פעדער פון אַ שרייבער״ און לאָזט גאָר קיינעם ניט וויסן.

— ס'איז נאָך מיין צייט ניט געקומען צו „נתגלה״־ווערן... דאָס זיינען נאָר פּאַרזוכן, בוסר.

— עניות פאַר אַ שרייבער איז אפשר אַמאָל אַ מעלה — אַ גרויסע מעלה; אָבער אינגאַנצן אַ נסתר דאַרף מען, פונדעסטוועגן, ניט זיין. געוויס ווערט מען ניט קיין דיכטער איבער־נאַכט. מ'מוז אַרבעטן אויף זיך — אַרבעטן אַ סך; און דאָס, גלויב איך, טוט איר. אין אייניגע פון אייערע שירים, וועלכע ליגן דאָ פאַר מיר, פילט זיך אַ געוויסע רייפקייט, סטיל. נעמט זיך ניט צופיל איבער

מיט וואָס איך זאָג אייך, אָבער איר האָט זיך גאָרניט וואָס צו שעמען מיט די אויפגעשריבענע שורות... עפּעס וועט מוזן געטאָן ווערן וועגן דעם...

און אדון שיפּריס האָט, פון דאַמאָלט־אָן, גענומען דוכסן אונטער זיין אויפזיכט, האָט געלייגט אַ סך אַכטונג אויף זיין שרייבן. ער האָט פאַרבראַכט מיט אים אַ סך שעהן אין אַנצייגן אים אויף געוויסע אויסבעסערונגען אין זיינע וויטערדיגע אַרבעטן, וועלכע דוכס האָט געמוזט פאַר אים ברענגען. ער האָט אים געלויבט, דערמוטיגט, און אַמאָל — שטאַרק געמוסרט. עס האָט זיך אָבער שטענדיג געלאָזט פילן זיין אויפריכטיגע איבערגעבנקייט, זיין אמת־פאָטערלעכע פרייד אין דעם וואוקס פון אַ יונגן טאַלאַנט.

קאַפּלאַן האָט פאַררעכנט דוכסן פאַר זיין „אַנטדעקונג".

אָבער קלמן שאַפּירא, דוכסעס מיט־שכן אין צימער, האָט געהאַט אינגאַנצן אַן אַנדער מיינונג וועגן דוכסעס פעאיגקייטן:

— דוכס דאַרף ווידמען זיין טאַלאַנט דער בינע. זיין טעמפּעראַמענט איז מער צוגעפּאַסט פאַר דעם. די דראַמע איז זיין באַרוף!

און אַז שאַפּירא איז געקומען צו אַן איבערצייגונג, האָט עס געמעגט דונערן און בליצן — ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס. אים איבערצורעדן איז געווען אוממעגלעך. ער האָט געהאַט זיין מיינונג און האָט זיך געהאַלטן באַרעכטיגט צו דעם ביט ווייניגער ווי אימעצער אַנדערש — זאָל עס זיין אדון שיפּריס, צי אפילו מר ברב אשי אַליין!

ער איז געווען שיין געבויט, האָט פאַרמאָגט אַ קלאָרע, קלאַנגרייכע דיקציע, גראַציעזע מאַניערן, גוטע פעאיגקייטן פאַר מאַטעמאַטיק און אַן אויסערגעוויינטלעכע ליבשאַפט פאַר די רוסישע קלאַסיקער. ווען ער פלעגט זיך צעקאָכן, איז געווען צו דערוואַרטן אַז ער זאָל זיך צו יעדער מינוט צעבאַרעבאַנעווען אין רוסיש און אויסלאָזן מיט אַ דרייגאָרנדיגן רוסישן „מי שברך". ער איז געווען דער עלטסטער אין דער גרופּע, און צו דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג איז ער געקומען דורך אַרומיגע וועגן:

זיין טאַטע איז געווען אַ רב, ער — אַ וואוויל־לערנער. אַנשטאָט צו פאָרן אין דער ישיבה, וואו דער טאַטע האָט אים געשיקט, האָט ער זיך דערשלעפּט צו אַ רייכן פעטער אין קיעוו. ער האָט געהאַלטן ביים ענדיגן די דאָרטיגע ריאַל־שול מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, ווען מ'האָט אים געכאַפּט פאַרשפּרייטנדיג „טריפה ליטעראַטור" צווישן די שילער און מ'האָט אים משלח געווען. האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער ראַדיקאַלער באַוועגונג אין ניזשני נאָוואָגאָראָד; האָט געמוזט עוקר זיין. ט'זיך אַ שטיק צייט אומגעדרייט אין דער שווייץ; ט'דאָרט דורכגעמאַכט אַן אומגליקלעכע ליבע מיט אַ פּוילישע סובורעטן. האָט געזאָלט פאָרן קיין אַמעריקע, נאָר דער ביילים־בלבול האָט אים געבראַכט קיין ארץ־ישראל. איז אַריינגעטראָטן אין סעמינאַר, און געצויגן האָט אים שטענדיג ערגעץ אַנדערש.

ער האָט זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט זיין פּערזענלעכן אויסזען, האָט ליב געהאַט ריינקייט, טאַקט, נאָר זיין ליידנשאַפט איז געווען די שוישפּיל־קונסט, וועלכער ער האָט געווידמעט יעדע פרייע שעה פון זיין צייט.

און ס'איז געווען שאַפּיראָ וועלכער האָט אביגדורן צוגעצויגן צום דראַ־מאַטישן אַמאַטאָרן־קרייז. ווען די קריטיק האָט זיך איינמאָל וואָרעם אָפּגערופן אויף דוכסעס אויסטייטשונג פון אַ געוויסער כאַראַקטער־ראָלע, האָט שאַפּיראָ דאָס פאַררעכנט פאַר זיין פערזענלעכן נצחון:

— נו, וואָס האָב איך אייך געזאָגט?! דער בחור האָט איינבילדונגס־קראַפט! ער איז אַ געבוירענער שוישפּילער!

קאַפּלאַן האָט אים אָנגעצויגן:

— גיי שוין, גיי! ס'איז דערפאַר ווייל זיין תמרה איז צופעליג געווען ביי דער פאָרשטעלונג. איך האָב שוין געזען אַז זי זאָל זיין...

דוכס האָט זיך ווי מודה געווען:

— דאָס האָט, אָן ספק, געהאַט אַ געוויסע ווירקונג. כ'האָב ג ע פ י ל ט איר אָנוועזנהייט, כאָטש כ'האָב ניט געוואוסט אויף זיכער אַז זי איז דאָרט, ביז נאָכן צווייטן אַקט... איך האָב געשפּילט מיין זיידען; און ס'איז גוט זיך איינצולעבן אין דער ראָלע פון אַ כאַראַקטער וועלכן מ'האָט ליב — בפרט נאָך, ווען דו פילסט בחוש אַז ערגעץ־וואו אין זאַל קוקן אויף דיר אַ פּאָר וואַרעמע אויגן... עס שפּילט זיך גאָר אַנדערש אין אַזאַ פאַל.

— טשעפּוכאַ, ברודער! דאָס איז נאָר אַן אויסרייד. דו הער וואָס איך זאָג דיר: דו האָסט טאַלאַנט.

און אויף דעם סמך האָט שוין שאַפּיראָ אין דמיון געבויט אַ פּראַכטפולן טעאַטער־שלאָס אויפן הר־הצופים...

ווי אַזוי דוכס האָט זיך צוערשט באַקאַנט מיט כייקלען, ווען ער האָט זיך מיט אים צוערשט באַפריינדעט — דאָס האָט ער זיך קיינמאָל ניט געקאָנט דערמאָנען. אים האָט זיך שטענדיג אויסגעדאַכט, אַז ערגעץ אויף זיין וועג איז ער פאַר אים ווי אויפגעוואַקסן פון אונטער דר'ערד און האָט זיך צוגעבונדן צו אים. פאַר אַ לענגערע צייט האָט דוכס אפילו ניט געוואוסט אַז זיין אמתער נאָמען איז כייקין. און ס'איז געווען עפּעס אין דעם בחור פאַרוואָס מ'האָט אים געמוזט ליב האָבן. אַן אָפּגעריסענער, אַ צעכראַשטשעטער, מיט אַ פּאָר שיך וואָס זיינען אַ תחום־שבת צו־גרויס, הויזן — דריי מאָל זיין מאָס, אַלעמאָל אַ הונגעריגער, תמיד אַ לוסטיגער, שטענדיג אַ פאַרנומענער, אַן אייביג־פאַר־שמאַיעטער, אימער גרייט אָפּצוגעבן דאָס לעצטע פון זיך פאַר אַ חבר — דאָס איז געווען כייקל.

אַ פּנים האָט ער געהאַט אַ צעפלאַכטענעם, כמעט אַ מיאוסן, אָבער אַ באַלעבטן, אַן אָפענעם. ניט האָבנדיג אַליין מיט וואָס אַ טאָג דורכצוקומען, האָט ער נאָך געהאַלטן ביי זיך „אַן איידעם אויף קעסט" — דעם הוסטנדיגן

ראַוּוסקין, מיט וועמען ער איז געשלאָפֿן אויף איין שטרויזאַק אין זיין פּינצטע־דער דירה, ערגעץ אין אַן אַחוה׳ר הויף. און גענייאַנטשעט האָט כייקל דעם ראַוּוסקין ווי אַ געטרייע שוועסטער. „טאָקי אַ פּלעגמאַט; אָבער מ׳קאָן דאָך ניט לאָזן אַ מענטשן אונטערגיין...״ זיין שווערסטער קאַמף איז געווען מיט די בעלי־דירות: „פֿון טויט און פֿון לעבעדיג — זיי ווילן דוקא אַז מ׳זאָל זיי באַצאָלן!...״ פּלעגט כייקל זיי צוערשט קאָרמענען מיט תירוצים, דערנאָך פּלעגט ער זיי אָנהויבן אויסצומיידן, ביז ער פּלעגט פֿאַרנעמען ס׳ביסל מטלטלין, מיט ראַוּוסקין, און נעלם ווערן אויף אַן אַנדער דירה. נאָך כייקלס חשבון, האָט ער נאָך קיינמאָל ניט באַוויזן צו וואוינען אויף איין דירה מער ווי דריי חדשים. „אָבער מ׳האָט זיי וואו שדים טאַנצן! מ׳גיט זיך אַן עצה: ס׳זיינען נאָך דאָ גענוג דירות אין „אחוה״ און אין „כרם״, וואו מ׳קאָן נאָך כייקלען ניט אַזוי גוט...״ פֿון אַ דירה אין „זכרון־משה״ האָט ער גאָר ניט געוואַגט צו חלומען...

פֿעאיגקייטן האָט כייקל געהאַט ניט קיין איבעריג גוטע, איז אים דאָס לערנען אָנגעקומען אַביסל שווער. אָבער כייקל איז שוין געוואוינט געווען צו אַ שווער לעבן, צו שווערער אַרבעט, און האָט עס אָנגענומען פֿאַר ליב. פּיינט געהאַט האָט ער נאָר דאָס דייטש. „צוואָוואָס זיך ברעכן דעם קאָפּ אויף די צעמזיקטע שטאַרקע ווערבן מיט אַ דער, די, דאָס, ווען ס׳איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ גרינגער, מחיהדיגער מאַמע־לשון?״...

געליינט האָט כייקל אַ סך, נאָר האָט פּיינט געהאַט צו ריידן וועגן דעם. ווען חברים פּלעגן זיך פֿאַנאַנדערריידן וועגן ביכער, זיך געטיילט מיט איינדריקן, מיינונגען, פּלעגט כייקל זיך דערפֿילן לאַנגווייליג, און פּלעגט זיך פֿאַרקלייבן אין אַ ווינקל מיט אַ פֿריש בוך.

— גוואַלד, כייקל! דו לייענסט, שלינגסט איין בוך נאָכן אַנדערן; אַ בוך האָט דאָך עפּעס דיר צו זאָגן — ווי פֿאַרטראַכט זיך אַ מענטש ניט אַמאָל וועגן וואָס ער לייענט?

— ס׳ניטאָ קיין צייט: מ׳דאַרף לייענען...

און אַזוי ווי מיט זיין לייענען, אַזוי איז אויך געווען מיט זיין אייגענעם לעבן. ער האָט אויסגעמיטן צו ריידן וועגן זיין פֿאַרגאַנגנהייט, פֿון די יאָרן און טעג וועלכע ער האָט געלאָזן ערגעץ־וואו הינטער זיך. און פֿון וואָס מ׳שטיינסגעזאָגט, האָט ער געהאַט צו דערציילן? — אַ פֿאַרטייעטע קינדהייט, אַן אויסגעהפֿקרטע יוגנט, נאַקעטע, ניט דעראָטעמטע טעג. אַלץ וואָס פּלעגט זיך אַמאָל דורכצאַפּלען אין זיין זכרון פֿון יענע טעג, איז געווען דעם טאַטנס אומגיין איבערן שטוב מיט פֿאַרלאָרענע טריט, אַ שוויגנדיגער, אַ דערשלאָגענער. די מאַמע — אַ בלאַסע, אַ צעוויטאָגטע. ס׳איז אין שטוב קיין ברויט ניט געווען, איז שטענדיג געהאַנגען אַ וויסטע אָפּגעריסנקייט צווישן די ווענט, האָט זיך אויסגעלייגט אַ שטומער רוגז צווישן טאַטע־מאַמע. אָבער אַ שוויגן

מוז דאָך ווען פּלאַצן, האָט יעדער איינער באַזונדער אַראָפּגערעדט זיין פּאַר־ביטערט האַרץ פאַר אים — פאַרן קינד — דאָס אומשולדיק באַשעפעניש פון אַ צעריסענעם חלום. און אַזוי האָט ער נאָך מיט דאָס איבערגעקאָכט מילך פון דער מאַמעס איינגעפאַלן ברוסט איינגעזויגן אין זיך די גאַנצע גאַליגקייט פון וויסטן גורל, האָט מיט יעדן קוואַרן ביסן ברויט אַראָפּגעשלונגען דער מאַ־מעס שטילע טרערן, דעם אומרו פון טאַטנס פאַרמשפּטע בליקן. און אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז דער טאַטע נעלם געוואָרן, איז ווי אין וואַסער אַריין, און מיט אים — זיין טלית־זעקל, זיין צערודערטער אומשפּרייזן צווישן די פאַרחושכטע ווענט, זיין פאַרבענקטער שוויגן איבער די בלעטער פון ספר. לאַנג איז די מאַמע אַן עגונה ניט געזעסן: זי האָט זיך גאַר אינגיכן אויסגע־שפּאַנט פון די שווערע מאַרק־קוישן, האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט, האָט אונטערגעקרעכצט, צוגעהוסט מיט אַ הוילן הוסט, ביז עס זיינען געקומען האַרטע אידן מיט קאַלטע אויגן און האָבן איר אָפּגעטאָן איר רעכט און געבראַכט איר צו איר רו. האָט כייקל שוין באַצייטנס פאַרלוירן די זיכערקייט פון אַ דאַך איבערן קאָפּ, די וואַרעמקייט פון אַ ווינקל וואָס הייסט היים. ער איז געוואָרן דאָס קינד פון הפקר, דער זון פון דער גאַס. צוערשט האָבן נאָך גוטע שכנים גע־דענקט דעם „אומגליק” וואָס איז אים אַזוי יונג באַפאַלן, און מ'האָט אים צוגע־ווען והער מיט אַן אַלט העמד, ווער מיט אַ רעשטל פון אַ מאָלצייט. אָבער אפילו גוטע מענטשן זיינען געבענטשט מיט אַ זכרון וואָס בלייכט זיך אויס מיט דער צייט. האָט מען ביסלעכווייז פאַרגעסן דעם „גרויסן אומגליק”, און כייקל איז געוואָרן אַ וואָכעדיגע זאַך. ער אַליין, מיט זיין קינדישן שכל, האָט אויך באַ־נומען אַז אַזוי מוז עס מסתמא זיין. אָבער כייקל איז ניט געוואָרן פאַרביטערט, און האָט באַצייטנס אַרויפגעשלעפּט אויף זיינע יונגע אַקסלען די גאַנצע אחריות פון זיין דאָ־זיין; האָט געשפּילט אַ צו־להכעיס מיט זיין גורל און האָט זיך געקלאַמערט צו ס'שטיקל לעבן. הפקר האָט אים געהאָדעוועט, אין הפקר האָט ער זיך געפּאַנצערט, הפקר האָט זיינע חושים פאַרשאַרפט. אָפּגענאַרט די קינדער־יאָרן, האָט ער זיך איינגעזעסטיגט ביי אַן אַלטן זייגערמאַכער, האָט אַרויסגעהאָלפן אין דער מלאכה. אַמאָל איז געווען וואָס צו עסן, אַמאָל האָבן זיי ביידע צוגעהונגערט, אָבער אַ שטענדיג שטיקל פלאַץ וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן איז געווען. דער געדולדיגער פאַנאַנדערקלייבן פון ס'צאַפּלדיג געוועט, דער שטענדיגער אומרו פון די זייגערס אַרום — דאָס איז געווען ווי צוגעמאָסטן פאַר כייקלס געמיט. אָפּטער הונגער האָט געטריבן צו זוכן פאַר־געסעניש אין ביכער, ס'קאָלט געלעגער — צו ווייטע מחשבות. און ווען דער אומרו אין זיין בלוט האָט זיך אויסגעבריט, האָט דער אימפּעט פון זיין עלנט אים דערטריבן ביז צו דעם ברעג.

איז נאָך וואָס האָט ער געהאַט צו בענקען? צוואָוואָס דאָס גריבלען זיך, דער באַטראַכטן פון נעכטנס? „די וויזערס דרייען זיך ניט אויף צוריק”.

פאַרפֿייניגטע טעג, פֿאַרזינדיגטע נע־ונדע יאָרן, און אים האָט דאָך בטבע אַזוי געצויגן צו פריילעכקייט, צו התלהבות, צו ברען — צו פֿאַרשרייען די נויט מיט געזאַנג, צו אָפּנאַרן די תביעות פֿון מאָגן מיט הפקרדיגן טאַנץ. דאָ אין ארץ־ישראל האָט זיין נויט באַקומען אַ זין, זיין הפקרות — אַ באַרעכטיגונג: ס׳איז דאָ אַ מאָרגן. אפשר ניט זיינער, אָבער אימעצנס; איז דאָ אויף וואָס אויסצוקוקן, וואָס אַנטקעגנצוקומען. „די רעדלעך אין זייגער דרייען זיך זינלאָז, ביז די שעה מוז שלאָגן". און כייקל האָט מיט זיין גאַנצן מהות זיך צוגעזויגן צום לאַנד; האָט אין זיך געטראָגן די ווייען פֿון איר וואוקס, די פריידן פֿון איר אויפֿבוי. ער האָט געקאָנט איר יעדן בערגל, איר יעדן שטיין, האָט זיך גע־קוויקט מיט אירע פֿאַרבאָרגענע שיינקייטן. דאָ, אויף די חורבות פֿון אַ ווייטן נעכטן, האָט ער דערשפּירט די טריט פֿון אַ גרויסן מאָרגן — אַ בשותפֿות־דיגן, אַלעמענס. און עפּעס אַנרעגנדיגס, מיטרייסנדיגס איז געלעגן אין כייקלס ליבשאַפֿט צו ארץ־ישראל, צו די פֿאַרוואָרלאָזטע בערג, איבער וועלכע ער פֿלעגט זיך אָפֿט אַוועקלאָזן אויף ווייטע שפּאַצירן... אָבער שפּילן זיך מיט סענטימענטן, „גיין מיטן פּנים אויף הינטער" — דאָס איז כייקלען געווען שטאַרק דערווידער, און ער האָט ניט געשפּאָרט קיין ווערטער צו לאָזן דאָס וויסן אָפֿן.

קיין בושה האָט כייקל בכלל ניט געהאַט, פֿאַר חברים — אודאי ניט. „און צוואָס זיך אַרומטראָגן מיט אַ בויכווייטאָג, ווען מ׳קאָן עס מיטן ריכטיגן וואָרט אַראָפּריידן פֿון לונג־און־לעבער?". האָט שוין כייקל געהאַט אַ כוח־הרשאה פֿאַר זיינע פרייע אויסדריקן, זיינע אויפֿריכטיגע מיינונגען, זיין אייגע־נעם יושר, און זיין אייגענעם נאָמען פֿאַר מענטשן און זאַכן.

אַנדערש אָבער האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן אין דער געזעלשאַפֿט פֿון די גננות און די מיידלעך פֿון מעון. אין זייער געגנוואַרט איז ער געווען באַשיידן, נאָכ־געביק, און פֿלעגט אַרויפֿקוקן צו זיי מיט הינטישער דאַנקבאַרקייט פֿאַר זייער ווייבערשן חסד. אַ באַזונדערע פֿאַרבענקטקייט, אַ מילדע פֿאַרחלומטקייט האָט זיך אַרום אים געטוליעט, ווען־נאָר ער איז געווען מיט זיי אונטער איין דאַך. ס׳איז גאָרניט געווען דערזעלבער כייקל, „דער באָסיאַק".

און עפּעס ווינטיגס, ציגיינערישס האָט געשטעקט אין דעם בחור — אַ שטיק יאַהאַניצי, נאָר ס׳פֿידעלע האָט אים געפֿעלט. און אפשר טאַקי דער־פֿאַר האָט עס אים אַזוי געצויגן צו יואלין.

יואלי — „דער קאַנאַריק", ווי כייקל האָט אים גערופֿן — איז געווען דער זאַפּעוואַלע, דער פֿאַרזינגער צווישן די חברה. געשטאַמט האָט ער פֿון אַ חסידישער משפּחה, חב״דניקעס; איז אויסגעוואַקסן ביים רבינס טיש; האָט געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג צו מיסטיק, אַ ליבשאַפֿט פֿאַר אגדה און אַ חוש פֿאַר פֿאָלקלאָר. חסידישע מעשות האָט ער פֿאַרמאָגט אַ וועלט, און האָט ליב געהאַט זיי איבערצודערציילן דווקא אין אידיש, פּונקט ווי ער האָט זיי אויפֿגעכאַפּט

אין „שטיבל" — מיטן גאַנצן ברען פון אַ ליבאַוויטשער חסיד, מיט אַלע פּיט־
שיווקעס, אַז חברה האָבן אים בשעת־מעשה מוחל געווען דעם חטא פון ריידן
„זשאַרגאָן"... צו זינגען האָט מען אים לאַנג ניט באַדאַרפט בעטן: ס'האָט
זיך ביי אים געזונגען. ער האָט, דאַכט זיך, שטענדיג געהאַלטן אין איין
זינגען. און זיין שטים איז געווען אַזוי בויגיג, אַזוי זאַפּטיג, זיין געזאַנג —
אַזוי האַרציג. מיידלעך האָבן אים בשעת־מעשה געשלונגען מיט די אויגן,
זיינען אויסגעגאַנגען נאָך זיין זינגען, און האָבן אים אויף דער מינוט פאַר־
געבן זיינע אָפּטע פרייהייטן מיטן שיינעם געשלעכט. פאַר זיי פלעגט ער זינ־
גען ציגיינער־לידער, פאַרבענקטע ראָמאַנסן, צווייִדייטיגע קופּלעטן. צווישן
אייגענע חברה פלעגט ער ס'רוב אַרויסקומען מיט ס'ביסל חסידות. שטימונג
איז ער געווען ביכולת צו שאַפן פון אַ גאָרניט, און התלהבות האָט דער בחור
פאַרמאָגט פאַר צען — איז צוגעמאַכט די אויגן, פאַרקנייטשט דעם שטערן
אויפן חב"דישן שטייגער, צעפליגלט די הענט, און דער ניגון איז שוין
געפלאָסן פון זיך אַליין. ער פלעגט זיך צעוואַרעמען, פאַרדבקען, צעפליאַס־
קעדריגען. מ'איז מיטגעריסן געוואָרן. מ'האָט ג ע מ ו ז ט מיטגעריסן
ווערן: זיין התלהבות האָט אָנגעשטעקט, פאַרטראָגן. און וואָס מער חברה אַרום
אים האָבן זיך צעפלאַקערט, אַלץ מער האָט ער געברענט אַ וועלט, און
כייקל איז דאַמאָלט געווען אין זיבעטן הימל.

איינגאַנצן אַנדערש איז דער יואלי געווען ווען ער פלעגט זיך נעמען צו
דער פידעלע, אָדער פלעגט פאַרגיין איב'ם „אַלטן רבינס" דבקות־ניגון.
פאַרגאַפט, פאַרחלומט, פאַרעלית־נשמהט. מ'האָט געשוויגן, געהאָרכט —
מ'האָט ג ע מ ו ז ט האָרכן. דאַכט זיך וואָס אַזוינס האָט ער געשפּילט?
וואָס אַזוינס האָט ער געזונגען? גאָרניט! פאָלקס־־מעלאָדיען, סקאַרבאָווע
מאָטיוון, קלעזמערשע צוטראַכטענישן. וויפל מאָל האָט מען אים שוין גע־
הערט זינגען דעמדאָזיגן ניגון? אָ, נאָר וויפל געפיל, וויפל נשמה האָט דער
בחור אַריינגעגעבן אין די פּשוטע מעלאָדיען! ס'אַר אַ השתפכות ער האָט
אַריינגעטייטשט אין דעם ניגון! וואָס פאַר אַ בענקשאַפט עס האָט אַראָפּ־
געטריפט פון זיינע פינגער, ס'אַר אַ כלות־הנפשדיגקייט ס'איז פאַרגאַנגען
אין זיין קול! ווער האָט דאַמאָלט געקאָנט האַלטן די אויגן אָפן? ווער האָט
זיך געקאָנט דערקלייבן צו אַ מחשבה? נאָר ער און דאָס פידעלע — נאָר ער
און דאָס געזאַנג... האָט מען געשוויגן און נאָכגעשוויגן. ביז כייקל האָט
זיך אָנגענומען מיט מוט און האָט צעריסן די שטילקייט:

— אַי, אַ קאַנאַריק! טיאָכקעט־אויס דעם קליאָק פון די ביינער!...
נו, און איצט, יואלי־ברודער, עפּעס לעבעדיגס — אַביסל אַרונטערצו־
שווענקען די מתיקות...

און דער טעמפּעראַמענט יואליס האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף זיין לער־
נען, אויף זיין גאַנצן באַנעם. שאַרפזיניג, בליציג, האָט תופס געווען אַן ענין

אויפן וואונק, און אַ זכרון וואָס „האָט געקאָנט איינשלינגען אַ ים און ניט פאַרלירן קיין טראָפּן". אָט, דאַכט זיך, איז ער געשטאַנען און'ט געשפּאָלטן אַ האָר אויף זיבן חלקים אין דער לענג — פאַרעקשנט, קאַלט, ט'געפּאַדערט טרוקענע לאָגיק, ראיות; און רגע כמימרא איז רעכט געווען אַז ער זאָל אַריין אין אַ התפּעלות איבער אַ פאַרברייכער פּראָזע, איבער דעם קלאַנג פון אַ וואָרט, זאָל אינגאַנצן פאַרטראָגן ווערן פון אַ נאַאיווער קינדער־מעשהלע.

כייקל האָט אַן דעם יואלין ניט געקאָנט לעבן. ער האָט זיך אין אים געניויטיגט מער ווי אין אַ פּאָר גאַנצע שיך. ווען יואלי פלעגט, אין אַ שעה פון לאַנגווייל, זיך אַרויסלאָזן „אויף יאַגד", האָט כייקל פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגענומען און'ט אים נאָכגעשפּירט ווי אַ הונט.

— אָט, אַז מ'גייט מיט אים, קאָן זיך אַמאָל, אין זיין זכות, צוקלעפּן אַ בת־חוה ביי דער זייט. וואָס־דען, פון דיינע צמחים וועט זיך אַ חבר דער־לעבן נחת? מיט מאָך קאָן מען דאָך אַרום דיר פאַרוואַקסן ווערן!

דידאָזיגע פאַרציע מוסר פלעגט כייקל, גאָר אין גוטן מוט, איינטיילן שמחונין — אַן איינגעדאַרטער בחור, פלאַכפוסיג, קורצזיכטיג, מיט אַ קאָפּ קלעפּיגע האָר, הויכע אַקסלען, אַ פּנים באַשאָטן מיט בראַדעוועקעס און באַ־זאָטלט מיט דיקע ברילן, אַ פרינציפּיעלער וועגעטאַריאַנער און מיט אַ ליידנשאַפט פאַר נאַטור־וויסנשאַפט. ער פלעגט תמיד צוריקקומען פון דער גאַס באַלאָדן מיט צווייגן, ריטלעך, בלימעלעך, גראָזן, שמעטערלינגען, יאַשטשערקעס, שלענגלעך. ער פלעגט עס צעפּאַלמעסן מיט זיינע לאַנגנאָגל־דיגע פינגער; אויסגלעטן, אויספּרעסן, צעלייגן אין ביכער, קעסטעלעך, איינמאַרענירן אין סלאָיאיקלעך. ביי אים אין צימער האָט שטענדיג געפייפט דער דלות: ניט קיין סימן פון אַ מעבל־שטיק, אַנגעוואָרפן, אָפּגעלאָזן. תמיד האָט פון דאָרט געשלאָגן אַ זויערלעכער ריח פון פאַרוויאַנעטע קריי־טעכצן, פון צוגעלעגענע שרצים און חיהלעך — ס'איז ניט געווען וואו דעם נאָז אַריינצושטעקן. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען די מאָלבערעטער און די לייוונטן, מיט די קענדעלעך אויל און טערפּענטין, צו וועלכע זיין שכן שוואַרצ־בערג האָט ניט געלאָזט זיך צורירן. מ'איז געווען חיות ניט זיכער, אויב מ'האָט זיך חלילה זאַטשעפּעט מיטן „בצלאלניקס" „הייליגקייטן" אָדער משנה־מקום געווען זיינע „איקאָנעס", ווי כייקל האָט עס גערופן. איז טאָקי איבערן צימער שטענדיג געהאַנגען אַ צערויעטקייט. און דוקא אין דער צערויעטקייט, אין דער אָפּגעלאָזנקייט, האָבן זיך די צווי געפילט באַקוועם, אין דערהיים: שמחוני מיט זיינע קרייטעכצן, און שוואַרצבערג מיט זיינע פאַרבן און פּענדזלען. זיי האָבן זיך ביידע גענערט פון איין דלות, און איין דלות האָט צוזאַמענגעקניפּט זייערע ביידנס געמיטער, כאָטש איינער איז געווען פּונקט דער היפּוך פונ'ם צווייטן. שמחוני איז בטבע געווען אַ שוויינגנדיגער, אַ נאָכגעביגער, אַ פאַרטראַכטער. ער איז געווען דער שוויגער אין דער

גרופּע. ער פֿלעגט זיצן, זיך צוהערן, און זעלטן־ווען פֿלעגט ער אַריינוואַרפֿן אַ באַמערקונג, אַן איינציק וואָרט — אָט אַזוי, לשם קלאַסיפֿיקאַציע:

— אַבסורד.

— אַ פּאַראַדאָקס.

אַז ס׳איז אים עפּעס שטאַרק געפֿעלן געווען, פֿלעגט ער אַרויסקנעטן אַ געבלעכן שמייכל דורך די לאַנגע, שיטערע ציין:

— אַ מערכה אַביסל!

און די דינע ליפּן פֿלעגן זיך ווייטער פֿאַרציען אין אַן ענגן שווייגן.

שוואַרצבערג, ווידער, איז געווען אַ באַריידעוודיגער, אַ באַגייסטערטער, אַ קאַפּריזנער. מיטן פּראָפֿעסאָר איז ער קיינמאָל ניט געווען שוה־בשוה, און זיין גרעסטער פֿאַרגעניגן איז געווען צו אימיטירן פֿאַר די חברה דעם פּראָ־פֿעסאָרס „דוד־הפלגה־לשון", זיין פֿאַרכלינען זיך, זיין צאַפּלען זיך, זיין רייסן זיך פֿאַר דער צעשויבערטער פּאַטלע האָר:

— נושאַך (נוסח), נושאַך, באַזשע מאָי![1] — שטיל (סטיל)!... וואָש (וואָס) זשיינען (זיינען) דאָש (דאָס) פֿאַר אַ מענוירעש (מנורות)?!... דאָש זשיינען דאָך קעטש (קעץ) ניט קיין לייבן! דאָנערוועטער! וואו׳ט מען דאָש געזשען (געזען) אַזשוינע (אַזוינע) שעמיטן (סעמיטן), בחיי?! דאָש זשיינען דאָך קאַטשאַפּעש (קאַצאַפּעס) ניט קיין אידן! און — שמע ישראל! — דאָש איזש קראַשקע (קראַסקע)[2] ביי דיר?! שמירעריי! טאַנדעט! שאַבלאָן! וואו האָבן אידן געהאַט אַזשוינע פֿאַרבן? — וואו?! — וואו?! פּרא־אדם, זשאָג (זאָג)!...

שטעלט שוואַרצבערג אָן אַ תמימות פּנים:

— וואָס האָבן אידן אין אַלגעמיין געוואוסט פֿון פֿאַרבן? וואו האָבן אידן בכלל געהאַט אַ קונסט?

ווערט דער פּראָפֿעסאָר אָן אויפֿגערעגטער און וויל אים צערייסן מיט זיינע טשאָבע הענט:

— וואָש?! און תכלעש (תכלת) איזש באַ דיר קיין פֿאַרב ניט?! און בעטשאַלעל (בצלאל) איזש באַ דיר אַ הונט?! אַזשאַ זשעני! אַזשאַ קינטשלער (קינסטלער)! און מיינע מאַלעריי?!... שטיל — אָט וואָש! נושאַך!...

איז דאָך שוואַרצבערג אויך אַ שטיקל קינסטלער, און האָט אויך אַ יוכע, נעמט ער די פּאַליטרע און טוט עס אַ שליידער דעם פּראָפֿעסאָר גלייך אין פּנים אַריין. ס׳איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל. און ווען ניט די אַנדערע לערער, וועלכע האָבן געהאַלטן אַ ווערט פֿון שוואַרצבערגס טאַלאַנט, וואָלט ער שוין לאַנג ניט געטראָגן די פֿאַרשמאַלצענע באַרעט איבערן אויער.

1. גאָט מיינער.
2. פֿאַרב.

— נאָר ער און בצלאל! אויסער ארון־קודשלעך און מנורות איז שוין גאָר קיין קונסט אויף דער וועלט ניטאָ! די אומות־העולם ווייסן גאָרניט מיט וואָס מ׳עסט עס... אַזאַ בטלן!

און ער פּלעגט זיך אַ וואָרף טאָן צוריק צו זיין מאָל־ברעט.

אביגדור האָט ליב געהאַט צו שטיין און קוקן ווי עס פאַלן אַזוי פיבער־האַפטיג די שטאַרקע שטריכן פון אונטער זיין האַנט אויפן לייוונט; ווי עס צעבליען זיך אַזוי מטושטשדיג־בולט די פאַרבן איבערן געמעל; ווי עס צעוואַקסט זיך אונטערן צאַפּל פון זיינע לאַנגע פינגער די פאַרחלומטע אויפ־כאַפּונג פון דער פאַרקלערטער זעאונג. איבערהויפּט זיינען אים געווען ליב שווארצבערגס אויסטייטשונגען פון ביבלישע מאָטיוון — אַזוי סטיכיש, אַזוי דורכגעטראַכט, אַזוי שטאַרק.

כייקל האָט קיינמאָל צו דעם קיין געדולד ניט געהאַט. נאָר ווען שוואַרצ־בערג פלעגט פאַרטיג ווערן מיט אַ לייוונט, פלעגט כייקל דער ערשטער זיך צוכאַפּן צו דעם און זיך פאַסמאַקעווען:

— אַי, אַ יפה־פיה! אַי, אַ יצר־הרע! קיין בייז אויג זאָל איר נאָר ניט שאַדן — אַ יופי!...

פון וואַנען דער שווארצבערג האָט גענומען אויף אַזויפיל לייוונטן, מיט וואָס ער האָט איינגעקויפט די נויטיגע פאַרבן און מאַטעריאַל פאַר אַזויפיל געמעלעכצן — דאָס איז געווען זיין סוד, און אפשר — כייקלס...

באַזונדערע וועלטן, אָפּגעשלאָסענע. יעדער איינער מיט זיין אייגענעם ווייטן חלום, מיט זיין אייגענעם אומרו אין די גלידער. און דאָך האָט זיי עפּעס צוזאַמענגעבונדן, צונויפגעקייטלט. און יעדער איינער פון זיי האָט עפּעס פון זיך איבערגעלאָזט אין אביגדורן — אַ טיפע רעגונג, אַ שטילן רייץ, אַ פאַרהוילענעם הונגער; האָט אַריינגעטראָגן זיין אייגענאַרטיגן פאַרב אין דעם געוועב פון די טעג, אין דעם אַנקוועל פון זיין וואַקסן.

אין די שול־יום־טובים, ווען כּלערע פלעגן זיך דורכוואַרפן דורכן לער־יאָר, פלעגט די כאַליאַסטרע זיך אַוועקלאָזן אויף טיולים צו היסטאָרישע און נאַטור־פּלעצער אין דעם געגנט, און יעדער איינער פון זיי האָט פון דאָרט צוריק־געבראַכט מיט זיך אַ פרישן באַגאַזש מיט באַגייסטערונג אויף זיין איינאַר־טיגן געביט.

צומאָל, ווען מ׳האָט געפּלאַנט אַ לענגערן טיול צום דרום אָדער קיין גליל, פלעגן חברה באַצייטנס לאָזן וויסן תמרהן, און זי פלעגט צושטיין צו דער עקסקורסיע. און ס׳איז געווען גוט צו האָבן תמרהן מיט זיך. זי איז געווען געוואַגט, אויפפאַלנד. אָפענע, זאָרגלאָזע טעג. ווייטע, פאַרפירערישע וועגן. בשותפותדיגע איינדריקן. נעכט אונטערן פרייען הימל, איבער וויסטע בערג, אין דער שטילקייט פון טאָלן. זוניגע באַגינענס אין דער בלויקייט פון די מואב־הויכן, אין דער קילער גרינקייט פון ירדן־טאָל, אין דער קאָל־

כיגער ווייסקייט פון דער סדום־וויסטעניש. דאָס דראַפּען זיך מיט מידע, שטויביגע טריט אויף די הרי־אפרים און דערזען אויפסניי פאַר זיך די מויערן פון ירושלים זיך אויסשיילן אין דעם שויס פון די בערג. און לאַנג נאָכדעם פלעגט צו אביגדורן, פון די ביכער־בלעטער, אַרויסריידן דאָס לאַנד מיט דעם קול פון די פעלזן־הויכן, מיט דער עקשנות פון אירע פאַרבאָרגענע טיפענישן, מיט דעם פאַרגליווערטן געבריל פון געפאַלענע העלדן צווישן פעסטונג־ווענט, מיט דעם געזאַנג פון באַשיידענע קוואַלן אין דעם טריקעניש פון טאָג, מיט דעם אָנזאָג פון דעם מאָרגן וואָס גייט אויף צווישן אירע חורבות — די בשורה פון׳ם נייען דור וואָס וועט באַלעבן די וויסטעניש און איר באַבליען, דאָס ניי לעבן וואָס וואַכט אין די אָרעמס פון דערלייזונג.

# 2

## אַ שטורעם הויבט זיך אויף

זומער, 1914.

פון דערהיים האָבן זיך געטראָגן בריוו — אַפּטע בריוו. דער טאַטע האָט פאַרלאַנגט פון אים אַז ער זאָל קומען זיך מעלדן צום פריזיוו: „אַ מענטש טאָר ניט זיין קיין אַנטלאָפענער". די מאַמע האָט זיך געבעטן: „ניטשווינזשע וועל איך דיר קיינמאָל מער ניט זען?..."

ס'איז אָנגעקומען וואַקאַציע־צייט. ווי שטענדיג, איז אביגדור מיט קאַפּלאַנען אַוועק אין דער קאָלאָניע. די גערעטעניש איז געווען גרויס. ס'האָבן אויסגעפּעלט הענט פאַרן בציר, ביי דער וואַך. אביגדור האָט זיך געשטעלט ביי דער שמירה.

אין די אָוונטן פלעגט קומען תמרה — אַמאָל מיט אַ קאָמפּאַניע יונג־וואַרג, אַמאָל אַליין. אַמאָל פלעגט זי פאַרבלייבן מיט אים ביזן גרויען פרי־מאָרגן. וואַכע נעכט. דורכזיכטיגע בלויקייטן ווי פון אַ לעגענדע אַרויסגענומען. פאַרטראַכטע שטילקייט איבער דער טונקל פון זאַטע גערטנער. דער ווייכער אָטעם פון דער נאַכט איבער דער איינגעוויגטער צעוואַקסנקייט. די שטערן — אַזוי נידעריג, זי — אַזוי נאָענט. אירע טויאיגע האָר, די ריזלדיגע וואַרעמקייט וואָס שלאָגט פון אונטער איר באַטיסט אַרויס...

— איך האָב פאַרברענט מיינע בריקן הינטער זיך; כ'האָב געשלאָסן אַ בונט מיטן לאַנד: איך פאָר ניט מער אַהיים, תמרה.

דער גלעט פון תמרהס שוואַרצסאַמעט בליקן —

— איז דאָס דיין באַשלוס?

— יאָ, מיין פעסטער באַשלוס.

— און——

— איך ווייס. ס'איז שווער געווען, תמרה; ס'קאָן אָבער אַנדערש ניט זיין. און איך בין צופרידן וואָס איך בין געקומען צו אַ באַשלוס...

און אַ שוויגן וואָס רעדט מער ווי ווערטער.

— צו דענקען, אַז אַ בלינדער צופֿאַל האָט אונדז ביידן צוזאַמענגעבראַכט, אַז אונדזער פֿאַראייניגטער שטרעבן האַלט אונדז חדשים־לאַנג צעשיידט.

— נאָך איין יאָר, אביגדור — איינגאַנצן נאָך איין יאָר, און —

— און דער ליכטיגער ציל וועט דערגרייכט ווערן, אונדזער חלום וועט ווערן אַ ווירקלעכקייט...

— איך און דו...

— און אַ קינדער־שול אין אַ יונגן ישוב. קינדישע אויגעלעך אַרום...

— אונדזער ליבע־נעסט — אַ באַשיידן הויז צווישן ביימער... ווי גוט ס'וועט זיין, תמרה!

— די שעה איז ניט ווייט, אביגדור.

— אונדזער גליק האַלט אין אויפגיין, אונדזער פרייד ווערט צייטיג...

אַ טויבער שאָס האָט אָפגעקנאַלט אין דער ווייט. אין דער טונקל האָט אַ סאָווע זיך אָפגעריסן מיט אַ גרילץ און׳ט זיך פאַרבייגעטראָגן איבער זיי.

זיי זיינען ביידע פאַרציטערט אויפגעשפרונגען, האָבן זיך אַ ווײַלע אויפמערקזאַם צוגעהערט צום עכאָ פון אָפשאָס, און האָבן זיך באַלד ווידער איבערגעגעבן אין די אָרעמס פון דער נאַכטיגער שטילקייט.

אָבער די שטילקייט אַרום זיי האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן:

ערגעץ־ווייט, אין דער סערבישער שטעטל סאַראַיעוואָ, האָט אַ נקמה־גייציגער סטודענט אָפגעפייערט אין אַ פירשטלעכער ברוסט, און די קויל האָט געטראָפן אין דער האַרץ פון דער וועלט.

און דער שטורעם האָט זיך אויפגעהויבן.

די ערשטע נייעס וועגן דער וועלט־קאַטאַסטראָפיע האָט אין דער קאָלאָניע געבראַכט דער דעליזשאַנס:

— פאַר אַ נאָווינע, אַ מלחמהלע אין איירָאָפּע!

און באַלד האָבן, ווי שוואַרצע בליצן, זיך געגנומען טראָגן בשורות פון אומקום: „די נוטראַליטעט פון בעלגיע איז פאַרשוועכט געוואָרן!...” „מעקענזאָנס אַרמעען שפּאַרן־אָן אין רוסלאַנד!...” „גירושים, פינצטערע גזרות...” „די קאַרפּאַטן־בערג זיינען פאַרלייגט מיט הרוגים...” „טערקיי מאָביליזירט זיך!...” „די בלוטיגע כמאַרע פאַרשפּרייט זיך איבער אַלע ווינקלען פון דער וועלט...”

געמיטער האָבן זיך געוואַלקנט. אומרו האָט אָנגעקוואָלן. שרעק האָט זיך געוואַרצלט.

— דריי חדשים, און פון גאַנץ איירָאָפּע וועט ווערן אַ תל־עולם!

— אויב דער שגעון זאָל אָנהאַלטן איין יאָר צייט, וועט די גאַנצע וועלט אונטערגיין...

*

ניק. די וועלט איז ניט אונטערגעגאַנגען. די וועלט איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט; די וועלט האָט זיך געצאַפּלט אין די יסורים פון גסיסה; דער הימל האָט זיך אָבער ניט צוזאַמענגעבראָכן; די ערד איז אין תוהו ניט פאַרוואַנדלט געוואָרן; נאָר פּאַר אביגדורן——

# 3

## שטילע דונערן

עס האָט זיך געשטעלט אַ פריצייטיגער האַרבסט מיט זיינע מוטנע טעג פון יורה, גרוי־ליימיגע בלאָטעס, און אָפטע איבעררייסן פון בלוי־הימלדיגע, זוניג־לויטערע טעג. די ערד איז געלעגן אָן אָפּענע, האָט דורשטיג אַיינגעטרונקען די דערפרישנדיגע רעגן־טראָפּנס, וועלכע זיינען געפאַלן נאָכן לאַנגן ארץ־ישראלדיגן זומער, און האָט אָפּגעאָטעמט מיט דערמיטערטער פרישקייט.

די למודים פונ׳ם נייען לער־יאָר האָבן זיך אָנגעפאַנגען. אדון שיפּריס האָט אין זיין דערעפענונג־רעדע דערקלערט, אַז צוליב דעם קריג־אויסברוך אויף די גרעניצן פון איראָפּע האָט אַ באַדייטנדער צאָל שילער און אייניגע מיטגלידער פון דעם לערער־ראַט געמוזט פאַרבלייבן אין גלות, וואו זיי זיינען אַוועק פאַר דער זומער־וואַקאַציע. אַ טייל פון זיי האָבן זיך געמוזט שטעלן אונטערן פאָן פון זייער געבורטלאַנד. דר׳ צוקער, דער לערער פון וועלטלעכער געשיכטע, איז געווען אין דער עסטרייכשער אַרמיי; דר׳ פּאָליאַקאָוו, דער לערער פון געאָגראַפיע און נאַטור־וויסנשאַפט, און אדון זמרי, דער אָנפירער פון סעלעקטאָר, זיינען איצט געווען מיט די רוסן. „ברודער קעגן ברודער! מענטשן וועלכע האָבן געאָפּערט זייערע פרוכטבאַרסטע יאָרן פאַר איין אידעאַל, מוזן זיך איצט שטעלן איינער קעגן דעם אַנדערן מיט טויטלעכן וואָפן אין די הענט! אַזוי איז שוין די איראָניע פון אונדזער גורל, דער בלוטיגער שפּאַס פון דער געשיכטע פון אונדזערע טעג... מיר טאָרן אָבער ניט דערלאָזן אַז דאָס זאָל אָפּשוואַכן אונדזערע הענט אין דער הייליגער אַרבעט. מיר וועלן זיך מיען אויסצופילן די פלעצער פון די וועלכע פעלן צייטווייליג אין אונדזערע רייען, ביז די בלוט־כוואַליע איבער דער וועלט וועט זיך אַיינשטילן. און גראָד איצט — ווען די פעלקער פון מערב טרינקען זיך אין זייער אייגן בלוט, ווען גאָר די וועלט ברענט מיט ברודער־האַס און שטעלט־אויף מזבחות פאַרן גאָט מולך — איצט, מער ווי שטענדיג,

איז עס אונדזער הייליגע פליכט — די אייביגע שליחות פון אונדזער פאָלק — צו פאַרשטאַרקן די פעסטונגען פון מענטשלעכן גייסט, צו שמידן דעם וואָפן פון אונדזער אידעאַל און ענגער צו שליסן אונדזערע רייען — די רייען פון דער אַרמיי פון שלום, וועלכע קומט צו דער וועלט ניט מיט מאַכט און ניט מיט כוח, נאָר מיט געטלעכן גייסט. אין דעם גייסט וועלן מיר דערציען און געבן דער מענטשהייט געטרייע לערער, געוויסנהאַפטיקע מדריכים, וועלכע וועלן פאַרשפרייטן וויסן און פאַרשטאַנד צווישן פאָלק; וועלכע וועלן דער־ציען א דור פון וואַרהאַפטיקייט און יושר, פון גערעכטיקייט און ליב־שאַפט צו אַ ל ע מענטשנקינדער — דער אידעאַל פון אונדזערע נביאים. דאָ אין ירושלים, די וויגבעטל פון אמונות, די באַרג־שטאָט וואָס קוקט אַראָפּ צו דער וועלט מיט אַ לויטערן בלויען הימל; וועמענס ווייסער באָדן איז געהייליגט געוואָרן דורך די טריט פון נביאים און וועגווייזער — דאָ וועלן מיר אויפסניי אויפהויבן אונדזער פאָן פון בלוי־און־ווייס — די פאַרבן פון שלום פאַר דער גאַנצער מענטשהייט! פון דאַנען וועט ווידער קומען דער רוף פאַר צדק און אמת! פון ציון וועט קומען די אָפּלערנונג, און גאָטס וואָרט — פון ירושלים.״

„...אמת, די האָפענונג, אַז די קריוודעס, וועלכע האָבן פאַראורזאַכט פיינדלעכע באַציאונגען צווישן קעניגרייכן און פעלקער פון די מערב־לענדער, זאָלן געשליכטעט ווערן איידער דער ערשטער האַרבסט־רעגן וועט פאַלן, איז פאַרגאַנגען אין אַנטוישונג. דער גרויסער שגעון פון בלוט האָט אַרומגעכאַפּט ים און טריקעניש. אַהער, אין מזרח, האָבן נאָך דערווייל די נעגל פון קריג ניט דערגרייכט. עס איז אָבער ניט צו פאַרלייקענען, אַז די לופט איז שוין דאָ אויך אָנגעפּילט מיט פּולווער. רוסלאַנד קאָנצענטרירט טרופּן ביי די גרענעצן פון קאַווקאַז; ענגלאַנד האַלט אין פאַרשטאַרקן אירע גאַרניזאָנען אין מצרים און פאַרמעסט זיך אַרונטערצוזעצן דעם עגיפּטישן כעדיוו. ווילנ־דיק־ניט־ווילנדיק וועט די אָטאָמאַנישע אימפּעריע מוזן אַריינגעצויגן ווערן אין דעם בלוטיגן געווירבל. געשיכטע האַלט זיך אין איבערחזרן: פיינד־לעכע מחנות אין צפון, פיינדלעכע מחנות אין דרום, און ארץ־ישראל — דער דורכגאַנג־פונקט פאַר זיי ביידן. וואָס פאַר אַ שטעלונג די טערקישע רעגירונג וועט אין אַזאַ פאַל אָננעמען בנוגע די ניט־אָטאָמאַנישע אידן אין לאַנד איז ניט פאָראויסצוזאָגן. עס איז ניט לגמרי אויסגעשלאָסן אַז זיי זאָלן באַטראַכט ווערן ווי אונטערטאַנען פון אַ פיינדלעכער מאַכט... אַ ספּעציעלער קאָמי־טעט שטייט אויף דער וואַך און האַלט־אָן פאַרבינדונגען מיט קאָנסטאַנטי־נאָפּל. די רעזולטאַטן פון זיינע פאַרהאַנדלונגען וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן ווען די שעה וועט שלאָגן...״

„...די מאַטעריעלע לאַגע אין לאַנד איז ווייט פון גוט... עס איז אָבער געלונגען דער פאַרוואַלטונג פון דעם אַנשטאַלט צו גרינדן אַ פרייע

קיך פּאַר די תּלמידים, וועלכע קאָנען איצט ניט באַקומען קיין שטיצע פון זייערע קרובים אין חוץ־לאָרץ. דער דירעקטאָריום האָט גענומען אין אָנבאַ־טראַכט דעם יקרות און מאַנגל פון נאַפט, וואָס הערשט איצט איבערן לאַנד, און האָט באַשלאָסן אויפצולייזן די נאַכמיטאָגדיגע לעקציעס. דאָס וועט געבן אַ געלעגנהייט די תלמידים צו פאַרברייטן זייערע אַרבעטן פאַר דער ליכט פון טאָג... און איך, פון מיין זייט, קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיך אין מיין הויז געפינען אַ ביסן ברויט, וועט קיין תלמיד פון סעמינאַר ניט אומגיין הונגעריג. מיטן לעצטן ברעקל ברויט, מיטן לעצטן טרונק וואַסער וועל איך זיך טיילן מיט יעדן איינעם פון אייך...״

און ער האָט פאַרענדיגט, אויף זיין שטייגער, מיט די ווערטער פון נביא:

„און דער טאָג וועט קומען, ווען די פעלקער פון דער וועלט וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אין גראָבאייזנס און זייערע שפּיזן אין צווייגמעסערס. פאָלק איבער פאָלק וועט מער ניט הויבן קיין שווערד, און וועלן ניט לערנען צו פירן מלחמה!...״

אדון שיפּריסעס ווערטער האָבן אָביסל באַרואיגט די צערודערטע גע־מיטער פון זיינע צוהערער. זיין קראַפטיגער נביאישער לשון־קודש, זיין אויפריכטיגער טאָן, האָבן געוועקט און גערופן צום בלינדן נסיון. און כאָטש זיי האָבן באַגריפן די גאַנצע ערנסטקייט פון דער לאַגע, האָבן זיי זיך געפילט מונטער און גרייט אויפצונעמען דעם אומבאַשטימטן גורל, אַזוי לאַנג ווי דער שטענדיג־געטרייער, תמיד־איבערגעגעבענער אדון שיפּריס איז מיט זיי.

די נידעריגערע קורסן זיינען געוועזן באַזעצט מיט אַ נייען שילער־עלעמענט: גראַדואירטע תלמידים פון די ארץ־ישראלדיגע פאָלק־שולן, ירושלימער ישיבה־בחורימלעך — קינדער פון חלוקהניקעס — וועלכע האָבן פאַרלאָזן דעם כולל, זיך געחברט מיט די „באַרוויסע״[1] און זיינען אַרויס „לתרבות רעה״, און עטלעכע מתכוננים. אין דער צייט פון די הפסקות איז ניט געווען מער צו זען איבער די קאָרידאָרן פון סעמינאַר די התלהבותדיג־פאַרטראַכטע, התמדהדיג־צעטראָגענע פּנימער פון די ניי־אָנגעקומענע יונגעלייט פון יענער זייט ים.

די למודים זיינען צוגעגאַנגען קאָלט, צעשוואומען. דר׳ ירושלמי, דער לערער פון מאַטעמאַטיק, האָט אומגעשפּרייזט איבערן קלאַס־צימער אין זיין האַמעטנעם ווינטער־מאַנטל, אַרומגעוויקלט מיט אַ שווערן שאַל, האָט געקוקט ניט־דערשוכעט דורך די דיקע ברילן, אַמאָל אויפן געאָמעטריש־באַמאָלטן טאָוול, אַמאָל אויפן רעגן־באַטריפטן פענצטער, אונ׳ט ווי אָפּגע־

1. סעמינאַריסטן.

רעדט זיין שווער הארץ פאַרן האַרבסטיגן דרויסן, דרשנענדיג אויף זיין באַ־ליבטער טעמע — דער אין־סוף.

בייקלס האָט זיך כלומרשט צוגעהערט מיט קאָפּ —

— דער פאַטאַלאַג אין־סופעוועט שוין! ער האָט שוין אודאי לעצטע נאַכט ווידער געכאַפּט אַ פינצטערע מפּלה פון דער בייזער דייטשקע זיינער. אַי, נאָר קופּידאָן אַליין זאָל צוזען זיינע כראָניש־פּאַטאַלאָגישע ליבעס־ווייען!...

און בייקלס רחמנות־פּנימדיגער גענעץ פלעגט אַרויסרופן אַ קרענקלעכן שמייכל אויף די לאַנגווייליגע געזיכטער פון די אַרומיגע.

חכם נסים באַכאַר, דער לערער פון טערקיש, פלעגט זיצן ווי אַ צוגע־שמידטער צו דער קאַטעדרע, די פּיס צוזאַמענגעקנאַכלט מיט ווירדע, און׳ט זיך נעביך געמאַטערט צו דערקלערן פאַר די שיקנאַזים[1] מיט די צעריסענע שקאַרפּעטקעס די חשיבות פון דער טערקישער שפּראַך, די הויכע מליצה פון „קאַשיק אַטמאַק״[2]. און אַז אין טערקיש איז ניטאָ קיין לשון־נקבה:

— רוסים (רוצים) לאמר נקבה, ט־ט־ט־אַ, לא יש!...[3] — פלעגט ער אַ סמאַקע טאָן מיט דער צונג, טאָן אַ פיר מיט דער בייניגער האַנט פון אונטן אַרויף, אויסשטעלן אַ פּאָר לעקישעוואַטע אויגן, און די תורה האָט זיך ביי אים אויסגעלאָזט.

זיין אומבאַהאָלפנקייט האָט שטענדיג אַרויסגערופן אַ שטיקל רחמנות־געפיל צו דעם קרענקלעכן אידן, וועלכער האָט נעביך געהאַט צו מפרנס זיין דריי ווייבער אויף איין מאָל. די סאָלאָניקער חברה פלעגן אים אַרויסראַטעווען פון זיין פאַרלעגנהייט און פאַרפלעכטן מיט אים אַ שמועס, אין אַ געטאַקטן טערקיש, וועגן עקרעם ביי׳ס פּאָעזיע. דאָס פלעגט דערוויייל געבן די איבע־ריגע אַ געלעגנהייט דורכצובלעטערן די נאָטיצן פאַר דער קומענדיגער לעקציע.

די לעקציעס איבער וועלטלעכער געשיכטע, וועלכע האָבן שטענדיג געהאַלטן דעם געשפּאַנטן אינטערעס פון די תלמידים, זיינען אַצינד אויך גע־פאַלן בלייך און קאַלירלאָז. דר׳ צוקערס פלאַץ האָט איצט פאַרנומען אדון פרידלאַנד, אַ פּריוואַט־דאָצענט אין אַ ציריכער אוניווערזיטעט, וועלכער איז צופעליגערווייז פאַרבליבן אין פּאַלעסטינע. זיין פּראָגראַם פאַר די ערשטע זעקס וואָכן איז באַשטאַנען פון אַ סעריע פאַרטראַגן, וועלכע האָבן געזאָלט זיין „אַן אַנאַליטישער איבערבליק איבער דיווירקנדיגע געשעעניש אין דער געשיכטע״. זיין באַהאַונקייט אין דעם געגנשטאַנד איז געווען גרונטיג, דער

---

1. אשכנזים.
2. וואַרפן לעפל (אַ סך עסן).
3. מע וויל נוצן דעם פרויען־געשלעכט, נאָר ס׳איז ניטאָ!...

צוזאַמענשטעל פון מאַטעריאַל — דורכגעטראַכט, קלוג, די אויספירן — איבערצייגנד, אויסגעהאַלטן; דאָך האָט דער אינהאַלט גופא ניט באַוויזן אַרויסצורופן ביי זיינע צוהערער וועלכע ס'איז באַגייסטערונג. ווי די אַלע געשעענישן, וועלכע האָבן געלייגט זייער גרונטצייכן אויפן גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע, וואָלטן ניט געהאַט מער קיין שייכות מיטן באַלדיקן היינט און האָבן פאַרלאָרן יעדע השפעה אויפן קומענדיקן מאָרגן. עס האָט אויסגעזען, אַז די געשיכטע האָט זיך אָפּגעטרייסלט און באַפרייט פון אירע ביזאַהעריקע טענדענצן, און האָט דערגרייכט דעם שוועל פון אַ נייער תקופה; אַז די געשיכטע פון דער מענטשהייט האַלט זיך ביים איבערשאַפן, די גרעניצן פון דער וועלט — ביים איבערצייכענען...

שעיך איל־רידאַוואי, ווען מ'האָט צוליב פּאָליטישע טעמים אָנפאַר־טרויט דעם קורס אין אַראַביש, פלעגט זיך אַריינשאַרן אין קלאַס־צימער מיט דריבנע טריט, די הענט פאַרלייגט אויף הינטער אונטערן לאַנגן אויבער־ראָק, האָט אָפּגעגעבן אַ דרייגאָרנדיקן „סאַלאַם אַלעיקום"[1], און איז שוין גרייט געווען צו נעמען איינקנעלן האַרון איר־ראַשיד'ס באַבע־מעשות. כייקל דערשמעקט באַלד די סכנה און, אין זיין גאַסן־אַראַביש, פאַרקניפּט ער מיטן שעיך אַן „ערנסטן" שמועס מכוח דער ענלעכקייט פון העברעאיש און אַראַ־ביש. שעיך איל־רידאַוואי לאָזט זיך פירן אין באַד אַריין, טוט אַ שאַר אַרויף דעם טאַרבוש מיט דער ווייסער לעפּפע איבערן הויכן שטערן, גלעט אויס זיין אונטערגעגאָלטע, שאַרפווינקלדיגע בערדל און צעדרשנט זיך אין אַ ריטמישן, מליצהדיגן אַראַביש וועגן דער בלוט־קרובהשאַפט פון אידן און אַראַבער, וועגן סידנאַ כאַליל איל־ראַכמאַן[2] און סידנאַ איסמאַאיל[3]. און פון גרויס התפעלות מאַכט ער צו די אויגן און הויבט אָן צו דעקלאַמירן זיינע אייגענע פאַרפאַסטע פערזן:

נאַכנאַ אַכוואַן
מין קאַדים איי־זאַמאַן...[4]

משום דרכי־שלום פלעגט מען זיך צו אים פאַרהאַלטן מיט דרך־ארץ און זיך געמאַכט הערנדיג. אָבער דער צעהיצטער שעיך האָט באַלד דערפילט אַז ער האָט איבערשאַצט די בקיאות פון די מאַסקאָפּיס אין ישמעאלס תורה, און פלעגט הייסן זיך נעמען צום „מידאַריטש"[5] מיטן „האַזאַ בינט על שוקרי

1. שלום עליכם.
2. אברהם אבינו.
3. ישמעאל.
4. מיר זיינען ברידער
פון אוראַלטע צייטן...
5. אַן אַראַבישע כרעסטאָמאַטיע.

אַם טאָקול כובזע מאַא לאַכמע״[1] און די נודנע מינוטן זײַנען געפֿאַלן לאַנג, שווער, פֿאַרזינדיקט.

אויפֿגעלעבט פֿלעגט דער קלאַס ווערן, ווען אדון שיפּריס האָט זיך באַ־וויזן. זײַן מאַגנעטישע פּערזענלעכקייט פֿלעגט, ווי אַ ליכטיקער שטראַל, זיך אַרײַנברעכן אין די מוטנע, אויסגעצויגענע שעהן פֿון די למודים. זײַן אויס־געדיכטעטע אויסטײַטשונג פֿון תנ״ך, זײַנע באַלעבטע, פֿאַרברייכטע פֿאַרטראַגן איבער דער בײַשטײַערונג פֿון אידישן פֿאָלק צו דער קולטור פֿון מיטלאַלטער, זײַן גרונטלעכע, בילדרײַכע באַהאַנדלונג פֿון טרוקענע שטעלן אין דקדוק, אָדער זײַן פֿאַנאַנדערקלײַבונג אין דער אָפּשטאַמונג פֿון ווערטער — פֿלעגן פֿאַלן ווי פֿרישע טראָפּנס טוי אויף די פֿאַרשמאַכטע געמיטער פֿון זײַנע תּלמידים, און ווי אויף כּישוף־פֿליגל פֿלעגן זיי פֿאַרטראָגן ווערן אין אַן אַנדער וועלט, ווײַט איבער דער פֿאַרנעפּלטער דערוואַרטונג.

אָבער באַלד נאָך אים פֿלעגט אַרײַנקומען הערר פֿייערשטאַם מיט זײַנע גלאַט־פֿאַרקאַמטע, אַנגעשמאַלצענע האָר, מיט זײַן מילכיגן, חוצפּהדיגן פּנימל, מיטשלעפּנדיג אונטערן אָרעם אַ דיקן פּאַק מיט די דײַטשישע צײַטונגען און אַ שווערן פֿאָרטפֿעל מיט לערביכער, וועלכע כייקל האָט גערופֿן „די צוויי־און־פֿערציגער״. מיט אומגעדולדיגע, שאַרפֿע באַוועגונגען פֿלעגט ער זיך אַ לאָז טאָן צו דער קאַטעדרע און אָנהייבן אַרויסצולייענען די לעצטע נײַעס־טעלעגראַ־מען וועגן די דײַטשישע נצחונות. פֿאַרטיג געוואָרן מיט דעם, פֿלעגט ער זיך נעמען צו שיללער׳ס „די גלאָקקע״. זײַן באַציאונג צו די תּלמידים איז פֿון שטענדיג־אָן געווען אַן אַנגעצויגענע, אַ דעמאַגאָגישע; און לעצטנס, מיט יעדן דײַטשישן נצחון אויפֿן שלאַכטפֿעלד, איז דידאָזיגע באַציאונג געוואָרן מער פֿאַרשאַרפֿט, מער אונדערטערעגלעך־אָפּשטויסנד. ער האָט צו יעדער געלעגנהייט ניט פֿאַרפֿעלט צו באַטאָנען אַז ער איז שטאָלץ דערמיט וואָס ער פֿאַרשפּרייט די שפּראַכע דער זיגרײַכען דויטשען. מיט יעדן טאָג זײַנען זײַנע פֿאָדערונגען אין די פֿאַרברייטונגען פֿון אויפֿזאַץ און איבערבליקן איבער לעזע־שטאָף גע־וואָרן שווערער, זינלאָזער, אינהאַלט־אָרימער. די טעמען אין די קלאַסן פֿון עפּנט־לעכן געשפּרעך און פֿאַרטראָג זײַנען איצט באַשטאַנען פֿון הוילע אַבסטראַקטן — גערעכטיגקייט, פֿרידן, אײַנזעעניש, אויפֿריכטיגקייט — אַן אויסוואוקס פֿון זײַן פּוסט־גאוהדיגער האַלטונג. יעדער אָריגענעלער געדאַנק אָדער לאָגישער אַרגומענט איז פֿון אים אָפּגעשלאָגן געוואָרן דורך פּוסטע, הויך־קלינגדיגע פֿראַזן ציטירט פֿון דײַטשישע שריפֿטשטעלער און דענקער — „די אײַנציגע וואָרהאַפּ־טיגע דענקער אין דער וועלט״... פֿייגלזאָן, דער פּאָטענציעלער פֿילאָזאָף, וועמענס אַמביציע אין לעבן איז געווען צו קאָנען לייענען די דײַטשישע פֿילאָ־זאָפֿן אין אָריגענאַל, פֿלעגט זיך אונטערחנפֿענען צו פֿייערשטאַמען און אַדרע־

1. שוקריס טאַכטער עסט ברויט מיט פֿלייש.

סירן אים, ווי פּייערשטאָם איז באַשטאַנען, הערר דאָקטאָר. אָבער אויך אים פלעגט דער „הערר דאָקטאָר" אָפּשטעלן אין מיטן אַן עפּנטלעכן געשפּרעך און צעשרייען זיך אויף זיין בלעכענער שטים:

— אַך דו ליבער, דו ליבער! אַבער דאַס ריכט דאָך מאָל מיט הערינג־זשאַרגאָן אַאוס איינער ליטאַוישער קלאָוזע...

און ער פלעגט באַלד הייסן בויגן דעם שטאַרקן ווערב „שטינק — שטאַנק — געשטונקען".

און אַ שווערמיקייט פלעגט זיך אויסלייגן אויף דער נשמה. אַ ניט־פאַר־דינטע באַליידיקונג פלעגט אויפברענען אין אַ פאַרביטערטן האַס און פאַרגיין אין אַן אַפּאַטישן גלייכגילט מיט די פּוסטע, פּרוכטלאָזע שעהן...

אין מטבח, ביי אַ שפּאַרן מאָלצייט פון לינדזן־זופּ, גרויען ברויט מיט טכינע[1] און ניט־פאַרזיסטן טיי, איז אָנגעגאַנגען אַ הייסער ויכוח איבער דעם אויסקום פון דער מלחמה.

פרידמאַן — אַ געוועזענער סלאָבאָדקער ישיבה־בחור מיט סמיכת־הוראה און מיט שטאַרקע פּריטענזיעס אויף געשיכטע — איז באַשטאַנען, אַז דייטש־לאַנד מאַכט־דורך דעמזעלבן ציקלוס וואָס נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, נאָר זי טוט עס מיט בעסערער צוגרייטונג, מיט מער אויסגערעכנטקייט. זי וועט מוזן אַרויס די זיגערן, און איראָפּע וועט זיין געצוואונגען צו צוהערן זיך צו איר וואָרט.

בוכשטיין — אַן אויסגעטריקנטער בחור מיט אַ „פאַרגאַנגענהייט" און פעסטע פּרינציפּן, מיט האָמעטענע פּענסנע אויפן רויטלעכן נאָז, מיט שפּיציגע אַקסלען, וועלכער האָט סיי ווינטער סיי זומער געטראָגן אַ שוואַרץ העמדל מיט אויסגעצייטע בלימעלעך אַרום האַלדז, און האָט געהאַלטן אין איין שרייבן אָפּ־האַנדלונגען אין רוסיש איבער קאַרל מאַרקס, בעבעל און לאַסאַל, וועלכע האָבן קיינמאָל ניט דערלעבט געדרוקט צו ווערן — האָט דורכגעפירט זיינע רויט־באַפּליאַמטע פינגער דורך די לאַנגע שיטערע האָר און האָט געוואָרפן אַ בייזן בליק אויף פרידמאַנען:

— פּאַטראָנסטוואָ! איר ווייסט גאַנץ גוט אַז איך בין געווען איינגעזעצט אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער טורמע. קיין המוציא מיט האָט האָניג האָט מען מיר דאָרט געוויס ניט אונטערגעטראָגן. אַזוי, אַז ניט פון אַ פּערזענלעכן שטאַנד־פּונקט, ניט אַלס איבערצייגטער סאָציאַליסט, און אודאי ניט אַלס איד, האָב איך וועלכע ס'איז אורזאַך אָנצונעמען זיך פאַר רוסלאַנד. איך וואָלט אודאי געוואָלט זען דעם חזירשן פּאָניע כאַפּן די מפּלה וועלכע ער האָט כשר פאַרדינט. עס וואָלט אָבער געווען דער גרעסטער פאַרברעכן מצד דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט צו דערלאָזן דער שאָוויניסטישער דייטשלאַנד צו קריגן די אויבערהאַנט

1. באַקסער־האָניג.

איבער דער אַנטאַנטע, צו פאַרשטאַרקן די קרוין פון אַ זעלבסטהערשער אין אייראָפּע!

— און רוסלאַנד?

— אַז די רוסישע מאַכט מוז פאַלן — דאָס בין איך איינשטימיג. אָבער איר נידערפאַל מוז קומען ניט דורך אַ הייפל זיגגייציגע מאַנאַרכיסטן פון דרויסן, נאָר דורך אירע אייגענע אינערלעכע כוחות — דורך איר פריי־דענקנדן עלעמענט! די אַנטאַנטע — די וועלט — מוז צוערשט פּטור ווערן פון דער מאַנאַרכיסטישער סכנה וואָס דייטשלאַנד שטעלט מיט זיך פאָר. די שוואַרצע כוחות פון דער צאַרישער רוסלאַנד וועלן דורך אירע אויסערלעכע מלחמות אָפּגעשוואַכט ווערן, און דאָס וועט שאַפן אַ גינסטיגן באָדן פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

די אַרומיגע האָבן געגומען צדדים. עס זיינען געפאַלן אַרגומענטן, איינע איבער די אַנדערע, און אַלע אויפאַמאָל. דער טומל איז געוואַקסן. טילטש, דער קריטיקער און קאָרעספּאָנדענט פאַר אַן אויסלענדישער צייטונג, האָט אויפגע־הויבן זיין פאַרשוויצטן פּנים פון דער לעצטער גלאָז טיי, האָט אויסגעווישט דעם שטערן און פּליך, ט'פאַנאַנדערגעגלעט די רויטע וואָנצן און די ברייטע באָרד, און'ט אַ שמייכל געטאָן אונטערן נאָז:

— ס'עופּעלע איז נאָך אין די ווינדעלעך, און איר האַמפּערט זיך שוין אַרום צי ס'זאָל זיין אַ רב, צי אַ קלעזמער. דער קריג האָט זיך נאָך ערשט אָנגעהויבן; ער האַלט זיך נאָך אין צעפּלאַקערן. די וואָגשאָלן זיינען אין דער האַנט פון אַ וויטן מאַרגן...

דידאַזיגע באַמערקונג האָט אַריינגעצויגן די גנות אויך אין דעם אַלגע־מיינעם ויכוח.

בתיה — אַן עלטערע מיידל און אַ געוועזענע אַקושאָרקע אין דערהיים, מיט אונטערגעשאָרענע האָר און מאַנסבילשמעסיג געקליידעט — איז ראַפּטאָם אָנגעפאַלן אויף פרידמאַנען מיט איר הילכיגער געמבע:

— און ווער איז שולדיג אין דער גאַנצער וועלט־שחיטה? דער קאַפּי־טאַליזם — דער פאַרשאָלטענער קאַפּיטאַליזם! די גייציגקייט צו רייך ווערן דורך עקספּלואַטאַציע!

— אָבער וואָס ווילט איר פון מיר, מיין טייערע בתיה? — האָט פרידמאַן זיך כלומרשט געפּרואווט פאַרטיידיגן קעגן בתיהס אונדערוואַרטן אָנגריף, און איז באַלד אַריבער אין אַ באַלעבטן טאָן — קריג איז אַן אַלטע היסטאָרישע דער־שיינונג — דער דירעקטער אויסוואוקס פון דעם מענטשנס באַגער פאַר מאַכט...

פּייערשטאָם, וועלכער איז געזעסן ביי אַ באַזונדער טישל מיט אַן אַנדער לערער און האָט מיט היץ דערקלערט פאַר יענעם הינדענבורגס סטראַטעגיק אין דער טאַנענבורג שלאַכט, האָט אַראָפּגענומען די טישטאָכל פון אַרום קאַרק,

און איז צוגעקומען צום אַלגעמיינעם טיש מיט זיין געקינצלטן ראַבינערשן שמייכעלע:

— דער קריג, מיינע ליבע, איז דער קאַמף פאַר דער דייטשישער קולטור. דער ערהאַבענער דייטשישער גייסט וועט מוזן זיגן.

דוכס האָט אָפּגעלאָזט דאָס ניט־דערביסענע שטיקל ברויט און איז אויפ־געשפּרונגען פון זיין אָרט. זיין פּנים האָט אויפגעפלאַמט:

— דאָס איז אַ פּוסטער אויסרייד, הערר פּייערשטאַם! — אַ פאַלשע רע־קלאַמע! ס'האָט נאָך קיינער ניט באַוויזן צו לערנען דער וועלט חכמה מיט וואָפן אין דער האַנט.

— דו'סט זיך אָנרייסן, דוכס... — האָט אים כייקל אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל אין דער שטיל — זע ווי ער קוקט, דער ראַצער...

— זאָל ער טאָן וואָס ער וויל! דאָ איז ניט דער קלאַס־צימער. מ'האָט אים שוין אַזוי אויך צו־לאַנג פאַרשוויגן, דעם צבועק!

פּייערשטאַם האָט דוכסן דורכגענומען מיט שפּיזיגע בליקן, און דער אַרויפ־געצוואונגענער שמייכעלע איז ניט אַרונטער פון זיינע ליפּן:

— אָבער, מיין ליבער, וואָס האָט די אָרימע דייטשלאַנד געזאָלט טאָן, ווען אַלע אירע פיינט האָבן זיך קעגן איר פאַראייניגט?! די דייטשישע באַציאָן האָט זיך געשטעלט פאַר איר הייליגער פליכט צו קעמפן פאַר איר ערהאַבענער קולטור; און, מיט דער הילף פון אַלמאַכטיגן און דעם קייזער, וועט זי, ביז דעם לעצטן זעלנער אויף דייטשלאַנדס ערד, אָנהאַלטן דעם קאַמף פאַר דאָס רעכט צו פאַרשפּרייטן דער דייטשישער קולטור!...

— איר מיינט אַ ר ו י פ צ ו ו י נ ג ע ן איר קולטור! — האָט דוכס אים איבערגעשלאָגן — לאָמיר זיך ניט שפּילן מיט ווערטער, הערר פּייערשטאַם. די דייטשישע קולטור! איר ווילט אונדז איינריידן אַז דאָ גייט־אָן אַ קאַמף צווישן געטע'ס „פאַוסט" און שעקספּיר'ס „דער פּרינץ פון דענמאַרק"? אַ שטרייט צווישן דער פילאָזאָפיע פון קאַנט און דעם דענקען פון האָקסלי אָדער בערגסאָן? אַ געפעכט אויף לעבן־און־טויט צווישן טשאַיקאָווסקי'ס סימפאָניען און וואַגנער'ס אָפּעראַס? איר ווילט אונדז איינשמועסן אַז דער דייטשישער פויער גייט זיין לעבן אָוועקלייגן ווייל ער איז ניט איינפאַרשטאַנען מיט דער אויסטייטשונג פון סאַראַ בערנאַרד'ס שוישפּיל־קונסט, מיט מאַנע'ס מאַלעריי, אָדער ווי די קאַטעדראַלע אין ריימס איז געבויט געוואָרן?! פרידמאַן האָט דאָ אַקאָרשט באַהויפּטעט, אַז קריג איז דער אויסוואוקס פון מענטשנס באַגער פאַר מאַכט. איינשטימיג צי ניט, עס איז נאָך אָבער צו באַגרייפן. פאַרוואָס אָבער איינוויקלען די טומאה אין דער יראה, ווען איר ווייסט אַליין, אַז ס'וואָלט געווען אַ באַליידיגונג פאַר דער מענטשלעכער אינטעליגענץ צו וואַגן גלויבן, אַז אפילו קינדער־גאָרטן־עופעלעך וועלן אַזעלכע שטותים אָננעמען פאַר אַ גילטיגער דער־

קלערונג ?! פאַרוואָס ניט ריידן קלאָרע דבורים, הערר פייערשטאָם ?! פאַרוואָס ניט זיין ערלעך מיט זיך אַליין ?!...

אַ צופרידענער פינקל האָט זיך באַוויזן אין די אויגן פון די אַרומיגע. פייערשטאַמס פּנים האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט אַ רויטקייט —

— אַזוי קאָן נאָר ריידן אַן אומוויסנדער רוס!

דוכס איז אויף אַ רגע בלאָס געוואָרן. זיינע געזיכטצוגן האָבן קאָנוואולסיוו אַ צוק געטאָן:

— איך האָב אויסגעמיטן צו באַרירן פּערזענלעכקייטן, און האָב ניט בדעה צו פאַרהערן זיך מיט אייך אין יחוס. איך האָב גאָרניט קעגן דעם דייטשישן פאָלק, און איך שטאָלציר ניט הערמיט וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אויף רוסלאַנדס ערד. מיר זיינען אַלע קינדער פון גורל, שפּילצייג אין די הענט פון אַ בלינדן צופאַל. קעגן וועמען איך האָב י אַ אויסצוזעצן, איז קעגן אַזעלכע פּוסטע פראַזן־שיסער ווי איר, וועלכע זוכן צו מאַכן אַן אָפּגאָט, אַ הייליגקייט, פון דעם גרויסן וועלט־אומגליק!... און אויב איר האָט שוין יאָ אָנגערירט פּערזענלעכעס, טאָ לאָמיר אייך פרעגן דאָ, אין אַלעמענס אָנוועזנהייט: אויב איר, הערר פייערשטאָם, זענט ווירקלעך אויפריכטיג און גלויבט באמונה־שלמה אין דעם וועגן וואָס איר צערייסט זיך שרייענדיג — פאַרוואָס האָט איר זיך, ביז היינט־צו־טאָג, ניט אָנגעשלאָסן אין דער פּרייסישער אַרמיי צו „קעמפן פאַר דער דייטשישער קולטור?!“ וואו איז די „ערלעכקייט“ און די „אויפריכטיגקייט“ און די „גערעכטיגקייט“, וועלכע איר האַלט אין איין פּרעדיגן אין קלאַס־צימער?! מיט וואָס האָט איר עס באַוויזן אין טאַט און לעבן?!

— זי זינד איין געמיינער שופט! — האָט פייערשטאָם אַרויסגעשיפּעט דורך פאַרשטשימעטע ציין.

— דאָס איז נאָך פאַר אייך צו איבערצייגן. די אַלע דאָ ווייסן גאַנץ גוט ווער פון אונדז ביידן עס האָט זיך אָנגעהויבן צו זידלען. און ווען איך האָב ניט דעם געהעריגן אָפּשיי פאַר דעם אַנשטאַלט, וועלכער באַשעפטיגט אייך אַלס לערער, וואָלט איך איצט אַנדערש אַרגומענטירט מיט אייך. איך וואָלט צו אייך גערעדט אין דער שפּראַך, וועלכער אַזאַ היפּאָקריט ווי איר וואָלט מוזן פאַרשטיין!...

פייערשטאָם האָט נערוועז דורכגעבליצט מיט די אויגן אויף די אַרומיגע; געזען אַז קיינער מאַכט ניט דעם מינדסטן פאַרזוך זיך איינצושטעלן פאַר אים, האָט ער פאַרדרייט זיין שפּיציג פּנימל אין אַ ביטערער גרימאַסע —

— ל־לומפּ!! — האָט ער מיט פאַראַכטונג אויסגעשפּיגן און האָט האַסטיג פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.

דוכס האָט אים אַ ווײלע נאָכגעקוקט מיט אַ פאַרגליווערטן שמייכל. כייקל איז באַלד צוגעלאָפן צו אים און האָט אים אַ פּאַטש געטאָן איבער דער פּלייצע:

— בראַוואָ דוכס! אידאַק, יאַ׳כאַביבי![1] — האָט ער אַריינגעשטעקט אַ לאַפּע — אַי, אַ געזונט דיר אין פּיסק אַריין! חברה! — האָט ער זיך געטאָן אַ דריי אויס צו די אַרומיגע — פּתח שין — שאַ! אויב דער דייטש ׳עט ווידער אַמאָל נעמען פּראַווען זיינע היגטישע שטיק, לאָמיר אים אָפּזינגען אַ לידעלע! מסכים?

— אָפּגעמאַכט!

— נעשה ונשמע!

— יד אחת, חברה!

אַ ווײַלע איז נאָך געהאַנגען אַ געדריקטע שטילקייט איבער אַלעמען. באַלד האָט אימעצער פאַרצויגן אַ זמרל. ס׳האָט ניט אָנגעריסן. כייקל האָט געפּרואווט אויפמונטערן דעם עולם:

— וואָס האָט איר זיך אַלע אַזוי פאַרמרה־שחורהט?! ער׳ט לאַנג ניט זשיפּען. אַ ניגונדל, יואלי!

יואלי האָט צוגעמאַכט די אויגן, ט׳אויסגעלייגט זיינע לאַנגע פינגער אויפן טיש און׳ט אָנגעהויבן צו ציען דעם ליאַדיערס ניגון. חברה האָבן אונטערגע־כאַפּט. ביסלעכווייז האָט זיך צעוויגט און צעוואַרעמט דאָס פאַרבענקט געזאַנג. מיט יעדן איבערגאַנג אין ניגון זיינען מיטגעריסן געוואָרן מער קולות, איז אַריינגעגאָסן געוואָרן מער השתפכות. יואליס ברוסטיג־וויברירנדיגע שטים האָט זיך געטראָגן שלוש־סעודותדיג־פאַרבענקט פאַראויס, איבער אַלעמען; און אײַ־בערן טומנעם עס־צימער פון מטבח האָט זיך אומגעפליגלט „דעם אַלטן רבינס" הכנעהדיג־שטאַלצער דבקות־ניגון.

מיטאַמאָל האָט זיך פון דער גאַס אָנגעטראָגן קאַפּלאַן — אַ פאַרסאָפּעטער, אַ דורכגענעצטער, מיט אַ צייטונג אין דער האַנט:

— נייעס, חברה! נייעס! טערקיי האָט דערקלערט קריג!

און דער ניגון האָט זיך איבערגעריסן.

*

אַרויסגייענדיג פון מטבח האָט אביגדור אָנגעטראָפן ליפשיצן מיט תמרהן. זיי זיינען געקומען קיין ירושלים מיט דער אַלטיטשקער: האָבן איר געבראַכט אין שפּיטאָל אַריין. באַזאָרגט איבער דער אַלטיטשקערס קראַנקייט און אַביסל גע־טראָפן פון די לעצטע נייעס, האָט ליפשיץ נאָך געפונען מוט זיך אַ ווייצל צו טאָן:

— טערקעלע גנב! דאָס יאַרמעלקע אויפן קאָפּ איז ניט זיינס, און ער שפּאַרט זיך אויך צווישן מענטשן! אויך אַ מלחמה־מענטש...

אביגדור מיט תמרהן האָבן אים צוליב אַ לאַך געטאָן. אין זייערע ביידנס אויגן האָט שטום געברענט די פראַגע: וואָס וועט איצטער זיין?

1. דיין האַנט, חביבי!

# 4

## אין דער שעה פון ענטשיידונג

דרויסן האָבן זיך געטראָגן מידע בליצן און ווייטע, צעברעקלטע דונערן אין דעם גרויען אונטער־רוים. דער אסיפה־זאַל פון סעמינאַר איז געווען געפּאַקט מיט מיטגלידער פון תלמידים־פאַראיין. ווי אַ מחנה אָנגעיאָגטע וועזנס האָבן זייערע דערשראָקענע שאָטנס אַראָפּגעקוקט פון די צערויטע זיך־פּלעצער, פענצטער־שוועלן און פון די אָנגעשטעלטע טישן אַרום די ווענט. דער טריבער שיין פון די חלב־ליכט אויף דער רעדנער־קאַטעדרע האָט געוואָרפן אַן אַנגסטיגע בלאַסקייט אויף די אָנגעשטרענגטע פּנימער אַרום, און האָט בולטער אַרויסגעבראַכט די טיפקייט פון די אויגן און די טונקלקייט פון צימער. די שטימונג איז געווען אַן אָנגעצויגענע, אַ שווערע, די געמיטער — אויפגערודערט, געשפּאַנט: עס איז געווען די שעה פון ענטשיידונג.

פון פריען פאַרנאַכט־אָן האָט די זיצונג אָנגעהאַלטן. דער געמיטלעכער לצנות־טרייב, וועלכער פלעגט קומען מיט דער דערעפענונג פון יעדער פאַרזאַמלונג, איז דאָסמאָל אינגאַנצן פאַרשוואונדן ווי נאָר ישראל ביילין, דער פאַרזיצער פון תלמידים־פאַראיין אין ירושלים, האָט געוואָרפן די פראַגע פון טאָג פאַר דער פאַרזאַמלונג:

— ... און עס איז אונדז געגעבן געוואָרן דער אויסוואַל: ענטווידער צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אָדער צו אָטאָמאַניזירן זיך און אויפנעמען די פאָלגן. דער וועד פון'ם תלמידים־פאַראיין האָט זיך ניט געקאָנט איינִיגן וועגן דעם שריט וואָס זאָל אַצינד גענומען ווערן פון דער תלמידים־קערפּערשאַפט אַ ל ס אַ ג אַ נ צ ע ר, און האָט דערפאַר באַשלאָסן צו ברענגען די פראַגע פאַר אייך — צו טיילן זיך מיט אייך אין דער אחריות...

ביילינס קורץ־געפאַסטע איינלייטונג האָט קלאָר אַרויסגעבראַכט די אַנטשטייאונג פון דער פראַגע און דעם ערנסט פון דעם ניי־געשאַפענעם מצב אין זייער גאַנצער נאַקעטקייט. ווי אַ גליענדיגער פונק האָבן זיינע געמאָסטענע ווערטער אָנגעצונדן די פאַרשמאַכטע געמיטער. דאָס וואָס איז ערשט מיט אַ

וואָך אָדער צוויי צוריק געווען ניט מער ווי אַ השערה, אַ בלאַנדזשענדיקער קלאַנג פון אַ קראַנקער צייט, איז איצט געווען אַ וואַריגע ווירקלעכקייט, אַ פראַגע וואָס פאָדערט פון יעדן איינעם אַ באַלדיקן ענטפער. דער ערנסט איז געוואַקסן מיט יעדער מינוט. עס האָבן זיך געהויבן הענט, זיך געמאָלדן צום וואָרט. עס זיינען אויפגעשוואומען אַרגומענטן לאָגישע, סענטימענטאַלע, פאַר און דאַגעגן. די שטימונג איז געוואָרן וואָס אַ ווילדע געדריקטער.

ראַווסקי, אַן אויסגעגלעטער פון לאַנגן פיבערן און פון אומוואַלגערן זיך אין זיין פייכטן צימערל אין אַ אחוהר חצר, האָט זיך אומגעקוקט פאַרלאָרן מיט זיינע וואַסערדיקע אויגן, און זיין האַלדזיק־געפּלאַצט קויל האָט אומגעציטערט אין דער מוטנעקייט פון זאַל.

— וואוהין זאָלן מיר גיין? וואו אַשטייגער האָבן מיר צו גיין?! ווער ווייסט וואָס ס׳דערוואַרט אונדז אין חוץ־לארץ? דאָ האָבן מיר כאָטש אונדזער מטבח, דעם סעמינאַר. מיר זיינען שוין צוגעוואוינט צום קלימאַט פון לאַנד. און וואָס איז דער חילוק — ערגעץ־אַנדערש, צי דאָ? מיר׳ן זיך שוין הפנים פון אונטערן ביקס ניט אַרויסדרייען...

זיין שטים האָט זיך ביי די לעצטע ווערטער איבערגעבראָכן, און זיין ביי־ניגער קערפּער האָט אומבאַהאָלפן אַ ציטער געטאָן אונטער זיין האַמעטנעם מלבוש.

— חבר פאָרזיצער! — האָט כייקל אויסגערופן און איז אַרונטערגע־שפּרונגען פון פענצטער־שוועל — איך בין זיכער, אַז ראַווסקי האָט גערעדט מער אונטערן איינפלוס פון כיבין ווי פון שכל־הישר. אַז מיר׳ן זיך שוין פון אונטערן ביקס ניט אַרויסדרייען, דאָס בין איך מיט אים מסכים; אָבער אַ חילוק צווישן ערגעץ־אַנדערש און דאָ, איז שוין דוקא אַ גרויסער. דאָ האָבן מיר לפּחות אַן אויסזיכט געשיקט צו ווערן אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע און ווערן אָפיצערן. און לאָזט מיר אייך זאָגן, אַז ס׳וואָלט דעם גרעסטן טייל פון אונדז — אַריינרעכענענדיג מיין שכן ראַווסקין אויך אין חשבון — ווייניק־וואָס גע־שאַדט צו באַקאָנען זיך אַביסל בעסער מיט מיליטערישע איבונגען און וויסן ווי צו באַגיין זיך מיט אַ שטיקל כלי־זיין. איך מיין פּשוט: וויסן פון וועלכן זייט מ׳בלאָזט שופר... זאָל נאָר די שעה ניט זיין, ס׳וועט אונדז גוט צונוץ קומען!...

— חברים! — האָט זיך פון דער זייט דערטראָגן זילבערמאַנס מאַסיווע שטים, און באַלד האָט זיין ברייטביינערער קערפּער זיך דורכגעשלאָגן צום אויבנאָן. ער האָט לאַנגזאַם פאַרשפּיליעט די פאַרבליבענע קנעפּלעך פון דער שוואַרצער טעזשורקע — דער איינציקער איבערבלייב פון זיינע גימנאַזיע־יאָרן אין יעקאַטערינאָסלאַוו — און האָט אָפּגעהאַמערט אין זיין האַרט־אַקצענטיגן העברעאיש. — חברים סעמינאַריסטן און תלמידים פון די אַנדערע שולן! פאַר־געסט ניט אַז דער גרעסטער טייל פון אונדז האָט אין רוסלאַנד איבערגעלאָזט

טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער און קרובים. די רוסישע רעגירונג וועט דורך אירע קאָנסולן און געהיים־אַגענטן אויסגעפינען, אַז אַ באַדייטנדע צאָל פון אידי־שע יונגעלייט האָבן אויפגעגעבן איר בירגערשאַפט און זיינען געוואָרן טערקישע אונטערטאַנען, און זי וועט ניט פאַרנאַכלעסיגן די געלעגנהייט אויסצוטייטשן דעמדאָזיגן שריט אַלס אַ דירעקטן פאַרראַט קעגן דער קרוין פון „דעם פאָטערל צאַר און דער מוטערל רוסלאַנד." דענקט ניט אויף אַ רגע אַז פאָניע וועט דעמ־דאָזיגן טאַט פאַרשווייגן! אויב ניט מיט אונדז פערזענלעך, וועט שוין פאָניע געפינען אַ וועג ווי זיך אָפּצורעכענען מיט אונדזערע אייגענע. ווי, דאַרף מען אים ניט לערנען. די פראַגע פאַר אונדז, חברים, איז אַצינד: צי האָבן מיר אַ רעכט צו ברענגען, מיט אונדזערע אייגענע הענט, אַן אומגליק אויף די וואָס מיר האָבן געלאָזן אין גלות? און דער ענטפער אויף דעם איז ניט אַנדערש ווי ניין! — מיר טאָרן דעמדאָזיגן שריט ניט מאַכן! מיר מוזן זיך אָפּזאָגן פון באַגיין אַזאַ טאַט, אויב מיר האָבן וועלכע ס'איז פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו אונדזער אייגן פלייש־און־בלוט! פאַרגעסט ניט, חברים, אַז דאָס מיינט אומקום פאַר אונדזערע משפחות אין גלות!...

דערמוטיגט פון זילבערשטיינס ווערטער, האָט ראָזענבלאַט — אַ גבירישע אינגל פון פאָדאָליע, וועמען ס'האָט פאַר די לעצטע פּאָר חדשים שטאַרק אויס־געפעלט דעם טאַטנס צוגעשיקטע עטלעכע רובל — אויך באַקומען לשון:

— און אַזאַ אומרואיגער צייט — האָט ער געטענהט — איז עס די פליכט פון יעדן איינציגן צווישן אונדז צו דערשלאָגן זיך אַהיים, צו זיין מיט אונדזערע עלטערן. זייער גורל מוז זיין אונדזער גורל צוגלייך. מיר טאָרן אויף אונדזערע אייגענע אחריות ניט אָננעמען אַזאַ ערנסטע שטעלונג!

יעלעצקי — אַ גימנאַזיסט פון לעצטן קלאַס, וועלכער האָט זיך מער אויס־געצייכנט מיט זיינע אַטלעטישע איבונגען אין „מכבי" און מיט זיין פוסבאָל שפּילן, איידער מיט זיינע למודים אין גימנאַזיע; אַ בחור מיט אַ גוואַלדיגן אַפּעטיט צום עסן און צו מיידלעך — האָט אַ וואָרף געטאָן מיט זיין בלאָנדן לייבן־קאָפּ, אַזוי אַז די האָר האָבן זיך פון זיך אַליין אויסגעלייגט אין אַ שרונד —

— חבר יושב־ראש! — האָט ער זיך אָנגערופן פון זיין שטעל אין מיטן צימער — איך האָב אינפאָרמאַציע וואָס וועט געוויס זיין וויכטיג פאַר די חברים. איך בין היינט געווען אין קאָנסולאַט און האָב זיך דאָרט דערקונדיגט, אַז אַלע וואָס די וועלכע ווילן פאַרלאָזן דאָס לאַנד דאַרפן האָבן, איז הוצאות פון דאַנען ביז יפו. דאָרט וועלן פאַר די מהגרים וואַרטן איטאַליענישע און אַמעריקאַנער שיפן, וועלכע וועלן זיי ברענגען קיין אַלעקסאַנדריע; און אין מצרים וועט שוין דער רוסישער קאָנסול באַזאָרגן די אָנגעקומענע מיט הויזונג און שפּייז, ביז זיי וועלן זיך קאָנען דערשלאָגן אַהיים. און לאָמיר זיך ניט נאַרן, חברים: דאָ ווערט די לאַגע ניט בעסער. און ווי לאַנג איז דער שיעור צו

אָפּנאַרן דעם מאָגן מיט טכינע אָנשטאָט צוקער און מיט בראַנדזשינעס [1] אָנשטאָט פליישׁ? וואָס מער מײלער עס װעלן איצט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אַלץ מער פּראָ־וויאַנט וועט בלײבן פאַר די וואָס וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן, און זיי וועלן אונדז דערפאַר דאַנקבאַר זיין.

בוכשטיין איז ווידער אַרויסגעקומען מיט זיין אַלטער טענה:

— ...טערקיי איז פאַרקויפט צו דייטשלאַנד. האָבן איינזען מיט טערקיי, מיינט אונדירעקט מיטהעלפן דייטשלאַנד. און דאָס מיינט, העלפן פאַרלענגערן די מלחמה און געבן דער מאָנאַרכיע פון קייזער און דעם דייטשישן שאָוועניזם אַן איבערהאַנט...

דוכס איז געזעסן נעבן תמרהן. מיט פיינלעכן שווייגן האָט ער פאַרנומען די אָנגעוואָרפענע אַרגומענטן, וועלכע זיינען וואָס אַ ווײלע געוואָרן היציגער, ליידנשאַפטלעכער. ער האָט איינגעזען, אַז וואָס ווייטער דידאָזיגע אַרגומענטאַ־ציעס פאַרציען זיך, אַלץ מער ווערט דער לאָגישער געדאַנק, דער בשופותדיגער געפיל, אויסגעוועפּט, אַלץ טיפער דרינגט אַריין אַ בלינדע מורא. מיט וואַקסנ־דיגן אומגעדולד האָט ער זיך פון צייט צו צייט אומגעקוקט אויף די אַרומיגע: אַ מענגע צעשויבערטע קעפּ, פאַרוואָלקנטע שטערנס. יעדער איינער אַ וועלט פאַר זיך, יעדער איינער מיט זיין אייגענער זאָרג, מיט זיין אייגענעם טומל אין זיך. קיין איינציגער מוטיגער בליק, קיין איינציג מאַכטיג וואָרט וואָס זאָל דעם טומל אויסניכטערן. דער געפיל פון אַנגסט איז געהאַנגען שווער איבער אַלע־מען. אַ קאַלטע ווייטקייט האָט זיך אויסגעלייגט צווישן די קעגנערישע צדדים, צווישן אים און חברים וועלכע זיינען אים ערשט ביז איצט אַזוי נאָנט געווען.

— גאָט, ס'אַר אַ נידערשלאָגנקייט, ס'אַר אַ שוואַכקייט!... — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ געמישט געפיל פון רחמנות און דערווידער.

ווי אַן איינגעפּאַנצירטער אין זיך אַליין, האָט ער זיך צוריק איינגעגראָבן אויף זיין פּלאַץ. תמרה האָט אַריינגענומען זיין האַנט אין אירער און האָט זיך צוגערוקט נענטער צו אים.

— שטאַרק זיין, אביגדור, דאַרף מען קאָנען... — האָט זי זיך אָפּגערופן שטיל.

— אָבער אַזאַ קינדישע אומבאַהאָלפנקייט, אַזאַ פאַרלאָרנקייט?

תמרה האָט אָנגעהאַלטן איר געלאַסנקייט:

— ס'איז דער זעלבסט־רחמנות, וועלכער קומט מיט דעם פחד פאַרן איי־גענעם שאָטן. ס'זיינען דאָ שעהן, ווען מ'דאַרף זיין ביכולת צו פאַרגעסן אָן זיך. מ'דאַרף אַמאָל קאָנען זיין אַן אכזר איבער זיך אַליין!...

— און אָט דער גאַנצער ענין האָט געזאָלט זיין ניט מער ווי אַ פאָרמאַ־ליטעט; און זע וואָס ס'האָט זיך אויסגעלאָזט — אַ שטאָד!

---

1. אייער־פּלאַנצן.

— ס'זיינען שטענדיג די שוואַכהאַרציגע וואָס יאָגן־אָן אַ טומל אין די רייען, ווען די מוטיגע זוכן צו דערפילן זייער פליכט... אַ, פאַרוואָס בין איך ניט געבוירן געוואָרן אַ מאַנסביל?!...

אביגדור האָט שווייגנדיג אויפגעהויבן זיינע אויגן צו איר און האָט נאָכ־געביג אַ שמייכל געטאָן.

אימעצער צווישן עולם האָט אויסגערופן:

— חברים! אדון שיפּריס איז דאָ צווישן אונדז. לאָמיר הערן זיין מיינונג וועגן דעם!

דערדאָזיגער אויסרוף האָט ווי אויפגעטשוכעט די פאַרזאַמלטע. יעדער איינער האָט גענישטערט מיט די אויגן אין אַלע ריכטונגען. עס האָט אויסגע־בראָכן אַ הילכיגער הענט־קלאַפּעריי. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט שטימען:

— אדון שיפּריס!

— אדון שיפּריס!

— לאָמיר הערן אדון שיפּריסעס וואָרט!

— זאָל אדון שיפּריס ריידן צו אונדז!

אדון שיפּריס, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן כמעט אומבאַמערקט אינ'ם געדראַנג, האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן און איז געבליבן שטיין אויף זיין אָרט. אַלע אויגן זיינען געווען געווענדט צו אים. אביגדור האָט מיט אדון שיפּריסעס באַווייזן זיך צווישן עולם, אויפגעמונטערט. ער האָט אים געשלונגען מיט די אויגן.

— מיינע חשובע תלמידים און מיטגלידער פון דעם שילער־פאַראיין! — האָט אדון שיפּריס אָנגעהויבן אויף זיין מיושבדיגן שטייגער און אַ נאָנטע וואָ־רעמקייט האָט זיך געטראָגן אין זיין קול — איך בין געקומען אַהער אַלס מקשיב, אַלס פרייער צוהערער, ווייל איך האָב געוואָלט זיין צווישן אייך — צו זיין מ י ט א י י ך — אין דער שעה פון פאַנאַנדערקלייבונג און ענטשיידונג, ווען דער אַריינדרונג פון ספקות איז אונפאַרמיידלעך. איך פיל־מיט די שווערע אחריות, וואָס דער גורל פון דער צייט האָט אויף אייך אַרויפגעוואָרפן. איך בין אָבער ניט געקומען צו אייך מיט ווערטער. איך האָב אויך ניט געבראַכט קיין בשורה פון דערלייזונג אין מיין מויל. איך בין געקומען צו אייך מיט אַן אָפן האַרץ, מיט אַ ווילן אייך צו העלפן און מיט אַ פעסטן גלויבן אין אייער אַלע־מענס אויפריכטיגקייט. חשבונות און עצות, רבותי, זיינען גילטיג נאָר דאַ־מאָלסט, ווען דער אויסוואַל פון די באַדינגונגען און פון די פאָלגן איז איינגאַנצן אָפּהענגיג אין אונדזער ווילן. דאָרט אָבער וואו מיר ווערן אַריינגעכאַפּט אין אַ געפלאָנטער פון אומשטענדן, וועלכע זיינען א ו י ס ע ר אונדזער קאָנטראָל — דאַמאָלט איז ד ע ר ג ע פ י ל דער איינציגער וועגווייזער. אין דעם איצטיגן פאַל איז מיין מיינונג ניט גילטיגער ווי די מיינונג פון יעדן איינציגן צווישן אייך. איך גלויב אַז איר אַלע דאָ זענט דערוואַקסן און קלוג גענוג צו

קאָנען אָפּשאַצן דעם איצטיקן מצב אין זיין באַטרעפנדן ווערט. איר וועט אַביסל מער אויסלופטערן דעם כאַאָס פון דער נשמה, וועט איר קלאָרער דערהערן דעם רוף פון אייער האַרץ און איר וועט מסוגל זיין צו דערגרייכן אַ געהעריקע ענטשיידונג — האָפענטלעך, איינשטימיק. וואָס דידאָזיקע ענטשיידונג זאָל ניט זיין, האָט איר מיין ברכה דערצו, און דעם פאַרשפּרעכן פון דעם דירעקטאָריום צו באַהילפיק זיין אייך אין דורכפירן אייער באַשלוס. און ווען איר וועט קומען צו אַן ענטשיידונג, וואָלט איך געוואָלט זיין שטאָלץ אין וויסן, אַז די געפילן און דער פרייער ווילן פון יעדן איינעם צווישן אייך איז ניט פאַרשוועכט געוואָרן. און זאָל יעדער איינער גיין אין דעם נאָמען פון זיין גאָט — נאָכן רוף פון זיין האַרץ — און זאָל זיין גאָט זיין מיט אים!...

דער געהילך פון אַפּלאָדיסמענטן האָט נאָך אָנגעהאַלטן, ווען אַן אויפגערעגטער אויסגעשריי האָט דורכגעגרילצט דעם זאָל:

— יושב־ראש! יושב־ראש, איך פאָדער דאָס וואָרט!

און נאָך איידער דער פאַרזיצער האָט באַוויזן אָפּצוענטפערן, איז פאַר דער רעדנער־קאַטעדרע אויסגעוואַקסן אַ קורץ־געוויקסיק פאַרשוין מיט רויטע, קרענקלעכע פליאַמען אויף זיין בייניקן פנים און מיט שפּיציגער פיזיאָנאָמיע: אַן אויסגעשפּיצטע, שאַרפע נאָז, אַ באַגרויט שפּיציק בערדל, אַ שפּיציגע פּעז אויפן אומגעהויערן גרויסן שייטל, אויסגעשפּיצטע, דינע אויערן, אַן אויסגעשפּיצטע צעכראַשטשעטע העמד, אַ שפּיציגער, צאַפּלדיגער גאָרגל אין דעם לאַנגן, דאַרן האַלדז, און הויכע, שפּיציגע אַקסלען. ער האָט מיט נערוועזע פינגער אַרונטערגעכאַפּט די פּענסנע פון נאָז, און זיינע גרויסע, אויסגעשטאַרטע ווייסלען האָבן געשאָטן פייליגע בליקן. דער פאַרזיצער האָט אים פאַרגעשטעלט:

— רבותי! דער גרויסער געלערנטער, דער גרונטיגער פאָרשער פון חכמת־ישראל, דער אונדערמידלעכער עסקן, דער פרוכטבאַרער זשורנאַליסט און דער רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייטונג „הדגל”, אדון בן־עמיהוד!

מ'האָט אים אויפגענומען פריינדלעך.

בן־עמיהוד האָט אַ זעץ געטאָן מיט אַ קנאַכיגן פויסט אין דער קאַטעדרע, און האָט זיך צעשריען מיט אַ הייזעריק־רייסנדיגער שטים אויף אַ הויכער אָקטאַווע:

— אַ שאַלקהאַפטיגקייט איז באַגאַנגען געוואָרן צווישן אידן! אַ שענדלעכער פאַרברעכן ווערט איצט אָפּגעטאָן צווישן די ווענט פון פאָלקס הייליגטום! און ווי זאָל דאָס האַרץ פון אַ געטרייען זון צו זיין פאָלק ניט אויסגיין פון פיין?! קינדער, וועמען דאָס פאָלק האָט דערצויגן מיט זיינע אויסגעבלוטיגטע נדבות, דערנערט מיט זיין אָפּגעשפּאָרט ביסן ברויט, זיינען דאָ, אין דעם טעמפּל פון וויסן, צוזאַמענגעקומען צו שלאָגן אַן עצה און צו האַלטן ראַט ווי צו פעלשן אַ פעלשונג אין פאָלק! אויסדערוויילטע זין און טעכטער, וועמען

דאָס פאָלק האָט אָנפאַרטרויט די הייליגע שליחות פון באַפּרוכפערן דאָס לאַנד פון די אבות, צו אויפבויען אירע טעמפּלען און צו זיין די כוהנים פון וויסן — זיי האָבן געוואָגט צו פאַרשוועכן זייערע הערצער מיט נידערטרעכטיגע מחשבות, צו פאַראומרייניקן זייערע ליפּן מיט לעסטערונג און פאַלשע רייד, און צו זוכן וועגן אויף צו פאַרלאָזן אונדזער הייליגטום! און וויי־געשריען, וויי! עס האָט זיך ניט געפונען קיין איינציגער צווישן די אַלע, וואָס זאָל אויפהויבן אַ געשריי ביזן הימל, וואָס זאָל באַשפּייען מיט שאַנד און שפּאָט די מסיתים און פאַר־רעטער!... און איך בין געזעסן צווישן אייך און האָב געשטוינט צו הערן און צו זען ווי מיין חשובער חבר און פריינט, דער דירעקטאָר פון דעם אַנ־שטאַלט, אדון שיפריס, האָט זיך אַזוי גלייכגילטיק פאַרהאַלטן צו דערדאָזיגער נידערטרעכטיגער פראַגע. און נאָך מער: ער האָט אומבאַדינגט איבערגעגעבן די גאַנצע בחירה אין אייערע הענט! און איך זאָג אייך: איר האָט ניט פאַר זיך קיין פראַגע צו לייזן! איר האָט ניט קיין בחירה! איר האָט פאַר זיך נאָר איין באַשטימטן וועג! איר זענט שולדיק אונדזער פאָלק אַ חוב: איר האָט געגעסן זיין ברויט, איר האָט געטרונקען זיין וואַסער, ער האָט אין אייערע הענט אָנפאַרטרויט זיינע ערדישע און גייסטיקע אייגנטימער און איר מוזט דעם פּקדון אָפּהיטן! איר מוזט אייער חוב באַצאָלן!... די אָטאָמאַנישע רעגירונג האָט, מיט איר גרויס גענאָד, איינגעוויליקט צו לאָזן אייך בלייבן אין די גרעניצן פון איר לאַנד, און זי שטרעקט אויס צו אייך אירע מוטערלעכע אָרעמס אויפצונעמען אייך, ווי אייגענע קינדער, אונטער איר שוץ. אַלע ווי איינער דאַרפט איר זיך איינזאַמלען אונטער איר פאָן און דאַנקבאַר זיין איר פאַר איר גרויסן חסד! מיר מוזן זיך איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל אַרויסווייזן אין אונדזער ריכטיקן פאַרב. מיר מוזן זיך אָפּרייסן פון דער מאָמעס פאַרטוך, אָפּטרייסלען זיך פון גלות, פאַרברענען די בריקן הינטער זיך, און אַלע ווי איין מאַן — אין הונגער און אין נויט, אין דחקות און אין פּיין — ניט לאָזן אונדזער מוט צו זיין געפאַלן און אונדזער האַרץ צו ווערן פאַרשוואַכט, און באַשיצן דאָס לאַנד מיט אונדזער בלוט אונטער דער גאַסטפריינדלעכער אָטאָמאַנישער פאָן! און שאַנד און שפּאָט צו די פעלשער און די פאַררעטער, וועלכע וואָגן אַריבערצו־שפּרייזן די גרעניצן פון לאַנד! פאַראַכטונג און דערנידערונג צו די, וואָס וועלן ניט נויגן זייער אויער צו אונדזער רוף און וועלן ווענדן זייער נאַקן צו דער מחנה פון די גערעכטע! מיט דעם צייכן פון שאַנד אויף זייער שטערן וועלן זיי פאַרשטויסן ווערן פון די רייען פון די העלדן, און מיט שפּוג און פלוך זאָל זייער נאָמען אויסגעראָטט ווערן פון צווישן די געטרייע זין פון פאָלק!.. אינ'ם נאָמען פון דעם אָטאָמאַניזירונג־קאָמיטעט ברענג איך צו אייך די גרויסע לאָזונג: „א י ד ן, ו ו ע ר ט א ָ ט א ָ מ א ַ נ ע ר!...״

פון אויפרעגונג האָט ער זיך פאַרקייכט אין אַ טרוקענעם הוסט, און מיט געאײַלטע, צאַפּלדיגע טריט האָט ער פאַרלאָזט דעם זאַל. אַן אומרואיקע באַ־

וועגונג האָט אויפגעזאָדן צווישן עולם. ביילין האָט געקלאַפּט אין טיש און האָט זיך געמיט איינצונעמען די פּאַרזאַמלטע. ביי דער קאַטעדרע האָט זיך באַוויזן שאַפּירא.

— רבותי! — האָט ער אויסגעדונערט אויף זיין פולער קעל און האָט צוזאַמענגעדריקט די ליפּן. עס איז געווען צו זען אויף אים, אַז ער שטרענגט זיך אָן צו באַהערשן זיין אַקטיאָרישן טעמפּעראַמענט. ער האָט הייס אָפּגעאָטעמט און האָט מיט זעלבסט־באַהערשונג געקוקט אויף די צוהערער — רבותי! מיט מיין גאַנצן רעספּעקט צו אדון בן־עמיהודן אַלס „געלערנטער, פאָרשער און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער", קאָן איך זיך אָבער ניט באַפרייען פון דעם באַוואוסטזיין, אַז ער איז אויך אַ זשורנאַליסט און אַן אַרויסגעבער פון אַ צייטונג, און זיין באָמבאַסטישע רעדע דאָ האָט עס פולשטענדיג באַוויזן. און איך וויל זאָגן (און אויב עס זיינען דאָ אַנוועזנד פאָרשטייער פון דער פרעסע, זאָלן זיי עס נעמען אין אַכט), אַז מיט מה־יפית־לידעלעך וועט מען אונדז ניט אָפּקויפן; מיט פולווער־שיסנדיגער, בלוט־רויטער, פּאַטריאָטישער פּראָפּאַגאַנדע וועט מען אונדז ניט באַטויבן; און מיט זידלערייען און מאַרק־קללות וועט מען אונדז ניט אָפּשרעקן. מיר האָבן אַ פרייען ווילן! מיר האָבן די בחירה! און נאָך מער: מיר האָבן אַן אייגענעם כבוד צו פאַרטיידיגן! און אויב מיר זיינען אימעצן עפּעס שולדיג, איז דאָס זיך אַליין — אונדז אַלס זין און טעכטער פון פאָלק — אונדזער אייגענעם כבוד!... חברים און חברות, פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע! מ'האָט אונדז, אַלס אידן, פאַרגעלייגט אויסצואוועקסלען אונדזער בירגערשאַפט, איבערצודרייען דעם פעלץ. פאַרוואָס האָט מען דיזעלביגע געלעגנהייט ניט געגעבן די ניט־אידישע פרעמדע בירגער אין לאַנד? איר מיינט דאָך ניט צו זאָגן, אַז ס'איז חלילה די הייסע ליבע צו אונדז, אָדער דער גרויסער כבוד צו האָבן קלמן שאַפּיראָן, צי מלך ראַוווסקין, אָדער כייקלען און זילבערמאַנען אויף דער רשימה פון די געטרייע טערקישע בירגער, וואָס האָט באַוואויגן דער „גאַסטפריינדלעכער" אָטאָמאַנישער רעגירונג צו שענקען אונדז די „געבעדיגקייט". עס איז נאָר דערפאַר, ווייל טערקיי נויטיגט זיך אַצינד אין קאַנאָנען־פלייש, אין פרישע כוחות, און ווי די אַלע אַנדערע „בעלי טובות" אונדזערע איז זי אונטערן איינדריק, אַז מיר אידן מעקלען מיט אונדזערע געפילן, אַז מיר האָבן ניט קיין חוש פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַז אונדז איז גרינג אָפּצוקויפן מיט אַ חניפהלע, און מ'וויל אונדז אויסנוצן! פאַרגעסט ניט, רבותי, אַז דאָס איז אַן עפנטלעכע גרינגשעצונג פון אונדזער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַלס מענטשן, אַ שפּיל אויפן חשבון פון אונדזער ערלעכקייט — אַ דירעקטע באַשולדיגונג אין לייכט־געקויפטן פאַרראַט. ס'איז אונדזער כבוד וואָס ווערט דאָ געשטעלט אין קאָן!... צי מיר האָבן ליבער עשון, צי ישמעאלן — דאָס איז אַ פראַגע,

וועלכע דאַרף געשליכטעט ווערן אין צייט פון שלום, ניט אין מלחמה־צייט, ווען דער מיגסטער שריט אונדזערער ווערט פילדייטיג אויסגעטייטשט און טויזנטפאַכיג פאַרגרעסערט. לאָזט אייך ניט פאַרפירן, חברים! שטעלט זיך אויף אייערע אייגענע פיס און באַרגט ניט קיינעמס געהירן צום דענקען! גיט ניט קיין געלעגנהייט אונדזערע שונאים צו באַפלעקן אונדזער כבוד! געדענקט: אַז די וואָס קומען צו אייך היינט מיט אַן „אַננאַ ביכובבאַק"[1], וועלן אייך מאָרגן אַליין באַשפּייען ווי פאַררעטער און פאַרקויפטע נשמות! זייט מענטשן, און די וועלט וועט זיך באַנעמען צו אייך ווי צו מענטשן! אונדזער כבוד איז אונדזער שטאָלץ!...

שאַפּיראָס ווערטער האָבן איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק. זיינע מוטיגע זשעסטן, זיין מעטאַליג־שטאַרקע שטים און זיינע רעטאָרישע עפעקטן בשעתן ריידן האָבן אַ סך געהאָלפן צו געווינען אַ גרויסן טייל פון עולם אויף זיין זייט. עס האָבן זיך באַלד געלאָזט הערן אויסרופן:

— יחי שאַפּירא!

— גענוג געשטויסן וואַסער!

— צום אָפּשטימען!

— באַשטימען אַ רעזאָלוציאָנס־קאָמיטעט!

דוכס האָט זיך ווי מיטאַמאָל אויסגעניכטערט פון זיין ביזאַהעריגער גע־דריקטער שטימונג. ער האָט דערפילט צו וועלכע פאָלגן שאַפּיראָס ווערטער זיינען בכוח צו דערפירן.

— דאָס טאָר ניט פאַרשוויגן ווערן... — האָט ער אַנטשלאָסן אַרויס־גערעדט.

ער האָט זיך געטאָן אַ הויב אויף פון זיין פּלאַץ און האָט געמאַכט אַ שריט פאָראויס —

— אדוני יושב־ראש!

ביילין האָט אים צוגערופן צו דער רעדנער־קאַטעדרע.

דוכס איז אַ ווײַלע געשטאַנען מיט אַ בלאַס פּנים און האָט שוויגנדיג אַראָפּגעקוקט אויף די פאַרזאַמלטע. דער אָפּשיין פון די ליכט האָט אויסגע־שאָטנט זיין פאַרקרעמפטע געזיכטצוגן. זיינע אויגן האָבן געברענט אין זייער טיפער שאָטנקייט. זיינע קני האָבן אויף אַ מינוט אונטערגעציטערט. ער האָט אָבער באַלד דערפילט אויף זיך תמרהס בליקן און ער האָט זיך גע־שטאַרקט.

— חברים! — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ וואַרעמען ציטער אין זיין שטים — איך שטיי פאַר אייך אַצינד ניט אַלס אַ מיטגליד פון'ם ועד, נאָר אַלס איינער פון דער גרויסער תלמידים־קערפּערשאַפט, וועלכער וויל זיך מיט אייך טיילן

1. איך האָב דיר ליב.

מיט דער מיינונג אין דעם איצטיקן קריטישן מאָמענט... עס זיינען דאָ אָנגעוואָרפן געוואָרן פאַר אונדז אַרגומענטן פאַר און דאַקעגן. און איך מוז מודה זיין, אַז, אין פלוג גענומען, זיינען די אַרגומענטן פאַר פאַרלאָזן דאָס לאַנד שטאַרקער, אויסגעהאַלטענער. אָבער דאָס איז נאָר דערפאַר, ווייל אין די אַלע געבראַכטע טענות איז נאָר באַרירט געוואָרן דער פּערזענלעכער עלעמענט — ד י פ ר אַ ג ע פ ו נ ׳ ם י ח י ד — פון ראַטעווען ז י ך א ַל י י ן! די פראַגע אַלס אַ גאַנצע, אויף וויפל זי איז שייך א ו נ ד ז אַ ל ס צ י ב ו ר, אַלס כ ל ל — די פראַגע פון דעם י ש ו ב אַלס אַ גאַנצן — איז דאָ, ווי דורך אַ בלינדן צופאַל, פאַרשטויסן געוואָרן אין הינטערגרונט, איז איינגאַנצן פאַרזען געוואָרן... לאָמיר זיך פאַנאַנדערקלייבן! מיר האָבן פאַרלאָזט די היימען פון אונדזערע טאַטעס, פון אונדזערע נאָנטע, און זיינען געקומען אַהער. מיר האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַן אידעאַל, אַ גלויבן אין אונדזער כוח צו שאַפן. דאָ האָבן מיר געשלאָגן וואָרצלען און אונדזער חלום האָט באַקומען פליגל. אַ בלוטיקער האָס האָט אויסגעבראָכן צווישן די פעלקער פון דער וועלט, און דאָס לאַנד וועלכע מיר באַוואוינען איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דעמדאָזיקן געווירבל. ס׳איז זיכער ניט אונדזער שולד, און ס׳איז ניט פאַר אונדז איצט צו משפטן וועמענס שולד עס איז. אָבער צוליב טעכנישע אורזאַכן און לעגאַלע אויסטייטשונגען ווערן מיר דאָ אַצינד פאַררעכנט אַלס פרעמדע, אַלס בירגער פון אַ פיינדלעכער מאַכט. אונדז, אַלס אידן, איז געגעבן געוואָרן דער אויסוואַל: ענטווידער צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אָדער צו ווערן אָטאָמאַנישע בירגער. און זאָל עס דאָ פאַרשטאַנען ווערן, אַז פאַרלאָזן דאָס לאַנד מיינט ניט אַז שאַפּירא, אָדער בוכשטיין, דער, צי יענער, וועט אַרויסגעשיקט ווערן צוליב זיין פרעמדער בירגערשאַפט; עס מיינט באַרויבן דעם ישוב פון זיינע יונגע כוחות, פון זיין פרישן לעבנס־זאַפט! עס מיינט אַוועקנעמען פון ישוב זיין שאַפנדן און שוץ־פעאיגן עלעמענט! פינף־און־אַכציק פּראָצענט פון די איינגעוואַנדערטע און הי־געבוירענע אידן זיינען היינט־צו־טאָג פרעמדע אונטערטאַנער. פאַרלאָזן דאָס לאַנד מיינט, דערפאַר, אַ געפאַר צום גאַנצן אויפבוי פון דעם נייעם ישוב! ס׳מיינט שטעלן אין סכנה דעם איינציקן רעטונג־געדאַנק פון פאָלק! עס מיינט געבן אַ געלעגנהייט אונדזערע אינערלעכע שונאים צו פאַרניכטן דאָס וואָס מיר האָבן דערוואָרבן דורך פינף־און־דרייסיק יאָר פון מסירת־נפשדיקער פּראַצע! דאָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַרראַט צו די אידעאַלן פון הערצל, און אחד־העם, און די אַלע וועלכע האָבן מיט זייער בלוט געהייליקט די פעלדער פון יהודה און גליל! ס׳איז אַ הימל־שרייענדיקע פעלשונג אין אונדזער התחייבות, אין אונדזער אייגענעם כבוד! מיר זיינען דאָ, ווייל אַהער זיינען מיר געקומען אויף אונדזער אייגענעם רוף, מיט אונדזער אייגענעם ווילן, ווייל ד אָ ב אַ ל אַ נ ג ע ן מ י ר. דאָ האָבן מיר אונדזערע וואַנדער־טאָרבע אויפגעהאַנגען, און די אויגן פון גאַנצן פאָלק

זיינען געוועגדט אַהער. קיין פּוסטע פֿאָרמאַליטעטן פֿון אַ פּאַספּאָרט־ביכל זיינען ניט בכוח אָט די באַציאונג אונדזערע צום לאַנד צו ענדערן, און קאָנען ניט, און טאָרן ניט שטיין צווישן אונדז און דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון אונדזער חלום! און וואָלט אונדז די געלעגנהייט דאָ צו בלייבן ניט געגעבן געוואָרן, וואָלטן מיר עס אונטער אַלע אומשטענדן, מיט אונדזער גאַנצער עקשנות, באַדאַרפֿט זען אויסווירקן — אויב מיר זיינען באמת ערלעך צו זיך אַליין. און דאָ זיצן מיר דערשראָקענע פֿון אייגענעם שאָטן, און פּלפּולן זיך און הקרנען און זוכן וועגן ווי צו ראַטעווען ס'אייגענע הויט — ווי צו ראַטעווען דעם יחיד — ווי צו אַנטלויפֿן פֿון שטורעם. מיר — די צוקונפֿטיגע לערער פֿון פֿאָלק, די מדריכים פֿון דעם דור פֿון מאָרגן! מיר, וועלכע האָבן באַדאַרפֿט דינען אַלס ביישפּיל פֿאַר אַנדערע, שטאַרקן די הענט פֿון שוואַכערע; וועלכע האָבן באַדאַרפֿט זיין די ערשטע צו שטעלן זיך ביים רודער און דורכפֿירן די שיף דורכן שטורעם; וועלכע האָבן באַדאַרפֿט אויפֿנעמען דעם געראַנגל פֿון די כוואַליעס מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, מיט אַן אויסגעשטרעקטער ברוסט! דער שטורעם דאַרף פֿאַרשטאַרקן אונדזער גלויבן, אונדזער כוח, און דערוועקן אין אונדז האָפֿענונג אויף ליכטיגערע, זוניגע טעג; די שוואַכע אָבער, זיי אַנטלויפֿן... חבר שאַפּיראָ האָט דאָ אַקאָרשט געזאָגט, אַז די אורזאַך פֿאַרוואָס די טערקישע רעגירונג האָט נאָר אונדז, אַלס אידן, פֿאַרגעלייגט די געלעגנהייט דאָ צו בלייבן איז דערפֿאַר, ווייל מ'נעמט אונדז אָן פֿאַר פֿאַררעטער פֿון אונדזער געבורטלאַנד, — ווייל אונדז איז לייכט אָפּצוקויפֿן, — ווייל מ'וויל אונדז נאָר אויסנוצן. חברים, עס איז ניט אַזוי! ניין, און נאָכאַמאָל ניין! עס איז דער פֿאַלשער זייט פֿון דער מטבע! די טערקישע מאַכט האָט זיך צו אונדז געווענדט, ווייל זי האָט איינזען מיט אונדזער באַליידיגטן געפֿיל צו דער שוואַרצמאהדיגער רוסלאַנד, און זי ווייסט ווי געטריי און איבערגעבן מיר קאָנען זיין, ווען מ'וויזט אונדז אַרויס פֿריינד־שאַפֿט. טערקיי איז אויסגעמאַטערט פֿון די פּופּצן לאַנגע יאָר, אין וועלכע זי האָט נאָכאַנאַנד געמוזט אָנפֿירן מלחמה. גרויסע און מאַכטיגע שונאים באַ־צווינגען איר אַצינד פֿון אַלע זייטן. זי נויטיגט זיך אין פֿריש בלוט, אין אַ צופֿלוס פֿון נייע כוחות, און דער פּרייז איז אַ באַשטימטער. מיר זיינען איר שולדיג אַ גרויסן חוב, אַן אַלטן חוב — אַ היסטאָרישן חוב. וועלן מיר איר איצט פֿאַרלאָזן אין דער שעה פֿון איר נויט?! וועלן מיר זיך לחלוטין אָפּ־טרייסלען פֿון אונדזער התחייבות?! איז דאָס אונדזער אויסדריק פֿון דאַנק־באַרקייט, אונדזער באַלוינונג פֿאַר איר צוטרוי צו אונדז?! און צוריקגעמאָלט: מיר'ן זיך פֿון אַלץ אָפּזאָגן, מיר'ן זיך אַן אַלץ מאַכן פֿאַרגעסן און מיר'ן זיך, אַזויצוזאָגן, ראַטעווען. מיר'ן אַראָפּנידערן קיין מצרים, צום צוגעזאָגטן פֿלייש־

טאָפּ. דער רוסישער קאָנסול וועט אונדז דאָרט נעמען אונטער זיין השגחה און זאָרגן פאַר אַלע אונדזערע הצטרכות. חברים, רעדט זיך ניט איין קיין פייגעלעך אין בוזעם! דענקט ניט פאַר איין רגע, אַז די אַנטאַנטע וועט לאָזן יונגע מענטשן זיך אומדרייען שלינג־און־שלאַנג אויף איר חשבון, ווען דער מאַנגל אין מענטשן־פלייש אויף די שלאַכטפעלדער איז אַזוי גרויס און ברויט — אַזוי בצמצום! דער טייוול וועט שוין געפינען אַ וועג ווי צו פאַרנאַרן אונדז אין זיין נעץ, ווי צו געווינען אונדז אויף דער זייט פון טערקייס שונאים; און ס'איז גאָרניט אויסגעשלאָסן, אַז מיר זאָלן פון דאָרט צוריקגעשיקט ווערן קיין רוסלאַנד, פון וואַנען מיר זיינען פאַרטריבן געוואָרן דורך די אוממענטשלעכע רדיפות און פּאָגראָמען. מיר זיינען אין די הענט פון אַ בלינדן גורל. מיר זיינען איינגע־פלאָנטערט אין אַ לאַבירינט פון וועגן, אָבער קיין אויסוועג פאַר זיך האָבן מיר ניט. דאָ, צי דאָרט — דעם שטורעם אויסצומיידן זיינען מיט ניט ביכולת: ער וועט אונדז דעריאָגן. די אונטערשטע שורה: אונדזער אויסוואַל אין דעם איצטיקן מאָמענט איז ר ו ס ל אַ נ ד אָ ד ע ר ט ע ר ק י י. און אויב דאָס איז די פראַגע, פאַר וועמען — פרעג איך אייך — זאָלן מיר אַצינד טראָגן אונדזער לעבן?!...

ער האָט הייס אָפּגעאָטעמט און האָט פאָרגעזעצט מיט פּאַטאָס:

— חברים, געדענקט קעשינעוו! געדענקט די בלוט־באָד אין ביאַלאָס־טאָק! געדענקט די קדושים, וועלכע האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם אויף די תליות אין דער טיראַנישער רוסלאַנד! פאַרגעסט ניט די מאַרטירער, וועלכע שמאַכטן נאָך עד־היום אין די פינצטערע תפיסות און אין קאַלטן סי־ביר! דערמאָנט זיך אָן די שוואַרצע טעג פון גירוש ספרד, ווען די גאַנצע קריסטלעכע וועלט האָט אויף אונדז געקוקט ווי אויף גאָטפאַרשאָלטענע, ווי אויף קרעציגע, און האָט אין אונדזער פּנים פאַרהאַקט די טויערן פון יעדן לאַנד פאַר אונדז! און געדענקט טערקיי — די איינציגע וועלכע האָט אין יענער צייט ברייט צעעפנט פאַר אונדז אירע טויערן, און האָט געשטעלט איר לאַנד פריי פאַר אונדז ביז דער לעצטער שעה!... זין פון קדושים! קינדער פון די גבורים פון טולטשין! אוראייניקלעך פון מאַקאַבעער! ווער פון אייך וועט זיין אַזוי שוואַכהאַרציק צו פאַרלאָזן אָט די טויערן הינטער זיך און לאָזן דאָס לאַנד הפקר פאַר די טריט פון שונא?! ווען פון אייך קאָן, אין דער שעה פון נסיון, פאַרגעסן דעם גרויסן חוב, און אַנטרונען ווערן ווי די האָזן, אַנטלויפן ווי די מייז פון אַ אונטערגייענדיגער שיף?! וואו איז אייער מוט?! וואו איז אייער רעספּעקט צו די וועלכע האָבן זיך מקריב געווען לייגנדיג די גרונט־שטיינער פאַר אונדזער מאָרגן?! וואו איז אייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו אַ פאָלק, וואָס האָט אייך אָנפאַרטרויט זיין לעצטן חלום?! זין און אייניקלעך פון העלדן! וואָס וועט יעדער איינער פון אייך קאָנען ענטפערן, ווען זיין זון וועט אים פרעגן אין אַ טאָג פון מאָרגן: „טאַטע! וואו ביסטו געווען ווען דער

גרויסער רוף איז געקומען? ווען ס'האָט געשלאָגן די שעה פון נסיון, די שעה פון אויפמאָנונג?״ — וואו וועט איר דאַמאָלט אייער געבראָכענעם שטאָלץ באַגראָבן? וואָס וועט איר ענטפערן? וואָס וועט איר זאָגן?!... מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט אדון שיפריס דאָ געזאָגט, אַז „געשיכטע האָלט זיך אין איבערחזרן״ — און געשיכטע טוט זיך איבערחזרן. גדעון, ווען ער האָט געוואָלט אויספּראָוון זיינע גבורים, האָט ער זיי געבראַכט צום וואַסער; די וועלכע האָבן זיך געבוקט צום וואַסער, די האָבן ניט געקאָנט געציילט ווערן צווישן זיינע העלדן. חברים! עס וועלן קומען שיפן צו אונדזערע ברעגן, עס וועלן אונדז מאַניען זייערע שטאַרקע זעגלען, די ניט־געזעענע זיכערע ברעגן; די שוואַכע וועלן פאַלן כורעים פאַר זיי, וועלן זיך אונטערגעבן; די שטאַרקע וועלן זיך באַהעפטן מיטן באָדן, מיטן מאַרגן; ביים וואַסער וועט איר גע־פּרואווט ווערן!... חברים! איך אַפּעליר צו אייך — צו אייער ערלעכקייט, צו אייער שטאָלץ, צו אייער אייגענעם כבוד און צום כבוד וואָס איר זענט שול־דיג אונדזערע טויטע און געפאַלענע: פאַרלאָזט ניט דעם הייליגן פּאָסטן! און אויב עס איז אונדז באַשערט דאָ אויף דער וואָך צו פאַלן, לאָמיר אויפנעמען אונדזער גורל ווי זין פון מאַרטירער, און זאָל אויף אונדזערע קברים דער דור דער קומענדיגער אויפשטעלן זיינע טעמפּלען פאַר אַ ליכטיגן מאָרגן!...

ער האָט זיך האַסטיג אָפּגעריסן פון דער רעדנער־קאַטעדרע און האָט זיך געלאָזט צו זיין פּלאַץ נעבן תמרהן. דער זאַל האָט אויפגעשטורעמט. פאַר־בייגייענדיג האָט ער אויפגעכאַפּט אָפּגעריסענע באַמערקונגען:

— ער האָט אָנגערירט די ריכטיגע סטרונע.

— אַ טרוימער...

— האָט שיין גערעדט.

— דער בחור האָט מוט און געפיל.

— אַ פאַנטאַזיאָר...

— ער פאַרמאָגט אַ געמבע, ברען...

תמרס פּנים האָט געשטראַלט. אַ ניט־דערוואַרטע טרער האָט געציטערט אויפן זוים פון איר וויע. זי האָט מיט ווייכע פינגער אַרויפגעשאַרט דעם צעפּאַטלטן לאָק האָר פון זיין שטערן —

— וואונדערבאַר, אביגדור! האָסט זיך אַליין איבערטראָפן. טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן ווען דו האָסט גערעדט.

— בין איך ווירקלעך געווען אַזוי אומבאַהאָלפן?

— אדרבה, נאַריש אינגל! דו האָסט זיך היינט אַנטפּלעקט אין דיין גאַנצן איבערלעכן דרייסט, מיט דער פאַרהוילענער גבורה פון דיין דיכטערישער נשמה. און— דו ווייסט ניט וואָס דער היינטיגער אָונט מיינט פאַר מיר...

— איך קאָן מיר אַליין קיין חשבון ניט אָפּגעבן, תמרה; — האָט אביגדור זיך ווי אַנטשולדיגט — איך האָב דערפילט אַז עפּעס טאָר דאָ ניט פאַרשוויגן ווערן. און שטייענדיג פאַר די אָנגעצונדענע ליכט, האָט אין דער טונקל פון צימער, פון די בלייכע פנימער אַרום, עפּעס אויפגעבלענדט פאַר מיר. כ׳האָב דערזען פאַר מיר מיין זיידןביים עמוד, ביים אָוועקגיין. ס׳האָבן מיטאַמאָל אויפגעטויכט פאַר מיר מיינע קינדער־יאָרן, דער אַלטער בית־עלמין אין מיין שטעטל, קדושים פון אַמאָל. כ׳האָב דערזען דיר, אדון שיפּריסן, און עפּעס איז אויף דער מינוט קלאָר געוואָרן פאַר מיר. איך בין באַהערשט געוואָרן פון אַ ווייט־נאָנט געפיל, פון וועלכן כ׳האָב זיך ניט געקאָנט באַפרייען, און כ׳האָב געזאָגט דאָס וואָס כ׳האָב געפילט; דאָס וואָס ס׳איז דאָ ניט דערזאָגט געוואָרן. גערעכט, צי ניט — דאָס וועלן די טעג די קומענדיגע באַווייזן...

עס זיינען צוגעקומען צו אים חברים און האָבן אים מיט באַגייסטערונג געדריקט די האַנט. כייקל האָט זיך שיעור ניט געכאַפּט קושן מיט אים —

— אַי, אַ מענה־לשון! אַי, אַ בעל־דרשן!...

עס האָבן זיך אויך צוגעשאַרט חברים פון אַנדערן צד און האָבן אים קאָמפּלימענטירט. און פון צווישן דער רעדל, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום אים, האָט דוכס מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך אדון שיפּריסן.

— יישר כוחך, דוכס! — האָט אדון שיפּריס אים וואַרעם געדריקט די האַנט — האָסט גערעדט מיט נשמה, מיט געפיל, און „דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב״. האָסט געזאָגט דאָס, וואָס כ׳האָב געגאַרט צו הערן. כ׳בין שטאָלץ מיט דיר, דוכס.

— ס׳איז אייער השפּעה, און דער לויב איז צו אייך.

— אַ דאַנק.

אביגדור האָט פאַר אים פאָרגעשטעלט תמרהן:

— איך האָב דעם כבוד אייך פאָרצושטעלן: גברת ליפשיץ פון דער קאָלאָניע ר.; אדון שיפּריס, אונדזער געערטער מנהל.

— זייער איינגענעם. — האָט אדון שיפּריס זיך העפלעך פאַרנייגט און האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט צו תמרהן — ניט צומאָל אַ טאָכטער פון אדון אליהו ליפשיץ?

— ריכטיג, אדוני.

— דאַן קאָן איך דער גברתס פאָטער זייער גוט. וואָס מאַכט ער דער גברתס פאָטער?

— אַ דאַנק, זייער גוט. ער איז צופעליגערווייז אַציגד אין ירושלים.

— גאָר אַזוי? זאָל די גברת אַזוי גוט זיין און איבערגעבן מיין גרוס און בעטן אים צו קומען מאָרגן אויף טיי אין מיין הויז.

— כ׳וועל עס מיט פאַרגעניגן טאָן, אדוני.

— תודה. אַגב־אורחא, דוכס: מאָרגן וועלן, צוליב דער הייניגער זי־

צונג, קיין קלאָסן ניט געהאַלטן ווערן. קום אַריבער נאָכמיטאָג־צייט צו מיר און ברענג דער גברת אויך מיט, אויב ס'איז איר צום ווילן. איך האָב גוטע נייעס פאַר דיר. ושלום.

— ס'אַר אַ קלאָרע אויגן ער האָט אדון שיפריס! — האָט תמרה באַמערקט, ווען אדון שיפריס האָט זיי פאַרלאָזן — די תמימות פון אַ קינד און די קלוג־שאַפט פון אַ זקן קוועלן פון זיי אַרויס.

— ער איז אַ גרויסער רבי און אַן אמתער פריינט. אַ פרינץ צווישן פרינצן!

*

שפעט נאָך האַלבער נאַכט האָט זיך די פאַרזאַמלונג געשפּאָלטן: אַ טייל האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, און אַ טייל — צו פאַרבלייבן אונטער אַלע אומשטענדן.

— 'עלן מיר זיך מוזן באַגיין מיט דאָס ביסל וואָס איז מיט אונדז גע־בליבן; — האָט אביגדור באַמערקט צו תמרהן, ווען זיי האָבן פאַרלאָזט דעם זאַל, — אפשר זיינען ד י די אויסדערוויילטע...

תמרה האָט געשוויגן. נאָר באַלד ווי זיי זיינען אַרויסגעקומען אין דרויסן צווישן די בוימער, האָט זי אים אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן אים אויף די ליפּן.

# 5

## אינ'ם שווייַגן פון דער נאַכט

יענע נאַכט זייַנען זיי ביידע ניט געשלאָפן.

מער ווי איין אויג איז יענע נאַכט געבליבן אָפן, מער ווי איין האַרץ איז געבליבן וואַך: דער טומל פון אָוונט האָט געלאָזט נאָך זיך ווידער־קלאַנגען, נאָכוויייעניש.

און די נאָכווייעניש האָבן אָפּגעוואַרט אביגדורן ביים שוועל פון זיין צימער, ווען ער האָט, שפּעט אין דער נאַכט, פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.

ס'איז געווען פינצטער אין צימער. דורכן אויבערלויכט האָט אַריינגעקוקט אַ שטיק נאַכטיגע בלויקייט. אַנטקעגן וואַנט האָט באַרגיג־שווער געשאַטנט שאַפּיראָס ברייטבייניגער קערפּער אויפן בעטל. אביגדור איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין ביים טיר און האָט געקוקט אויף שאַפּיראָן: ער איז געלעגן אַן אָנגעטאָנענער, שטיל, אָן זיין געוויינטלעכן זעגנדיגן כראָפּען. אַ שטומע אומרואיגקייט האָט געהויערט איבער אים. זיין מאַסיווער גוף האָט, אין זיין באַוועגלאָזיגקייט, זיך ווי געמיט איינצושלעפערן, פאַרטאַיען אַ צעדרודערטע פיינלעכקייט. אין דער פינצטער זייַנען אומגעשוואומען זיינע שטאַרע ווייסלען.

אביגדור האָט פון זיך אַרונטערגעוואָרפן די פּאָלערינע און האָט זיך אַנידערגעלייגט אויף זיין בעטל, אַנטקעגן שאַפּיראָן. ער האָט זיך אָבער באַלד געפונען ליגנדיג מיט אָפענע אויגן, קוקנדיג אין שאַפּיראָס ריכטונג. שאַפּיראָ האָט זיך אויסגעדרייט אויף אַ זייט און האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט. זיינע אויגן־ווייסלען האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף דוכסן און זייַנען ווי אָנגעקוואָלן, גרעסער געוואָרן מיט יעדער רגע. אביגדור האָט זיינע אויגן צוגעמאַכט, אָבער דער שווערער שווייגן וואָס האָט זיך אויסגעלייגט צווישן די צוויי געלעגערס האָט זיי באַלד צוריק אויפגעריסן.

— שלאָפסט, דוכס?

— אַה?! ניין. וואָס'י?

— גאָרניט. אַ מאָדנע נאַכט.

— או־הום.
— ס׳איז עפּעס מאָדנע...
— יאָ.
— עס, טשעפּוכאַ![1]
אין אַ ווײַלע אַרום:
— עך, ס׳איז אַ שאָד!
— וואָס?
— אָט דאָס — די גאַנצע קאָמעדיע היינטיגע — מיט וואָס ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט...
— ס׳איז ווייט פון צו זיין אַ קאָמעדיע, ברודער! ווייט פון אַ שפּאָס.
— אפשר ניט. נאָר אַ שאָד איז עס...
און ווייטער געשוויגן. ווייטער געקוקט אויף דער בלינדער סטעליע. און באַלד:
— ווייסט, דוכס? איך האָב קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטיין מיין מאַמעס וויינען ביים אַרויסקלייבן זיך פון שטעטל. צווערשט, אַז מ׳האָט דעם טאַטן מיי־נעם געבראַכט אַ כתב־רבנות פון דער גרויסער שטאָט, האָט זי זיך געפרייט, איז געווען אין זיבעטן הימל: אַ חשובערע רבנות פאַרן טאַטן, אַ געהע־ריגע שכירות, דער מצב אין שטוב ׳עט זיך פאַרבעסערן. נאָר אַז ס׳איז גע־קומען צום אַרויסקלייבן זיך פון דער דחקותדיגער דירה, איז זי אומגעלאָפן פון איין קאַמער אין אַנדערן ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה. זי האָט זיך גאָר קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען! און ווען די שטוב איז שוין געווען ליידיג, איז די מאַמע נאָך געשטאַנען פאַר דער מזוזה און האָט געוויינט, געוויינט. „שוין אייב־געזעסן, זיך איינגעלעבט... דאָ קינדער אויסגעהאָדעוועט, באַגראָבן..." און לאַנג, לאַנג נאָכדעם זיינען נאָך אירע פאַרוויינטע אויגן געהאַנגען אויף די פּוסטע פיר ווענט, האָבן זיך געקלאַמערט צום פאַרלאָזענעם שוועל... כ׳האָב שטענדיג דידאָזיגע בילד געזען פאַר מיר, נאָך באַגריפן האָב איך עס ניט ביז—— ביז מיט מיר אַליין האָט זיך ענלעכעס פאַרלאָפן—— טאָקי היינט—— אַצינד—— און ס׳איז אַ געראַנגל, ידידי!...
— הייסט עס, אַז ביי דיר איז עס טאָקי אַ באַשלאָסענע זאַך?
— וואָס?
— דיין פאָרן קיין מצרים?
— אַבסאָלוט יאָ! מאָרגן... איך זע פאַר זיך ניט קיין אַנדער וועג. איך קאָן מיר אַליין ניט נאַרן.
— און לאָזן אַלץ הינטער זיך? אַלץ פאַרגעסן?
— דאָס איז איינגאַנצן אַן אַנדער פראַגע, דוכס. כ׳וואָלט זיך אַצינד ניט

1. נאַרישקייט!

אומגעוואַלגערט אַזוי צעקרענקט, ווען דידאָזיגע פראַגע וואָלט מיר ניט געפּיי־ניגט. דו ווייסט גאַנץ גוט אַז איך מאַך ניט דעם איצטיגן שריט כדי צו פאַר־בעסערן מיין אייגענעם מצב. פליעוואַט! איך בין ניט זילבערמאַן, צי יעלעצ־קי. דער טעם איז אַ טיפערער, דוכט. פאַרשטייסט, מיר האָבן נאָך דעם רוב בנין ורוב קנין אונדזערן אין גלות. צו ז י י ן ד אָ ר ט איז אין דעם איצ־טיגן מאָמענט אַזוי וויכטיג ווי דער ד אָ ב ל י י ב ן, אויב ניט וויכטיגער. איך בין דאָ ווייל איך ו ו י ל דאָ זיין, און גלייכצייטיג פיל איך אַז איך ד אַ ר ף זיין ערגעץ־וואו אַנדערש... מ'קאָן פון דעם אמת ניט אַוועקגיין, דוכט, און דערפאַר טאַקי פאַלט עס אַזוי שווער, אַזוי — אַ, נעמט עס דער טייוול!

אביגדור האָט אים שווייגנדיג אויסגעהערט. און עס זיינען געווען אָט די שווייגנס און די נאָכשווייגנס, וועלכע זיינען ווי שוואַרצע פאַרהאַנגען געפאַלן צווישן די איבערגעריסענע געשפרעכן, וואָס האָבן זיך אַזוי שווער געלייגט אויף אביגדורס געמיט. עס האָט אים באַנג געטאָן פאַר שאַפּיראָן. ער האָט געוואוסט וואָס דער איצטיגער גערַאנגל זיינער באַטייט; וואָס עס מיינט צע־ריסן ווערן צווישן געפיל און איבערצייגונג — צווישן וועלן און דאַרפן. ער האָט געדענקט וויפל נעכט ער אַליין איז אַזוי אָפּגעלעגן אַ שלאָפלאָזער אויף זיין געלעגער ביים טאַטן אין דערהיים, זוכנדיג אין זיך דעם ענטפער אויפן דאָ צי דאָרט. און ער האָט צו־גוט געקאָנט שאַפּיראָן. ער האָט געוואוסט, אַז קוים איז דער בחור געקומען צו וועלכער ס'איז איבערצייגטער ענטשיידונג, וועט ער אויף אַ האָר ניט נאָכגעבן. מיושבדיג און מיט ערנסטער דורגעטראַכט־קייט פלעגט ער פאַרטיידיגן זיינע אַנשויאונגען. ס'איז אים קיינמאָל ניט גע־גאַנגען אין פערזענלעכן נצחון, אין עקשנות — נאָר אין דעם אויפריכטיגן באַגער צו דערגרונטעווען זיך צום אמת, צו דער אומקאָמפּראָמיטירטער לאָגיק. ער האָט אָבער שטענדיג איינגעזען, אַז דער געפיל קאָן דערפירן צו גאַנץ אַנדערע אויספירן ווי דער שכל, און האָט דערפאַר געהאַט אַן אויסערגעווײנטלעכן אָפּשיי פאַר דער מיינונג פון דעם צווייטן צד. אביגדור האָט דידאָזיגע אייגנשאַפט אין שאַפּיראָן זייער געשעצט. דורך דער גאַנצער צייט פון זייער חברשאַפט, זיינען זיי ביידע זעלטן געווען איינשטימיג אין דער מיינונג וועגן די מערסטע פראַגן; דאָך האָט זיך געפילט אַ טיפע צוגעבונדנקייט צווישן די צוויי. און עס איז געווען שאַפּיראָס אויסגעהאַלטנקייט און זיין דורכאויסיגע ערלעכקייט מיט זיך, וואָס האָבן אביגדורן אַזוי דערנענטערט צו אים. ער האָט שטענדיג אַנט־דעקט אין שאַפּיראָן עפּעס ענלעכעס צו הדסלען. און ווי טיף ער האָט ניט באַדויערט זיין דאַרפן זיך איצט שיידן מיט שאַפּיראָן, האָט ער אויף קיין שום אופן ניט געפּרואווט באַאיינפלוסן אים אַז ער זאָל ענדערן זיין באַשלוס. ער האָט ווי מורא געהאַט, אַז טאָמער וואָלט אַזוינס געשען, וואָלט ער ביז צו

ווייטאָג אַנטוישט געוואָרן אין דער שטאַרקייט און אויסגעהאַלטנקייט פון זיין חברס כאַראַקטער...

— דער אומגליק מיט דיר, ברודער קלמן, איז וואָס דו באַנעמסט דאָס גאַנצע לעבן נאָר מיטן שכל, מיט מאַטעמאַטישער אויסגערעכנטקייט. — האָט ער זיך אָפּגערופן נאָך אַ לענגערן שווייגן, אַוועקזעצנדיק זיך נעבן שאַפּיראָן. — דר' ירושלמיס מאַטעמאַטיק האָט אויף דיר הפנים געהאַט אַ צו־גרויסע השפּעה. אונדזער שייכות צו ארץ־ישראל קאָן אָבער ניט געמאָסטן ווערן מיט קיין קרעמעריש מעסטל. צו דעם קאָן מען ניט צוגיין מיט בעל־הבתישן חשבון. דאָ איז צוויי מאָל צוויי — איינס...

— אפשר... און ווייסט? איך בין דיר אָפּט מקנא דיין נאַאיווע גלוי־ביגקייט. דו, יואלי, כייקל — איר האָט ווי־ס'איז שלום געמאַכט מיט זיך. איר קאָנט זען זאַכן אַנדערש, איר קאָנט זיי באַנעמען אַנדערש. דו האָסט מיטגעבראַכט מיט זיך אַן אומגעהויערן באַגאַזש פון אמונה, בטחון; יואלי האָט אין זיך אַ ים מיט התלהבות, עלית־נשמהדיגס; כייקל דער לץ, ער האָט דער־הויבן זיין הפקרות, זיין מיטגעריסנקייט, צו כמעט אַ פאָעטישער הויך. און איך — כאָטש איך דריי זיך דאָ אַרום „מיט אַ קרעמעריש מעסטל" אין דער האַנט — קאָן איך נאָך אַזוינע ווי איר פאַרשטיין, קאָן אייך באַגרייפן; און, מיט אַביסל אָנשטרענגונג, וואָלט איך אפשר אויך מיטגעריסן געוואָרן און „מיט־געגאַנגען מיט אייך דעם טאַנץ". ווייל אייער התלהבות איז אַן אויפריכטיגע — אַ שכרות לשם שמים. אָבער אין אַזאַ מאָמענט ווי דעם איצטיגן, קאָן איך ניט זיין ווי נאָר דער קאַלטער בעל־חשבון. די טרוקענע לאָגיק שטאַרט אין פּנים. אביגדור! דאָ האַלט זיך ביים אָפּשפּילן אַ טייוול־שפּיל, און מ'קאָן אויף דעם ניט קוקן פון צווישן די פינגער. מ'מוז אַמאָל (נוצנדיג טעאַטער־לשון) כאַפּן אַ קוק הינטער די קוליסן. דאָרט טאַנצן־אום די סקאַרבאָווע שרייער, די צביעותדיגע טומל־מאַכער. דאָרט וועסטו דערקאָנען די פאַרשטורקאַטורעטע פּרצופים פון די בן־עמי־הודס און די פייערשטאַמס. דאָרט, הינטער די אויסגע־מאָלטע פּאַלאַצן־ווענט, גאַפּט אַ ליידיגער האָריזאָנט — אַ פּאַסטקע... און ווער ווייסט? אפשר בין איך צו־ניכטער, צו־טרוקן? איך, מיט מיין מתנגדי־שער פּסיכאָלאָגיע, פּאַס זיך אפשר גאָרניט צום רבינס טיש? אפשר זיינען גאָר אַזוינע ווי איך שעדלעך פאַר ארץ־ישראל? ווי ס'זאָל ניט זיין, מיין איצטיגער שריט איז אַ דורכגעטראַכטער, אַ פעסט־באַשלאָסענער. און ווער ווייסט? אפשר וועט זיך נאָך געפינען אין דער גרויסער וועלט אַ שטיקל פּלאַץ פאַר אַזוינע ווי איך? אפשר וואַרט פאַר מיר ערגעץ־וואו אַן עפּעס?...

אביגדור איז געזעסן אַנטקעגן אים איינגעטוליעט אין דער פּאַלערינע. אין דער גרויער דעמערונג פון פריען פרימאָרגן האָט ער זיך מיטאַמאָל דער־זען אַ קינד צוריק, זיצנדיג מיט הדסלען אין דער טונקל פון אַן איבערגעקער־טער פּאַס. און הדסל פאַרלייגט איר פּוכקע הענטעלע אַרום אים און עקשנט

זיך אויף איר שטייגער: „פון וואַנען וויסטו דאָס?... פון וואַנען ס'טו דאָס געדרונגען?..." פאַרוואָס דווקא די קליינע הדסל? — דאָס האָט ער זיך אַליין ניט געקאָנט דערקלערן. נאָר עפּעס אין דער אַנגעוויטאַגטער שטימונג האָט אים דערמאָנט אָן יענע טעג — אָן ערב־עפּעס... און איין זאַך איז פאַר אים קלאָר געווען: שאַפּירא מוז אַוועק; שאַפּירא טאָר דאָ ניט בלייבן. ערגעץ־וואו וואַרט פאַר אים אָן עפּעס, אפשר אָן אימעצער, און אפשר אַ זי — אַ הדסל...

פּלוצים האָט זיך שאַפּירא געטאָן אַ צי אויס אין זיין פולער לענג איבערן בעטל און האָט צעצויגן אָפּגעגענעצט:

— עך, ברודערל, ס'איז לאַנגווייליג און טרויעריג און — ווי זאָגט דער קאַצאַפּ? — „ס'איז ניטאָ וועמען די מאָרדע צו צעקיילן"!... עט, לאָמיר גאָר עפּעס זינגען!

— דער פּאָניע האָט זיך שוין אין דיר צעשפּילט? האָסט זיך שוין אודאי פאַרבענקט נאָך לערמאָנטאָוון, וואָס?

— אָן מוסר!

— הויב אָן.

שאַפּירא האָט פאַרצויגן איינגעהאַלטן, וואַרעם:

איך גיי אַרויס אַליין אין דעם וועג דעם ברייטן...

— עך ק'טשאָרטיאַם![1] — האָט ער באַלד איבערגעריסן — ניט דאָס ס'אַנדערע... נו, קום...

און ווי פון זיך אַליין האָט זיך אין דער פרימאָרגנדיגער שטילקייט צעוויגט דאָס געזאַנג. שאַפּירא האָט געזונגען, אביגדור האָט אים פאַרטראַכט אונטער־געהאָלפן:

אַ זעגל איינזאַם בלייכט פון ווייטן,
אין בלויען ים־טומאַן פאַרלאָזט.
וואָס קאָן זיין זוכן דאָרט באַטייטן?
וואָס האָט ער אין דערהיים געלאָזט?...

די כוואַליעס שפּילן זיך און רוישן —
די מאַסטן בויגן זיך פון ווינט.
אַ, ניט קיין גליק איז ער איצט אויסן
און ניט פון גליק אַנטלויפט ער 'ציינד.

אַ שטראָם גלאַנצט אונטער אים אַ העלער,
אויף אים — אַ גאָלדענער זונענשיין;
און ער גאָט בעט אַ שטורעם שנעלער,
ווי ס'וואָלט די רו אין שטורם זיין...[2]

1. צום טייוול.
2. איבערזעצט פון רוסישן דורך ב. לאַפּין.

...אין מיטן ערשטן בליאַסק אויף טאָג זיינען זיי בײדע געשטאַנען איבערן אָפענעם קערבל און געפּאַקט שאַפּיראָס בעבעכעס — שווייגנדיק, נאָכ־טראַכטנדיק.

— און אין דעם אַלעם, אביגדור, איז שולדיק נאָר דאָס פאַרשאָלטענע גלות־בלוט... — האָט שאַפּירא אַ זאָג געטאָן, צומאַכנדיק די דעק פון קערבל מיט געצוימטער דערווידערונג.

אביגדור האָט צוגעשאָקלט מיט אַן אַרונטערגעלאָזן קאָפּ.

...און אין אַ לאַנגער ווײַלע אַרום זיינען זיי בײדע געשטאַנען מיט פאַרלאָפענע אויגן און האָבן זיך הייס און שטום געדריקט די הענט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

תמרה איז געלעגן אַ וואָכע אין איר צימער. איר גאַנצער וועזן איז געווען רואיק, זעלבסט־צופרידן, און האָט ווי ניט פאַרגונען זיך דעם שלאָף — האָט נ י ט ג ע װ ו אָ ל ט איינשלאָפן. זי האָט געטראַכט פון אביגדורן, פון זייער ערשטער באַגעגעניש, פון דער צעבליאונג פון זייער פריינדשאַפט. מיט אויסערגעוויינטלעכער דייטלעכקייט האָט אויפגעלעבט אין איר געדעכע־ניש די ערשטע צייט פון זיין אָנקומען צו איר פאָטער אין הויף:

ס'איז געווען אַ פאַרנאַכט. דער טאַטע איז געזעסן אויף דער טעראַסע. נעבן אים, אויפן טרעפּ, איז געזעסן ראובני, אַן אויפגעראַמטער נאָך דער אַרבעט. ביים וואַסער־קראַן אונטער די באַנאַנע־בוימלעך איז געשטאַנען אביגדור, נאַקעט ביזן גאַרטל, און האָט זיך געוואַשן. זיינע באַוועגונגען זיינען געווען מידע. ס'איז געווען צו זען, אַז יעדער ריר פון זיינע שפּאַרע מוסקלען קומט אים אָן מיט פּיינלעכער אָנשטרענגונג. זיין פּלייצע איז געווען באַדעקט מיט רויטע, פון זון־אָנגעברענטע פלעקן. דער טאַטע האָט, קוקנדיק אין זיין ריכטונג, באַמערקט:

— ווי ער האָט זיך עס אַביסל אָפּגעבראָטן, דער תנ"כניק! אײדעלע מאַטעריע...

— בגדי שבת! — האָט ראובני צוגעלייגט פון זיין זייט — צו כפתור־ופרחדיק. אַזוינע האַלטן זיך ניט לאַנג ביים באָדן: איין קדחת־טרייסל, און זיי הויבן באַלד אָן בענקען נאָך דער מאַמען.

— דאָס מאָל, האָב איך מורא, זייט איר זיך אַביסל טועה, קאַפּיטאַן. דער־אָ איז ניט קיין „גלות־שוואַלב". ביים פּיאָש, צי ביים ספר — ער בלייבט, דאַכט זיך, אַן אונדזעריגער.

— הלואי זאָלט איר בלייבן גערעכט. די צרה מיט די איז, וואָס זיי האָבן געשלאָגן צו־טיפע וואָרצלען אין גלות. אָה, ווען זיין זיידע, דער אַלטער ר' שלום־יעקב דייכעס, וואָלט אויפגעשטאַנען פון קבר און וואָלט אים אָנ־געקוקט אין דעם מצב!...

— אַי, און אַ מאַמע האָדעוועט עס אויס אַ קינד, און קיין עין־הרע אַ געראָטן קינד, און פרעג צוואוואָס? — האָט די מאַמע זיך אָפּגערופן פון איר שטעל ביים טיר — אַי, ניט באַדאַרפט אים לאָזן אַזוי אַנהאָרעווען זיך, אַזוי אָפּ־סמאַליען זיך. ס'איז אַן אַרבעט פאַר אַ פּעלאַך. נעביך, אַזאַ אידעלער... אַ גאַנצן טאָג, אין אַזאַ חמימה, שטיין מיטן רוקן צו דער זון און פראַצעווען מיטן פיאַש... אַ ביטערער רחמנות...

— פאַר דער הייליגער ערד, חוה טאָכטער, — איז די באָבע אַרויסגעקומען מיט איר מענה־לשון — דאַרף מען תמיד שטיין מיט אַ געבויגענעם רוקן: יעדער שפּאַן ערד דאָ איז הייליג; דאָ שטייט דער הימל שטענדיג אָפן...

— גערעכט, באָבעניו! — האָט ראובני זיך אָנגעכאַפּט — זאָגט עס זיי, די מפונקים, און זאָלן זיי קומען און זיך לערנען ביי אייך וואָס ארץ־ישראל באַטייט. אַ־יאָ, באָבינקע, אַ פּרשה חומש מיט רש"י וואָלטן זיי גיכער פאַרדייט?

— נו־נו־נו, ער רעדט נאָך, דער צדיק אין לאַפּציעס! רב מיינער! וועמען, סך הכל, האָב איך געכאַפּט מיט אַ פּאַפּיראָסל אום שבת, האַ? ער דרשנט נאָך, דער תנא־ברא!... און פאַר דייכעסעס בחורל זאָל דיר נאָר דער קאָפּ ניט וויטאָן: ער איז נאָך יונג, נאָך אַ שייגעצל; ער'ט, אם ירצה השם, אויסוואַקסן, ט'ער זיין אַזאַ גוי ווי דו...

— נו, האָסטו עס געדאַרפט? — האָט אים דער טאַטע אַ טיוכקע געטאָן מיטן פוס אין זייט אַריין — וואַרט, דו'סט זיך נאָך ביי איר אויסבעטן אַ גוט יאָר!

— אָבער, נאָך אַלעמען, ווי לאָזט מען דאָס אַ יונג קינד זיך אַזוי אָנ־פּלאָגן? — איז די מאַמע באַשטאַנען אויף אירס — איך פרעג דיר, עליע.

— אדרבה, וואָס האָב איך געזאָלט טאָן מיט דעם געגאַרניק? אַז תפילין שרייבן האָב איך אים ניט צו געבן; מזוזות — אויך ניט; אים ווילט זיך דוקא פאַרזוכן דעם טעם פון ערד־אַרבעט — נו, טאָ זאָל ער וויסן מיט וואָס מ'עסט עס! ס'עט אים מסתמא, מיט דער צייט, נמאס ווערן, ט'מען דאַ־מאָלט זען...

און זי האָט געדענקט, ווי די דאָזיגע באַמערקונגען אויף אביגדורס חשבון האָבן איר בשעת־מעשה אויפגעבראַכט —

— אָ, אָט דער רחמנות אייערער פאַר אים איז לחלוטין איבעריג! — איז זי דאַמאָלט אויפגעשפּרונגען — איך מיין עס דיר, טאַטע, און אייך, ראובני! איר האָט ניט קיין רעכט אַזוי צו חוזקן פון אים. וויפל וואַסער־גריבער, וויפל קאַנאַוועס און וויפל דונאַם אינדזשיל האָט א י ר באַוויזן אויסצוגראָבן ווען א י ר זענט אָקאָרשט אָנגעקומען אַהער?! לאָזט אים זיך באַפריינדן מיט דער נייער סביבה, און ער וועט געפינען זיין וועג. גיט אים צוערשט אַ געלעגנהייט צו פאַרמעסטן זיינע כוחות אין דעם נייען לעבן!

שפּאָטן אָבער איבער זיין אונבאַהאָוונטקייט, איבער זיין נייקייט דאָ, האָט איר ניט דאָס מינדסטע רעכט!...

און פון די דערשטוינטע בליקן, וואָס אירע ווערטער האָבן אַרויסגערופן ביי די אַרומיקע, האָט זי פאַרשטאַנען אַז זי האָט אַביסל איבערגעטריבן דעם כיוון פון דעם לייכטן שפּאָס, און זי האָט דערפילט ווי אַ רויטקייט באַשלאָגט איר פּנים.

אביגדור, מיטן האַנטוך אויפן אַקסל און איבער דער נאַקעטער ברוסט, איז צוגעקומען צו דער טעראַסע, באַטראַכטנדיק זיינע אָנגעדראָלענע הענט.

— אָהאָ! ס'קאָלט וואַסער איז אַ מחיה! — האָט ער אַ זאָג געטאָן — הפּנים, ארץ־ישׂראלדיגע וואַסער איז אַ סגולה פאַר אַלץ — נישט אמת, אדון ליפשיץ?

דער טאַטע האָט אָפּגעווענדט זיין בליק פון אים און האָט זיך איבערגעוואונקען מיט דער מאַמען:

— נו, גיי שוין, זיי מוחל, חוה מיין ווייב, און גיב אים אַביסל שמן־זית. זאָל ער זיך מיט דעם באַזאַלבן די מאַזאָליעס, דער קאַנדידאַט... אַי, הענט!

— נאָר אויף קופּאָנעס צו שניידן...

— און פאַרגעסט ניט די כינע, חוה־לעבן! — האָט ראובני נאָכגעשריען דער מוטער, וואַרפנדיק שטעכיקע בליקן אין איר זייט — ער'ט נאָך, חלילה, כאַפּן אַ טרייסל, קאָן ער זיך גאָר אויפהויבן און פאַרפליען קיין פּילענאָווע.

— כ'מיין, וואָס פאַר אַ טעם וואָלט ארץ־ישׂראל געהאַט אָ ן כינע?

— האָט אביגדור זיך אָנגערופן, נאָכגייענדיק דער מאַמען אין שטוב אַריין — הוילע חלב ודבש. פע! אָט אַזוי, מיט אַביסל כינע, לאָזט זיך עס בעסער פאַרדייען...

פאַרבייגייענדיק האָבן זיך זייערעביידנס בליקן אויפגעטראָפן. זיינע אויגן האָבן קינדיש־שעמעוודיג אַ שמייכל געטאָן.

און עס איז געווען די באַשיידענע גוטמוטיגקייט, מיט וועלכער ער האָט אויפגענומען די קאַטאָוועסן און דעם ערנסט פון דער נייער סביבה, וואָס האָט איר צוערש דערנענטערט צו אים.

און היינט אָוונט —

זיין שטיין ביי דער רעדנער־קאַטעדרע אַזאַ דרייסטער, אַזאַ אַנטשלאָסענער. דער געלאָקטער בונט האָר האָט זיך אומגעוויגט איבער זיין ווינקלדיגן ברייטן שטערן. ס'פּנים בלאַס, אָבער מוטיג, באַלעבט. זיינע אויגן האָבן געגליט. דער וואַרעמער, דורכדרינגלעכער ציטער אין זיין שטים. יעדער זאַץ, יעדער געדאַנק — דורכגעפילט, דורכגעטראַכט, אויסגעהאַמערט אין דעם פייער פון זיין נשמה, אויסגעבריט אינ'ם פלאַם פון זיין בלוט. אַן אָנגעזאַמלטער כוח פון דורות, וועלכער איז לאַנג געלעגן פאַרהוילן אין די תהומות פון זיין האַרצן, האָט זיך פּלוצים אויסגעשמידט אין ווערטער־פיילן,

וועלכע הא̇בן דורכגענומען הא̇רץ און מוח. און זי הא̇ט אויף א̇ ווײַלע אירע אייגענע אויגן ניט געגלויבט: ער איז מיטא̇מא̇ל אויסגעוואקסן פא̇ר איר א̇זוי ריזיג, שטא̇רק. עס הא̇בן זיך אין אים א̇נטפלעקט יענע כוחות, וועלכע זי הא̇ט שטענדיק געזוכט צו אויפמונטערן אין אים... און זי הא̇ט זיך דער־מא̇נט ווי דוד קא̇פּלא̇ן איז צוגעלא̇פן צו איר, א̇ באַגייסטערטער, א̇ פא̇רכא̇פּ־טער: „וואס וועסטו זא̇גן איצט צו אונדזער ליריקער, תמרה?!"...

„א̇, ווען דער ראובני וואלט אים נא̇ר דא̇מא̇לט געזען?!..." הא̇ט זי געטרא̇כט.

...לא̇נג דורך דער נא̇כט הא̇ט געפלא̇טערט אין איר נשמה דער צויבער פון אביגדורס א̇נטפלעקונג. און מיטן אויפגא̇נג פון טא̇ג הא̇ט זיך עפּעס אויסגעצייטיגט אין איר בליק — דער בליק פון א̇ מוטער, ווען זי דערזעט צום ערשטן מא̇ל איר קינד שטיין אויף זײַנע אייגענע פיס.

# 6

## ווידערקלאַנגען

אונטער ירושלימס הימל האָט זיך אויסגעזונט אַ מילדער טאָג — איינער פון יענע דערפרישנדיקע טעג, וועלכע וועבן זיך דורך מיט זייער פריידיגער לויטערקייט דורכן פוילן ירושלימדיגן ווינטער, און מאַניען אַרויס אינ׳ם זוניגן דרויסן די איינוואוינער פון די פייכטע, אָנגעקילטע הייזער. דורכזיכטיגע, ווייסע וואָלקנדלעך האָבן, ווי קינדישע שמייכלען, אומגעשוועבט איבערן טיף־בלויען הימל. יונגע, שטיפערישע מערב־ווינטלעך האָבן זיך אומגעשפּילט צווישן די שמאָלע גאַסן. דאָ און דאָרט האָט זיך איבער דער גרוי־ליימיגער גאַס געשפּיגלט אַ קאַלוזשע וואַסער און האָט פאַרשטעלט דעם וועג. פריש־אויפגעשפּראָצטע גראָזן האָבן זיך באַוויזן איבער די ליידיגע פלעצער וואָס זיינען געלעגן צווישן די שכונות. אַרומגעוואַשן און פאַרקליבן, ווי פאַר אַ יום־טוב, זיינען געשטאַנען די שטיינערנע הייזער־ווענט און צוימען, און פון זייערע טיפע, טרעפּיגע שפּאַלטן האָבן אַרויסגעקוקט שווער־בערדיגע בונטן מאָך. מיט זאַפטיגער גרינקייט אָנגעגאָסן האָבן געטונקלט די אויסגעצוואָגענע ציפּריסן.

אביגדור מיט תמרהן האָבן שפּאַצירט איבער די גאַסן פון „זכרון משה" און האָבן זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג פון דער יפו גאַס. זיי זיינען געגאַנגען זייט־ביי־זייט, שווייגנדיג, איינזאַם־צוזאַמען — יעדער פון זיי פאַרטיפט אין זיך אַליין, פאַרנומען מיטן אויסשיילן די איינדריקן פון דער לעצטער נאַכט; און, גלייכצייטיג, האָבן זיי זיך ביידע געפילט ווי איינגעהילט אין אַ נעפּל־שלייער פון אַ פאַרשותּפטער איבערלעבונג, וועלכע איז נאָך אַזוי פריש און וואָגיג געהאַנגען אויפן געמיט, און האָט געזוכט אַ דערלייטערונג אין דער מילדער זוניגקייט פון דרויסן.

ביים פענסיאָן פון דער גימנאַזיע איז זיי אַנטקעגנגעקומען כייקל. ער האָט געטראָגן אַ פריש־אויסגעפּרעסטע פּעז אויפן קאָפּ און איז, ווי שטענדיג, געווען פאַרשמאַיעט.

— חברה, ס'איז פריילעך אין שטעטל! — האָט ער אויסגעשאָסן, ניט ווּיסנדיק וואָס פריער צו דערציילן — אַ וועלט מיט נייעס! אָט האָט איר אַ פרישע צייטונג, אָקאָרשט פון אונטערן נאָדל אַרויס. בן־עמיהוד האָט דאָ אַ לייט־אַרטיקל איבער די מהגרים — שוועבל און פעך! ער קאָן די מלאכה, דער הוסטער... יאָ! און אויפן רוסישן קאָנסולאַט הענגט שוין ברוך־השם אַ איטאַליענישע פאָן. אויס פאַניע! דאָלאָי סאַמאָדערזשאַווי! אַרונטער מיט דער רוסישער האָניצע! (שרייט כאָטש „הורראַ!”...) נו, און די פרעמדע פאָטשטן וועלן זיך נאָך היינט מוזן צומאַכן. ישמעאל ווערט בעל־הבית ביי זיך אין דערהיים — אויס קאַפּיטולאַציע! וועמען איך פאַרגין ניט די שמחה, איז אָט די ממזרים דאָרטן — האָט ער אָנגעוויזן אין דער ריכטונג פון דער לע־מעל־שולע — מ'זאָגט, אַז דער דייטשישער קאָנסול וועט שטעלן אַלע „בוגדים” אונטער זיין שוץ. אַ דרייגאָרנדיגע קדחת זיי אין די ביינער אַריין!...

אביגדור האָט דערווייל אויפשנעל דורכגעלאָפן מיט די אויגן איבער די ציילן פון בן־עמיהודס אַרטיקל.

— נאָ, נעם צוריק דעם מיסטקאַסטן! — האָט ער מיט דערווידער אָפּ־געוואָרפן פון זיך די צייטונג און עס אַריינגעשטופּט כייקלען אין די הענט אַריין — ער האָט שוין אַביסל צופיל חוצפה „אונדזער גרויסער געלער־נטער”. נאָך אַלעמען, האָט יעדער אַ רעכט צו האַנדלען לויט זיין איבערצייגונג. ער קאָן זיך אַרויסזאָגן זיין מיינונג, ער קאָן באַטאָגען, אויפּוויזן; אָבער זידלען זיך און שילטן, ווי ער טוט דאָ — דאָס פּאַסט פאַר אַ מאַרק־אידענע, פאַר אָן אַטאַל! ער האָט געמאָגט האָבן אַביסל וויניגער חוצפה... אָבער זאָג נאָר, כייקל, וואו האָסטו שוין אַזוי פרי פאַצאַפּעט אַזאַ כפול־שמונהדיגן פּעז?!

— ס'הייסט וואו? ביי די חברה וואָס פאָרן אַוועק. זיי וועלן זיך שוין אין אַזוינע הייליגקייטן ניט נויטיגן. האָב איך מיר טאַקי אויסגעקליבן דעם בעסטן פּעז וואָס איז געווען, באַצאָלט אַ לעבעדיגן מעטאַליק פאַרן אויספּרעסן, און געמאַכט עס פאַר אַ לייט. זאָג כאָטש „תתחדש”, בעל־דרשן מיינער!

— אוי־אוּם! — האָט תמרה אים באַטראַכט פון אַלע זייטן מיט כלומרשטער אַנטציקונג — זעעסט גאָר אויס אין דעם ווי אַ מושיר [1]! און ס'אַר אַ טראַלד!

— „אַז עסן חזיר, זאָל רינען איבערן מויל”. ביי מיר גייט קיין האַלבע אַרבעט ניט אָן... אָ, קוקט נאָר אָן דעם ים־פויגל!... — האָט כייקל אָנגע־וויזן אויף אַ גימנאַזיסט, וועלכער האָט זיך פאַרבייגעטראָגן אַ פאַרהאַוועטער — העיי, בחור! צוואָס אַזאַ לאַנגע שטריק? שוין נמאס געוואָרן דיר דאָס לעבן?

— מיר האַלטן זיך אין פּאַקן, כייקל! — האָט יענער צו אים אַריבערגע־שריען — מיר לאָזן זיך היינט בחבורותא קיין יפו. שלום!...

1. מיניסטער.

— וואַרט אַ ווײַלע! לאָמיר אַקאָרשט אַרויסנעמען ס׳נאָזטיכל. איך האָב אַ טבע צו ווײנען בײַם געזעגענען זיך... איר ווייסט, חברה — איז ער באַלד אַריבער אין אַן ערנסטן טאָן — איך האָב באמת פײַנט דאָס געזעגענען זיך. פאַרט גוטע, פרײלעכע חברה, אַט די... נו, מ׳דאַרף לויפן! כ׳מוז נאָך אַרויסהעלפן עטלעכע לאַ־יוצלחניקעס מיטן פּאַקן. שלום!

און ער האָט זיך אָפּגעטראָגן, שאַרנדיק מיט זײַנע גרויסע, אויסגעקרימטע קאַמאַשן.

— אַ בחור א שד מיט אַ האַרץ פון אַ מלאך. — האָט אביגדור באַמערקט, נאָכקוקנדיק כײַקלען.

— און זעט זיך אָן צו זײַן אַ קנאַפּער מרה־שחורה.

— ער וועט זיך מקריב זײַן פאַר אַ חבר, דער באַסיאַק.

זיי האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט צו דער יפו ר גאַס.

— זאָג נאָר, אביגדור, — האָט תמרה פּלוצים אַ פרעג געטאָן — וואוהין אײַגנטלעך גייען מיר?

אביגדור האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען:

— כ׳ווייס אַליין ניט. און וואָס איז די נפקא־מינה? ס׳איז שיין אין דרויסן און זוניק, און ס׳גלוסט זיך אומצושלײַכן אין דער זוניגקייט. עפּעס האָבן פאַר מיר היינט די ירושלימער גאַסן אַ באַזונדער רייץ... טו נאָר אַ קוק, תמרה! זעסט דעם עולם אַרום דעם חכם־באַשי׳ס הויז? דאָס גייען אידן זיך אַטאַמאַניזירן. קום, לאָמיר צוגיין אַהין!

— אויב דו ווילסט אַזוי.

*

דעם חכם־באַשי׳ס הויז איז געווען באַלאַגערט מיט מענטשן. אויף די דערבײַיאיִגע שטיינערנע גדרים, אויף די גאַניק־טרעפּלעך, זײַנען געזעסן עלטערע אידן און אידענעס פון די מושב־זקנים־אַנשטאַלטן אין „גבעת־שאול“, פון „מאה־שערים“ און פון אַרום דער „חורבה“ אין דער אַלטער שטאָט. זיי האָבן — אין קלענערע און גרעסערע גרופּן — גערעדט צווישן זיך הויך, אין אַ פאַרשיידנאַרטיגן אידיש, זיך באַקלאָגט אויף דער שלעכטער צייט און אויף די אינגערע, מער העזהדיגע פאַרשוינען, וועלכע האָבן באַלאַגערט און פאַרכאַפּט דעם אַרײַנגאַנג צום חכם־באַשי׳ס משרד.

דאָרט, פאַר דער טיר, איז דער געדראַנג געוואַקסן מיט יעדער מינוט. יעדן מאָל וואָס די טיר האָט זיך געעפנט, האָט זי פאַרשלונגען הינטער זיך אַ כוואַליע פון אויסגעמאַטערטע, צעקנייטשטע פאַרשוינען און האָט איבערגעלאָזט דרויסן אַ שרייענדיגע, געקריוודעטע מחנה מיט אַנטוישטע אויגן צו דער בלינדער טיר.

— גאַנצע מיוחסים גאָר געוואָרן דאָ, די באַרוויסע! — האָט זיך צעשריען אַן עלטערע אידענע, וועלכע איז אין געדראַנג אַרויסגעשטופּט גע־

וואָרן אַן אַ זייט — אַז ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן! פאַר זיי איז די גאַנצע וועלט אָפּן. געזען אַ בהלה אַביסל אויף זייערע קעפּ?!

— און איך שטיי שוין דאָ פון גרויען פרימאָרגן־אָן און—— ניט אַ נאָדל דורכצוואוואַרפן! — האָט אַ צווייטע דערצויגן איר טענה — מ׳האָט מיר שוין די זייטן אָפּגעזעצט. ווער ווייסט צי איכ׳ל זיך גאָר קאָנען ווען דער־שלאָגן?...

— נאַרישע אידענעס וואָס איר זענט! — האָט זיך אָפּגערופן אַ צעבלאָ־זענע אידענע, ניט אויפהויבנדיג די אויגן פון די פּרענטלעך אין דער האַלבער זאָק — וואָס ט׳איר פאַרשפּעטיגן, קריינעלעך־האַרצעלעך? מ׳עט אייך פאַרשרייבן — אַי, ט׳מען אייך פאַרשרייבן! דער טערק פליט נאָך ניט אַוועק.

— נאַ דיר גאָר אַ נייע אַנשיקעניש אויף שונאי־ישראל! — האָט זיך באַקלאָגט אַן אַלטער איד, אַ בן־שמונים, אין אַ זיידענעם קאַפּעליוש און אַ געשטרייפטן קאַפּטן, וועלכער האָט זיך יעדן מאָל געפּרואווט דערנענטערן צום געדראַנג און איז באַלד אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק, ווי פון אַ פייער — אָפּגעלעבט שוין, ברוך־השם, אין דער הייליגער שטאָט אַ קימא־לן פון אַ שיינע פּאָר שמיטות — ווער מיר פאַספּאָרט?! וואָס מיר אונטערטאַן?! און דאָ, אויף די עלטערע יאָרן, גיי ווער זיי גאָר אַ טערק! — עט...

— און איך האָב געמיינט, אַז גאָט האָט אונדז געהאָלפן און מיר זיינען שוין יאָ ניצול געוואָרן פון פאָניעס לאַפּעס, איז אויס! — פּטור! נו, דאַרף איך איצט אָפּקומען דערפאַר וואָס מיין טאַטע האָט ניט געוואָלט גיין דינען דעם רוסישן שמערקע... — האָט געטענהט אַן אויסגעבלייכט ווייבל צו אַן על־טערער שכנה — הערט איר? גוט איז טאַקי נאָר די עסטרייכשע: זיי ווייסן גאָרניט פון אַזאַ וויסטער גזרה.

— און דער אונגאַרישער כולל צאָלט חלוקה אין צייט... — האָט די צוויי־טע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט בשעת־מעשה אונטערגעקרעכצט — אַי, אַזוי וואויל און אַזוי גוט איז טאַקי צו זיי!

— וואָס איילט איר זיך אַזוי, פּעטערל?! — האָט געשריען אַ פאַר־שוויצטער יונגערמאַן, אָפּשטופּנדיג אַן אַלטיטשקן, וועלכער האָט זיך מיט די לעצטע כוחות אָנגעהאַלטן ביי דער טיר־הענטל — זיי וועלן דערזען אַז איר זענט אַזאַ גבור, וועט מען אייך נאָך צונעמען פאַר אַ זעלנער...

— נו־נו, אַ מערכה אַביסל! — האָט זיך פון אינעווייניג אַרויסגעיאָגט אַ הויכער רויטער איד, אַ דורכגעווייקטער, אַ צעפּלאָמטער, און אין אַ טרוקן קול, מיט לאַנגע צאַפּלדיגע הענט, האָט ער גענומען אויסלייגן זיינע קריוודעס פאַר אַ רעדל צוהערער — עס נעמט אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך ביז מ׳דערשלאָגט זיך אַהין און ערשט נאָכדעם הויבט זיך אָן די ריכטיגע אינ־

קוויזיציע! הערט אַ מאַנסע: איך זאָג אים, דעם קאַטעבל[1] דאָרטן — אַ פרענקל[2] — אַז הייסן הייס איך לייב־בער ברכ שרגא־פּיוויש קאַצענעלענבויגן, און דער מאַמע מיינער, עליה השלום, האָט מען גערופן בלומע־באַשע; דאַרף מען האָבן אַ פּשוטערן אידישן נאָמען ווי דאָס, האַ? און איך זאָג אים — ווי איך רייד אַצינד צו איך — אַז איך בין אַ היגער־געבוירענער און אַ נעלם[3]: וואָס'י, וויניג נעלמים זיינען דאָ פאַראַן? וואָס האָב איך זיך דאָ צו שעמען? נאָר דער טאַטע מיינער, זאָג איך אים, איז געקומען פון אַ שטעטל וואָס הייסט קריניק און וואָס באַלאַנגט צום וואָלינער כולל. דאַכט זיך קלאָר ווי דער טאָג, כ'מיין? נו־נו, האָט זיך עס אָנגעהויבן אַ שרייבעניש, מיט אַ מעקעניש, מיט פולע העויות, מיט אַ חקירה־ודרישה: וויפל קינדער האָב איך? און ווי הייסן זיי? און וואו זיינען זיי געבוירן געוואָרן? מער, פאַר־שטייט איר מיר, פעלט מיר טאַקי ניט, ווי נאָך זיי — די אומשולדיגע נפשות — אויך אַריינשלעפּן אין דעמדאָזיגן אומגליק! מילא, איך — איך! איך בין אַ נעלם. אָבער זיי — דיה לצרה בשעתה. אפשר וועט נאָך דער טערק ביז דאַמאָלט כאַפּן די מפּלה. זאָג איך אים, פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב ניט — ניטאָ ביי מיר קיין קינדער. און דאָ צופּט מען מיר און מ'רייסט מיר פון אַלע זייטן — מ'שטייט אויף די קעפּ! טוט ער, דער פרענקעלע, עפּעס אַ פינטל־אָן אויפן פּאַפּיר, און רגע־כמימרא שטעקט ער דאָס מיר גלייך אונטער אונטערן נאָז — כ'זאָל זיך, הייסט עס, אונטערשרייבן. און אַלץ, פאַרשטייט איר מיר, בחפזון — ס'ברענט! אַז טערקעלע־גנב האָט זיך צעלאָזן! מאַך איך צו אים: יאַ'עפּענדי, וואָס איז די בהלה? לאָמיר ראשית זען וואָס דו האָסט דאָרט אַזוינס אָנגעפּינטלט; לאָמיר טאַקי הערן פון דיין אייגענעם מויל וואָס שטייט דאָרטן. וואָרים לאחר־המאַנסע — טאָמער חתמע איך זיך אונטער — וויס איך דאָך, 'עט שוין זיין צו־שפּעט. גיט ער אַ דריי־אויס דעם פּאַפּיר באַלכסון און לייענט איבער פאַר מיר. און טאַקי ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט! — טאַקי די ריכטיגע מערכה! דער טאַטע מיינער — וויזט זיך אַרויס — הייסט גאָר ביי אים ניט אַנדערש ווי שאַראַקי פאַשע, און איז גע־בוירן געוואָרן אין ירושלים, און האָט אַ זון מיטן נאָמען בלומע־בער (דאָס, הייסט עס, בין איך), וואָס איז אַ נעלם אין קרינעק, און די מאַמע מיינע רופט זיך ליבע־פּיוויש. האָט איר שוין געהערט אַזוינע יוצרות?! ווער איך דאָך אָן אויפגעקאָכטער (איך בין אַ כהן. אַלע קאַצענעלענבויגנס זיינען כהנים) און גיב אים מסתמא וואָס מיר איז אויפן האַרצן. איז דער עקשן נאָך אַזוי גרויס, אַז ע ר שפּאַרט זיך נאָך מיט מיר! ער איז נאָך

---

1. שרייבערל.
2. פרענק — אַ ספרדישער איד.
3. אַ ניט־פאַרשריבענער.

גערעכט! און איך, דער בהמה, טו אים אַ שפּיי אין טריפהנעם פּרצוף און אויס מחותן? — ניין! שטיי איך נאָך און עס מיר די לונגען אויס. ווערט ע ר נאָך מלא־חמה! שטעקט ער אַרויס אַ לאַנגן צונג, לעקט־אָפּ דאָס אויפגעשריבענע און ציקלט עפּעס אָן אויפסניי — דער שוואַרציאַר ווייסט וואָס. אינמיטן פאַלט מיר איין, אַז דאָס איז נאָך ניט אַלץ. רוף איך זיך אָן צו אים: און וואו איז דער „קאַצענעלענבויגן"? כ'האָב, דאַכט זיך, גאַרניט געהערט פון דיר אַז איך הייס קאַצענעלענבויגן. מאַכט ער צו מיר: שטער ניט! זעסט'אָך, אַז אַ מענטש איז פאַרנומען — אַז אַ מענטש שרייבט! זאָג איך: טאָ וואָס־זשע שרייבסטו, אַז דו ווייסט אפילו ניט מיין גאַנצן נאָמען? אדרבה, לאָמיר אויף טשיקאַוועס זען ווי דו האָסט אָנגעשריבן „קאַצענעלענבויגן?" נאָך אַלעמען, איז עס דאָך מ י י ן נאָמען. מאַכט ער — הערט אַ מאַנסע! — אַז ס'איז צו־לאַנג: ס'איז ניטאָ קיין פּלאַץ אין דער קעסטעלע פאַר אַזאַ לאַנגן נאָמען — האָט ער עס מקצר געווען. „קאַץ" זאָגט ער, „קאַץ" איז גענוג! בין איך דאָך עפּעס איך, האָב איך מן־הסתם אויסגעלאָזט אַלע בייזע חלומות צו זיין קאָפּ און גענומען זוכן ווי זיך צו ראַטעווען. מיטאַמאָל דערזע איך דעם מוכטאָר[1] פון „מאה שערים". לויף איך שוין צו צו אים ניט־טויט־ניט־לעבעדיג: גוואַלד, ר' שמשון, ראַטעוועט! ער האָט מיר, זאָג איך אים, דערהרגעט, דער קאַטעבל דאָרטן, מיין נאָמען, מיט מיין טאַטנס נאָמען, מיט דער גאַנצער משפּחה — אומגליקלעך געמאַכט עד סוף כל הדורות! ער האָט מיר דאָרט אָנגעמאַכט אַ חושך, דער שיינער קאַטעבל אייערער: ער האָט מיר גאָר משנה־השם געווען! וואָס'י, וואָס בין איך, זאָג איך, אַ חולה־מסוכן, חלילה, צי אַ ליאַדע־סעמינאַריסטל פון די באָרוויסע?! — אָט מיט די ווערטער. ווערט ער וויניג־וואָס נתפּעל און טוט אַ זאָג אונטער דער נאָז (טאַקי ווי נאָר אַ בראַצלעווער חסיד קאָן): שטעק אים אַריין אַ מעדזשידע... פאַרשטייט אָן עזות־מצח?! לא־די וואָס איך בין זיך מקריב און ווער לעולם־ועד אַ טערקישער, איז גיב זיי נאָך מעדזשידעס — גיב זיי נאָך באַקשיש, די ראָצערס! הויב איך דאָך אויף אַ ויצעקו: ס'טייטש?! היתכן?! איכ'ל, זאָג איך, גיין אין ועד — איכ'ל גיין צום כולל — איכ'ל, בעניי לויפן אין דער סאַראַיע אַליין! ס'הייסט, אַזאַ גזלה בפרהסיה! אַ איד אַ אידן זאָל אַזוי באַהאַנדלען?! בקיצור, אַהער־אַהין, איך בין מיט אים מושווה געוואָרן פאַר אַ בישליק שכר־טרחה, און ער אַליין האָט מיר צוגעפּירט צו אָן אַנדער קאַטעבֿ — אַ טערק, משמעות. דאָ בין איך שוין געבליבן אינגאַנצן אָן לשון. האָט ער, שמשון דער מוכטאָר, פאַר מיר גערעדט. און ווידער געשריבן, ווידער געלעקט, און לסוף האָט ער באַשאָטן דאָס געשריפט מיט אַביסל זאַמד און — כאַלאַס! גיי שוין, גיי, זאָגט ער צו מיר, טאַקי דער שמשון, ס'וועט שוין

1. באַצירק־פאַרשטייער.

זיין רעכט; און געדענק, זאָגט ער, למען־השם, אַז אין ניפּוס[1] ביסטו אַן עקר. און ער האָט מיר אַרויסגעשטופּט... און אָט אַזוי ווי איר זעט, האָבן זיי מיר דאָרט אָוועקגעקוילעט אַן אַ מעסער! גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ צרה ער האָט מיר דאָרט אָנגעמאַכט!... אידן, אויב איר זוכט זיך אומזיסטע פּלאָגענעש, הויבט זיך אָן מיטן טערק און מיט זיינע שרייבערלעך! אַז רייד צו זיי און רייד צו דער וואַנט... אַ מערכה אַביסל נו־נו!...

אביגדור מיט תמרהן האָבן זיך אַ לענגערע ווילע אומגעדרייט איבערן הויף און האָבן זיך שוין געקליבן אַוועקגיין, ווען אביגדורס בליק האָט זיך פּלוצים פאַרהאַלטן אויף צוויי זקנים, וועלכע זיינען געזעסן אויפן נידעריקן שטיינער־גדר ביי דער זייט. איינער פון די צוויי אַלטיטשקע האָט באַזונדערס געצויגן אביגדורס אויפמערקזאַמקייט. זיין אָפּגעטראָגענער היימישער מלבוש, זיין ברייטער טוכענער קאַפּעליוש און זיין באַשיידענע, תלמיד־חכמשע האַל־טונג, האָבן אים ווי אויסגעשיילט פון דעם גאַנצן טומלדיגן געזעמל. עס האָט פון אים אָפּגעאָטעמט מיט אַ ווייטער היימישקייט. אביגדור איז געווען זיכער אַז ער האָט דעמדאָזיגן אידן געקאָנט, אַז ער האָט זיך מיט אים ערגעץ־וואו געטראָפן, נאָר וואו — האָט ער זיך ניט געקאָנט דערמאָנען. באַלד האָט זיך אין זיין געדעכעניש פאַנאַנדערגעוויקלט אַ פאַרשוואונדענע זעאונג: דער ים... די שיף ציט זיך צום ברעג... אַ געל־בלעטערדיגער תהילימל...
אַ, ס'איז דער רב — דער אַלטער רב!

— קום, מיידל! — האָט ער אַ צי געטאָן תמרה נאָך זיך — און דו'סט אָנקוקן אַן אינטערעסאַנטן אידן.

זיי האָבן זיך דורך דער ענגשאַפט דערשלאָגן צום פּלאַץ וואו די צוויי אַלטיטשקע זיינען געזעסן.

— אַ גוט מאָרגן, רבי! — האָט אביגדור זיך געווענדט צו אים אין אידיש.

— אַ גוט מאָרגן — אַ גוט יאָר. — האָט דער רב איבערגעריסן זיין שטילן שמועס מיטן צווייטן אידן, האָט אַרויפגערוקט די ברילן אויפן שטערן און האָט אָנגעקוקט אביגדורן באַנומען — ווער אַשטייגער איז אַ יונגערמאַן?

— איר דערקאָנט מיר הפּנים ניט, רבי. כ'בין מיט אייך צוזאַמען געקומען אויף איין שיף.

— אַ, יע־יע! — האָט זיך דער רב מיט אים אַרומגעכאַפּט, און זיין פאַרמעטענער פּנים האָט זיך אויסגעקנייטשט אין אַ ליכטיגן שמייכל — כ'געדענק שוין, כ'געדענק. דאָס זענט איר, דאַכט זיך, טאָקי פון דעמס — פון רב טעוועלעס מקום. כ'געדענק — אודאי געדענק איך. און איר שטאַמט,

---

1. פּאַספּאָרט.

אויב איך מאַך קיין טעות ניט, פון די דאָזיגע—— האַ? פון די—— וואַרט א‏ַ ווילע—— פון די——

— דייכעסעס. — האָט אים אביגדור אַרויסגעהאָלפן.

— האַ? האָב איך דאָך טאַקי געזאָגט פון דידאָזיגע—— פון די דייכעסעס! אַ פשיטא, אודאי געדענק איך. האַ? — יע. און מיט אייך איז, דאַכט זיך, דאַמאָלט געפאָרן איינער אַ קאָלאָניסט — ער האָט מיטגעפירט דער מאַמען זיינער — אַ וואויל מענטשל אַזאַ, אַ וועלטיגער — ווי ט'ער געהייסן, צו אַלדי גוטע יאָר?

— איר מיינט אודאי אדון ליפשיץ.

— אמת, אמת! אָט דער איז דאָס טאַקי. אָט־אָ דער—— האַ, ווי ט'איר געזאָגט?

— ליפשיץ.

— אָט־אָט־אָט־טאָ־טאָ! ליפשיץ. האַ? אודאי, ליפשיץ. גערעכט, גערעכט...

— און די מיידל — האָט אביגדור אָנגעוויזן אויף תמרהן — איז טאַקי דעם ליפשיצעס טאָכטער.

— טאַ־קי?! אַך־אַך, טאַקי זייער פיין — ז י י ע ר פיין!

— דאָס איז דער רבֿ, תמרה — האָט אביגדור איר דערקלערט אין העברעאיש — וועלכער איז צוזאַמען מיט דיין טאַטן און מיר געקומען אַהער אויף דערזעלבער שיף... איר וועט מיר מוזן מוחל זיין, רבי: זי פאַרשטייט ניט צופיל אידיש. זי איז אַן ארץ־ישראלדיג־געבוירענע. זי רעדט נאָר לשון־קודש.

— נו, מהיכי־תיתי. „כל המהלך דלד אמות בארץ־ישראל ומדבר בלשון הקודש, מובטח שהוא בן עולם־הבא" — דאַרף מען האָבן אַ בעסערע ערבות? דאָס מוז זי שוין אודאי פאַרשטייך, וואָס?

תמרה האָט זיך אָנגעשטרענגט אויפצוכאַפן זיינע ווערטער און האָט מיט אַנטוישונג געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין".

— דאָס אויך ניט?! גאָר אַזוי? אַ, כ'פאַרשטיי שוין, כ'פאַרשטיי: זי מוז אודאי ריידן מיט—— מיט—— מיט דערדאָזיגער הברה—— מיט ווי הייסט עס דאַ? — מיט דער טערקישער — ניין, — וואָס זאָג איך?! — כ'מיין, מיט——

— מיט דער ספרדישער.

— האָב איך דאָך טאַקי געוואָלט זאָגן „מיט דער ספרדישער". האַ? אודאי מיט דער ספרדישער — שאַלאָם! שאַבאַט! — ווי די פרענקען. נו, מהיכי־תיתי, מסתמא אַ מנהג אַזאַ... איז דאָס טאַקי זיינע אַ טאָכטער, אָט דעם — ווי הייסט ער דאָרטן? — האַ? יע! — ליפשיץ, זאָגט איר — טאַקי דעם ליפשיצעס אַ טאָכטער? נו, פאַרשטייט זיך, אַ כלה מסתמא אייערע?

אביגדור האָט זיך שמייכלענדיג איבערגעקוקט מיט תמרהן. און נאָך אידער ער האָט באַוויזן אָפּצוענטפערן, האָט שוין תמרה שטיפעריש געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

— נו, זאָל טאַקי זיין מיט מזל! — האָט דער רב זיי ביידן נחת־רוחדיג אָנגעקקוקט — טאַקי זייער פיין — ז י י ע ר פיין! און די חתונה למזל, ווען?

— בקרוב. — האָט תמרה אויפשנעל אָפּגעענטפערט.

— זי איז אַ שטיפערקע, רבי. זי האָט ליב צו פּראַוון לצנות.

— אדרבה, פאַרוואָס?! — האָט זיך דער רב איינגעשטעלט פאַר איר — זעט זיך אָן צו זיין, קיין עין הרע, אַ וואויל קינד, כ'מיין...

— טביעת עין של תלמיד־חכם! — האָט תמרה אים קאָמפּלימענטירט.

— האַ, וואָס? — האָט דער רב צוגעלייגט די האַנט צום אויער און האָט אונטערגעפינטלט מיט די אויגן — כ'האָב ניט תופס געווען. וואָס האָט זי געזאָגט, האַ?

— זי האָט געזאָגט אַז אויף גוטע סחורה דאַרף מען זיין אַ מבין...

— מהיכי־תיתי, נו, האָט טאַקי אַן אָנבליק אויפן טאַטן. און וואָס אַשטייגער, לאָמיר הערן, טוט איר אין ירושלים?

— כ'לערן דאָ אין סעמינאַר.

— אין וואָס?

— אין סעמינאַר. איך לערן זיך פאַר לערער.

— אַך, טאַקי זייער פיין — פאַרוואָס ניט? אויף לשון־קודשדיגן, פאַר־שטייט זיך. ווי דען? האַ? אודאי. געהערט טאַקי זאָגן, אַז צווישן דידאָזיגע — ווי רופט מען זיי דאָ? — וואָס איז די נפקא מינה ווי מ'רופט זיי? — זאָגט מען טאַקי, אַז צווישן די דאָזיגע לערנער פון די היגע שקאָלעס זיינען פאַראַן פיינע יונגעלייט — טאַקי גאַר־גאַר! נאָר די אידישקייט, זאָגט מען, איז ביי זיי יאָקבי ניט אַזוי אַי־אַי־אַי. נאָר ס'איז מסתמא לשון־הרע — ווי דען?

— און וואָס טוט איר דאָ, רבי? אויך געקומען ווערן אַ טערקישער?

— ס'הייסט, וואָס טו איך דאָ?! — האָט זיך דער רב אָנגערופן מיט תרעומת — וואָס איז דאָס פאַר אַ שאלה עפּעס?! דינא דמלכותא דינא! מ'האָט אויסגערופן בשם־המלכות אַז מ'זאָל זיך קומען פאַרשרייבן און שווערן פאַרן טערקישן קיסר, בין איך דאָ. ס'הייסט, ווי אַנדערש?! און כ'האָב טאַקי מיטגעבראַכט מיט מיר מיינע פּאַפּירן, מיט די סווידעטעלסטוואָס, מיטן גובערנאַטאָרסקן פּאַס, מיט אַלעם־באַנאַנדער. באשר איך וואַרט נאָר אַז די ענגשאַפט מיט דער שפּאַרענעש זאָלן אַביסל נאָכלאָזן — מענטשן פאַרנומענע, אודאי — וועל איך מיר צוגיין, וועל זיך פאַרשרייבן און וועל טאָן ווי מ'עט מיר הייסן. ס'הייסט?! דער שכל איז דאָך אַזוי מחייב, ווי

דען?... כ'האָב אפילו געהערט זאָגן, אַז אַ סך אידן — טאַקי פון אונדזערע רוסישע — פאָרן אַוועק פון דאַנען. הויב איך עס גאָרניט אָן צו פאַרשטיין! ס'הייסט, אַ איד קאָן ביי זיך פועלן צו פאַרלאָזן ארץ־ישראל?! אַ שפּאַס עפּעס א ר ץ ־ י ש ר א ל?! כ'מיין, אַלץ דאָ איז דאָך אַזוי הייליג — ממש דורכגעזאַפּט מיט גאָלע קדושה! — די שטיינער, די צמחים, די ערד — אַ שפּאַס עפּעס צו זאָגן עפרא דארץ־ישראל! ירושלים! אפילו די לופט אַליין איז דאָך עפּעס „אוירא דארץ־ישראל מחכים״! און וואָס נאָך: אַ איד שטעלט דאָס לעבן אין סכנה און לאָזט זיך איבערן ים — אַזאַ ים! — און איז זיך מוסר־נפש און וואַנדערט־אויס אַ האַלבע וועלט ביז ער דערשלאָגט זיך אַהער; היינט, אַז דער אויבערשטער האָט אים געהאָלפן און ער האָט שוין י ע די זכיה דאָ צו זיין, טאָ ווי — פרעג איך אייך — קאָן ער עס גאָר ביי זיך פועלן אויפצוהויבן זיך און אַוועק?! באשר מ'זאָגט—— ! אָבער ס'אי' דאָך שטותים. און אַז אפילו, חלילה, אמת, קאָן מען עס תופס זיין?! און, צוריק־גערעדט, וואוהין זאָל אַן עלטערער מענטש ווי איך זיך לאָזן? די אַלטיטשקע מיינע, זאָל האָבן אַ ליכטיגן גן־עדן, (איר געדענקט איר דאָך מסתמא) ליגט דאָ אויפן הר־הזיתים. איז אַוועק אין איר רו אַריין טאַקי באַלד נאָך אונדזער אָנקומען אַהער. נו, און ס'שטעטל דאָרט איז דאָך, קאָן מען זאָגן, אויפן סאַמע גרעניץ. אַי, אַ וואויל שטעטעלע! אַזעלכע טייערע בעלי־בתים! איז עס אָבער מלחמה־צייט — שעת־חירום — אַזוינע בייזע גזירות, רחמנא־לצלן — ע, מסתמא חרוב... דאָ, ווי ס'איז, האָב איך מיר מיינע אידן, מיינע ספרים, און אַן אָנגעגרייט אָרט נעבן איר, עליה השלום. איז, פאַרשטייט איר מיר, אויף אַזאַ אידן ווי איך קיין חידוש ניט. ווי זאָגט מען? געשענקטע יאָרן. אין סאָלדאַטן אַריין וועט מען מיר שוין ניט נעמען. און מיטן שטיקל לעבנס־מיטל, איז ווי גאָט ברוך־הוא גיט. איז גאָרניט! איז דאָך ניט שייך. זעט איר, ווען איך זע אָבער אַז די יונגע — טאַקי פון אייערע — אַז ז י י בלייבן דאָ, און קומען זיך פאַרשרייבן, און האָבן ניט קיין מורא י ע סאָלדאַטן — נ י ט סאָלדאַטן, י ע מלחמה — נ י ט מלחמה — דאָס, זעט איר, איז שוין עפּעס אינגאַנצן אַנדערש: דאָס איז שוין מסירת־נפש — טאַקי דער א מ ת ע ר מ ס י ר ת ־ נ פ ש פ אַ ר א ר ץ ־ י ש ר א ל! אַי, דאָס איז שיין — ז י י ע ר שיין! ווי דען? זיין ווי די לאָבוסעס, די טשישיליסטן, דאָרט ביי ניקאָלאַיקען — „ניט קיין קיסר, ניט קיין גאָט״, רחמנא יצילנו?! אָט אַזוי, מ'קומט, מ'פאַרשרייבט זיך, אַ וואָרט איז אַ וואָרט, אַ זאַקאָן איז אַ זאַקאָן, און — שיין, פיין, לייטיש! מ'זאָגט טאַקי אַז ס'זיינען פאַראַן צווישן דידאָזיגע — ווי רופט איר זיי? — טאַקי אמתע לומדים, פון גאָר־גאָר! אַי, וואָלטן זיי נאָר געוועזן אַביסיטשקע מער אָפּגעהיט מיט חילול־שבת, אַ קאַפּיטשקע מער זיך געהאַלטן ביי דער קליאַמקע. נאָר ארץ־ישראל איז אויף אַלץ מכפּר...

— איר ווייסט, רבי, — האָט אביגדור זיך אָנגערופן — זאָל עס אייך צו קיין גנאי ניט זיין, נאָר איר רעדט שוין באַלד ווי אַן אמתער ציוניסט.

— שייך, י ע ציוניסט — נ י ט ציוניסט? וואָס האָט דאָס דאָזיגע צו טאָן מיט ארץ־ישראל — מיט חיבת־הארץ?! אַ איד איז אַ איד און מוז ליב האָבן ארץ־ישראל! וואָרים ווי קאָן דאָס סיידן אַנדערש געמאָלט זיין, האַ?

— כ'מיין, אַז אַ סך פון אונדזערע יונגע האָבן געמעגט קומען נאַשן פון אים אַביסל חיבת־ציון... — האָט אביגדור באַמערקט צו תמרהן — האָסט געזען, ווי ער האָט זיך עס אַביסל צעפלאַקערט?!

— נו, און פון דערהיים וואָס שרייבט מען אייך? וואָס הערט איר עפּעס פון טאַטע־מאַמע?

— כ'על אייך זאָגן דעם אמת, רבי: שוין לאַנג פון זיי קיין בריוו ניט באַקומען. דאָס גיי איך איצט גראָד צו דער פּאָטשט זיך נאָכפרעגן צי ס'איז עפּעס דאָ.

— נו, טאָ גייט־זשע, גייט. כ'על ניט פאַרהאַלטן. כ'האָב געהערט זאָגן אַז די פּאָטשטן — טאָקע אַלע! — 'עלן זיך היינט צומאַכן ביז גאָט 'עט העלפן... נו, גייט שוין, גייט געזונטערהייד! טאָמער איז עפּעס אָנגעקומען, ט'איר נאָך, חלילה, פאַרשפּעטיגן. און אַז איר גייט זיך אַמאָל דורך קיין „גבעת־שאול", קומט אַריין צו מיר אין מושב־זקנים. און, לאָמען־ השם, פאַרגעסט ניט צו פאַרבעטן מיר אויף אייער חתונה אם ירצה השם — כע־כע... נו, גייט אייך לחיים ולשלום... אַ גוטינקען טאָג!

„ארץ־ישראל איז הייליג — זייער הייליג — כמעט אַ רוחניות..." — איז ווי אַ ווייטער ווידערקלאַנג אויפגעגאַנגען אין זיין געדעכעניש דעם טאַטנס ווערטער, ווען ער האָט נאָכגעטראַכט פון זיין שמועס מיטן אַלטן רב.

# 7

## אין אַ טאָג אַ זוניגן

— ווער וואָלט זיך עס ווען משער געווען אַז אין דעמדאָזיגן אידן ברענט אַזאַ הייסע ליבשאַפט צו ארץ־ישראל?! — האָט אביגדור זיך אָנגערופן צו תמרהן, נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ היבשע שטרעקע אויף דער יפור גאַס. — ווי מ׳זאָל אויף דעם ניט קוקן — צי פון ריין־רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, צי פון נאַציאָנאַלן, צי פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן — מוז מען אָבער קומען צו איין־און־דעמזעלבן אויספיר, אַז די נשמה פון פאָלק איז אָרגאַניש פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל. ארץ־ישראל איז פאַר אונדז מער ווי אַ מקום־מקלט, מען ווי אַבי אַ לאַנד; ס׳איז דער צענטער־פּונקט פון אונדזער באַוואוסטזיין, פון אונדזער בענקשאַפט, אונדזער זוכן; ס׳איז דער רייץ פון אונדזער חלום.

— יאָ; — איז געקומען תמרהס ענטפער מיט דערזעלבער פאַרטראַכטקייט — ס׳איז אַ קעניגרייך פון חלומות פאַר דעם טרוימער, און אַ פרוכטבאַרער שאַפונג־באָדן פאַרן וואַכן. ס׳איז די לאַבאָראַטאָריע, דער וואַרשטאַט, וואו מיר שמידן־איבער די רייכטימער פון אונדזער נעכטן און רינגלען זיי צוזאַמען מיט אונדזער מאָרגן; וואו מיר פילן־אויס דעם ריס, וואָס די געשיכטע האָט געלאָזט אין דער קייט פון אונדזער אייגאַרטיגן לעבן־שטייגער. ארץ־ישראל איז דער שמעלץ־פּורעם פאַר דעם באַנייטן אידן — קערפּערלעך ערדיש און געזונט גייסטיג. כ ו ח — אינערלעכע שטאַרקייט און אויסערלעכע וואַכזאַמקייט — אין דעם נויטיגן מיר זיך און דאָס פאַרמאָגן מיר א י ן ז י ך...

אָט האָב איך זיך צוגעקוקט צום אַלטיטשקן רב בעת ער האָט גערעדט צו דיר. מערסטנס האָב איך זיין שפּראַך ניט פאַרשטאַנען. כ׳האָב אָבער פאַרנומען דעם באַטייט פון זיינע ווערטער: כ׳האָב ד ע ר פ י ל ט אין זייער וויברירונג אָט די א ו מ ב אַ ו ו א ו ס ט ז י נ י ג ע ג ב ו ר ה מיט וועלכער מיר זיינען באַשאָנקען און וועלכע מיר זיינען געוואוינט געוואָרן צו פאַרטאַיען אונטער אַ שלייער פון הכנעה און איינגערעדטער הילפלאָזיגקייט.

כ׳האָב דאָס דערפילט אין זיינע רייד מיט דעמזועלבן חוש, מיט וועלכן ער באַנעמט דעם אָנקום פון דאָס נייע לעבן אַרום...

— אַ אידעלע אָן אוצר!

— און וויפל אַזוינע אוצרות זיינען ביי אונדז געגאַנגען לאיבוד נאָר דערפאַר, ווייל ס׳האָט זיך ניט געפונען די מוטיגע האַנט וואָס זאָל אויסלייטערן דעם ריינעם גאָלד אין זיי? פאַרטונקלט אונטער דעם שטויב פון זעלבסט־רחמנות, איינגעגעסן אין זייער אייגענעם פסולת, זיינען אַזוינע אוצרות מאָסנ־וויז צוזייט געוואָרן פאַרן ווינט, ווייל געציטערט האָט די געטרייע האַנט פאַרן פייער פון שמעלץ־טיגל... ז י ך אָ ל י י ן אויסלייזן און דערלייזט זיין, און זיין ביכולת אויפצונעמען דאָס לעבן אין זיין פולער פולקייט מיט דער באַוואוסטזיניגער זיכערקייט פון אַ דערלייזטן, פון אַ זעלבסטשטענדיגן — מיט דעם כוח דאַרפן מיר זיך באַקליידן, אויב מיר זיינען באמת געגרן צו באַהערשן אונדזער מאָרגן!... אָבער זאָג נאָר — האָט זי ראַפּטאָם איבערגעריסן איר לעבהאַפטיגן געשפּרעך און האָט זיך שטיפעריש צעלאַכט — ווער פון אונדזביידן פּרעטענדירט צו זיין אַ דיכטער — איך, צי דו?...

אביגדור האָט איר לײדנשאַפטלעך אַ דריק געטאָן צו זיך:

— דו שטיפעריש מיידל, דו! ווי ערנסט דו קאָנסט זיין שטיפנדיג, און ווי שפּילעוודיג דו קאָנסט אויפנעמען דעם ערנסט! אַ, ווען מיין טאַטע וואָלט דיר געהערט אַזוי ריידן!...

— וואָלט וואָס געוועזן?

— גאָרניט. „דו קונדסטע!״, וואָלט ער געזאָגט... קונדסטע... אַזוי פלעגט ער, אין גוטן מוט, אָנרופן דער קליינער הדסלען, און —— וואָס פאַר אַ טייער מיידעלע דאָס איז געוועזן... ווער ווייסט וואָס מיט איר איז דאָרט אַצינד — וואָס מיט זיי אַלעמען איז?...

— דוכס! — האָט אימעצער אַריבערגעשריען צו אים איבער דער גאַס און האָט זיך פאַרנומען אין זיין ריכטונג — איין מינוט, דוכס.

— אַ, שלום, אבנר! פון וואַנען און וואוהין?

— פון דער פּאָטשט. כ׳האָב, דאַכט זיך, אַ בריוו פאַר דיר.

— אַ שיינעם דאַנק פאַר דער טרחה, אבנר. דאָס גייען מיר טאַקי איצט אַהין.

— קער זיך אום פון וואַנען דו קומסט און שפּאַר דעם שוך־לעדער. ס׳איז אַ יקר־המציאות די טעג. — האָט אבנר שיפריס געזאָגט, איבערמישנדיג דעם בינטל בריוו אין זיין האַנט — דער טאַטע מיינער קאָן אייך צו־גוט, איר פוילעניצער. ער האָט געוואוסט אַז איר׳ט זיך ניט דערמאָנען אָפּצונעמען די בריוו פון דער פּאָטשט ביז ס׳וועט דאָרט הענגען אַ שלאָס אויף די טירן.

האָט ער מיר אָנגעזאָגט צו טאָן עס פאַר אייך באַצייטנס... אַט איז עס!...
ס׳זעט אויס צו זיין פון דיין טאַטנס היים. שלום!

— שלום וברכה, און אַ דאַנק, אבנר.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ זייטיגער הויז־וואַנט, האָט מיט נייגער באַ־טראַכט אַ ווײלע דעם גרוי־בלויען קאָנווערט און האָט עס גענומען אויפרייסן מיט זשעדנע פינגער. תמרה האָט אָנגעכאַפּט זיין האַנט:

— גישט איצט, אביגדור.

— וואָס מיינסטו?... — האָט ער איר פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

זי איז געשטאַנען באַוועגלאָז, איר פּנים אויסגעלאָשן, איר בליק שטאַר.

— איך בעט דיר, ניט איצט.

— ס׳איז פון דערהיים, תמרה, ס׳איז אפשר... ס׳קאָן זיין אַז... ווער וויסט ווען כ׳וועל ווידער... — האָט ער אַרויסגעשטאַמלט און האָט ניט געקאָנט באַגרייפן די פּלוצלינגדיגע ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען אין תמרהן, איר אויסערגעוויינטלעכן באַנעם.

— כ׳פאַרשטיי. אָבער— ניט איצט. שפּעטער אפשר. — איז זי באַשטאַנען — פאָלג מיר: בעסער נ י ט...

— מעג איך וויסן פאַרוואָס?

תמרהס פּנים האָט אויפגעלויכטן. אירע אויגן האָבן זיך אויסגעווייכט. אירע ליפּן זיינען פאַרגאַנגען אין אַ דורכזיכטיגן שמייכל:

— ווייל ס׳איז צו־שיין דרויסן...

אביגדור האָט געשוויגן. ער האָט נאָכאַמאָל באַטאַפּט דעם קאָנווערט און, מיט קינדישער נאָכגעביגקייט, האָט ער עס אַריינגעלייגט אין בוזעם־קעשענע.

— אַט אַזוי ביסטו אַ וואויל אינגל. — האָט זי זיך ווייך אַ טוליע געטאָן צו אים.

אביגדור האָט מיט כלומרשטן תרעומות אַראָפּגעקוקט צו איר:

— אָסור אויב איך ווייס פאַרוואָס דו פירסט ביי מיר אַלץ אויס; פאַרוואָס איך גיב דיר אַזוי נאָך...

— ווייל איך בין אַ בת־יחידה ביי מיין טאַטע־מאַמע...

— צחצח נעלים! צחצח נעלים! יבוא, אדון![1] — האָבן עטלעכע שטיוול־פּוצער ביי דער זייט פון טראָטואַר אויסגערופן אויף איין מאָל און צוגע־קלאַפּט מיט די פוץ־באַרשטן אויף די פוס־קעסטלעך — אחד מעטאַליק! וואַחאַד עשיריה![2]

אביגדור האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע אָפּגעטראָגענע שיך, אויף די

---

1. שיך פּוצן! שיך פּוצן! אַהער, אדון!
2. איין מעטאַליק! איין צען־פּאַראַ־שטיק!

פאַרטריקנטע שטיקער בלאַטע וואָס זיינען געלעגן אויף זיי, און האָט זיך אַ טאָפּ געטאָן ביי דער קעשענע.

— וואָס דענקסטו, תמרה? אַז איך בלייב שוין יאָ אַ היגער, טאָ לאָמיר זיך גאָר לאָזן וואוילגיין און לאָזן זיך אָפּפּוצן די שיך. זיי האָבן כשר פאַרדינט אַז מ׳זאָל זיי אַביסל פאַרשמירן דעם דלות.

תמרה האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די צעפּליאַטשעטע שיך און האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַן ערנסטן אָנשטעל:

— איך גלויב אַז דער שוואוואַקס וועט נאָך האָבן אויף וואָס זיך אָנצוהאַלטן. זע אָבער אַז ער זאָל דיר שוין, פאַר איין גאַנג, אָפּשוואַרצן דעם שפּיץ פינגער, וועלכער שטעקט דאָרט אַרויס...

דער שטיוול־פּוצער האָט מיט פאַרהונגערטן פלייס זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. די קילקייט פון פליסיגן שוואוואַקס האָט דורכגעדרונגען דורכן אָנגעשפּאָלטענעם לעדער. די שוך־באַרשטן האָבן זיך ריטמיש דורכגע־קרייצט איבערן פוס. מיטאַמאָל איז דערדאָזיגער ריטם ווי אויסגעגאַנגען, און די באַרשטן האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן און אָפּשלאָגן אַרום קנאַפּל. אביגדור האָט אַראָפּגעקוקט צום שטיוול־פּוצער. יענער איז געזעסן און האָט מיט שטאַרע אויגן געקוקט אין דער ריכטונג פון „מחנה־יהודה״; זיין געהער איז געווען אָנגעשטרענגט און זיין גאַנצער ווען איז געווען אין פאַרגליווערטע שטיק דערוואַרטונג.

— על רעדיף! האַי אַדזשאַ על רעדיף![1] — האָט ער פּלוצים אויסגע־שריען, איז אויפגעשפּרונגען פון זיין בענקעלע און איז צוגעלאָפן צום ראָג פון טראָטואַר.

אביגדור מיט תמרהן האָבן זיך געשטעלט נעבן אים און האָבן מיטגע־קוקט.

פון אַרויף־גאַס איז אויפגעגאַנגען אַ פאַרטויבטער פויקן־געקלאַפּ און הילכיגע געשרייען פון אַ צעהיצטן המון. באַלד האָט זיך פון דעם ווינקל, וואו די יפור גאַס שלענגלט זיך אַריין אין „מחנה־יהודה״, באַוויזן אַ פילקעפּיגע, צאַפּלדיגע מענטשן־מאַסע. אינדערמיט האָבן אויף לאַנגע שטאַנגען אומגעפלאַ־טערט אין דער הויך רויטע און גריבע פאַנען. די געשרייען פון המון האָבן זיך דערטראָגן כוואַליעסווייז, און צווישן איין געשריי־אויפברויז און דעם צווייטן האָט זיך יעדער מאָל אַלץ דייטלעכער געהערט דאָס ציקלדיג געזאַנג פון דעם רינאַוואי און דער טרעלנדיג־אויסגעצויגענער פייפל־באַגלייט. פאַר־אויס האָבן זיך געטראָגן צוויי אַראַבער מיט צעפלאַמטע פּנימער און בלוט־פאַרלאָפענע אויגן, און האָבן געפאָכעט אין דער לופטן מיט אויסגעבויגענע בלויזע שווערדן. אַ הויך־געוויקסיגער פאַרשוין אין אַ קאָוואַסן־אָנצוג האָט

---

1. דער רעזערוו! אָט קומט דער רעזערוו!

שווער און ריטמיש געדונערט אין אַ האַמעטנער פויק, און די באַטויבנדע אָפּ־קלאַנגען האָבן זיך צעבּרעקלט אין דעם הילכיגן ציטער פון טאַמבורינען און צימבלען. אַרום די הייליגע פאָנען האָט זיך געשלענגלט אַ סאָפּענדיגע מענטשן־קייט, און אין מיטן האָט אַ צעכראַשטשעטער דערווישׁ מיט צוגעמאַכטע אויגן געשפּינט אַ טאַנץ. פון צייט־צו־צייט האָט אַ שאָט אויפגעקנאַלט און איז אָפּ־געענטפערט געוואָרן מיט אויסגעשרייען פון ברוסטיג־טיפע און האַלדזיג־רייסנ־דיגע קולות:

אַללאַ יונסור איל סולטאַן!
אַללאַ יונסור איל סולטאַן![1]

מיט שטורמדיגע פּנימער און מיט הפקרדיגע טריט האָבן זיך, געקייטלט און געפלאָכטן, געטראָגן אין אַ ברויזנדיגן קנויל באַטורבאַנטע, באַרוויסע פעלאַכן, רייך־געקליידעטע מעדאַניע, פעט־פּנימדיגע, גוידערדיגע נוצרים, איי־ראָפּעאיש־געקליידעטע, יום־טובדיג־פאַרפּוצטע ספרדים, אויסגעמאָגערטע, אָפּ־געריסענע מוגראַבים, און קורצשטערנדיגע, שווערברעמיגע אַרמענער —

אַללאַ יאַקבאַר איל סולטאַן!
אַללאַ יאַקבאַר איל סולטאַן![2]

פון עקסטאַז מיטגעריסן, פאַרכאַפּט, מיט פאַרריסענע אָרעמס,ווירבלענדיג און שאַלנדיג, האָט זיך אין דעם געדראַנג פון דער גאַס געטראָגן, אונטער אַ רויטער חופּה פון פאַרשידנאַרטיגע פּעזן, דער ערשטער רעדיף פון דעם ירושלימער סאַנדזשאַק —

נאַכנאַ וולאַד איל סולטאַן![3]
אַללאַ יונסור איל סולטאַן!...

אביגדור האָט מיט אַ קלאַפּנדיג האַרץ און מיט צערודערטע אויגן נאָכ־געקוקט דער פּילפּאַרביגער, רעשיגער פּראָצעסיע.

— ס'אַר אַן עקסטאַז! ס'אַר אַ דורכאויסיגע התפשטות! — האָט ער, פאַרטראַכט, זיך אָנגערופן צו תמרהן.

— איך וואונדער זיך נאָר פון וואַנען דאָס נעמט זיך; צי האָבן זיי אַ פאַרוואָס ביי דעם...

— דאָס איז לחלוטין ניט וויכטיג! — האָט איר אביגדור איבערגעשלאָגן — זאָל עס זיין דערפאַר ווייל זיי גלויבן אין דעם געטלעכן כוח פון סולטאַן; זאָל עס זיין אַז זיי זיינען מיטגעריסן געוואָרן פון עפּעס אַנדערש; פאַר מיר איז וויכטיג וואָס מענטשן קאָנען גיין אַזוי זינגענדיג אַנטקעגן טויט... ס'ליגט

1. אַללאַ זאָל באַשיצן דעם סולטאַן!
2. אַללאַ זאָל דערהויבן דעם סולטאַן!
3. מיר זיינען די קינדער פון סולטאַן!

עפּעס געהויבענעס, מסירת־נפשדיגעס אין דעם און— ס׳דערמאָנט אָן עפּעס. דער פאַרגלייך איז אפשר אַ ווייטער, אָבער ס׳דערמאָנט...

— יבוא, אדון — האָט ער דערהערט הינטער זיך דעם רוף פון דעם שטיוול־פּוצער.

ער האָט ווידער אַרויפגעשטעלט די פוס אויפן פוץ־קעסטל. דער אורפאַליער שטיוול־פּוצער האָט מעכאַניש באַוועגט מיט די באַרשטן און זיינע בליקן זיינען נאָך געהאַנגען אויף די פאַרשווינדנדיגע רעשטלעך פון דער פאַרבייגעגאַנגע־נער מחנה אַראַפּ־גאַס.

— מאָרגן, יאַ׳אדון; — האָט ער אַ זאָג געטאָן אין זיין פּאַראַראַבישטן העברעאיש און׳ט אויפגעהויבן זיין טונקל־הויטיגן פנים צו אביגדורן — מאָרגן...

— און וואָס וועט זיין? — איז אביגדור נייגעריג געווען צו וויסן.

— ס׳וועט קומען מאָרגן און איכ׳ל זיין אויס באַשבוזוק[1] און וועל זיך אָנטאָן אַסקאַרי[2] — האָט דער אורפאַלי אָפּגעענטפערט און האָט זיך דערביי געטאָן אַ גלעט אַרויף די פּעך־שוואַרצע וואָנצן מיט אַ ווירדיגן אָנשטעל.

— מ׳האָט דיר שוין גערופן? — האָט תמרה געפרעגט.

— נאָך געדאַרפט זיך מעלדן הייַנט, מיט די־אַ. האָב זיך באַדענקט: נאָך אַרויסגיין איינמאָל מיטן קעסטל אויפן מאַרק; אפשר ׳עט השם־יתברך געבן זיין ברכה און וועל אַהיים־ברענגען עטלעכע גרוש[3] פאַר דער ווייב מיט די קינדער. די אָרימע, אַללאַ יסאַאַדאַם!...[4] אדון איז אַ מאַסקאָפי, אמת?

— פון וואַנען דריינסטו עס?

— אַ, אַלע מאַסקאָפּים — כ׳מיין, אַלע בני־ישראל וואָס קומען פון דעם מאַסקאָפּים שטעט — זיי קאָנען לשון־הקודש זייער גוט — טוב מאד!

— איצט אָבער בין איך שוין אַ אַסמאַנלי[5], ווי דו. — האָט אביגדור אַ זאָג געטאָן מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל.

— אַה, האַדאַ אַכסאַן מאַאַליום![6] — האָט דער אורפאַלי צופרידן אַ סמאַקע געטאָן מיט דער צונג — אדון ׳עט ניט דאַרפן גיין אין דעם פּרעה־לאַנד; ׳עט בלייבן מיט כל־ישראל אין ירושלים עיר הקודש. און זאָל דעם אדונס האַרץ זיך ניט שרעקן: ס׳וועט, אינשאַללאַ[7], קומען דזשאַמאַל פּאַשאַ פון שאַאַם[8]

1. ציווילער.
2. זעלנער, מיליטעריש.
3. פּיאַסטער.
4. גאָט זאָל זיי העלפן!
5. אָטאָמאַנער.
6. אַזוי איז בעסער! געווים בעסער אַזוי!
7. אם ירצה השם.
8. דמשק.

מיט זיינע דרייסיג טויזנט אַסקאַרים — גבורים איינס אין איינס! — און וועלן מיטברענגען דעם עסטרייכערס קוילן־וואָרפערס, און וועלן פאַרטרייבן די אַנגליזים — דינוס קאַלב![1] — פון די גרעניצן פון מצרים, וועט זיי אויס־שעכטן ווי די רינדער, ושלום על ישראל!... — האָט ער אויסגעלאָזט מיט נצחון.

אביגדור האָט אים אַריינגעשטעקט אַ פּיאַסטער־שטיק אין האַנט:

— האַלט פאַר זיך די רעשטע. אַ אידיע[2] פאַר דיין אָוועקגיין אין אַסקאַריע.

— תודה, יאַ'אדון! — האָט דער אורפאַלי צוגעטראָגן די פאַרלייגטע האַנט מיט דער מטבע צום שטערן — זאָל אַללאַ פאַרמערן דיין רייכטום און די רייכטימער פון דער סידט[3]!...

— אָט אַזוי, — האָט אביגדור אין אַ ווײַלע אַרום פאַרטראַכט אַרויסגערעדט, ווי ער וואָלט פאַר זיך אַליין דערצויגן אַ געדאַנק — אָן טענות, אָן תרעומות, פאַרלאָזט אַ מענטש זיינע נאָנטסטע, זיינע ליבסטע, זיין היים, און גייט. אַ ווייב, אַ קינד — דאָס אַלץ ווערט בשעת־מעשה פאַרשטויסן אין הינטערגרונט, ווען דער רוף קומט. און אַ וועלט האַלט עס פאַר רעכט... עס מוז דאָך זיין אַ מין דערביי...

תמרה האָט אויף אים געוואָרפן אַ באַזאַכטן בליק און איז געגאַנגען שווייגנ־דיג ביי זיין זייט.

דער שטאָט־זייגער איבערן יפור טויער האָט אויסגעשלאָגן די שעה פון טאָג.

— ס'איז שוין צוויי אַזייגער! — האָט זיך אביגדור אַ כאַפּ געטאָן — צו־שפּעט פאַרן מיטאָג־מאָלצייט אין מטבח. כייקל 'עט שוין אודאי אויסבעטלען פון מיינטוועגן אַ פּאַרציע ברויט מיט טכינע פון דער גברת אשכנזי, און'ט ניט ווויסן וואו איך בין אַהינגעקומען. דו מוזט געוויס זיין הונגעריג, תמרה.

— כ'גלויב אַז כ'וואָלט געקאָנט עפּעס נעמען אין מויל אַריין. קום לאָמיר אַריינגיין ערגעץ איבערבייסן.

אביגדור האָט זיך בגנבה געגריבלט אין קעשענע. תמרה האָט עס באַמערקט.

— זוך ניט. — האָט זי אַ זאָג געטאָן, ניט קוקנדיג אין זיין ריכטונג — איך ווייס וויפל דו האָסט ניט. א י ך טראַקטיר דאָסמאָל.

— ס'איז אָבער ניט רעכט... ס'איז... נאָך אַלעמען ביסטו דאָ אַ גאַסט... ווי...

— גענוג געטענהט! ראשית, האָב איך פיינט אָט די הינטישע שטיק — אָט דעם דאַמע־קאַוואַליער־עטיקעט. מיר זיינען דאָך אייגענע מענטשן. און שנית, בין איך שוין דאָ אויס גאַסט.

---

1. זייער הינטעשער גלויבן!
2. מתנה.
3. דאַמע.

— וואָס מיינסטו?

— גאָרניט. דו'סט אויסגעפינען. לאָמיר צוערשט עפּעס עסן.

---

— ... יאָ, אַזוי איז עס: איך בלייב אַ היגע. — האָט תמרה פאַרגעזעצט, ווען זיי זיינען געזעסן ביי אַ טישל אין אַ ווינקל פון שפּייז־הויז — פאַרשטייסט, די באָבע מיינע איז אַפילו אַביסל בעסער, אָבער זי איז נאָך אַ חולה. דער דאָקטער זאָגט, אַז די נירן זיינען ביי איר אָנגעגריפן. זי וועט נאָך מוזן בלייבן אַ געוויסע צייט אין שפּיטאָל. דער טאַטע מוז זיין צוריק ביי דער ווירטשאַפט אין דער קאָלאָניע. אַן עלטערע פרוי — ווי אַ זאַך מאַכט זיך — אַליין לאָזן איר דאָ קאָן מען ניט. און אפשר ביסטו אויך אַביסל שולדיג אין דעם. וואָס איז די נפקא־מינה, די באָבע, צי דו? — איך בלייב דאָ.

אביגדור האָט זיך בלינד אַ צי געטאָן צו איר —

— תמרה!... — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם — זאָל איך מיינע אויערן גלויבן?!

— אָ, ווער ניט צו־סענטימענטאַל, בחורל. ס'וועט זיין גענוג צייט אויף אַזוינע זאַכן. וועסט נאָך מיר האָבן גענוג אַרום דיר.

— דו באַגרייפסט אָבער ניט וואָס דיין איצטיגער בלייבן דאָ מיינט פאַר מיר. ערשטנס, וועט עס מיר איינשפּאָרן די טרחה פון בריוו־שרייבן. דו ווייסט ווי פויל איך בין אויף אַזוינע זאַכן... און מיט דיר דאָ, וועט אַלץ זיין אַנדערש. מיט דיר אַרום איז שטענדיג אַנדערש. עס איז עפּעס אַזוי גרינג צו אַנטשליסן זיך אויף אַלץ מיט דיר ביי דער זייט...

— אָ, קוואַטשעריי! איך!... ביסט אויסגעוואַקסן, רייף געוואָרן און האָסט זיך געשטעלט אויף דיינע אייגענע פיס, ווי שאַפּיראָ וואָלט זיך אויסגעדריקט. זוך ניט קיין אויסריידס, פלעכט מיר ניט קיין לאָרבער־קראַנצן — ס'איז איבעריג. נאָר פאַר דער צייט וואָס איך בין דאָ האָב איך זיך צוגעקוקט ווי דו לעבסט, און... ס'דאַרף ניט זיין אַזוי, אביגדור. ניין, ניט דו.

— כ'לעב ווי די אַלע אַנדערע אין מיין שטאַנד. איך בין ניט דער אויסנאַם, ניט דער איינציגער.

— פאַר ווערמען ניט, פאַר ווערמען יאָ. נאָר דאָס איז איצט ניט די פראַגע. און איך בין ניט אויסן צו פּיעשטשען דיר, צו נעביכן. איך בין ווייט פון אַזוינע זאַכן. נאָר לאָמיר זיך ניט נאַרן, אביגדור: די צייט ווערט ניט בעסער; דו ביסט נאָך אפשר ניט גענוג פאַרהאַרטעוועט פאַר אַזאַ לעבן; און אפשר בין איך, אין אַ געוויסער מאָס, שולדיג דערין... אָ, וואָס דאַרף איך זיך דאָ פאַר דיר פאַרענטפערן?! איך בלייב אין ירושלים און חסל!

— איך שטעל מיך פאַר, — האָט ער פאַרטראַכט אַרויסגערעדט — אַז עס זיינען דאָ ווערטער, וועלכע וואָלטן געקאָנט אויסדריקן מיין דאַנקבאַרקייט צו

דיר. און וואָלסטו געוועזן אימעצער אַנדערש, וואָלט איך אפשר דידאָזיגע ווערטער געפונען אין זיך. ביסטו אָבער ד וּ — דורכאויס ד וּ — אַ הדסל, און אפשר עפעס מער; און מיט דיר גייען די פוילע שטיק ניט אָן... תמרה! עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן צו טאָן די געוואונשטע זאַך אין דער געוואונשטער צייט. דו ביסט איינע פון די געבענשטע... מיט זיי — מיט אַזויפיל חברים — אַוועק, מיט שאַפיראָן ניט מער דאָ, וועט בלייבן אַ גרויסע ליידיגקייט אויסצופילן. און פאַר מיר איז הפנים געבליבן צו טאָן איין זאַך: בעטן גאָט אַז די אַלטיטשקע באָבע זאָל אַזוי שנעל ניט געזונט ווערן... ס'איז גרויזאַם — אפילו אין שפּאַס — אַרויסצוברענגען אַזאַ זאַך אויף די ליפּן וועגן אַ מענטשן וועלכן מ'האָט באמת ליב...

— כ'ווייס ניט אויב די באָבע איז די אמתע אורזאַך פון מיין בלייבן דאָ. איך בין אפשר ניט אַזאַ מלאך, ווי דו מאָלסט זיך. ס'איז אפשר אין דעם פאַראַן ניט מער ווי אַ זעלבסטזוכטיגער מאָטיוו: צופרידנשטעלן דעם איי־גענעם באַגער, דעם אייגענעם קאַפּריז — וואָס דו וואָלסט געזאָגט: שטילן די אייגענע בענקשאַפט. אָט, למשל, בין איך היינט געגן דיר אַליין באַגאַנגען אַ שטיקל אכזריות: דאָס ניט לאָזן דיר עפענען דעם בריוו, וועלכן דו ביסט אַזוי גערן געווען צו לייענען. ס'איז ניט געווען אַבי אַ קאַפּריז, אַבי אַן עקשנות. נאָר איך האָב ליב צו זען דיר אַ דערהויבענעם, אַ באַגייסטערטן — אָט דעם אביגדורן וועלכן איך האָב שטענדיג געגאַרט צו זען און ווי איך האָב אים נעזען נעכטן אָוונט. דער בריוו וואָלט צעריסן די געהויבענע שטימונג. רוף עס אָן וואָס דו ווילסט. איך בין ניט געגייגט צו גריבלען זיך, צו חקרנען. מיר האָבן איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל אָפּגעמאַכט צו זיין אָפנהאַרציג איינער מיטן צווייטן, און איך וועל האַלטן וואָרט. איך פיל אַז מיין פּלאַץ אַצינד איז נעבן דיר. איך ווייס אַז דו נויטיגסט זיך אַצינד אין מיר, נאָר דיר האָט אויסגעפעלט דער מוט דאָס פון מיר צו פאַרלאַנגען. איך האָב עס דערפילט, און איך בין דאָ — מ י ט ד י ר, אביגדור.

— איך און דו, און צווישן אונדז — אַ בלויער חלום... — האָט אביגדור געפּילפּול און לאַנגזאַם אויסגעצויגן די ווערטער אונ'ט אויף אַ רגע די אויגן צוגעמאַכט — און וואָס מער איך קען דיר, אַלץ טיפער איינגעוואָרצלט פיל איך מיר אין ארץ־ישראל... תמרה! דאָס ברויט וואָס איך עס מיט דיר איז מ ע ר ווי ברויט, דאָס וואַסער — מ ע ר ווי אַ געטראַנק. געבענטשט זאָל זיין דער טאָג, וואָס האָט מיר געבראַכט פאַר דעם שוועל פון דיין טיר — די שעה אין וועלכער איך האָב צוערשט דיין בליק אויפגעכאַפּט, און וועלכע האָט באַטרונקען מיט זוניגקייט מיינע טעג!... זאָג, אין וואָס ליגט דיין כוח, תמרה־צויבערן?...

תמרה האָט אים אַ ווײַלע אַנגעקוקט פון אונטער פאַרצויגענע ברעמען און, אויפכאַפּנדיג זיין ליריש־וואַרעמן טאָן, האָט זי באַטאָנט איר ענטפער:

— אויב דו באַשטייסט דערויף, מיין דיכטער־אינגל, וועל איך דיר אויס־זינגען מיין ערדיש ליד און וועל דיר ענטפערן און זאָגן: אין מ י י ן ב אַ ג ע ר צ ו ל ע ב ן! דאָס האָט אין מיר אַנטוויקלט אַ „זעקסטן חוש” פאַר די געזונטע פאַרהוילענע כוחות, וועלכע שפּרודלען אין דער טיפעניש פון לעבן און באַפליגלען אים מיט רייץ און שוואונג. איך האָב ליב דעם חלום, ווייל עס באַפרוכפּערט אונדזער איינבילדונג־קראַפט אויף דער וואָר; איך האָב ליב דאָס זינגענדיג וואָרט, ווייל עס גיט־צו זין און פאַרב צו אונדזער קול, אונדזער געלעכטער; איך האָב ליב שוואונג, ווייל דאָס שלעפּט אונדז אַרויס פון אונדזערע ענגע דלד־אמות. איך האָב אָבער פיינט צו שפּילן זיך מיט ווערטער; איך קאָן מיר ניט לאָזן פאַרפירן פון חלומות; איך נער זיי נאָר ווי בלומען אין מיין ערדישן גאָרטן. ווייל צו־שטאַרק האָב איך ליב ד אָ ס ל ע ב ן אַ ל י י ן — דאָס רויע, דאָס ערדישע, דאָס גאַנצע — דעם באַ־וואוסטזיין פון דער מענטשלעכער רעכט צו געניסן פון דעם אין דער פולער מאָס. און ווען דידאָזיגע באַרעכטיגונג ווערט באַעוולט, בין איך גרייט צו קעמפן פאַר דעם מיט דער שאַרפסטער פאַרבינסקייט. כבוד, אביגדור, איז ניט קיין קינד פון אַ קראַנקער פאַנטאַזיע, ניט קיין אויסגעבלאָזענער אַבס־טראַקט; עס איז ד אָ ס מ ע נ ט ש ל י כ ע ר ע כ ט צ ו ל ע ב ן ז י י ן א י י ג נ אַ ר ט י ג ן ל ע ב ן... און דו זעסט אָפּט ווי עס דערטראָגן זיך אַהער אידן פון אַלע עקן וועלט, באַפּאַנצערט מיט שמות, מיט אויסגעהזרטע פּזמונים און איינגעוואָלקנט אין חלומות, און זיי פאַרגלאָצן די אויגן אין קעלבערנער התפּעלות: „דאָס לאַנד פון די נביאים!”, „דער נבי־אישער הימל!”. זיי פאַרגעסן אָבער, אַז דער נביא איז ניט מער ווי אַן ע ר ־ ד י ש ע ר מענטש, וועלכער פאַרטייטשט גאָטס וואָרט אויף אַן ע ר ד י ־ ש ע ר שפּראַך; אַז נבואה איז אַ חלום, וועלכער מוז זיך צופּאַסן צום ע ר ד י ש ן לעבן. דערפאַר ווען די שטערן־זעער — אָט די אידן פון כולו־ווערטער — שלאָגן זיך אָן אויף דער מינדסטער שטערונג אויף זייער טרוימען־וועג, בלייבן זיי הענגען צווישן הימל און ערד... דו, אביגדור, ביסט געקומען אַהער באַלאָדן מיט אוצרות. דו פאַרמאָגסט שוואונג, פאַרנעם; דיין חלום האָט פליגל — ברייטע, מאַכטיגע פליגל; און דו האָסט, אומבאַוואוסטזיניג און פאַרהוילן, געטראָגן אין זיך אַ טיפע ליבשאַפט צום לעבן, אַן אומגעהויערן חוש פאַר שלמות. דו ביסט אָבער ניט געווען ביכולת אויסצוטייטשן דיינע גייסטיגע ווערטן אין אַזויפיל שטיקער לעבן; אויסצוצייכלן זיי נאָכן האַרצ־שלאָג פון אַ געזונטן, לעבעדיגן אָרגאַניזם. איך האָב עס דערפילט אין דיר, און דערפאַר האָט מיר, גלייך פון אָנהויב, אַזוי געצויגן צו דיר. נעכטן ביסטו געקומען צו דיין פולער אַנטפּלעקונג. אָבער איבער דיר לויערט נאָך די גע־פאַר פון דיינע אייגענע כוחות: דו ביסט נאָך עלול מיטגעריסן צו ווערן פון דיין אייגענעם כוח־הדמיון, צו פאַרטראָגן ווערן פון אייגענעם שוואונג, און

לאַזן די ערד זיך אַרויסגליטשן פון אונטער דיינע פיס... אביגדור! איך בלייב דאָ, ווייל איך פיל אַז מיין פלאַץ איז מיט דיר. איינאיינעם מיינען מיר עפּעס. און ווי האָסטו אָקאָרשט געזאָגט? — „איך און דו, און צווישן אונדז — אַ בלויער חלום״.... אָ, לעזאזל! — האָט זי פּלוצים איבערגעריסן און האָט אַ זופּ געטאָן די קאַווע — זע נאָר ווי איך האָב זיך עס צעלאָזט אויף דער הויכער סטרונע! אַלץ וואָס פעלט, איז פאַר מיר צו וואַרפן זיך אויף דיין האַלדז און שווערן דיר „אונשטערבלעכע, הייסע ליבע״, ווי אין די קוואַטשיגע ראָמאַנען, כאַ־כאַ־כאַ!...

אביגדור איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער אַנטקעגן איר און האָט פון איר די אויגן ניט אַרונטערגענומען. אין דער סומנער באַלויכטונג פון שפּייז־הויז האָבן אירע אויגן געשלאָגן שוואַרצן פייער. איר ווייסע מאַטראָזן־בלוזע מיטן בלויען קאָלנער האָבן שאַרפער אַרויסגעבראַכט די בליענדיגע רויזיגקייט פון אירע באַקן און די בויגזאַמע קאַנטורן פון איר קראַפטיגן האַלדז. ער האָט אָנגענומען דעם געלענק פון איר האַנט און עס ליידנשאַפטלעך געדריקט צווישן זיינע פינגער —

— תמרה, דו זוניג מיידל מיין! ווי פאַרשטענדיג, ווי שיין דאָס לעבן קאָן זיין מיט דיר אין דער מיט!...

# 8

## גלות

ווען זיי זײַנען אַרויסגעקומען אויף דער גאַס, איז דער הימל געווען פֿאַרצויגן גרוי. ס'האָט געטריפֿט אַ פּוילער רעגנדל.

— כ'האָב געזאָלט וויסן אַז ס'וועט הײַנט רעגענען; — האָט אביגדור געזאָגט — ס'איז שוין אַ חוק ולא יעבור: ווען איך פּוץ מיר אָפּ די שיך, מוז עס נעמען פּליוכען.

— אויף ריינע שיך זעט זיך די פֿרישע בלאָטע בעסער אָן...

— און מיר דאַרפֿן נאָך זײַן בײַ אדון שיפּריסן... לאָמיר זיך צואײַלן, תמרה! דײַן טאַטע 'עט שוין אודאי דענקען אַז איך בין אַנטלאָפֿן מיט זײַן בת־יחידה.

— זאָל דאָס דיר ניט קימערן. ער ווייסט, אַז אַזעלכע מציאות כאַפּט מען ניט אויס אין אַ רעגנדיגן טאָג. דער טאַטע האָט זיך ווייניג וואָס צו שרעקן פֿאַר זײַן בת־יחידה: ער קאָן זיך אויף איר פֿאַרלאָזן דורכצושלאָגן איר וועג אַהיים, צו יעדער צײַט — מיטן טראָפּ אויפֿן דורכשלאָגן...

— ס'אַר אַ פֿאַרכמורנעקייט מיטאַמאָל! — האָט אביגדור באַמערקט, אַרויפֿקוקנדיג צום הימל — אָט אַזוי איז זי שוין, אונדזער ליבינקע ארץ־ישראל — אַ בת־יחידקעלע! אָט שײַנט זי אויף מיט זיבן זונען, אָט גייט זי אויס פֿון צער אין וואָלקן. ס'איז נישט צו וויסן וואָס די צווייטע שעה וועט ברענגען. זון, צי שטורעם — שיין איז זי אין איר קאַפּריז!...

— אָבער נאָס ווערן דאַרף מען, פֿונדעסטוועגן, איבער דעם ניט.

— דאָס איז אויך אמת. קום לאָמיר זיך לאָזן דורן רוסישן פּלאַץ און מיר וועלן זיך אײַנשפּאָרן אַ שטיק וועג.

דורכשנײַדנדיג דעם רוסישן פּלאַץ, האָבן זיי זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ צופּעליגן עולם, וועלכער האָט פֿאַרשטעלט דעם דורכגאַנג צווישן דעם גרויסן קלויסטער און דער דרײַגאָרנדיגער געביידע פֿון דעם „מיסיאָן פֿון הייליגן גייסט״. ניט־קוקנדיג אויפֿן דערעסנדיגן טריפֿן פֿון רעגן, איז דער געדראַנג

דאָרט אַנגעשוואָלן מיט יעדן פֿאַרבייגייער. דאָס ערשטע וואָס האָט פֿאַרכאַפּט אביגדורס אויג איז געווען די לאַנגע טאָפּלטע שורה פֿון שוואַרץ־געקליידעטע מאַנאַכן און באַגאַמאַלצעס מיט שפּאַרע הימישע קלומיקעס אין די הענט און אַנגעזאָטלט מיט צענויפֿגעבונדענע פּעקלעך, וועלכע האָבן זיך איבערגעבונדן אין אַ קרייץ איבערן ברוסט. איינער נאָכן אַנדערן, ווי געיאָגטע שאָף, זיינען זיי אויפֿן רוף פֿון טאָלמאַטשער אַרויסגעקומען פֿון דער באַוואַכטער געביידע און האָבן זיך אויסגעשטעלט אין פֿאָרן צווישן די טערקישע זעלנער מיט אַנט־בלויזטע באַיאָנעטן. קעגנאיבער, פֿון דערוווייטן, איז געשטאַנען אַ מענגע נאָנעס און האָבן זיך געווישט די אויגן מיט די עקן פֿון די קאָפּטיכלעך. צווישן עולם האָבן אייניגע אויסגעטיילט פֿרייע אינפֿאָרמאַציע:

— מ׳פֿירט זיי קיין שאַאַם.

— ניין, קיין יסטאַמבול.

— קיין כאַלעב, זאָג איך אייך.

— אינשאַללאַ יקאַטעלוהום איל כאַנאַזיר![1] — האָט אַרויסגעגאָרגלט אַ מגושמדיגער שעיך.

— די נאָנעס אָבער וועלן בלייבן דאָ...

— מאַאַליום,[2] פֿאַר די אָפּיצערן און פֿאַר די דאָקטוירים אין שפּיטאָל.

— און די פּשוטע זעלנער?...

— קוקט נאָר אָן אָט דער יונגיטשקער דאָרטן — האָט אַ יונגער אויס־געטריקנטער מוסלימאַנער געטייטלט מיט אַ קרענקלעכן, קנאָכיגן פֿינגער אויף איינער פֿון די נאָנעס און האָט איר דורכגעשפּיזט מיט תאוהדיגע בליקן — קיינער וואָלט אַזאַ פֿון בעט ניט אַרויסגעשליידערט...

— שוויג, דו ממזר — אַ פֿאַנטאָפּל אין דיין טאַטן אַריין! — איז אַ מיטל־יאָריגער גרעק אים באַפֿאַלן מיט רוגזה.

באַלד איז פֿון דער מיסיאָן־געביידע אַרויסגעקומען דער מעטראָפּאָליט אין דער באַגלייטונג פֿון אַ טערקישן אָפּיצער. ער איז געווען אַנגעפּעלצט אין אַ ברייט־אַרבלדיגן רוסישן פּוטער מיט אַ גאָלדענעם צלם אויפֿן האַרצן. צלמענ־דיג זיך, מיט געבויגענע קעפּ, זיינען די נאָנעס צוגעפֿאַלן צו אים און האָבן אים געקושט די האַנט:

— בענטש אונדז, פּאַטערל הייליגער! מיר בלייבן דאָ אומבאַשיצטע צו וואָכן איבער גאָטס הויז...

— דער אָפּיצער האָט זיי איינציגווייז אָפּגעשטויסן און פֿאַרטריבן צו דער וואַנט —

— האַידע, האַידע! געט סענע! טראָגט זיך אָפּ פֿון דאַנען!

1. הלואי זאָל מען זיי אויסקוילענען, די חזרים!
2. אודאי.

מיט רוגזהדיגע טריט האָט ער דורכגעשפּרייזט צווישן די אויסגעמושטירטע רייען, ט׳געליאַרעמט און געשריען אויף די זעלנער און אויף די באַוואַכטע. די געפאַנגענע מאַנאַכן האָבן אויף אים געקוקט מיט צעשראָקענע אויגן.

— זאָלן זיי אויך אַמאָל פאַרזוכן דעם טעם פון געטריבן צו ווערן; — האָט תמרה אַ זאָג געטאָן מיט קאַלטער פאַרביסנקייט — זאָלן זיי אַליין אויך דערפילן וואָס עס מיינט דערנידעריגט צו ווערן...

דער אָפיצער האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— סאַלאַ דון![1]

די גאַנצע מחנה האָט זיך אומגעלומפּערט אויסגעדרייט צום טויער־צו און האָט זיך גענומען באַוועגן, שאַרנדיק מיט די שווערע טשאַבאַטעס. מיטאַמאָל האָט זיך אַן אַלטער מאַנאַך אָפּגעריסן פון דער מחנה, איז צוגעלאָפן צום קלויסטער און האָט גענומען לײדנשאַפטלעך קושן די שטיינער פון שוועל:

— נאָך איין מאָל כאָטש קושן אייך, איר שטיינער הייליגע! — ווענט פון גאָטס דערוויילטן פּאַלאַץ... — האָבן זיינע אַלטע ליפּן פרום אויסגעציטערט.

דער טשאַוואַיש איז מיט רציחה צוגעלאָפן צו אים און האָט אים היגטער־אַרום אַ האַפטיגן זעץ געטאָן מיטן פוס, אַז דער אַלטער מאַנאַך האָט זיך איבער־געקוליט און אָנגעשטויסן מיטן קאָפּ אָן די שטיינער פון דער וואַנט און איז געבליבן ליגן אַ געפּלעפּטער.

— קעיפּעק סענע! גאַאור כאַיוואַן![2] — האָט דער צעיושעטער טשאַוואַיש געהירזשעט און האָט געדראָשן דעם אַלטן זאַק ביינער מיט די פיס און מיט דער קאָלבע פון ביקס.

אַ גוואַלד־געשריי האָט אויפגעפּלאַצט פון צווישן די נאָנעס:

— אוביאַט יעהא! ראַבאַ באַזשעווע אוביאַט![3] הייליגע אין הימל, באַמיט זיך פאַר אים!...

און מיט פאַרבראָכענע הענט און מיט אויסגעשטרעקטע, ציטערדיגע אָרעמס זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן אַרום, ווי אַ טשאַטע קראָען, און זיינען געבליבן שטיין פון דערוויטן פאַרגליווערט פון שרעק, ווי אַ פאַרהוילענע וואַנט וואָלט זיי אָפּגעהאַלטן פון דערנעגטערן זיך צו דער מחיצה פון פייניגער...

אַ צעבלוטיגטער, אַ צעביילטער, די ווייסע באָרד און ס׳פּנים אויסגע־שמירט מיט בלוט און בלאָטע, האָט דער אַלטיטשקער זיך ענדלעך אויפגע־הויבן און האָט זיך אַריינגעשלייכט אין דער רייע. ביים קלויסטער־שוועל האָט דער רעגן געוואַשן די פרישע בלוט־פלעקן.

אביגדור איז געשטאַנען באַוועגלאָז און האָט מיט שטאַרע, צוגעשמידטע

1. זיך ווענדן לינקס!
2. הונט איינער! אומגלויביגער! חיה!
3. ער וועט אים דערהרגענען! גאָטס קנעכט וועט ער דערהרגענען!

בליקן נאָכגעפֿאָלגט דער שוואַרצער מחנה ביז איר לעצטער שאָטן איז פֿאַרשוואונדן, ביז דער לעצטער שאָרך פֿון טריט איז פֿאַרגאַנגען. אַ פֿײַנלעכקייט האָט אים אַ דריק געטאָן ביים האַרצן. דער כעס, וואָס ער האָט ביז איצט געטראָגן אויף די, וועמען שוואַרצע מענגע האָט דאָ פֿאַרטראָטן, האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוועפּט אין אים; דער גאַנצער צאָרן און האַס, וועלכע האָבן פֿאַריאָרן־לאַנג זיך אָנגעקליבן און געגיהמנומט אין זיין בלוט, האָבן מיטן פֿאַרשווינדן פֿון דער מחנה, זיך ווי אויסגעלאָשן —

— ג ל ו ת... — האָט ער שטיל אַרויסגעפֿליסטערט — אַ מ ח נ ה, אַ פֿ אָ ל ק, ג י י ט א י ן ג ל ו ת...

תמרה האָט אים דערשטוינט אָנגעקוקט.

— עס איז צו שטוינען — האָט זי זיך אָפּגערופֿן מיט געצוימטן פֿאַרדרוס — ווי שנעל מיר אידן קאָנען פֿאַרגעסן אונדזער אייגענע באַליידיגונג! ווי לייכט מיר קאָנען פֿאַרגעבן אונדזער אייגן פֿאַרגאָסן בלוט!...

# 9

## אפשר —

שפעט אין אָוונט, ווען אביגדור איז צוריקגעקומען צו זיך אין צימער, האָט ער געפונען אונטערן לעמפל אַ צונויפגעלייגט זייטל פּאַפּיר. ער האָט עס פאַנאַנדערגעוויקלט און איבערגעלייענט:

„דוכס טייערער!

„איך לאָז זיך אַצינד מיט אַ כאָליאַסטרע תלמידים קיין יפו — צופוס, פאַרשטייט זיך. אַ שאָד וואָס איך האָב דיר ניט געקאָנט זען פאַרן אַוועקגיין. און אפשר איז עס בעסער אַזוי...

„דעם שטרוי־זאַק האָט כייקל אָפּגעירשנט. די ביכער האָב איך איבערגעלאָזט ביי אדון שיפּריסן אין קעלער (מיר דאַרפן אויך קיי־ען...) איך נעם־מיט מיט זיך נאָר אַזויפיל פון די נויטיגסטע חפצים (און דיין תנ״כל אויך בתוכם), וויפל איך בין געווען בכוח אַריינצו־שטופן אין מיין רוקזאַק און ער זאָל ניט צעפּלאַצט ווערן. די „פּריי־מוס״־מאַשינקע לאָז איך איבער אויף דיין השגחה. זי ברענט מיט רוח־הקודש, און דיר איז דער סוד באַוואוסט. אפשר ׳עסטו נאָך אַמאָל זוכה זיין אויפצוזידן אויף איר הייליגן פייער א מ ר ת ן טיי — דערמאָן דאַן דאַמאָלסט צום גוטן דיין פאַרעקשנטן חבר

ק ל מ ן ש אַ פּ י ר אָ.

„נ. ב.

„גריס די חברה. זאָג זיי, אַז איך בין מיט זיי אין גייסט וואו מיין גורל זאָל מיר ניט פאַרטראָגן. זאָג שלום אין מיין נאָמען צו תמרהן. כ׳וואָלט אפשר אין דעם איצטיגן מאָמענט אויך געווען אַזוי קלוג ווי דו, ווען איך האָב דיין מזל...

„פאַרגיב מיר אויב איך האָב זיך באַנאַרישט.

ק. ש.״

אביגדור האָט אָפּהענדיג אַרויסגעלאָזט ס׳שטיקל פּאַפּיר פון האַנט און האָט זיך אומגעקוקט איבערן צימער.

ליידיג. ביים זייט איז געשטאַנען שאַפּיראָס אייזערנע בעטל — אַ הוילע, ווי אַן אַרומגעריזשעטער סקעלעט, מיט אויסגעקרימטע, דינע פיס. פון אונטער

דער בעטל האָט אַרויסגעקוקט דער פֿאַררויכערטער טשאַיניק און די פֿאַרחושכטע „פּרימוס״־מאַשינקע, אַרום וועלכער שאַפּיראָ פֿלעגט זיך אַזוי פֿאַרמוחט אומפֿאָרען שעהן לאַנג אַרויסצונאַרן פֿון איר אַביסל וואַרעמקייט פֿאַר די „געקעכצן״. אָפּגענאַרט די מאַשינקע, אָפּגענאַרט דעם מאָגן, דעם הונגער... איצט איז זי געשטאַנען דאָרט, ווי אַ פֿאַרגעסענער הונט וואַרטנדיק אויף זיין בעל־הבית, וועלכער וועט שוין אפשר קיינמאָל ניט צוריקקומען. איבערן צימער איז געהאַנגען אַן אומעט, ווי מ׳וואָלט פֿון דאָרט אַקאָרשט אַ מת אַרויסגעטראָגן. דער פֿאַרגלייך איז אביגדורן אַליין אויסגעקומען אַביסל איבערטריבן; אָבער עס האָט זיך פֿאָרט געפֿילט אַז עפּעס איז דאָרט אָפּגעשטאָרבן צווישן די פֿיר ווענט; אַז עפּעס פֿעלט דאָרט; און עפּעס האָט דאָרט ס׳פֿעלנדיגע איבערגעלאָזט וואָס לאָזט די שטילקייט ניט איינרוען, וואָס גיט־צו קול — כמעט געשריי — צו דער שטומער איינזאַמקייט פֿון צימער.

צוערשט זיינען זיי דאָ צוויי געווען: ער און שאַפּיראָ. דערנאָך איז צוגעקומען אַ דריטער — חיימקע בערמאַן; און צוגלייך מיט אים האָט זיך דאָ פֿאַרקליבן נאָך אַ שכן: די גרויע נויט. הונגער־טעג. ער מיט שאַפּיראָן האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן: אין אָנהויב — זיך געראַנגלט, דערנאָך — געמיט זיך אַליין צו פֿאַרשרייען, פֿאַרטומלען. ער האָט געלייענט — אַ סך געלייענט. „האָט געאַרבעט אויף זיך״. ער האָט זיך גרינטלעכער באַקאָנט מיט די קלאַסיקער פֿון דער וועלט־ליטעראַטור און האָט געשריבן לידער. אין די לידער האָט אדון שיפּריס געפֿונען „ניצוצות״ פֿון רייפֿן טאַלאַנט און האָט זיי געלאָזט פֿאַרעפֿנטלעכן. שאַפּיראָ האָט זיך געגריבלט אין דער פֿילאָזאָפֿיע פֿון מיטלאַלטער. „דער מוח פֿילט זיך מער געליטערט און איז מסוגל בעסער אויפֿצוכאַפּן אַזוינע ענינים, ווען דער מאָגן איז ליידיג״ — פֿלעגט ער זאָגן. זיי פֿלעגן זיך ביידע אַריינלאָזן אין לאַנגע ויכוחים איבער שאַפּיראָס נייער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אָרדענונג, וואָס ער, שאַפּיראָ, האָט לכתחילה אויפֿגעפּאַסט אין שפּאָס, לשם צייט־פֿאַרטרייב, און מיט דעם וואַקסן פֿון דער נויט איז עס ביי אים פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קרענקלעכן ערנסט. ער האָט שוין אפילו אָנגעהויבן צו „פֿאַראייביגן״ זיין טעאָריע אויפֿן פּאַפּיר.

— פֿאַרשטייסט? וויבאַלד נאָר ברויט וועט זיין די באַרעכטיגונג פֿון יעדן איינציגן, וועט זיין הפקר ווי די ליכט פֿון טאָג, ווי די לופֿט צום אָטעמען — וועט דער מענטשן־זון דערהויבן ווערן פֿון זיין שפּלותדיגן מצב און וועט זיך קאָנען אָפּגעבן מיט שענערע, מיט העכערע ענינים אין לעבן. אָט נעם, למשל, חיות און בהמות און אַלע אַנדערע „נידעריגערע באַשעפֿענישן״ — זיי, זעסטו, האָט די מאַמע־נאַטור איינגעשפּאָרט דעמדאָזיגן פּיין: זיי, אַז דער הונגער דריקט, זיינען זיי נהנה פֿון זייער נאַטירלעכער רעכט — פֿון דער שפּע פֿון הפקר; נאָר דער מענטש — „דער בחיר היצירה״ — ער איז נאָך פֿאַרשאָלטן און פֿאַרמשפּט צו פֿאַרשווענדן ניין־צענטל פֿון זיין ענערגיע, מוז מקריב זיין זיינע בעסטע כוחות, אין זוכעניש פֿון ברויט...

אָפּט — ווען דער הונגער האָט געפּייניגט ביז ווייטאָג; ווען דער קאָפּ פלעגט ווערן בלייאיג, טעמפּ; דער מויל פלעגט איבערלויפן מיט זויערער סלינע — פלעגן זיי ביידע זיך אויסציען איבער דער לענג פון בעטל, איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן, און קוקן שווייגנדיג אויף דער גרויער סטעליע. שאַפּיראָ פלעגט רעצעטירן מאָנאָלאָגן פון געשפּילטע פּיעסן, פלעגט דעקלאַמירן פון זיינע באַליבטע רוסישע דיכטער — נאַדסאָן, לערמאָנטאָוו, מערעזשקאָווסקי. לסוף פלעגט אַוועקגיין צווישן זייביידן אַ געשטייער אין דערגרייכן די סטעליע מיט אַ שפּיי אַרויף... און אַזוי האָבן זיך געצויגן שעהן אויסגעזויגענע, פאַרחלשטע, נעכט ברענענדיגע, אויסגעמאַטערטע, אין לעכצונג נאָך רו, נאָך פאַרגעסנקייט אָן הונגער. מ'האָט זיך פאַרזונגען, פאַררעדט, אָפּגעחוזקט פון דער אייגענער אומבאַהאָלפנקייט, אָפּגענאַרט דעם מאָגן מיט מאַראַנצן־געקעכץ און—— געשעמט זיך אונטערצוגעבן.

שלעכט איז אָבער געווען מיט חיימקען. לעצטנס האָט דאָס נאָכאַנאַנדיגע פיבערן געמאַכט א תל פון דעם אינגל. אָן אויסגעגעלטער, אַ פאַרטויבטער פון די האַרבע פאַרציעס כיניך, פלעגט ער זיצן אויף זיין געלעגער און קוקן מיט זיינע איינגעגראָבענע אויגן און פלעגט זיך אַלע ווילע ענגער פאַרציען דעם פאַסעק אַרום בויך. די אומבאַהאָלפנקייט פון אַ פאַרהונגערט קינד האָט אַרויסגעקוקט פון זיין וואַרטנדיגן בליק. און ווען איבערן צימער פלעגן זיך אויסלייגן די ערשטע אָוונט־שאָטנס, פלעגט ער איינגראָבן ס'פּנים אין קישן, די אויסגעמאָגערטע אַקסלען זיינע פלעגן צוקן און אַ פאַרשטיקטער שלוכצן פלעגט זיך דערטראָגן פון זיין ווינקל. גאָט! ס'אַר אַ רחמנות, ס'אַר אַ צער, ס'האָט אַראָפּגעווייִנט פון אים! שאַפּיראָ פלעגט דאַמאָלט אַנשוויגן ווערן, און ווי אַ שולדיגער פלעגט ער זיך נעמען צו דער מאַשינקע מיטן טשאַיניק... אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז ער מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן צוגעקומען צו אים מיט שאַפּיראָן: „חברים, איך קאָן ניט מער!... איך ווייס—— אָבער איך קאָן ניט..." און האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו ווייטע קרובים, ערגעץ אַרום צפת. און זיי זיינען ווידער געבליבן צוויי. אַצינד איז שאַפּיראָ אויך אַוועק — אָן אַנדער אַוועקגיין — און געבליבן זיינען נאָר די שפּייעכץ־פלעקן אויף דער סטעליע און די לײדיגקייט צווישן די ווענט...

ער האָט זיך געטאָן אַ ריב־אויס די אויגן, האָט אַרויסגענומען פון קעשענע דעם טאַטנס בריוו און האָט עס נאָכאַמאָל איבערגעלייענט.

דעם טאַטנס מלאכים־כתב. קלייניגקע, פערלדיגע אותעלעך. אויסגעבויגענע, פאַרטראַכטע שורות. קורצע פקחותדיגע זאַצן, וועלכע זאָגן אַזויפיל ניט־דערזאָגטערהייד:

„— — — און הדסל, ווי דו ווייסט, איז נאָך אין וואַרשע. זי וועט מסתמא קומען אָהער מיט די איבעריגע חתונה־לייט וועלכע ציען־אָן פון דאָרט — — — שכרן האָט דער מחותן איינגעלאַדן אויף

ראשי־פּרקים, נאָר איבערן נדן איז דער שידוך צעגאַנגען — — —
לויק איז געפּאָרן זיך זען מיט דער כלה. אים גייט עס ניט אין נדן,
נאָר דער שידוך איז אונדז לעת־עתה זייער ניט לרצון — — —
דאָ גרייט מען זיך שטאַרק צו דער חתונה. דערווייל האַלט עס נאָך
ביי די אויפשפּילנס — — — מיר'ן מסר־מאַ אַלע פּאָרן פון דאַנען
אויף דער שמחה, כאָטש דער יום־החופּה, און דער מקום איז נאָך
ניט אַקוראַט באַשטימט — — — אויך ווייס מען ניט (דיקע שוואַרצע
טינט־פּאַסן פון צענזור) — — — אין שטוב האָבן מיר שוין, אַ דאַנק
גאָט, בודק־ד־זמן געווען און איבערגעקוקט די מזוזות — — — מ'האָט
אַהער אַראָפּגעבראַכט נייע כלי־קודש, און לעצטן ערב־שבת איז דאָ
אַ גרויסע שחיטה אַוועק אין טרפה — — — די מאַמע בענקט נאָך
דיר — בענקט שטאַרק — — — און אפשר ביסטו דאַמאָלט פאָרט
ניט אינגאַנצן אומגערעכט געווען, מיין זון — — —"

פאַרשטעלטע ווערטער. ווערטער וואָס דערציילן פון מורא, פון שיידונג,
פון נויט. קליינינקע, ליכטיגע אותעלעך, וועלכע זאָגן אָפּיר דעם אָנקום פון אַ
שוואַרצער כמאַרע, פון אַ בייזן שטורעם. די אויגן פאַרזינקען צווישן די שורות.
אין די שלייפן דריקט. דער קאָפּ לאָזט זיך אַרונטער נידעריגער, שווערער.
דער טורעם־זייגער איבערן שנעלער יתומים־הויז שלאָגט־אויס דריי — צע־
צויגן, לאַנגווייליג. אין קנויט פון לעמפּל טריקענען די לעצטע טראָפּנס נאַפט.
דער פלעמל צאַנקט, גייט אויס. די ווענט גיבן זיך אַ וואַקל. דער געלעגער
טוט אים אַ ציי צו זיך. די אברים גיבן נאָך. ס'האַרץ קלעמט. אין מוח שוימט.
פאַר די אויגן טראָגן זיך פאַרביי דעם טאַטנס דריבנע שורהלעך . . . „די מאַמע
בענקט . . ." די מאַמע . . . וועגן זיך אַליין זאָגט ער גאָרניט. ער האָט נאָך
זיינס ניט פאַרגעבן. ער פילט זיך נאָך געקרענקט, געטראָפן איבער זיין זונס
ווידערשפּעניגקייט . . . „און אפשר ביסטו דאַמאָלט פאָרט ניט אינגאַנצן אומ־
גערעכט געווען" . . . אפשר . . . ער, דער טאַטע, קאָן נאָך ביי זיך ניט
פּועלן צו זאָגן בפה־מלא אַז ער איז מסכים, און אין יעדן וואָרט זיינעם פילט
זיך זיין פאַרקלעמט געמיט און אַז איצט, מער ווי שטענדיג, וואָלט ער גערן
האָבן אים נעבן זיך. ס'איז אָבער דער טאַטע — דער שטאָלצער, גוטער טאַ־
טע . . . „הדסל איז נאָך אין וואַרשע" . . . ביי דער משפּחה זאָל דאָס הייסן אַז
זי גייט אויף קורסן; אין דער אמתן אָבער גיט זי זיך דאָרט אָפּ מיט דער
באַוועגונג. „עס גייט דאָ אַן אַ פיבערהאַפטיגע באַוועגונג, אַן אינטענסיווע
טעטיגקייט ; די שעה האַלט ביים שלאָגן" — האָט זי געשריבן אין איר לעצטן
בריוו. אַצינד וועט זי מיט דער כוואַליע פון די פאַרטריבענע זיך צוריקקערן
קיין פּילעצנאָווע, צו געפינען די איינגעפונדעוועטע משפּחה־היים אין שאָטן פון
טומל, פון אויפטרייסל, פון אונזיכערקייט. זי, הדסל, וועט דאָרט, אין דער
איצטיגער שעה, אויך ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט : זי, מיט איר אונדער־
שעפּלעכער ענערגיע, וועט אויסנוצן יעדן גונסטיגן מאָמענט פאַר דער פאַר־

ווירקליכונג פון זייער בשותפותדיגן ווייטן חלום. אין דעם טומל פון חורבן וועט זי וועקן יעדן טראָפּן פון פאַרבאָרגענעם כוח און שטעלן אים גרייט צום רוף... און—— די מאַמע בענקט... זי, תמרה, מיט איר „זעקסטן חוש״, האָט דערפילט דעם אינהאַלט פון בריוו, און האָט אים דערפאַר פריער ניט געלאָזט עס איבערלייענען. זי האָט געוואָלט אַז ער זאָל אָנהאַלטן „די געהויבענע שטימונג״. אַ געהויבענע שטימונג — ווען דאָרט לאָקערן אויף אַלץ, וואָס איז אים אַזוי ליב און טייער, די כוחות פון פאַרניכטונג! ווען אין דעם בין־השמשות, וואָס בלוטיגט צווישן זיכערן אומקום און דעם אויסגעטרוימטן אויפגאַנג, ווערן דאָרט זייניגע געשטויסן צום אָפּגרונט פון חורבן! און—— דער רוב בנין ורוב קנין אונדזערער איז נאָך דאָרט... אפשר איז ער פאָרט ניט אינגאַנצן אומגערעכט געווען, שאַפּיראָ... אפשר איז טאַקי אונדזער זיין ד אָ ר ט אין דער איצטיגער שעה אַזוי וויכטיג ווי דער דאָ־בלייבן... אפשר—— ניין! עס איז ניטאָ קיין אפשר! פאַר אים — פאַרן אַלטן רב — פאַר דעם אָרימן שטיוול־פּוצער אויפן ראָג פון טראָטואַר, פאַר די וועלכע האָבן זיך היינט דורכגעטראָגן זינגענדיגע איבער דער גאַס — פאַר די איז ניטאָ קיין אפשר! עס איז דאָ אַ שייכות, רוף, חוב, מוז — אָבער ניט קיין אפשר! מ׳טאָר ניט דערלאָזן קיין ספקות צו פאַרהילכן דעם רוף פון הארץ! „עס איז דאָ נאָר איין וועג אַן אמתער״ — דאָס איז געווען דעם טאַטנס ענטפער דאַמאָלט. דאָס איז דער ענטפער איצט. און דער וועג איז אַן אָנגעצייכנטער, אַ באַשטימטער: זיין דאָ און ד אָ ב אַ ל אַ נ ג ע ן — פאַרבינדן דעם אייגענעם גורל מיטן גורל פון לאַנד, מיטן גורל פון׳ם פאָלקס מאָרגן. דער פּערזענלעכער געפיל מוז איצט פאַרשוויגן ווערן. מ׳דאַרף אַמאָל קאָנען זיין אַן אכזר איבער זיך אַליין! און דאָס האָט זי געזאָגט — תמרה. און זי בלייבט דאָ, זי וועט דאָ זיין. אויפשטיין אינדערפרי און וויסן אַז זי איז דאָ; פילן אַז דערזעלבער מאָרגן וועקטביידן אויף, דיזעלבע נאַכט וויגט ביידן איין... מיט איר אַזוי נאָענט — וויפל זינגענדיגע פאַרנאַכטן, וויפל טרוימען, וויפל לידער! וויפל זיכערקייט אין אירע קילע אָרעמס! וויפל טרייסט אין איר ליכטיגן שמייכל! וויפל רו אין איר בליק!... טרייסט... רו... רו... נאָר פאַרוואָס קומט ניט די רו? פאַרוואָס קומט ניט דער שלאָף? פאַרוואָס קוקן אַזוי מאוימדיג די ווענט, די סטעליע?... ליידיג איז דאָרט ביי דער וואַנט אַנטקעגן און שטיל. און די שטילקייט לאָזט ניט שלאָפן, לאָזט קיין רו ניט צו. ס׳ברענט דאָס לייב אונטערן ווייסן העמד. ס׳צוקן ווייטאָגדיג די שלייפן. און לייכטער ווערט דער קערפּער. שווערער פאַלן־צו די וויעס. אַ בענקשאַפט נאָגט. אַ טרייסט וויגט־איין. ווייט און ווייטער ווערט די היים — די ליבע ווייטע היים. פאַרנעפּלט, גרוי פאַרגייט אַ ווייט־נאָענטע וועלט — אַ נעכטן. הענט ווי וויסע טויבן — תמרהס הענט. מאַרגנס זוניגע. לידער־טרוימען. רו אין שטורעם. אַ לאָרבער־קראַנץ אויף אַ קאָפּ אַ קראַנקן... שלאָף... שלאָף...

# 10

## אונטערן כּלאַסט פון גורל

און עס האָבן זיך אָנגעיאָגט שווערע טעג — טעג אומגעדולדיקע, צערודערטע, טעג פון שטאַרער בויט, פון פּיינלעכער באַרוישונג.

אויפוואָכן פלעגן פרימאָרגנס ניט־דערלייטערטע אונטער ווייטע אָפּ־שאָלן פון טרוימייטערן איבער די בערג פון יהודה. איבער די וועגן וואָס האָבן זיך געצויגן פון צפון פלעגן זיך שלענגלען געל־גרויע מחנות, און מיט טעמפּע, מידע טריט פלעגן זיי זיך דורכשלייכן דורך די גאַסן פון דער הייליגער שטאָט. מחנות שווייגנדיגע, פאַרוואָלקנטע, אָנגעטריבן פון שטורעם פון דער דרעמלענדיגער אַנאַטאָליע, פון די שטויביגע קורדישע סטעפּן. זיי פלעגן אומבראָדיען צווישן די מויערן פון דער אַלטער שטאָט, פלעגן זיך פאַרהאַלטן נעבן קלייטן און שפּיכלערס, האָבן געקוקט אויף אַלץ מיט ברענענדיגן הונ־גער אין די אויגן, און פלעגן זיך אָפּטראָגן צום דרום־גרעניץ, צום מדבר־פראָנט. און מיטן אָנקומען פון די טרופּן האָט זיך איבערן לאַנד צעווילדעוועט די מגפה פון פלעקן־טיפוס.

אויפן באַפעל פון דזשאַמאַל פּאַשאַ איז דער גאַנצער געגנט, פון דן ביז באר־שבע, געשטעלט געוואָרן אין אַ באַלאַגערונג־צושטאַנד. לעבנסמיטלען און מענטשן־שאַטנס פלעגן מאַסנווייז פאַרשווינדן הינטער די באַוואַכטע טויערן פון די מיליטער־אַנשטאַלטן. הונגער, פּלאָג און ניט־דערדרייפטע שרעק האָבן, ווי מיט שוואַרצע אָרעמס, באַצוואונגען די אוראַלטע שטאָט. און שיטערער זיינען געוואָרן די לער־טישן אין סעמינאַר, שיטערער דער לינדזן־זופּ אין מטבח.

די לעצטע נוטראַלע שיפן, וועלכע האָבן באַרירט דעם מזרח־ברעג פון מיטלאַנדישן ים, האָבן מיט זיך אַוועקגעטראָגן אַ גרויסע צאָל פון די, וועלכע זיינען לכתחילה פאַרבליבן אין לאַנד, נאָר אין דער לעצטער מינוט האָט זיי ניט געסטייעט קיין מוט צו אויספירן זייער באַשלוס. צווישן די לעצטע „אַנטרונענע" איז אויך געווען בן־עמיהוד. אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז דער

„הדגל״ ליקווידירט געוואָרן און בן־עמיהוד איז פאַרשוואונדן. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער האָט מיט אַ געפעלשטן פּאַספּאָרט דורכגעשוואַרצט דעם יפור האַפן און איז אַפּגעפאָרן אויף אַן אַמעריקאַנער שיף.

— דער טכויר! — האָט אביגדור מיט פאַראַכטונג אַ זאָג געטאָן, ווען די נייעס האָט, אין אַ מוטנעם אָוונט, געפּלאַצט אין מטבח — נאָך די אַלע תוכחות און זידלעריין וואָס ער האָט אויסגעלאָזט צו די, וועלכע האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד אויס ערלעכקייט צו זיך, האָט ער אַליין געכאַפּט דעם עק צווישן די פיס און איז אויסגערונען, דער שרץ!...

ס'האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן אים פאַרטיידיגט:

— ער האָט דאָס געמוזט טאָן: דזשאַמאַל פּאַשאַ האָט אויף אים געטראָגן אַ האַרץ פאַר זיינע לעצטע לייט־אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט שאַרף קרי־טיקירט די רעגירונג פאַר שליסן די אַנגלאָ־פּאַלעסטינא באַנק און פאַר די פאַר־פאַלגונגען פון די אַרמענער.

— די קאָמאַנדאַטור האָט זיך מיט אים געוואָלט אָפּרעכענען. דער באַפעל צו פאַרמאַכן זיין צייטונג איז געווען דער ערשטער שריט; וואָס מ'וואָלט מיט אים אַליין געטאָן איז ניט צו זאָגן.

— יעדער טאָג — נייע גזרות, נייע פאַרבאָטן, דעקרעטן; ס'רוב גע־מיינט פאַר אונדז. די פאַרשטייער פון'ם נייעם ישוב האָבן הפנים ניט נושא־חן געווען ביים תלינס זון...

— דאָס זיינען אַלץ קאַלטע תירוצים! — האָט זיי אביגדור אָפּגעשלאָגן — ס'איז מלחמה־צייט, און מ'דאַרף וויסן ווען צו האַלטן ס'מויל. מלחמה־געזעצן זיינען געווענדט קעגן איד, קריסט און קורד צוגלייך. עס איז אַ צייט ווען מ'דאַרף נוצן טאַקט, דיפּלאָמאַטיע, שכל, און ניט אַרויסשפּרינגען מיטן שייגעץ! פאַרוואָס האָט די רעגירונג ניט פאַרמאַכט דעם „הדרור״? פאַרוואָס האָט זיך דערזעלבער דזשאַמאַל פּאַשאַ ניט געטשעפּעט צו אדון שיפּריסן, אדון אמתי, דר' מיכלזאָן, אָדער דר' גרינבוימען? זיי האָבן אַ סך מער אויפגעטאָן פאַרן ישוב ווי בן־עמיהוד. דער תירוץ איז: זיי ווייסן זייער פּלאַץ, זיי פאַר־שטייען די צייט און זיי מעסטן ווערטער. זיי האַנדלען ווי מענטשן — מיט אויסגערעכנטקייט, מיט פאַרזוכט, מיט ווירדע. ער אָבער איז שטענדיק געווען אַ ווינטמיל, און די לעצטע האַנדלונג זיינע איז ווייט פון צו זיין פּאַסיק פאַר אַ פאַרשטייער, פאַר אַ פירער און וואָרטזאָגער. אַזוי באַנעמט זיך נאָר אַ היץ־קאָפּ, אַ פייגלינג!

איינציגע פון בן־עמיהודס אָנהענגער האָבן זיך אָנגענומען זיין קריוודע:

— ער איז אַ קראַנקער מענטש; ער מוז האָבן פלעגע.

— ער האָט דאָ ניט געקאָנט פאַרבלייבן: ער אַרבעט איצט אויף אַ גרוי־סער ווערק, פאַר וועלכער ס'איז אומבאַדינגט נויטיק די הילף פון אַן אויסלענ־דישער ביבליאָטעק.

דוכסן האָבן דידאָזיגע דערקלערונגען אויפגערעגט —

— באָבע־מעשות! פֿאַר איבער דרייסיק יאָר צייט זיינען פֿאַר אים די ירושלימער ביבליאָטעקן געווען צופֿרידנשטעלנדיק, נאָר מיטאַמאָל — זינט צוקער און רייז און ווייסער ברויט זיינען ניט בנמצא — האָט זיך דאָ די תורה אויסגעלאָזט! ניט געסטאַיעט מער פֿאַר אים קיין ביכער! אדון שיפּריס האַלט איצט אין פֿאַרענדיקן אַ מאָנומענטאַלע ווערק איבערן רמב״ם — אַ יאָרן־לאַנגע אַרבעט איבער דער קולטור פֿון מיטלאַלטער — און ער האָט ניט געפֿונען פֿאַר נויטיק צו יאָגן זיך איבער גאָר דער וועלט פֿאַר מאַטעריאַל און רעפֿערענצן; דר' ירושלמין האָט נאָך געקלעקט וויסנשאַפֿט אין די גרענעצן פֿון ארץ־ישׂראל פֿאַר זיינע דריי בענדער איבער העכערער מאַטעמאַטיק, וועלכע ער האַלט ביים אַרויסגעבן; דר' שוהם פּירט־אָן זיינע וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָר־שונגען אין דער מעדיצין פֿון תלמוד — אַ ווערק וואָס וועט אויפשטורעמען אַ וועלט — און פֿאַר אים איז די תורה אין ירושלים די והותר; נאָר פֿאַר אים, פֿאַר בן־עמיהודן, האָט זיך דאָ מיטאַמאָל אויסגעלאָזט די חכמה!... וואָלט עס כאָטש אַנטהאַלטן אין זיך איין ברעקל אמת, וואָלט עס נאָך אפשר ניט געווען אַזוי פֿיינלעך; אָבער דאָס אַלץ האָט ער דאָך געקאָנט פֿאַראויסזען מיט דריי — פֿיר חדשים צוריק. און דאָסזעלביקע קאָן געזאָגט ווערן וועגן זיין געזונט: די גאַנצע צייט איז אים דאָ ניחא געווען צו הוסטן; נאָר זינט די קלינגערס פֿון חוץ־לארץ האָבן אויפגעהערט צו קומען, מוזן זיינע לונגען האָבן די לופֿט פֿון אַלעקסאַנדריע, פֿון ניו־יאָרק, צי דער שוואַרציאַר ווייסט פֿון וואַנען! דער אמת איז, אַז אים האָבן געשאָקירט די אויסלענדישע אַסיגנאַציעס, די גרינע אַמעריקאַנער דאָלאַרן. ער האָט נאָך דעם טייוול זיין גאַנצן נשמה־סמעטניק ניט פֿאַרקויפֿט! מיר זיינען נאָך פֿון אים אינגאַנצן ניט פּטור געוואָרן!...

דער געשפּרעך האָט זיך פּלוצים איבערגעריסן, ווען כייקל האָט זיך אריינ־געטראָגן אַ פֿאַרסאַפּעטער פֿון טאָפּטשען אין די אחוהר בלאָטעס. זיין מוט איז געווען דערשלאָגן:

— חברה, מ'דאַרף האָבן פּלייצעס. מ'דאַרף ראַוווסקין אַוועקטראָגן אין שפּיטאָל.

מ'האָט זיך אָנגעשטויסן וואָס דאָס באַטייט, נאָר איבערגעפּרעגט האָט מען:

— וואָס איז מיט אים?

— וואָס איז געשען?

— גאָרניט. דר' שוהם פֿאַרדעכטיגט אַז ס'איז יענע־מעשה... טיפּוס... טאַקי אַ נאָווינע פֿאַר ראַוווסקין צו כאַפּן אַ ביס פֿון אַ לויז; נאָר דעם ביס פֿון ד ע ר לויז, זאָגט ער, געדענקט ער דווקא... קומט, חברה!

שוויַיגנדיק האָט מען איבערגעלאָזט ס'עסן און זיך געלאָזט נאָך כייקלען אין מוטנעם דרויסן אַריין. מ'איז געגאַנגען זאַלבעצווייט, זאַלבעדריט אונטער איין פֿאַלעריבע און מ'האָט זיך איבערגערעדט אין פֿאַרטאַיעטע אונטערטענער:

— נעכטן — זאַלצמאַנען, היינט — ראַווסקין.

— און מיט פינקלען, ווי עס זעט אויס, איז אויך ניט יום־טובדיג: ער האָט, זאָגט מען, באַקומען אַ לונגען־ענטצינדונג נאָכן קריזיס.

— דער פינפטער טיפּוס־פאַל צווישן די סעמינאַריסטן אין דריי וואָכן צייט.

— צוויי פאַלן אין דער גימנאַזיע, און ביידע טויט אין איין וואָך.

— די מגפה פאַרשטאַרקט זיך...

— מ'זאָגט, אַז דער סעיר־טאָביב [1] האַלט ביים הייסן פאַרמאַכן אַלע לער־אַנשטאַלטן. אדון שיפּריס איז נעכטן געווען וועגן דעם ביים מודיר מואַריף [2].

— דער איצטיגער פאַל וועט דעם ענין קיין גוטס ניט טאָן...

צוריקגייענדיג פון שפּיטאָל, האָט זיך כייקל געהאַלטן נעבן דוכסן. ער איז געווען שטאַרק פאַרזאָרגט, און האָט זיך געמיט צו צעשטרויען זיין געדריקטע שטימונג דורך נאָכאַנאַנדיגן ריידן. ער האָט זיך געוואָרפן פון איין ענין צו אַן אַנדערן, נאָר ווי אויף צו להכעיס, איז דער געשפּרעך יעדן מאָל אַרויפגעקומען אויף דער טעמע, וועלכער ער איז אַזוי גערן געווען אויסצומיידן — ראַווסקי.

— דו וואוינסט נאָך אַלץ אין „זכרון משה״, דוכס?

— יאָ.

— אויף דערזעלבער דירה?

— אינ'ם זעלבן צימער.

— כ'על אפשר היינט גאָר גיין צו דיר שלאָפן.

— גוט, קום.

כייקל איז אַנשוויגן געוואָרן. ס'איז אים שווער געווען צו באַהערשן זיין צערודערונג, און——

אין אַ ווײַלע אַרום:

— וויפל ביסטו הינטערשטעליג אין שכר־דירה, דוכס?

— אַ, אַרום צוויי מיט אַ האַלבן חודש. וואָס'י?

— גאָרניט. אַזוי. הער זיך איין, דוכס: איך קאָן מער אין מיין צימער ניט צוריקגיין. דער פלעגמאַט מיט זיינע פיבערדיגע, צעשראָקענע וויסלען, מיט זיין צעפלאַמט לייב, שטייט מיר פאַר די אויגן — אַ, צו אַלדי שוואַרציאָר!...

ער האָט באַלד געביטן די טעמע:

— זאָג, תמרה ליפשיץ איז נאָך אין ירושלים?

— יאָ.

— דאָס איז גוט. אַ וואוילע בחורטע. ווי לאַנג 'עט זי נאָך דאָ פאַרבלייבן?

— זי איז אַריין אין בית־הספר לגננות.

1. מלוכהשער אויבער־דאָקטער.
2. אויפזעער איבער די בילדונגס־אַנשטאַלטן.

— גאַר אַזוי ?... און צווישן די גנבות זײַנען אויך פֿאַרגעקומען טיפּוס־פֿאַלן... פֿאַרשטייסט ? ס׳איז דאָס וואָכן איבער אַ קראַנקן חבר, זען ווי אַ מענטש ווערט פֿאַרברענט פֿאַר דײַנע אויגן, און דו ביסט ניט בכּוח עפּעס צו טאָן פֿאַר אים...

כּייקל האָט זיך ווי געשטיקט מיט זײַנע אייגענע ווערטער. די קורצע איבעררײַסן האָבן אים אויפֿגעפֿרעגט. ער האָט געפּלאָנטערט מיט דער צונג. אביגדור האָט אים נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזוי צעפּלאָכטן.

— ס׳איז קיין פּעולה ניט, דוכּס ! — האָט כּייקל ראַפּטאָם אַ זאָג געטאָן — דו ביסט שולדיק דירה־געלט; איך מיט אים האָבן שוין דעם בעל־הבית ניט געצאָלט פֿון מוכאַרם[1]־אָן; שמחונין מיטן „בצלאלניק" האָט דער גורדזשי[2] אַרויסגעוואָרפֿן פֿון זייער קאָנורע אין „יגיע־כּפּים"; און קאַפּלאַנס פּעטער מיט זײַן משפּחתא פּעקלען זיך די וואָך אַריבער קיין טבריה — בלײַבט ער אויף אויף דער גאַס. מ׳קאָן דאָך ניט לאָזן די חבֿרה אין אַזאַ מצבֿ. עפּעס מוז דאָך געטאָן ווערן „אויפֿן עקאָנאָמישן געביט" !

— וואָס אַשטייגער ?

— איך האָב אַ פּראָיעקט — אַ געניאַלן פּלאַן ! אין אַ פּאָר טעג אַרום — העכסטנס, אין אַ וואָך — ציסטו זיך אַרויס פֿון דײַן דירה. איכ׳ל שוין זען אַז ס׳זאָל געטאָן ווערן.

— וואָס איז דיר מיטאַמאָל אײַנגעפֿאַלן ?!

— פֿרעג ניט קיין צופֿיל שאלות — ס׳עט דיר ניט העלפֿן ! כּה אמר כּייקל: דו ציסט זיך אַרויס און — כאַלאַס ! איך, דו, שמחוני מיטן „בצלאלניק" און קאַפּלאַן ׳עלן וואוינען אויף איין דירה. פֿאַרשטייסט ? די תּמיכה ווערט וואָס אַ חודש קלענער. ס׳איז אַ סבֿרה, אַז מ׳עט ווייטער שנײַדן. דער יקרות וואַקסט. אַזוי — זאַלבעפֿינפֿט — וועט זײַן שפּאָרעוודיקער; ׳עט מען ווי ס׳איז אויסקומען... לאָז עס צו מיר ! איכ׳ל שוין דעם ענין דערלײַדיקן.

— און ראַווסקי ?

כּייקלס ענטוזיאַזם האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעלאָשן. ער האָט אָנגעשטעלט אויף אביגדורן אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן און איז געבליבן שטיין ווי געפּליעפּט. די פּלוצלינדיקע ענדערונג אין כּייקלען האָט אביגדורן דערשטוינט. כּייקל האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און האָט אַרויסגערעדט צעבראָכן:

— ראַווסקי איז שוין ניט קיין אונדזעריקער... ער וועט שוין ניט צוריקקומען...

שווײַגנדיק, ווי זיי וואָלטן געטראָגן אַ בר־מינן צווישן זיך, האָבן זיי זיך מיט שווערע טריט געלאָזט איבערן מגרש וואָס האָט געפֿירט קיין „זכרון משה".

1. מוסלימאַנישער ניי־יאָר.
2. גרוזינער איד.

# 11

## צווישן די ווענט פון „הקדש"

און כייקל האָט מיט לייב־און־לעבן זיך אַריינגעוואָרפן צו פאַרווירקלעכן זיין פּראָיעקט — זיין „געניאַלן פּלאַן".

שוין לאַנג אַז ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויף אַן אַלטער אַראַבישער הויז, אין דעם „בצלאל"־געגנט. אמת, ס׳איז געווען אַביסל ווייט פון סעמינאַר און נאָך ווייטער פון מטבח, דערפאַר אָבער איז עס געווען „אַ יופי", אַ דירה מיט „מעגלעכקייטן". און עס איז געווען בעיקר דער אַזויגערופענער אונטערשטער גאָרן — די קעלער שטוב — וואָס האָט אַזוי געריצט זיין פאַנטאַזיע, אַזוי געמאַניעט זיין באַגער.

פון מוכאַרעם־אַן, זינט דידאָזיגע דירה האָט זיך אָפּגעליידיקט, פלעגט כייקל יעדן טאָג „עולה־רגל" זיין צום דאָזיגן פּלאַץ. ער — דאָס שטיף־קינד פון גורל, וועמען דאָס לעבן האָט ניט געפונען פאַר נויטיג צו באַזאָרגן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ; וועלכער האָט קיינמאָל ניט באַוויזן אָנצוואוואַרעמען זיין געלעגער און ניט פילן אַז עס וואַרט שוין אויף דעם אימיצער בילכער — ער האָט מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך „דעם פּאַלאַץ פון זיין טרוים": פיר זיכערע ווענט, אַ רואיג ווינקל איבער וועלכן עס לויערט ניט דער שאָטן פון א באַפּאַותטן בעל־דירה, און שפּיזיגע אויגן באַוואַכן ניט זיין אַוועקגיין און קומען... ער פלעגט זיך אַרומדרייען אַרום דערדאָזיגער אָפּגעלאָזענער געביידע ווי אַ הונט אַרום דער יאַטקע, און האָט מיט זשעדנע אויגן עס באַקוקט פון אַלע זייטן, אויסגענישטערט יעדן ווינקעלע, ביז דער פּלאַן פאַר דער „ערובערונג" האָט זיך ביי אים אויסגערייפט. דער צופאַל מיט ראַווסקין האָט זיין וואַגאַבונדישן חלום געגעבן אַ שטויס פאָראויס און עס אַריינגעצויגן אין די גרעניצן פון ווירקלעכקייט.

איינמאָל האָט ער מיטגעפירט אַהין אביגדורן. אַנטפלעקנדיג פאַר אים זיין אויסגעטרוימטן „אייגנטום", האָט ער מיט באַגייסטערונג אויסגעלייגט פאַר אים דעם פּראָיעקט באריכות:

— פֿאַרשטײסט? די רחבֿות! דער פֿאַרנעם! ווילסטו, איז עס אַן ערשטן גאָרן; אַניט, אַז דו קוקסט אויף דעם פֿון דער גאַס, איז עס אַ קעלער־שטוב. פֿאַר אים, פֿאַרן „בצלאלניק”, וועט דאָס גאָר זײַן אַן עולם־ומלואו. די חבֿרה דאַרפֿן האָבן „אַטמאָספּערע”, „שטימונג”, און דאָס איז דאָ פֿאַראַן די והותר. הײַנט די סבֿיבֿה! דער גאָרטן, למשל — ביסט עפּעס אַ מבֿין אויף אַזאַ גאָרטן, אויף אַזוינע טאָפּאָלן? און דער ווײַנשטאָק? — שוין אײנמאָל אַ ווײַנשטאָק! און די הדסים־קוסטן איז בײַ דיר אַ הונט? וואו קאָנסטו עס אין דײַן לעבנס־טאָג זען אין „אחוה”, צי אין „כרם”, צי אפֿילו אין „זכרון משה”?! און די פֿענצטער? אמת, די שויבן מיט די פֿענצטער־ראַמען זײַנען אַביסל אויסגעטשובעט, דאָסיג; דערפֿאַר אָבער גיב נאָר אַ קוק ס'אַר אַ ברייט! ס'אַר אַ טיף! מ'קאָן זיך אויף דעם אויסלײגן זאַלבעצווײט און ס'זאָל נאָך בלײַבן גענוג פּלאַץ צום טאַנצן... אָט די פֿענצטער, דאָס, פֿאַרשטײט זיך, איז מײַנע. דאָ 'על איך מיר אויסשפּרייטן מײַן געלעגער. באַנאַכט ליגסטו זיך אַזוי אויפֿן געלעגער און קוקסט אַרויס מיט אײן אויג דורכן פֿענצטער צום גאָרטן, צום הימל, און מיט דער צווייטער אויג — אויב דו ווילסט — כאַפּסטו אַ דרעמל. ס'איז אפֿילו אַביסיטשקע פּאָעטיש, אָבער שײן, צו אַלדי רוחות! אויף דעם פֿענצטער האָב איך שוין אַ חזקה. און אפֿשר 'עלן מיר זיך בײַטן... דאָ אַרום וועלן מיר אײַך חבֿרה אויסלײגן — על פּי גורל, פֿאַרשטײט זיך. און דעם קלײנעם צימערל — דעם מיטן פֿענצטערל אונטער דער סאַמע סטעליע — 'עלן מיר מקדיש זײַן פֿאַר שמחונין מיט זײַנע צמחים און פֿאַר דעם „בצלאלניקס” פֿאַרטרעטלעך. דערצו קאָן מען נאָך אַהין אַרײַנקוועטשן אַ פּאָר בעטלעך און מאַכן פֿון דעם אַ מין הפֿקר־שטיבל — אַ כל־דיכפֿין־סטאַנציע: עס וואַרפֿן זיך אַמאָל אַראָפּ אײגענע חבֿרה פֿון די קאָלאָניעס, אָדער ווער פֿון די יפֿור יאַטן, צי אַזוי אַ חבֿר בלײַבט אָן אַ דירה — זאָל שטײן אַן איבעריק בעטל. בעטגעוואַנט — באַליאַש![1] מ'עט דאַרפֿן, ט'מען זיך אַן עצה געבן. און, אגבֿ־אורחא, פֿאַרוואָס טאַקי ניט אַרײַננעמען יואלין אויך אין חשבון? פּאָרט אַ בחור מיט אַ פֿידעלע, מיט ברען. מ'דאַרף אַזוינע... פֿאַרשטײסט? מ'עט זײַן צוזאַמען — אײגענע חבֿרה — 'עט זײַן הײמישער, גרינגער. ס'עט ניט זײַן אַזוי קאַלט, אַזוי אָנגעכמורעט אויף דער נשמה. כ'קאָן ניט זען ווי איר חבֿרה טראָגט זיך אַרום מיט אַ בענקעניש, מיט אַ פֿאַרקלעמעניש אונטערן אַרבע־כּנפֿות. און פּלאַץ, ווי דו זעסט, איז דאָ גענוג, און ווײַט פֿון די חלוקהניקעס 'עט מען זײַן — איז טאַקי אַמאָל אַ נשפּל, אַ שמחהלע. מ'עט אויסלופֿטערן אַביסל דעם אומעט. פֿאַרטרײַבן די מרה־שחורה. ס'עט זײַן אַנדערש! וואָס אַרט דיך? — ס'עט זײַן ברינדזשי![2]... אײַ, אַ שאָד וואָס דער פּלעגמאַט וועט ניט זײַן מיט אונדז!

---

1. אַ קלײניקײט!
2. ערשטע קלאַס!

ס'וועט אויספעלן זיין הוסטן, זיין קינדישע נעביכקייט... פע! אַפּטאָן אייגענע חברים אַזאַ שפּיצל...

אָבער כייקל איז בטבע ניט געווען פון יענע, וועלכע דערלאָזן צופעליגע קאַפּריזן פון גורל צו שטערן זייער אייגנאַרטיקן לעבנסגאַנג. ער האָט פיינט געהאַט צו „אויסגיסן זיך עבודה־זרהלעך פון האַרצוויטאָג, פון זאָרגן". כל־זמן ס'האָט זיך געפאָדערט מי, אַרבעט; כל־זמן ס'האָט נאָך געשלאָגן אַ לעבעדיק אָדער און ס'איז געווען אַ האָפענונג עפּעס צו דערמינטערן, צו ראַטעווען — האָט ער געשטעלט אָפן די אונדערשעפּלעכע קוואַלן פון זיין ענערגיע. זיין איבערגעבנקייט האָט ניט געוואוסט פון קיין גרעניץ, קיין ברעג. קוים אָבער איז דאָס אונפאַרמיידלעכע געשען, אַזוי האָט ער געזען דאָס באַלד אָפּצואווישן פון זיין געדעכעניש און דאָס צושרייבן צו דער פאַרגאַנגנהייט. זיין הפקרדיגע נאַטור האָט אים ניט דערלאָזט נאָכצודענקען, צו באַדויערן צופאַלן און געשעעניישן וועלכע באַלאַנגען שוין צום נעכטן. „יעדער עפּיזאָד אין לעבן — פלעגט ער זאָגן — איז אַ קאַפּיטל תהילים פאַר זיך. כל־זמן מ'זאָגט עס, דאַרף עס געטאָן ווערן מיט כוונה, מיט האַרץ. אָפּגעזאָגט — איז איבערגעמישט ס'בלעטל און ס'איז דאָ באַלד אַן אַנדער למנצח..." אַ דורכפאַל האָט אים קיינמאָל אַנטמוטיגט, פּונקט ווי אַ דערפאָלג האָט אים ניט געמאַכט צו־האָפערדיג. להיפך: אַט דער פאַרזוך צו פאַרגעסן, וועלכער האָט נאָכגעפאָלגט יעדן אומגעלונגענעם „עפּיזאָד", האָט צוגעגעבן אימפּעט, טעמפּאָ צו זיינע וויטערדיגע טואונגען.

און שדים ווייסן ווי־אַזוי דערדאָזיגער לץ האָט זיך דערשלאָגן צום תמיד־אָנגעכמורעטן, שטענדיג־ברוגזן כאַדזשי ראַשיד און האָט ביי אים געפּועלט אַז ער זאָל אים פאַרדינגען די דירה! צי האָט שעיך איל רידאַוואַי, מיט וועמען כייקל איז לעצטנס געוואָרן אַ גאַנצער אהובי־ידידי, אין דעם געהאַט אַ האַנט? צי האָט כייקל אַליין אים „געשליי ערט"? — דאָס איז געווען אַ סוד וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט און וואָס קיינער וועט קיינמאָל ניט וויסן, פּונקט ווי מ'האָט ניט געוואוסט וואו דער בחור האָט פאַצאַפּעט די קלינגערס פאַר האַנטגעלט, און וואָס פאַר אַ הבטחות ער האָט דעם כאַדזש געגעבן אויף להבא. און מ'האָט זיך גאַרניט געמיט צו דערגיין. מ'האָט געוואוסט, אַז קוים איז נאָר אַ זאַך בנמצא און כייקל נויטיגט זיך אין דעם, וועט ער עס שוין געפינען; ער וועט עס שוין האָבן. ווי אַזוי? דאָס איז פאַר כייקלען קיין פראַגע ניט געווען, ער האָט נאָר געדאַרפט שטאַרק גענוג וועלן. און עס איז ניט געווען קיינעמס עסק ווי־אַזוי ער האָט עס געקראָגן; ער האָט עס געהאַט!... דער אויסגעוויקטער כאַדזשי ראַשיד איז פאַר אים געווען גאָר די כפּרה — „ז י י ן מואַלים מוססאַ!" — און די קעלער־שטוב איז אַריבער אונטער כייקלס ממשלה. אין אַ וואָכעדיגן נאָכמיטאָג האָט זיך כייקל אַראָפּגעהעצקעט אויף כאַדזשי ראַשידס אייזעלע אויסצופּויקן זיין טריאומף איבער די געסלעך און

הויפן פון „אחוה" און „זכרון משה". חברה האָבן אים צוערשט ניט געגלויבט. מ'האָט עס אָנגענומען פאַר אַ געלונגענעם שפּאַס. אַ צעכראַשטשעטער, די פּעזקע פאַררוקט אויף אַ זייט, ס'פּנים צעפלאַמט, האָט ער אָנגעטריבן דאָס אייזעלע מיט זיינע לאַנגע הענט, און האָט זיך געטראָגן פון איין דירה צו דער אַנדערער אַריבערצופּעקלען די חברימס בעבעכעס. מ'האָט אים אָנגעקוקט ווי חסר־דעה. כייקל אָבער האָט געהאַט פאַר זיך אַ שליחות אויסצופירן און ער האָט ניט פאַרלאָרן קיין צייט.

מיט די קלענערע חפצים איז עס נאָך צוגעגאַנגען גלאַטיג: מ'האָט ניט באַמערקט. אז ס'איז אָבער געקומען צום אַרויסשלעפּן די טשעמאָדאַנעס מיט די קערב און די בעטגעוואַנט, האָט מען זיך געכאַפּט. זיינען אָנגעלאָפן געקריוודעטע בעלי־דירות און האָבן ניט געוואָלט דערלאָזן. זיי האָבן זיך געהאַמפּערט, געגוואַלדעוועט: „ס'טייטש?! ס'קומט דירה־געלט! אַזאַ גזלה אין מיטן העלן טאָג!... מ'עט לויפן צום מנהל! מ'עט לויפן אין נוקדע! מ'עט—— מ'עט——" נאָר כייקל האָט זיך געמאַכט אַ קנאַפּן צימעס פון דעם גאַנצן געפּילדער. וואָס מער זיי האָבן געטומלט, אַלץ געשווינטער האָט ער געטאָן זיינס. און ביז וואַנען־וואָס־ווען, איז ער שוין געווען מיטן באַלאָדענעם אייזעלע אויף יענער זייט „מחנה־יהודה" און באַלד צוריק נאָך אַ פרישן „טראַנספּאָרט" אויף אַ צווייטער דירה. „די שווערע אַרטילעריע" — טישלעך, בעטן און עטלעכע שטרוי־זעק — האָט ער ניט באַוויזן אַרויסצוראַטעווען.

אביגדור איז ניט געווען ביי דער גאַנצער סומאַטאָכע, ווען כייקל האָט פאַרקליבן זיין ביסל האָב־און־גוטס און עס בחפזון אַריבערגעפּעקלט אויף דער נייער דירה. ווען ער האָט זיך שפּעטער אין אָוונט דערוואוסט ווי אַזוי די זאַך איז צוגעגאַנגען, האָט ער זיך געפּילט שטאַרק געטראָפן. ער האָט געוואָלט גיין זיך אַנטשולדיגן פאַר זיין בעל־דירה. כייקל האָט אים בשום־אופן ניט געלאָזן:

— שוטה, וואָס ס'טו לויפן? אָפּגעטאָן, איז פאַרפאַלן.

— כאָטש גיין זאָגן אַז ——

— מ'דאַרף ניט! מיט ליידיגן איז מען ניט קיין אָנגעלייגטער אורח.

— אָבער נאָך אַלעמען, אָפּגעוואויינט מיט מענטשן אַזאַ צייט, ווי גייט מען דאָס אַוועק אָן אַ „זיי־געזונט?"

— טיאַ־טיאַ־טיאַ, אַזאַ פּוכקע־לבבות! און מיט אַזוינע גבורים וויל דאָס טערקיי איינעמען מצרים... מ'גייט ניט, און אַן עק!

— איך בין זיי אָבער שולדיג געלט. כאָטש ——

— מ'צאָלט ניט! אויף דעם האָט דער קודשא בריך הוא אַראָפּגעשיקט אַ מאָראַטאָריום אויף דער וועלט. לכשירחיב, עט מען זען...

אביגדור האָט געזוכט אַן אויסרייד:

— די מעבל...

— מעבל — באַליאַש! מ׳פייפט אויף זיי מיט די מעבל אינאיינעם! מ׳עט דאַרפן מעבל, ׳עט זיין.

און ס׳איז געוואָרן.

גאָט האָט באַשאַפן גאַזע־קעסטלעך אויף דער וועלט, קלוגע מענטשן האָבן עס באַצייטנס באַהאַלטן, די טערקישע רעגירונג האָט עס געזוכט מיט ליכט, און כייקל האָט עס געפונען. צווי גאַזע־קעסטלעך פוןביידע זייטן און פון אויבן אַ טיר — און ס׳איז געוואָרן אַ בעט, אַ קאַנאַפּע. שטרוי־זעק האָט נאָך כייקל באַצייטנס אָפּגעירשנט פון די מהגרים. איינציגוויז, פּאַרוויז, זיינען אין די פאַרנאַכטיגע שעהן אַנגעטראָגן געוואָרן אין קעלער־שטוב גאַזע־קעסטלעך לרוב. וואו נאָר אַ שטיקל געהילץ, אָדער אַ זכר פון דעם, וואָס האָט זיך געפונען אין כאַדזשי ראַשידס בעל־הבתישקייט, האָט זיך אומבאַמערקט „אַריינגעגליטשט״ אין קעלער־שטוב און איז, אונטערן כישוף פון כייקלס „געצייג״, מגולגל געוואָרן אין אַזויגערופענע מעבל־שטיקער: טישן, בענק, פּאַליצעס, ביכער־שרענק, קאַנאַפּעס און בעטן. עס האָט ניט אויסגעפעלט דער צאַרטער באַריר פון מיידלשע פינגער: כייקל האָט „מאַביליזירט״ די גננות, עטלעכע דערוואַקסענע מיידלעך פון מעון און חברטעס פון בית־מלאכה. עס זיינען אויסגעוואַקסן פאַרהאַנגלעך, משונהדיגע בעט־דעקן און „טאַפּעצי־רונגען״. „דער בצלאלניק״ האָט געלאָזט פריי זיין קינסטלערישן גייסט און האָט באַפּאַרבט און באַמאָלן די צווי בייכיגע טאַנאַדזשעס אין גריכישן וואַזע־סטיל. שמחוני האָט אַריינגעבראַכט זיין גאַנצן „שבועות״ און האָט באַהאַנגען די ווענט מיט שטיקלעך צווייגן און מיט שמעטערלינגען פון זיין קאָלעקציע. די איבעריגע חברה זיינען אויך ניט געשטאַנען פון דערווייטן: מ׳האָט צוגעלייגט אַ האַנט, זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס, געווען פול וואו מ׳דאַרף ניט. כייקל האָט באַלד „גענומען די סיטואַציע אין די הענט״ און האָט איינגעטיילט די אַרבעט: קאַפּלאַן האָט געוואַשן די פענצטער, און וואָס אַ ווײַלע איז ביי אים געוואָרן אַ שויב ווייניגער; דוכס איז באַשטימט געוואָרן פאַר דעם „ממונה איבער דער ביבליאָטעק״ — „דערוויל פּטור ווערן פון דאָס ביסל שמות!״; יואלי איז דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון קוואַרטירמייסטער — איינ־צואָרדענען די שטוב־זאַכן, אויפשטעלן די „בעטלעך״ — נאָר פאַרנומען איז ער געווען מיט די מיידלעך; שוואַרצבערגן האָט כייקל געקרוינט מיטן טיטול „דער מיניסטער פון קונסט״, אָבער דערווייל האָט ער געמוזט אָנשלעפּן וואַסער אין די גרויסע טאַנאַדזשעס; שמחונין, דעם קורצזיכטיגן, האָט ער איבערגעגעבן די שליחות צו מלחמה־האַלטן מיט די שטשורעס און אויסראָטן דער „רויטער קאַוואַלעריע״; און ממילא איז שוין די גאַנצע ממשותדיגע אַרבעט געפאַלן אויף בייקלס פּלייצעס...

חברה האָבן זיך איינגעאָרדנט, האָבן זיך דערפילט באַקוועם, אינדערהיים. די קעלער־שטוב איז געוואָרן אַ שם־דבר צווישן די תלמידים פון סעמינאַר

און פון דער גימנאַזיע. מ'האָט עס גערופן „דער הכנסת־אורחים", „די שטאַל", „די קאָמונע", „כייקלס חורבה". פאַר כייקלען אָבער איז עס געווען אַ שלאָס, אַ מלוכה, כאָטש גערופן האָט ער עס ניט אַנדערש ווי „דער הקדש".

„די קאָמונע" האָט זיך צעוואָקסן.

אמת, אירע גיטער זײַנען ניט פאַרמערט געוואָרן, אויך האָבן זיך אירע רײַכטימער ניט פאַרגרעסערט; דערפאַר אָבער איז זי א י נ ע ר ל ע ך געוואָרן אײַנגעפונדעוועטער, שותפותדיגער, און די גרעניצן פון „פּריוואַטן אייגנטום" זײַנען, מיטן „אייגנטום" צוזאַמען, אײַנגעשרומפּן געוואָרן און פאַרשוואונדן. מ'האָט זיך געטיילט מיטן דלות. מיט דער צײַט זײַנען צוגעקומען נאָך חברים: עטלעכע גראַדואירטע סעמינאַריסטן פון'ם לעצטן מחזור, פאַר וועלכע ס'איז ניט געווען קיין שטעלעס, און פרידמאַן. וועגן דעם לעצטן איז אפילו געווען אַ שטיקל חלוקי־דעות צי מ'זאָל אים אַרײַננעמען —

— ער איז אַ בטלן, אַ באַנק־קוועטשער! — האָבן אייניגע געטענהט.

כייקל אָבער האָט אויף אים מלמד־זכות געווען:

— ער איז טאַקי אַ פּטרן, אָבער ער באַלאַנגט אין אונדזער לאַגער: ער האָט פּײַנט פּייערשטאַמען בתכלית־השנאה... נישקשה, מיר'ן נאָך פון אים מאַכן אַ לייט!...

שאַפּיראָס „פּרימוס"־מאַשינקע איז דורכגעגאַנגען אַ גלגול: כייקל האָט אין דעם אַרײַנגעזעצט די אינגעווייט פון קאַפּלאַנס קאַך־מאַשינקע און האָט געמאַכט פון צוויי איינס; נאָר אַז מ'האָט געדאַרפט אויפקאָכן אַביסל וואַסער האָט מען גענוצט יואליס „פּרימוס", וועלכע ער האָט געפּילעוועט ווי זײַן פידעלע. שמחוני האָט צוגעשטעלט דעם „במקום טיי" — אַ מין קרײַטעכץ וואָס ער אַליין האָט אויסגעפונען און געטריקנט. קיין צוקער איז ניט געווען בנמצא, האָט מען עס פאַרשפּאָרט צו זוכן און במילא ניט באַדאַרפט זײַן שפּאָרעוודיג מיט דעם. פלעגט מען אין די לאַנגע צווישן־שעהן פון איין מאָלצײַט צום צווייטן גיסן אין זיך שמחונים „פּאַיאַק" און צובײַסן מיט אַ שטיקל באָקסער אָדער קאַנדלצוקער — „אויסצופּילן די ליידיגקייט אין מאָגן". פרידמאַן פלעגט פון זײַן לעקציע מיטברענגען אַ פרישע צײַטונג, פלעגט זיך גריבלען אין די מלחמה־נײַעס, האָט עס „צעקייט" פאַר די חברה און פלעגט, אויף זײַן ישיבה־בחורשן שטײַגער, תמיד אַרויסדרינגען דעם היפוך פון וואָס עס איז דערציילט געוואָרן וועגן די טערקישע נצחונות אויף די פראָנטן. כייקל פלעגט אים אָנציען:

— נו, פּטרן, לאָמיר שוין הערן: „נדפס בווילנא — ס'איז געדרוקט געוואָרן אין זשיטאָמיר"...

כאָטש מ'האָט געפילט אַז אין פרידמאַנס אויסטייטשונגען איז געווען אַ סך אמת, איז אָבער זײַן צולהכעסדיגע באַציאונג בנוגע טערקיי געווען אביגדורן

שטאַרק דערווידער. פרידמאַן האָט עס געוואוסט און פלעגט אים נעמען דעם לעבער:

— נאָ, זעסט? „צוויי הונדערט רוסן געפאַנגען אויפן קאַווקאַזער פראָנט!" דאָס מיינט, אַז אונדזער פעטער ישמעאל האָט שוין דאָרט ווידער געכאַפּט אַ פינצטערע מפּלה און האָט אויסגעלייגט אַ שיין ביסל הרוגים.

— איז וואָס איז ביי דיר די שמחה??!

— די שמחה — גאָרניט. נאָר דער הונט איז ווערט דעם שטעקן.

— גענוג דעם ברמיזה־לשון! רייד קלאָרע דבורים, פּטרן!

— פּשוטו כמשמעו: ס'איז ניט פאַראַן מלך־אביון צו שפּאָרן זיך צווישן מענטשן! סך־הכל האָט ער זיין אייגנס עטלעכע מנינים סאָלדאַטלעך מיט אַ צענדליג געפּגרטע קעמלען, און ער שפּאַרט זיך אויך אין קאָן! מיט קאָלעקאָט־קעס גייט ער מלחמה האַלטן... נו־נו, אַלץ אַ יש: דער „הדרור" — אַ צייטונג און טערקיי — אַ מלוכה!...

— אַ סך וואָלט מען דאָ טאַקי געהאַט אויפגעטאָן, ווען ניט טערקיי! ס'הייסט, אַז ווען מ'גיט ארץ־ישראל אָפּ דעם פּאָניע, וואָלט עס דיר בעסער געשמעקט, וואָס?!

— ווער האָט סיידן דערמאָנט דעם חזירס נאָמען דערביי?! דאָ האַנדלט זיך דורכאויס וועגן צ י ו ו י ל י ז י ר ט ע מ ל ו כ ו ת — לאָמיר זאָגן: ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך — אָבער ניט דער לויזיגער טערק. טערקיי איז ניט פּראָגרעסיוו גענוג צו האָבן דעם אויפזיכט איבער מענטשן מיט אַן אייראָפּעאישער דערציאונג, מיט פאָרגעשריטענע באַגריפן. אונטער איר הערשאַפט וועט ארץ־ישראל קיינמאָל זיך ניט קאָנען אַנטוויקלען; וועט קיינמאָל ניט קאָנען ווערן אַ קולטור־צענטער!...

— און דו פּרואוו נאָר, און לאָז אַריין די גאָטספאָרכטיגע ענגלענדער, צי די דייטשן, צי וועלכע־ניט־איז אַנדערע ציווויליזירטע מאַכט, און אין דריי חדשים צייט וועט דאָס גאַנצע לאַנד פאַרמבולט ווערן מיט קלויסטערס און מיט מיסיאָנען! אויב דאָס הייסט ביי דיר ציוויליזאַציע, מעגסטו דאָס האַלטן פאַר זיך...

אין רעכטן „ברען" פלעגט זיך כייקל אַריינלייגן אין אַ שלום:

— שאַ, גענוג! לאָמיר פּרואוון איינגיין אויף אַ פּשרה: רוסלאַנד זעגט איר דאָך ביידע מסכים אַז ניט; פראַנקרייך דאַרף עס מסתמא ווי אַ לאָך אין קאָפּ; איז דאָך נאָר אַ פראַגע: טערקיי, ענגלאַנד, אָדער דייטשלאַנד? נו, 'עלן מיר עס גאָר אָוועקגעבן די אידן און פאַרטיג!...

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט איז פרידמאַן צוריקגעקומען פון זיין לעקציע אַביסל פריער ווי שטענדיג. די צייטונג האָט ער דאָסמאָל געהאַלטן ניט צונויפגעלייגט אין קעשענע, נאָר ברייט־צעעפנט און איז, גייענדיג, געווען פאַרטאָן

אין לייענען די אָפיציעלע ביילאַגע. די נייעס האָט אים הפנים דערשיטערט, אָבער פאַר חברה האָט ער עס ניט געוואָלט אַרויסווייזן.

— נו, פאַטריאָט, וואָס 'עסטו איצטער זאָגן? — האָט ער געטאָן אַ שפּרייט אויס די צייטונג פאַר אביגדורן — דאָס זיינען שוין קלאָרע דבורים פאַר דיר! נאַ, לייען און שטוין. דיין טערקיי!...

מיט ברענענדיגער נייגעריגקייט איז מען באַפאַלן די צייטונג פון אַלע זייטן. מיט אומגעדולד אין די אויגן האָט מען אַריבערגעקוקט איבער שמחונים צעשויבערטן קאָפּ, וועלכער האָט זיך אינגאַנצן איינגעגראָבן צווישן די צייל̃ן. עס האָבן פאַרבייגעשווינדלט שוואַרצע שורות:

„זאַקי ביי, דער קאַמיקאַם פון ירושלים, האָט אויפן באַפעל פון דער אויבער־קאָמאַנדאַטור רעזיגנירט. זיין פּאָסטן האָט איבערגענומען דער יפור קאַמיקאַם...״

ווייטער:

„ציוניזם און ציוניסטן דערקלערט אַלס שונאים פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע!!״

און באַלד נאָכדעם, דער דעקרעט פון באַהאַ אַלדין ביי:

„די אַלמאַכטיגע הערשאַפט שטעלט זיך אין פולער קעגנערשאַפט צו די טעטיגקייטן פון דעם שעדליכן און צעשטערנדיגן עלעמענט, וועלכער פאַרמעסט זיך צו גרינדן אַ אידישע מלוכה, אונטערן ציוניסטישן פאָן, אין דעם פּאַלעסטינער שטח פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע * * * עס איז דערפאַר באַפוילן געוואָרן צו קאָנפיסקירן און פאַרניכטן אַלע ציוניסטישע פּאָסט־מאַרקן, פּאַפּיר־געלט, באַנקנאָטן פון דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק א. ד. ג. * * * און דער באַפעל איז אין מאַכט תיכף אויפצולייזן אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, גרופּן און אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן אויף אַ קאָנספּירטיוון אופן פונקציאָנירט ביז איצט * * *

„דערדאָזיגער דעקרעט איז ניט געצילט קעגן די אידן אין אַלגעמיין, וועלכע זיינען אונדזערע פריינט און געטרייע זין צום פאָטערלאַנד, נאָר קעגן די ציוניסטן, וועלכע זוכן אויפצובויען אויפשטאַנדן איבערן לאַנד, און שטרעבן צו שאַפן אַ באַזונדער מלוכה אין די גרעניצן פון אונדזער פאָטערלאַנד * * * און די וועלכע באַשעפטיגן מיט אַזוינע מעשים, אָדער זיינען שולדיג אין אַזוינע מחשבות — זיי זיינען אונדזערע בלוטיגע שונאים, און ווי שונאים וועלן מיר זיך מיט זיי רעכענען * * *

„אַללאָ באַהיט דעם סולטאַן!״

איינציגוויז, ניט אַרויסריידנדיג קיין וואָרט, האָט מען זיך אָפּגעריסן פון דער צייטונג און זיך געלאָזט יעדער אין אַ באַזונדער ווינקל. עגדלעך האָט דער שוויגן געפּלאַצט. אָפּגעריסן, טעמפּ, האָט יעדערער אַראָפּגערעדט ווי צו זיך אַליין:

— נאָ דיר גאָר אַזאַ „מאַניפעסט”...
— געפירט אונדז אין באָד אַריין אויף טערקיש...
— אַ נאַר, אַ נאַר, און שאָקלט זיך...
— ס'איז אַלץ דעם דייטשס קאָפּ דערביי! אונדזער ישוב איז אים גרויס אין די אויגן...
— ווייסן מיר כאָטש איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל וואו מיר האַלטן...
— מ'האָט אונדז פאַרנאַרט אין דער פאַסטקע און איצט——
אביגדור איז געבליבן שטיין פאַרבליפט. ער האָט ביי זיך ניט געקאָנט פועלן אַז דאָס אָקאָרשט־געלייענטע זאָל זיין אמת, זאָל זיין אַ ווירקלעכקייט. אָבער די שוואַרצע שורות פאַר זיינע אויגן האָבן עדות געזאָגט, האָבן געשלאָגן אין פּנים. אַן אַנגסט האָט געעגבערט דעם מוח, האָט פאַרקלעמט ס'האַרץ: „זאָל דאָס טאַקי זיין אַז מ'האָט אונדז אָפּגענאַרט? זאָל עס טאַקי מיינען אַז אַלץ איז פאַרלאָרן? אַז מיר זיינען ניט מער ווי פרעמדע אין דעם לאַנד פון אונדזער חלום, וואו מיר זיינען געקומען צו בויען אונדזער היים? צואוואָס וועט עס דערפירן?...”
— נו, בעל־דרשן מיינער, וואָס 'עסטו זאָגן צו אַזאַ „גוט־שבת”?
כייקלס וואַכעדיגע שטים האָט אים אויסגעטשוכעט פון קאָשמאַר.
— דאָס זיינען ניט מער ווי ציטווייליגע ווינטן — מלחמה־דעקרעטן — פאַראורזאַכט דורך די נייעסן וואָס דערטראָגן זיך פון מצרים.
— דו מיינסט דזשאַמאַל פּאַשאָס דורכפאַל ביים סועץ?
— אפשר דאָס, אפשר אַנדערע דורכפאַלן.
— ס'טייטש?! היתכן?! — איז פרידמאַן אויפגעשפּרונגען — מ'האָט דאַכט זיך גאָרניט געהערט אַז טערקיי זאָל האָבן געכאַפּט אַ מפּלה! אַלענפאַלס, די אָפיציעלע ציטונגען האָבן וועגן דעם גאָרניט געמאָלדן...
פרידמאַנס גאַליגקייט האָט דוכסן אויפגעבראַכט:
— אַ, מאַך זיך ניט אַזוי תמעוואַטע, פּטרן! וואָס האָסטו געוואָלט, אַז מ'זאָל צעפויקן איבערן גאַנצן לאַנד יעדן אומגעלונגענעם מיליטערישן שריט?! געוויס קומען־פאָר אין יעדן קריג נצחונות אַזוי גוט ווי מפּלות. ס'איז אַ שעת־חירום; די שטימונג איבערן לאַנד איז אַן אָנגעשטרענגטע, אַן אומגע־זונטע; די רעגירונג מוז זיך מיט דעם רעכענען. און מיר ווייסן אַלע אונטער וואָסערע אומשטענדן טערקיי איז אַריין אין קריג און וועלכע „באַקוועמ־ליכקייטן” זי האַלט עס אָן. יעדער פאַרדעכטיגער שאָטן וואַרפט אויף איר אַן אַ פּחד, אַ טויט־שרעק. און איך האָב נאָך אַ שטאַרקן חשד, אַז די אַלע קלאַנגען וועגן דעם „ציוניסטישן אויפשטאַנד” און דער „אידישער מלוכה” איז די מעשׂי־ידי פון די ענגלישע געהיים־אַגענטן דאָ: ענגלאַנד איז אויסן צו פאַר־קאָכן אַ קאַשע...
— דאָס רעדסטו שוין פון זינען, דוכס; — האָט זיך אָנגערופן דער

מיושבדיקער קאַפּלאַן — דאָס האָבן אונדז אונדזערע אייגענע געשוועסטער־קינדער אונטערגעשטעלט אַ בענקעלע.

— זאָל אפילו זיין אַז ס'איז איבער זיי — איבער די אַראַבער — ווייס איך נאָך אויך ניט אויף וויפל מ'קאָן דער רעגירונג פאַרדענקען. אין אַזאַ צייט מוז זי געווינען די פריינדשאַפט פון די אַראַבער — די עפענדיס אַזוי גוט ווי די בעדואינער שבטים; און זי איז דעריבער געצוואונגען צו מאַכן געוויסע הנחות. דאַסמאָל איז עס, אומגליקלעכערווייז, אויף אונדזער חשבון. זי האָט אָבער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. מיט וועמען אַ שטייגער זאָל זי זיך פריער איינרייסן — מיט אונדז, צי מיט די מאַכטיגע שבטים אַרום מדבר־סיני? באַך אַלעמען, זיינען מיר פאַרט ניט מער ווי אַ הייפעלע...

— אָבער דאָס איז דאָך ניט געווען אונדזער פאַרשטענדעניש ווען מיר האָבן זיך אָטאָמאַניזירט! — איז יואלי אַרויס מיט אַ טענה — מיר זיינען אַהער געקומען אַלס ציוניסטן, אַלס ציוניסטן האָבן מיר דאָ געלעבט, און אַלס ציוניסטן האָבן מיר דאָ געבויט און געשאַפן. די רעגירונג האָט פון דעם גע־וואוסט, און אונטער דעם באַדינג זיינען מיר דאָ געבליבן. איצט זאָגט מען אונדז וואו אַ גוטער איד וואוינט!...

— באַדינגונגען, פאַרשטענדענישן — דאָס זיינען אַלץ זאַכן וואָס גילטן נאָר אין שלום־צייט, ווען אַלץ גייט כשורה. אין אַזאַ צייט ווי די איצטיגע — ווען אַ מלוכה שטייט אויפן שוועל פון לעבן און טויט — איז ניטאָ קיין פאַר־שטענדענישן, ניטאָ קיין אָפּמאַכן! אין אַ שעה פון סכנה ווערט אַלץ באַשלאָסן לויטן דראַנג פון אומשטענדן, לויט די קאַפּריזן פון דער ניי־געשאַפענער סיטו־אַציע, און קיינער איז ניט ביכולת צו פאַראויסזאָגן ווי אַ סיטואַציע וועט זיך אויספורעמען דריי מינוט שפּעטער. מ'קאָן ניט וויסן ווי די קאָרטן 'עלן פאַלן. קאָנט איר זיך משער זיין, וואָס עס וואָלט איצט געמיינט פאַר דער טערקישער אימפּעריע (און פאַר אונדז) אַן אויפשטאַנד פון דער אַראַבישער באַפעלקע־רונג?!... עס איז אַ שאַנס־זאַך, און מיר האָבן גענומען אונדזערע שאַנסן מיט טערקיי!

— אין מצרים האָבן זיך די מהגרים אָרגאַניזירט אין אַ אידישן לעגיאָן צו העלפן דער ענגלישער אַרמיי ביי די דאַרדאַנעלן; — האָט שמחוני אַרויס־געברומט פון זיין ווינקל און האָט זיך ווי געשעמט דעם קאָפּ אויפצוהויבן — און איך ווייס נאָך ניט אויב זיי האָבן ניט ריכטיקער געהאַנדלט. איך בין נאָך מיט דער דעה, אַז אונדזערע שאַנסן זיינען מיט דער אַנטאַנטע, ניט מיט טערקיי, וואָס מיינט באמת דייטשלאַנד. און די איצטיגע גזרה איז אַ באַוויז אַז איך בין ניט אינגאַנצן אומגערעכט. דורך דעם איצטיגן דעקרעט ווערט די באַצי־אונג צו אונדז קלאָר, און מיר'ן נאָך אפשר זיין געצוואונגען אָנצונעמען איב־גאַנצן אַן אַנדער שטעלונג...

אביגדור האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרלאָרן. ווערטער האָבן געברענט אויף זיין

צונג — אַן ענטפער וואָס וואָלט אין איין אויגנבליק צעשלאָגן שמחוניס ספקות, זיין אומזיכערקייט. ער האָט עס אָבער ניט געוואָגט אַרויסצוזאָגן. עס האָט אים אַ ברי געטאָן דער געדאַנק, אַז עס קאָן געמאָלט זיין אַז צווישן די, וועלכע שמחוני האָט אַקאַרשט דערמאָנט, געפינען זיך זיינע חברים — שאַפּירא, הררי, וואָלפזאָן... ער האָט זיך באַהערשט...

— איך בין ניט אויסן קיינעם צו באַשולדיקן און איך וויל אויך קיינעם ניט פאַרטיידיקן. מיר וויסן ניט אונטער וועלכע אומשטענדן דאָס וואָס שמחוני האָט דערציילט איז געקומען צו שטאַנד. איך בין ליבערשט געניגט צו גלויבן, אַז די גאַנצע מעשה מיטן אידישן לעגיאָן איז ניט מער ווי אַ באַיקע, אַ בלבול פון בייזע צינגער, וועמען דער דערפאָלג פון אונדזער ישוב שטייט ווי אַ דאָרן אין די אויגן, און זיינען אויסן צו באַפלעקן אונדזער גוטן נאָמען פאַר דער רעגירונג פון לאַנד. נאָר לאָמיר אפילו זאָגן, אַז ס׳ א י ז אמת: אונדזערע ברידער, דאָרט אין מצרים, זיינען באַגאַנגען אַזאַ שריט און האָבן זיך מאָביליזירט צו מלחמה האַלטן קעגן טערקיי. דענקט איר ניט אַז אַזוינע ידיעות זיינען געוועזן עלול אַרויסצורופן די איצטיגע גזרה? אַז דאָס אַליין איז גענוג געוועזן צו פאַראורזאַכן דעם באַפעל צו אַנטוואָפענען דעם „השומר"? און דענקט איר ניט אַז אונטער אַזוינע אומשטענדן האָט אונדז די אָטאָמאַנישע אויבערמאַכט באַהאַנדלט מיט מידת־הרחמים? זעט וואָס זיי האָבן געטאָן אין אַן ענלעכן פאַל מיט די אַרמענער!... אודאי פאַרדריסט עס. אודאי טוט עס ווי ביזן מאַרך־ביין. און אַלס רעזולטאַט דערפון וועלן מיר אפשר מוזן דעם קאָפּ אַרונטער־בויגן ביז דער שטורעם וועט זיך פאַרבייטראָגן. אָבער געפאַלן זיין — איבער־געבן זיך צו ספקות — דאָס, חברים, טאָרן מיר ניט! און זאָל אפילו זיין ווי שמחוני וויל דרינגען: אַז די טערקישע רעגירונג האָט זיך אַרומגעזען אַז זי האָט אונדז געגעבן צופיל הנחות, צופיל פרייהייט, און האָט איצט חרטה אויף דעם; זאָל זיין אַז דאָס איז דער אָנהויב פון אַ שוואַרצער כמאַרע און מיר שטייען פאַרמשפט. א י צ ט אָבער איז ניט די צייט צו שפּילן ברוגזן, צו נעמען אַן אַנדער שטעלונג. דאָס איז אַ שפּיל וואָס וועט געבן אונדזערע שונאים ד ע ם וואָפן אויף וועלכן זיי האָבן געוואַרט. מיר האָבן פאַרבונדן אונדזער גורל מיטן גורל פון לאַנד; מיר האָבן געגעבן אונדזער שבועה, אונדזער וואָרט; און — טויט, צי רויט — ׳עלן מיר מוזן אונדזער וואָרט האַלטן! מיר מוזן אַרויסווייזן אונדזער גינציקקייט, אונדזער ערלעכקייט און אונדזער פאַרטרוי־אונגסווירדיקייט. דאָס איז דער איינציגער וועג פאַר אונדז, דאָס איז אונדזער איינציגער ענטפער, דאָס איז אונדזער איינציגע שטעלונג! און נאָר אַזוי וועלן מיר זיך קאָנען ריינוואַשן פון דעם אומזיסטן חשד און אויפווייזן אונדזער גע־רעכטיקקייט פאַר גאָר דער וועלט, און מיר וועלן אַרויס די זיגער!...

און ס׳איז געווען עפּעס אין אביגדורס געצוימטן פּאַטאָס וואָס האָט צעריסן די אָנגעצויגנקייט פון דער שטימונג. ניט־זייענדיק דורכאויס איבערצייגנד,

האָבן דאָך זײַנע ווערטער געוועקט אַ פֿאַרהוילענעם פֿאַרלאַנג צו גלויבן, צו אָננעמען זײַן השערה פֿאַר גילטיק, כאָטש דער עצם־וויטאָג וועלכער האָט אַרויסגערופֿן די דערשלאָגנקייט האָט נאָך געצאַפּלט ווי צעריסענע שפּינוועב אויפֿן געמיט.

דער ווײַטערדיגער געשפּרעך האָט זיך געצויגן געמיטלעכער, לײַכטער.

— הייסט עס, — האָט שמחוני מיט אַנטוישטער נאָכגעביקייט אַ זאָג געטאָן — אַז דער גאַנצער אוצר מיט די נאַציאָנאַל־פֿאָנד מאַרקן, מיט דער חברים־רשימה און די שײַנען פֿון דער „אגודת הרצל“ איז איצט אַ פּסולע סחורה, וואָס?

— יאָ. נאָך באהא אַלדינס שולחן־ערוך איז עס גאָלע טרפֿה! — האָט כייקל זיך אָפּגערופֿן; — און דו, אַלס סעקרעטאַר פֿון דער „אגודת הרצל“, ווערסט זיך נעביך מוזן מטריח זײַן און באַהאַלטן דאָס אַלץ אויף אַ ריינעם אָרט, אַז קיין בײַז אויג זאָל דאָס עס חלילה ניט שאַדן.

— יאָ, באַהאַלטן... — האָט שמחוני אָפּגעזיפֿצט — עס גלויבט זיך קוים אַז ס׳זאָל האָבן געקומען דערצו, אַז מ׳זאָל דאַרפֿן ציטערן איבער דעם... נאָר אַז מ׳מוז——

— ביז דער שטורעם וועט זיך אײַנשטילן... ביז אונדזער זון וועט ווידער אויפֿשײַנען... — האָט דוכם פֿאַרחלומט אונטערגעכאַפּט.

מ׳איז געבליבן שטיל.

אין די ווינקלען האָבן זיך אויסגעלייגט די ערשטע אָוונט־שאָטנס. ביי די ווענט האָבן געבלאַסט שאָטנס־מענטשן. אין שאָטן איז אויסגעגאַנגען אַ גרויער טאָג, אין שאָטן האָט זיך געטונקט די נשמה. שאָטנס... שאָטנס...

פֿרידמאַן איז געווען דער ערשטער צו דערמאָנען אַז ס׳ווערט שפּעט און מ׳מוז זיך צעיילן צו פֿאַרכאַפּן דעם אָוונט־מאָלצייט אין מטבח, און האָט זיך אויפֿגעהויבן. די אַנדערע האָבן אים נאָכגעפֿאָלגט. שמחוני מיט כייקלען האָבן זיך אַרויסגעשאַרט אין הויף צו באַגראָבן אַ פֿאַרנאָגלט קעסטל. אביגדור האָט, אַ פֿאַרטראַכטער, זיך אַוועקגעשלײַכט צו תמרהס וואוינונג.

# 12

## ברענט אַ ליכטל ערגעץ דאָרטן

תמרה האָט געוואוינט אויף דער כאַבישער גאַס, ביי די אמיתי׳ס — ליבהאַרציגע, פריינדלעכע מענטשן. ער — אַ לערער אין דער גימנאַזיע און אַ מיטאַרבעטער אין „הדרור״, זי — די פאַרוואַלטערן פון מעון. זיי זיינען ביידע געווען טעטיג אין וואוילטעטיגע אָרגאַניזאַציעס, האָבן ליב געהאַט געזעלשאַפט און האָבן אויפגענומען מענטשן מיט אמתער היימישער וואַרעמקייט. תמרה איז ביי זיי געווען ווי אַן אייגענע, און אירע פריינט — זייערע.

און ליב און איינגענעם איז געווען אין תמרהס צימער. די באַשיידענע אויסשטאַטונג שטענדיג צוגעקליבן, ציכטיג; יעדער קלייניגקייט אויף אַ באַשטימט פלאַץ, אַראַנזשירט מיט פאַרשטאַנד, מיט געשמאַק, מיט אַזויפיל רייצנדיגער איינפאַכקייט; האָסט עס געקאָנט אויפהויבן, באַטאַפּן, זיך אומשפּילן מיט דעם, נאָר ענדלעך האָסטו עס געמוזט צוריקשטעלן וואו ס׳איז געווען, פּונקט ווי דו האָסט עס געפונען; ווייל דאָרט האָט עס באַלאַנגט, ווייל אַנדערש האָט עס ניט געקאָנט זיין: אַנדערש וואָלט עס געמאַכט אומבאַקוועם, וואָלט אַראָפּגעשריען און געשטערט די געמיטלעכקייט פון צימער. אויף אַלץ אַרום — אויפן קאַפּריזנעם אויסהענג פון די בילדער און די פּאָסט־קאַרטן אויף די ווענט, אויף די זאַרגלאָזע רונדע פּאַלבן פון די פאָרהאַנגען, אויפן שפּילעווידיגן אויסשטעל פון די ביכער אויף דער ווינקל־פּאָליצע, אויף די שטיפערישע אויסגעהאַפּטע שפּיצן פון אַ טישטאַכל דאָ און דאָרט, אין דער מאַניענדיגער ווייכקייט פון די קישעלעך אויף דער קאַנאַפּע — אויף אַלץ האָט זיך געפילט דער באַריר פון תמרהס האַנט, האָט גערוט דער גלעט פון אירע פינגער; אַלץ איז געווען באַהויכט מיטן רייץ פון איר וועזן. אין דעם קילן ליינען איבערן בעטל האָט זיך געהילט דער ווייסער סוד פון איר מיידלשקייט.

און אַזוי גוט איז דאָרט געווען צו זיצן אין די אָוונטן אויף דער קאַנאַפּע, אָדער אויפן אונטערגעבעטן, אויסגעוועלבטן פענצטער־שוועל, מיט תמרהן

צוגעטוליעט ווי אַ קינד צו זיך, האָנט אין האַנט איינגעשלייפט, איר קאָפּ אויף זיין ברוסט, און פילן די נאַטקייט פון איר וואַרעם לייב. איר וויכן אָטעם איבערן האַלדז, איבער די וויעס, אירע צאַרטע פינגער אויף זיין שטערן, צווישן זיינע האָר; זיצן אַזוי זאַלבענאַנד און קוקן אויפן באַזאַכטן פייערל פון דער חלב־ליכט אויפן טיש, אויפן אומפליגלען פון די שיטערע שאָטנס איבער די ווענט, און ריידן צווישן זיך אַזוי זאַרגלאָז־פאַרקלערט, ווי די נאַכטיגע שטיק הימל וואָס האָט אַריינגעקוקט אין פענצטער. פון וואָס האָט מען גערעדט? פון ווייטקייטן, פון בעכטנס, פון גאַרניט — טאַקי פון גאַרניט; און דאָך איז פאַר אביגדורן אַזויפיל פאַרענטפערט געוואָרן, אַזויפיל פיינליכקייטן געלינדערט, אַזויפיל אומרועז געשטילט. און אויפן טיש האָט זיך געטוקט די ליכט. און ס׳פלעגט אַזויפיל דערמאָנען אָן די פרימאָרגנס אין דערהיים, אָן דעם טאַטנס באַגינענדיגן לערנען, אָן זיין פרומען, האַרציגן גמרא־ניגון אין די שעהן צווישן נאַכט און טאָג... פון מעון, אַנטקעגנאיבער, פלעגט זיך דורכזיפן צפורה בערקאָוויטשעס בויגיגע, צייטיגע שטים, איר פאַרבענקט זינגען:

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן!
איצט איז אייער צייט;
ברעכט די צווייגן פון די בוימער —
זומער איז נאָך ווייט...

דאָס ליכט גייט אויס. די טונקלקייט ברעכט זיך צוזאַמען, פאַלט־צו געדיכ־טער. דער געפליסטער ווערט צעשוואומענער, אָפּגעריסענער; דער אָטעם — הייסער, קירצער. שטייפער קלאַמערן זיך אָרעמס, נענטער דריקט זיך לייב צו לייב, ליפּן אין ליפּן גיסן זיך איבער. אויף די פליגל פון תמרהס בטחון הויבט ער זיך אויף און טראָגט זיך מיט איר אַוועק איבערן איצט, איבער באַלדן, איבער היינטן, אין אַ רוים אַ באַזונטן — אין דעם רוים פון זייער מאָרגן...

אַמאָל פלעגט זיך אַזוי דורשיפן פאַרביי זיי די נאַכט. אַמאָל פלעגט ער אין די שפּעטיגע שעהן פון אָוונט זיך לאָזן גיין צוריק אין „הקדש”.

נאַקעט און שטום אַלע גאַסן. אַלע פענצטער בלינד. אין דער פאַרוואָר־לאָזטער שטילקייט דערטראָגט זיך פון אַ ווייטער גאַס דער שווער־צאַפּלדיגער געבראַזג פון דורכגייענדע האַרמאַטן און מיליטער־טראַנספּאָרטן. פון ערגיץ־וואו הילכן אָפּ די געמאָסטענע, טעמפּע טריט פון אַ פּאַטרול־אָפּטיילונג. פון אַ טויער־לאָך פּלאַצט אַרויס אַ טרוקענער געבריל:

— ענדאַק![1]

דער טראָט טוט אַ גליווער. אַ וועכטער מיט אַ נאַגוט אין דער האַנט פאַרשטעלט אים דעם וועג, טוט אויף אים אַ קוק מיט פינצטערע אויגן —

1. האַלט!

— יאַלאַ, אַ׳בעיטאַק...[1]

פון צווישן די גדר־שטיינער, אויפן גאַס־ווינקל, וויינט אַריין אין דער וויסטער נאַכט אַ קינדיש פאַרשמאַכט קול:

— יאַ׳ראַבבי, דזשואַן...[2]

אַ קינד שטרעקט אויס אַ פאַרהונגערט האַנט, אַ קינדיש געוויין גייט־אויס פאַרלאָרן. קיינער הערט ניט, קיינער רופט זיך ניט אָפּ — קיינער אַרום איז ניטאָ.

ס׳געוויין פאַרגייט, שלוכצט באַלד ווידער אויף:

— יאַ׳ראַבבי, דזשואַן...

אַ גאַסן־פרוי שלייכט זיך דורך ביים זייט פון גאַס, בלייבט אַ ווײַלע שטיין, הערט זיך צו. זי קומט צו צום קינד, נעמט אים אָן ביים האַנט:

— טאַאַל![3]

1. שנעל, אַהיים...
2. גאָט, איך בין הונגעריג.
3. קום!

# 13

## הפקר־דיגע שעה

איינמאָל ווען חברה זיינען צוריקגעקומען פון מטבח, האָבן זיי געטראָפן אַן איבערקערעניש אין „הקדש״. ביים אַריינגאַנג זיינען געשטאַנען צוויי זשאַנדאַרמען, און כייקל האָט מיט זיי איינגעטענהט אויף ס׳ביסל טערקיש וואָס ער האָט געכאַפּט ביי חכם נסימען. עס האָט אים אָבער הפנים אויסגעפעלט פּאַדים, האָט ער געמאַכט מיט די הענט, ט׳געפינגלט מיט די אויגן, ט׳געטייטלט מיט די פינגער אויפן אַקסל:

— טאַלמיז... מעקטעבע... באַאַל־בעק... זאַבעט...[1]

די זשאַנדאַרמען זיינען אָבער ווייניק־וואָס נתפּעל געוואָרן פון דער גדולה וואָס האָט דערוואַרט כייקלען, האָבן אים אָנגעקוקט פאַרגולמט מיט קאַלטע אויגן, און אָפּגעענטפערט מיט אַ סמאַקע פון דער צונג און מיט אַ פּוילן צאַפּל מיטן גראָבן פינגער:

— בילמעם. טשאַואיש איטשערדע.[2]

אינעווייניג האָט דאָס הויז אויסגעזען ווי נאָך אַ שׂרפה. די ביכער, די בעטגעוואַנט און ס׳ביסל „ווירטשאַפט״ זיינען געלעגן צעוואָרפן איבערן דיל, און אָפּגעריסענע אַסקאַרים פון אַמאַליע טאַבור[3], אונטערן אָנטרייב פון אַ בייזן טשאַואיש, האָבן אַרויסגעטראָגן איין גאַזע־קעסטל נאָך דער אַנדערער. דער טשאַואיש האָט אויסגענישטערט וואו נאָר אַ ברעטל וואָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו אַ גאַזע־קעסטל, און האָט עס אָנגעלאָדן אויף די מידע פּלייצעס פון די אַסקאַרים. כייקל האָט אומבאַהאָלפן נאָכגעקוקט יעדער פאַרבייגעטראָגענער „מעבל־שטיק״ און האָט מיט פאַרלאָרענע בליקן עס באַגלייט ביז צו יענער זייט טויער. ס׳האָבן ניט געהאָלפן כייקלס טענות, זיין בעטן זיך; די שטוב איז געבליבן שטיין הויל־נאַקעט —

1. שילער... שולע... באַאַל־בעק... אָפיצער...
2. איך פאַרשטיי ניט. דער אונטעראָפיצער איז אינעווייניג.
3. צוואַנג־אַרבעט־באַטאַליאָן.

— עמיר ![1]

כייקל האָט זיך אַ ווײַלע אומגעקוקט אויף די פּאַריתומטע ווענט, אויף די אָפּגעלײדיקטע שטעלן, און האָט זיך אַ קראַץ געטאָן הינטערן אויער:

— אַזאַ אײַנפֿאַל גאָר ! ניט געפֿונען צו ווען צו קומען נאָך דרשה־געשאַנק פֿאַר דער טערקישער אַרמײ, ווי ביי צוקונפֿטיגע קאָדעטן. אַזאַ חוצפּה !

— כ׳האָב געוואוסט אַז מ׳עט זיך אָנרייסן ! — האָט פֿרידמאַן זיך אָפּגערופן — ס׳איז געווען בפירוש געמאָלדן אין „הדרור” אַז די רעגירונג פֿאָדערט אַז מ׳זאָל איר אָפּגעבן אַלע גאַזע־קעסטלעך און גאַזע־בלעכן. מ׳האָט זיך געזאָלט ריכטן אויף דעם.

— טאָ פֿאַרוואָס האָסטו זיך ניט געריכט ?! אָט אַ פּטרן ! וואָס האָסטו געוואָלט, אַז איך זאָל זיי עס אַנטקעגנטראָגן ?!... מילא־נו, פֿאַרפֿאַלן. — האָט כייקל אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען און האָט זיך אַ וויש געטאָן דעם נאָז פֿון אונטן אַרויף — מסתמא דאַרפֿן זיי עס בילכער. זיי ווייסן שוין אודאי אַז מיר זײַנען געוואוינט צו שלאָפֿן אויף גאַזע־קעסטלעך, ווילן זיי עס באַצײַטנס צוגרייטן פֿאַר אונדזער כבוד־וועגן... נו, דערווײַל איז עס גראַמער געוואָרן אין שטוב.

— שוין אַביסל צ ו ־ גראַם... — האָט אימעצער פֿאַרזאָרגט אַ זאָג געטאָן — ווענט !... ניטאָ אפֿילו אויף וואָס דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן.

— ניט געדאגהט, חברה ! — האָט כייקל אויפֿסניי אויפֿגעלעבט — מ׳עט זיך אויף דערווײַל פֿאָלאַדיען. לאַנג ׳על̄ן מיר שוין דאָ סײ־ווי ניט בלײַבן...

און כייקל האָט דערקלערט, אַז אַזוי ווי ס׳גייט שוין באַלד צו זומער, איז עס בעסער צו שלאָפֿן אויפֿן דיל : ס׳איז קילער. און מ׳עט זיך מוזן באַצײַטנס צוגעוואוינען צו אַ נידעריקן געלעגער : דאָרטן ט׳מען קיין היסב־בעט ניט געבן...

דעם גרעסטן היזק האָט געליטן שמחוני : איידער מ׳האָט צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, האָבן די זעלנער אַוועקגעשלעפּט אַ גאַנצע קעסטל מיט זײַנע צמחים און—— גיי זוך זיי ! איצט האָט ער געהאַט טענות צו כייקלען פֿאַרוואָס ער האָט ניט געזען צו ראַטעווען זיין קאָלעקציע — אַזאַ קאָלעקציע !

כייקלען איז עס אָנגעגאַנגען ווי דער פֿאַראַיאָריגער פֿראָסט :

— אַ מצוה אויף דיר ! ווער האַלט עס צמחים פֿאַרנאָגלט אין אַ קאַסטן ? מ׳וואָלט עס ביי דיר אויפֿגעגעסן ? סט׳מורא געהאַט עס זאָל ביי דיר ניט אַוועקפֿליען ? דו דערלעב נאָר צוריקצוקומען פֿון דאָרט מיט אַ גאַנצן קאָפּ אויף די פּלייצעס, די גראָזן ׳על̄ן שוין אָפּוואַקסן... וואַרט, דער „בצלאלניק” וועט באַלד אַראָפּשײַנען — דאָ וועלן זיך ערשט אָנהויבן די ריכטיגע יעלות ! די ממזרים האָבן אים פֿאַרגוואַלדעוועט זײַן „שולמית” : אַרויסשלעפּנדיק די קעסטלעך,

---

1. באַפֿעל.

האָבן זיי געמאַכט אַ גוואַלדריס אין דער יפה־פּיה זיינער פּונקט דאָרט וואו מ׳טאָר ניט קוקן... מילא, יאָ־קעסטלעך, ניט־קעסטלעך, הויבט אויף די בעזער, חברה, און אויפגעראַמט זאָל ווערן אין הקדש!

און כייקל האָט ניט פאַרלאָרן קיין צייט. ער האָט דערשמעקט אַז ביי כּאַדזשי ראַשידן וואַלגערן זיך אום כמעלן און שטרוי־טעפּיכער, און חברה האָבן זיך אַצינד אין דעם גענויטיגט — האָבן זיך דידאָזיגע כמעלן און ראָ־גאָזשעס איינציגוויַיז אויסגעלייגט איבערן דיל פון קעלער־שטוב. מ׳האָט זיך צוגעוואוינט צו די נידעריגע געלעגערס, צו נוצן דעם פענצטער־שוועל פאַר אַ טיש — אַבי די קאָך־מאַשינקע מיטן טשאַיניק זיינען געראַטעוועט געוואָרן...

*

און גרויע טעג האָבן זיך אויסגעצויגן אין וואָכן, האָבן זיך צעברעקלט אין חדשים. ווי אויף שפּאַרבער־פליגל האָבן זיך דערטראָגן בלינדע נאַכריכטן, בלאָנדזשענדיגע קלאַנגען: די דייטשישע אַרמעען אַדוואַנסירן מיט אומגעהויער שנעלקייט אין מערב־רוסלאַנד!... וואַרשע איז געפאַלן!... גאַנצע אידישע קהילות אין פּוילן, ליטע און אוקראַאינע ווערן פאַרטיליגט פון די צעיושעטע רוסישע חיילות!... גוואַלדטאַטן און שחיטות אין אַרמעניע!... פאַרראַט צווישן די אַראַבער!... אין דמשק האָט דזשאַמאַל פּאַשאַ געלאָזט אויפהענגען צוועלף פאַרשטייער פון דעם נאַציאָנאַלן „איל אַכד"... דער זון פון דעם שאַריף פון מעקקאַ איז אַנטלאָפן און האָט זיך איבערגעגעבן צו די ענגלענדער!... אויפשטאַנדן צווישן די דרוזן אין דעם לבנון־געגנט... אומרוען אין ארם־נהרים, אין עבר־הירדן... יוסף אַז־אַלדין, דעם סולטאַנס יורש, האָט מען געפונען מיט אויפגעשניטענע אָדערן!... אַ שטילער אָבער פאַרביסענער קאַמף גייט אָן צווישן דזשאַמאַל פּאַשאַן און דער אויבערקאָמאַנ־דאַטור אין קאָנסטאַנטינאָפּל!... אין אַטליט האָט מען אַנטדעקט אַ געהיימן דראָטלאָזן טעלעגראַף... צוויי מיטגלידער פון „השומר" האָט מען געבונדענע אָפּגעשיקט קיין דמשק... מוסרים צווישן דער אידישער באַפעלקערונג... אין ירושלים דרייט זיך אום צווישן די נאַציאָנאַלע קרייזן אַ געוויסער פאַרשוין פון די חלוקה־אידן, שפּיאָנירט און דערטראָגט זיינע מסירות צו דער מיליטע־רישער מאַכט אויפן הר־הזיתים!... דר׳ מיכלזאָנען און נאָך פינף פראָמינענטע כלל־טוער האָט מען אַרעסטירט אויפן חשד אַז זיי פירן־אָן קאָנספּיראַטיווע ציוניסטישע טעטיגקייטן און מ׳האַלט זיי ביים אַרויסשיקן פון לאַנד!... די דעלעגאַציע פון אידישן ישוב, וועלכע האָט זיך געזאָלט שטעלן פאַר דזשאַמאַל פּאַשאַן, איז פון זיין עקסעלענץ ניט אויפגענומען געוואָרן. זיין הויפּט־אַדיו־טאַנט, אַלי פואד ביי, האָט זיי געגעבן אָנצוהערן אַז זיי זאָלן זיך ליבערשט האַלטן פון דערווייטן; „אַז ס׳איז דאָ גענוג באַווייזן וואָס וועט אינקרימינירן יעדן איינעם פון דער דעלעגאַציע"... דער הונגער אין לאַנד האָט אָנגענומען

זייער אַן ערנסטן כאַראַקטער: פאַלן פון הונגער־טיפוס, פון טיפוס־משוגעת!... אויפן באַטראַק האָט אַ פאַרהונגערטער יונגערמאַן באַפאַלן און צעביסן צוויי פאַרבייגייער, און ביידע זיינען געשטאָרבן פון פאַרגיפטונג... אין כאַלעב און אַרום כאַממאַ זיינען צווישן דער באַפעלקערונג פאַרגעקומען פאַלן פון קאַניבאַליזם... מ׳האָלט ביים אָפּשאַפן דעם בעדעל... די ניי־אָטאָמאַטיזירטע ווערן גערופן צו מיליטער־דינסט!...

די פאַרוואַלטונג פון סעמינאַר און פון די אַנדערע מיטל־שולן זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן צוצושטעלן אַ רשימה פון די תלמידים וועלכע זיינען באַרעכטיגט צו פּריווילעגירטער דינסט. דער בילדונג־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו האַלטן די גראַדואירונג־עקזאַמענס אין אַנהויב פרילינג, כדי צו געבן די, וועלכע ווערן גערופן אונטערן פאַן, אַ געלעגנהייט צו באַקומען זייערע דיפּלאָמאַס באַצייטנס.

די לעצטע נייעס האָט אַרויסגערופן צווישן די תלמידים אַ שטילן אומרו. צום געוויינטלעכן אימת־הדין פון די גראַדואירונג־עקזאַמינעס איז צוגעקומען די פאַרהוילענע שרעק פון אַ בלינדער דערוואַרטונג. מ׳האָט זיך געמיט דאָס צו פאַרטאַיען, צו באַחוזקן:

— אודאי! ווי וועט מען קאָנען תופס זיין די טערקישע סאָלדאַטשינע אָן אַ דיפּלאָמע?!

— מער פעלט מיר טאַקי ניט ווי צו קומען אויפן עולם־האמת אָן אַן אַטעסטאַט פון פּייערשטאַמען!

— העי, פּטרן! פאַרגעס ניט מיטצונעמען דיינע סמיכות. ווען דו שיינסט אַראָפּ אין גן־עדן מיט אַ סמיכה־כתב פון סלאָבאָדקער רב און מיט אַ מלמד־דיפּלאָמע פון דעם הייליגן סעמינאַר אין ירושלים, קריגסטו באַלד דעם בעסטן חלק לויתן. פאַרגעס ניט, למען השם, אַז כייקל האָט אויך אַ מאָגן...

— דער מלאך גבריאל ׳עט אים באַלד אָנטאָן אַ פּאָר פליגלען פון גאָלע וואָנצן־פעדערן און וועט אים מאַכן פאַרן שר הממונה על המערידן...

— אַז מ׳עט מיר דאָרטן אַ פרעג טאָן „מה תקנת?״, שלעפּ איך באַלד אַרויס פון קעשענע חכם נסימס תעודה — אויב כ׳על נאָר זוכה זיין צו דער־טראָגן זיך אַהין מיט גאַנצע תחתונים...

— איר קילט זיך שוין מיט חלשות, מיט עולם־הבא. פאַרגעסט אָבער ניט, רבותי, אַז פאַר דעם קומט דער חיבוט־הקבר: פּייערשטאַם זשיפּעט נאָך...

— ער וועט שניידן.

— ניט דערלעבן וועט ער!

— ניט זוכה, מאַכט רש״י!

— דער הונט שאַרפט זיך שוין די ציין...

— מאַכט ער מיר אַ פּגם אין מיין דיפּלאָמע, מאַך איך אים פאַר אַן אייביגן בעל־מום!

— ווען מ׳גיט מיר ליבערשט אַ פּאָר גאַנצע הויזן אָנשטאָט דער מגילה, וואָלט ביי מיר געווען אַ גרעסערע שמחה!

— און אַ פּאָר שיך?

— אויך אַ גאַנג!

חברה לצים האָבן אויפגעכאַפּט די לאָזונג און ס׳איז רגע־כמימרא געשאַפן געוואָרן אַ לידעלע:

אַ דיפּלאָמע פאַר אַ פּאָר שיך!
אַ דיפּלאָמע פאַר אַ פּאָר הויזן!
נעמט אַ מלמד מיט זיין קאַנטשעק
און גייט שמייסן די פּראַנצויזן.

אַי־אַי־אַי, אַי־אַי־אַי,
נסים ונפלאות!
אַי־אַי־אַי, אַי־אַי־אַי,
נסים ונפלאות!

אַ פּאָר הויזן פאַר אַ דיפּלאָמע
פון סעמינאַר אין ירושלים!
גורט אַ מלמד אָן די לענדן
און גייט איינגעמען מצרים.

כייקל האָט נאָך צוגעגעבן זיין וואַריאַנט:

אַ דיפּלאָמע פאַר אַ פּאָר שיך —
פאַרלאַטעטע אפילו!
לאָזט זיך אַ מלמד אין מלחמה
רייטנדיג אויף דער קילע...

ס׳האָט אָנגעריסן. מ׳האָט עס געזונגען אין מטבח, מ׳האָט עס געזונגען אין גאַס, און מ׳האָט זיך גענומען גריבלען אין די פאַרלעגענע באַטיצן און אין די שפּאָרע טעקסט־ביכער.

אין די קלאַס־צימערן האָט זיך געפּילט בין־הזמנימדיג. די לעקציעס זיינען ווייניג באַזוכט געוואָרן. מ׳האָט אויסגענוצט יעדע „פרייע" שעה אויף „צוגרייטן זיך", און די לערער האָבן ניט מקפּיד געווען, האָבן אויפגעהערט צו האַלטן חשבון. נאָר איין פיירערשטאָם איז באַשטאַנען אַז זיינע לעקציעס זאָלן רעגלמעסיג באַזוכט ווערן און דער פּאַראויסבאַשטימטער קורס זאָל דורכגעגאַנגען ווערן אונטער אַלע אומשטענדן. דוכסן האָט ער, זינט זיין צוזאַמענשטויס מיט אים אין מטבח, כמעט ווי איגנאָרירט און האָט געזוכט אים אויסצומיידן. דוכס אָבער האָט געלייגט ווייניג אַכטונג אויף דעם און, אַלס פּאַרשטייער פון קלאַס, האָט ער אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט צו קעגנשטעלן זיך פיירערשטאָמען, ווען יענער האָט זיך פאַרמאָסטן אַרויפצוצווינגען זיין איי־

זערנע דיסציפלין. איבערהויפּט האָט זיך פייערשטאַם לעצטנס אָנגעזעצט אויף קייקלען מיט פייגלזאַנגען: נאָך זיין חשבון זיינען זיי געווען הינטערשטעליג אין צוויי אויפזאַצן איבער די דייטשישע קלאַסיקער, און ער האָט עס געהאַלטן אין איין מאַנען ביי זיי. קייקל האָט עס אָפּגעלייגט פון איין מאָל צום צווייטן, האָט עס פאַרשלעפּט אין דער לאַנגער באַנק, ביז ער האָט זיך געמאַכט כלא־ידע און האָט גענומען פאַרלייקענען שטיין־און־ביין:

— ס׳קאָן ניט געמאַלט זיין! ס׳איז ניט אַנדערש ווי אַ טעות. אדרבה, זאָל אדון פייערשטאַם נאָכקוקן ביי זיך אין ביכל: אַזאַ זאַך מוז דאָך אודאי זיין פאַרשריבן שוואַרץ־אויף־וויס.

פייערשטאַם האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום פאַרטפעל:

— יאַ־יאַ! זאָ פאָרט...

ער האָט זיך געגריבלט צווישן די פּאַפּירן. זיינע פינגער האָבן זיך וואָס אַ ווײלע באַוועגט פיבערהאַפּטיגער, נערוועזער. קייקל האָט אויסגעשטרעקט אַ לאַנגן האַלדז, האָט פאַרצויגן די ברעמען און האָט אים געהאָלפן זוכן מיט די אויגן. מיטאַמאָל האָט זיך פייערשטאַם אָפּגעריסן פון פאַרטפעל און האָט דורכגעשפּיזט קייקלען מיט אַ חלפדיגן בליק:

— וואָ איזט מיין נאָטיצבוך?!

קייקל האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און האָט אים אָנגעקוקט גאָט די נשמה שולדיג:

— אייער נאָטיק־ביכל? פון וואַנען זאָל איך וויסן וואו אייער נאָטיק־ביכל איז?

— זי האָבן מיינען נאָטיצבוך! — האָט פייערשטאַם אַ טייטל געטאָן מיטן פינגער — יאַ, זי!

— איך?!

— יאַ, זי האָבן עס געשטאָהלען! נור זי!

— איך?!... געגנבעט?!... — איז שוין קייקל געוואָרן צעיאָכמערט און איז אַריבער פון זיין כלומרשטן דייטש אויף פּראָסט מאַמע־לשון — אַ נייער שקר־בלבול! אויף וועלכע כפּרות, דענקט איר, הער פייערשטאַם, דאַרף איך אָשטייגער אייערע שמאַטעס? וואָסי׳, מיינע אייגענע זיינען שוין חלילה ניט גענוג פאַר מיר?...

פייערשטאַם איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער —

— שוין זאָל עס מיר צוריקגעגעבן ווערן! — האָט ער זיך צעשריען אין העברעאיש — דו האָסט עס געגנבעט, קייקין!

דוכס האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, זיינע ליפּן האָבן זיך צוזאַמענגעדריקט, זיינע אויגן האָבן זיך אַ קנייטש געטאָן און ער האָט דורכגענומען פייערשטאַמען מיט אַ קאַלטן, שניידנדיגן בליק:

— אדון פייערשטאַם! איך פאַרלאַנג פון אייך צו באַנוצן אַ ריינערע שפּראַך.

— מ׳האָט צו דיר ניט גערעדט! — האָט פייערשטאָם אַ בריל געטאָן — פאַרנעם דיין פלאַץ!

דוכס האָט זיך ניט גערירט און האָט אָנגעהאַלטן זיין אַנטשלאָסנקייט:

— איך וועל זיך זעצן ווען איך וועל מיט אייך פאַרטיג ווערן. איצט רייד איך צו אייך, און איר וועט מיר מוזן אויסהערן! איר האָט דאָ עפנטלעך באַשולדיגט אַ מיטגליד פון דעם קלאַס אין גנבה, און איך פאָדער פון אייך אַ באַלדיגע אַנטשולדיגונג!

אַ בריענדיגע נייגעריגקייט האָט זיך דורכגעריזלט דורכן קלאַס. מ׳איז געבליבן זיצן געשפּאַנט. כייקלס פּנים האָט אויפגעלויכטן, און ער האָט זיך הינטער־אַרום איבערגעוואונקען מיט די חברה. פייערשטאָם איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דוכסן מיט פאַרקלעמטע פויסטן —

— ווער ביסטו דאָס אַזוי צו ריידן צו מיר?! — דו——

דוכס האָט זיך אים דרייסט אַנטקעגנגעשטעלט און האָט אַראָפּגעקוקט אויף אים מיט ביטול:

— איר בעסער האַלט זיך וואו איר באַלאַנגט. מ׳האָט אייך ליב פון דער־ווייטן. און ווער איך בין ווייסט איר גאַנץ גוט: מיר האָבן זיך אָנומלטן פאַר־הערט וועגן דעם ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, און א י ר זענט געווען דער וואָס האָט געכאַפּט דעם עק צווישן די פיס און אַנטלאָפן. איך וועל אייך ניט געבן די געלעגנהייט דאָס נאָכאַמאָל איבערצוחזרן! אַנטשולדיגט זיך, אָדער איר וועט ריידן צו לידיגע ווענט!

— אַזוי——?! — האָט פייערשטאָם אויסגעשיפּעט דורך פאַרקריצטע ציין — איר האָט אַלע אַ האַנט אין דעם, הע?! רוסישע מעטאָדן, וואָס?! סאַבאָ־טאַזש?! שוין זאָל מיר דאָס געגנבעטע באָטיצביכל צוריקגעגעבן ווערן!!

— מאַכט זיך ניט צום נאַר, אדון פייערשטאָם — איר האָט שוין אַזוי אויך איבערגעכאַפּט די מאָס. אויב מיר האָבן דאָס וואָס אייך פעלט, מעגט איר זיכער זיין אַז איר וועט עס שוין נ י ט צוריקקריגן. און איך וואָרן אייך: אויב איר זענט אויסן אַ סקאַנדאַל, זיינען מיר גראָד אַצינד אין דער גונסטיגער שטימונג פאַר דעם. צו־לאַנג זיינען איך אייערע געמיינהייטן פאַרשוויגן גע־וואָרן; דאָסמאָל אָבער וועט עס ניט גיין!

פייערשטאָם האָט זיך צעלאָזט אויף די הויכע כלים און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו כייקלען:

— כייקין, וואו איז מיין נאָטיצביכל?! ענטפער!

כייקין האָט אַ צי־געטאָן מיט די אַקסלען, האָט פאַרריסן אַ פאַר אומגע־לומפערטע, לאַנגע הענט און האָט זיך געקליבן עפּעס צו ענטפערן. דוכס איז באַלד צוגעשפּרונגען און האָט זיך געשטעלט צווישן כייקלען מיט פייערשטאָמען:

— איך וועל פֿאַר אים ענטפֿערן! איך בין דער פֿאָרשטייער פֿון דעם קלאַס, און איך וועל פֿאַר אים ריידן — אָבער ניט צו אייך, אדון פּייערשטאַם. חברים! — האָט ער זיך געווענדט צו די אַרומיגע — איר האָט אַלע געהערט די באַשולדיגונג וועלכע אדון פּייערשטאַם האָט אַרויפֿגעלייגט אויף אונדזער כייקלען און אויף דעם קלאַס אַלס אַ גאַנצן. די וועלכע פֿילן זיך שולדיג אין דעם זאָלן דאָ בלייבן, די איבעריגע זאָלן תיכּף־ומיד פֿאַרלאָזן דעם צימער. געגאַנגען!...

מ׳האָט זיך אויפֿגעהויבן, פֿאַרנומען די ביכער און זיך געלאָזט צום טיר. כייקל איז געווען דער ערשטער זיך אַרויסצוזיאָגן פֿון צימער. פּייערשטאַם האָט נאָכגעשריען מיט באַנומענע קולות:

— איך וועל זיך מיט דעם רעכענען! איך——

— וועגן דעם ׳עלן מיר נאָך זען... — איז געקומען דוכעסעס ענטפֿער פֿון דער אַנדערער זייט.

מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז ער געשטאַנען אין משרד פֿאַר אדון שיפּריסן. ער האָט אים דערציילט וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען, ווי אַזוי ס׳איז געשען.

— מיר זיינען געווען געצוואונגען דאָס צו טאָן, אדוני. די געמיטער זיינען אָנגעשטרענגט און ס׳האָט געפּלאַצט. מיר האָבן באַשלאָסן ניט צו באַזוכן אדון פּייערשטאַמס לעקציעס ביז ער וועט זיך ניט אַנטשולדיגן פֿאַרן קלאַס.

אדון שיפּריס האָט אים אויסגעהערט מיושבדיג, מיט וואָגיגן ערנסט. ער האָט זיך צוגעקוקט צו דוכסן, צו זיין פֿעסטגעשטעלטן באַנעם. פֿון צייט־צו־צייט האָבן זיך זיינע ליפּן אַ בראָך געטאָן אין אַ דורכזיכטיגן שמייכל און זיינע אויגן האָבן מילד אַ פֿינקל געטאָן. ער האָט זיך געמיט דאָס ניט אַרויס־צואווייזן.

— עס איז אַן ערנסטער שריט, דוכס, — האָט ער פֿאַרזאָרגט אַרויסגע־רעדט — איבערהויפּט איצט.

— מיר באַגרייפֿן עס פֿולשטענדיג, אדוני, און מיר זיינען גרייט אויפֿ־צונעמען די פֿאָלגן. מיר קאָנען אָבער מער ניט אויסשטיין קיין אומזיסטע באַליידיגונגען. און אין דעם נאָמען פֿון מיינע חברים דריק איך אויס אונדזער פֿולן צוטרוי און רעספּעקט צו דער פֿאַרוואַלטונג אין איבערגעבן דעם ענין אינגאַנצן אין אייערע הענט...

כייקל האָט אים אָפּגעוואַרט אין דרויסן —

— אָט דאָס איז געלערנט בלק!

— ער האָט זיך אַליין אָנגעריסן אַ געשוויר, איצט זאָל ער זיך קראַצן.

— וואויל געדרשנט! שוין לאַנג עס געדאַרפֿט טאָן אַזוי. איצט, בעל־דרשן מיינער, כאַפּ נאָר אַ קוק אין דער קעשענע — אָבער נאָר מיט איין אויג... זעסט?

— וואָס—ס?!... דו מיינסט——

— יאָ, יאָ — דאָס איז דאָס... קוק מיר ניט אָן אַזוי נשתומם. קום, לאָמיר גיין.

— און דו מיינסט צו זאָגן, אַז דו האָסט עס די גאַנצע צייט געהאַלטן ביי זיך??!

— וואָס דען, ס'איז מיר איצט־אָ אַליין אַריינגעפאַלן אין קעשענע? שטיי ניט ווי אַ גולם — געגאַנגען זאָל ווערן!...

— און איך וואָלט בשעת־מעשה געשוואוירן ביי אַלץ וואָס איז מיר הייליג אַז דו האָסט עס ניט געגנבעט...

— ווער זאָגט סיידן געגנבעט? אָט, ס'האָט זיך געלוינט אַז ער זאָל דאָס ניט האָבן, האָב איך עס אָפּגעשטעקט; אָבער גנבענען? — חלילה!... פאַרשטייסט? מ'דערציילט, אַז אין בערלין, טאָמער שטעלט זיך דער שטאָט־זייגער אָפּ אויף איין מינוט, פאַרלירן אַלע דייטשן די הויזן. און פייערשטאַם אָן דעם ביכעלע איז אויס קאַפּעליוש־מאַכער!... און טו נאָר אויף טשיקאַווע אַ קוק ס'אַר אַ מין בוכהאַלטעריע, מיט אַ חרטומים־כתב! דער ממזר האָט שוין יעדן איינעם אָנגעשריבן „אַ גוט יאָר"... דייטשישע פּינקטלעכקייט! אַזאַ מזל אויף אים...

— ווי האָסטו עס אָבער געוואָגט צו האַלטן ביי זיך? וואָס טוסטו אַשטייגער ווען ער נעמט און באַזוכט דיר?

— אַה, אויף דעם האָב איך נאָר געוואַרט! אַי, וואָלט איך אים אָפּגעזונגען אַן „אתה הראית", אַז ער וואָלט מיר געהאַט צו געדענקען! בפני כל עם ועדה וואָלט איך אים באַוויזן ווער ער איז און ווי אַ דייטש פירט עס חשבונות. נו, ביסטו דאָך אָבער געווען דער חכם און האָסט פאַרצויגן גאָר אַן אַנדער ניגון, האָב איך שוין ממילא געמוזט מיטזינגען.

— דו באַסיאַק! האָסט אונדז אַלעמען, הייסט עס, געשלייערט?

— האָב קיין חרטה ניט. האָסט בלאָ־יודעים אָפּגעטאָן אַ גוטע שטיקל אַרבעט, און זאָל עס דיר זיין צו מצוה!

— איצט 'עט מען שוין מוזן אָנהאַלטן פאַסאָן און דערפירן די קאָמעדיע ביזן סוף: שפּילן אויפן אומשולד. דאָס ביכעלע אָבער וועט מען מוזן פאַרברענען.

— אין דעם ביסטו זיך שוין דוקא טועה! מיר זיינען נאָך מיט אים ניט פאַרטיג. וואָס אַרט דיר? ס'עט צונוץ קומען. איידער מיר טראָגן זיך אָפּ פון דאַנען, האָב איך נאָר אַ פּאָר חשבונות אָפּצופּטרן. דערווייליע פּתח־שין — שאַ!...

דער זיג איז געווען אַביגדורס. אדון שיפּריס האָט זיך אַריינגעלייגט אין אַ שלום. פייערשטאַם האָט זיך עפּנטלעך אַנטשולדיגט אונטערן אויסרייד, אַז

ער האָט ס׳ביכעלע געפונען ביי זיך אין דערהיים, נאָר אויף דער הייסער מינוט האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז ער האָט געזען כייקלען, צי אימעצן אַנדערש, זיך אומפאָרן ביי זיין פאָרטפעל. כייקל מיט דוכסן האָבן זיך דערביי איבערגעוואונקען און שיעור ניט אויסגעפלאַצט אין אַ געלעכטער. די למודים אין קלאַס זיינען אָנגעגאַנגען ווי געוויינטלעך. פייערשטאַם האָט שוין אָבער פאַרלאָרן זיין שטאָלצע האַלטונג, זיין זיכערע זעלבסטווירדיקייט — זיין דעמאַגאָגישער באַנעם — איז געבראָכן געוואָרן.

# 14

## פאַר אַ בכ־ינד־ן שוועכ־ל

אין דער „קאָמונע״ האָט זיך גענומען שטאַרק פילן דער מאַנגל אין קליידונג. מיט שיך איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה — כייקל האָט פאַר דעם געפונען אַן עצה: ס׳זיינען געווען גענוג טאָוולען אויף דער וועלט, שטריקלעך, אָדערן און, איבערהויפּט, גענוג טינט... שלעכט איז אָבער געווען מיט דער פראַגע פון הויזן. פאַר דעם האָבן שוין אפילו כייקלס „סגולות״ ניט געהאָלפן. וואָס מער מ׳האָט זיי געצאָבעט, וואָס מער מ׳האָט זיי געלאַטעט און געקניפּלט פון אינעווייניג, אַלץ מער האָבן זיי זיך געטרענט און געריסן, אַלץ לופטיגער זיינען זיי געוואָרן, אַלץ ברייטער האָבן זיי געעפנט זייערע „פענצטער״, און דוקא אין אַזוינע פלעצער וואו די הענט האָבן ניט גע־קאָנט דערלאַנגען... עס איז געקומען דערצו, אַז מ׳האָט זיך געמוזט איינטיילן, צוערשט — זאַלבעדריט מיט צוויי פאָר הויזן, דערנאָך — זאַלבעצווייט מיט איין פאָר. פרידמאַן איז געווען דער יוצא מן הכלל: אים האָט כייקל צוגעזען מיט אַ פאָר הויזן אינגאַנצן פאַר זיך — „פאָרט דער איינציגער שטיקל פאַרדינער: דער איינציגער וואָס האָט נאָך אַ פריוואַטע לעקציע וואָס צאָלט״. נאָר לעצטנס, זינט ער, פרידמאַן, איז אויך געבליבן „אָן אַ קנעלונג״, איז ער געוואָרן אויס מיוחס, איז „געגאַנגען עם כל הנערים״, און ביי חברה אין קעלער־שטוב האָט שטאַרק אויסגעפעלט אַ מזומענער פּיאַסטער. ס׳איז ניט געווען וואו צו גיין — מ׳האָט ניט געקאָנט גיין; האָט מען זיך פון פריען פרי־מאָרגן־אָן אומגעוואַלגערט אויף די צערויעטע געלעגערס און „געשלונגען״ די נאָטיצן. יעדער איינער פאַר זיך האָט זיך געפלייסט צו באַלאָדן דעם מידן מוח מיט פאַרגעסענע טעאָרעמעס, כימישע פאָרמולאַס, פיזישע געזעצן, אויס־טערלישע נעמען פון בערג און טייכן, דאַטומס און ציפערן. דער „בצלאלניק״ האָט זיך נאָך באַצייטנס צוגעשריבן צום ירושלימער שטאָט־אינזשעניר, כדי ניט דאַרפן געשיקט ווערן אין אַמאַליע־טאַבור. זיין פּלאַץ אין „הקדש״ האָט איצט פאַרנומען ביילין, און ער האָט אויסגעווירקט, אַז דורך די שעהן פון טאָג,

ווען מ׳האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן „צוגרייטן זיך״, זאָל די שטילקייט אין קעלער ניט געשטערט ווערן. איז עס געווען שטיל. פרידמאַנען האָט מען באַזעצט באַזונדער, אין דעם קלענערן צימערל, אין שכנות מיט שמחוניס צמחים. דער געוועזענער סלאָבאָדקער מתמיד האָט געהאַט אַ טבע, ווען ער פלעגט זיך פאַרטיפן אין אַן ענין, צו פאַרגיין אין אַ גמרא־ניגון הויך אויפן קול. און וואָס מער ער פלעגט זיך אַריינטראַכטן, אַלץ שטאַרקער פלעגט ער זיך צעשאָקלען, אַלץ הילכיגער, אַלץ טרויעריגער פלעגט ווערן זיין ניגון. ווי אַ פאַרטויבט געוויין פלעגט זיך זיין ניגון דורכזיפּן דורך דער שווערער טיר.

— ווי ער האָט זיך עס אַביסל צעיאָמערט, דער פּטרן אונדזערער, איבער פּיטאַגאָראַסעס הויזן![1] מ׳וואָלט געקאָנט מיינען אַז אונדזערע אייגענע תחתונים האָבן אַ שענערן פּנים... — פלעגט זיך כייקל ניט קאָנען איינהאַלטן און פלעגט אַרויס מיט לשון.

ביילין פלעגט אים ניט לאָזן לאַנג ברייען:

— כייקל! מ׳האָט דאָך עפּעס אָפּגעמאַכט...

און ס׳פלעגט באַלד ווידער שטיל ווערן.

פרידמאַנס „יללות״ האָבן ניט איינמאָל אַראָפּגעבראַכט אין קעלער־שטוב דעם גאָטספאָרכטיגן כאַדזשי ראַשיד, וועלכער איז געווען טשיקאַווע צו זען ווער פון די מואַלמין דאַוונט עס אַזוי אַ גאַנצן טאָג מיט אַזאַ השתפכות. אגב־אורחא פלעגט ער אַ נישטער טאָן מיט די קראַנקע אויגן איבערן צימער און זיך אַ פרעג טאָן אויף זיין מואַלים מוססאַ — אויף כייקלען. בכלל איז ער עפּעס לעצטנס געוואָרן אַן אָפטער גאַסט ביי זיינע שכנים. ער פלעגט אַריינקומען, פלעגט זיך נאָכפרעגן אויף כייקלען, פלעגט זיך צוזעצן, וואַרטן. כייקל איז אָבער פּונקט דאַמאָלט קיינמאָל ניט געווען: כייקל פלעגט אים שוין דערשמעקן פון דערווייטן און איז, ווי אונטער די אויגן, אויסגערונען — ניט געוואָרן. פלעגט דער כאַדזש נאָך צוזיצן אַ ווײַלע, אונטערקרעכצן, און פלעגט זיך אָפּטראָגן אַן אַנטוישטער:

— מוש נאַפּי...[2]

וואָס מוש נאַפּי? וואָס גייט אים כייקל אַזוי אין לעבן? וואו ווערט יענער יעדן נאָכמיטאָג פאַרשוואונדן? וואו באַהאַלט ער זיך אויס? — גיי דערפרעג זיך עפּעס ביי כייקלען, דערגיי ביי אים אַ טאָלק, ווען דער באָסיאַק וויל ניט דערציילן! ער פלעגט צוריק אַראָפּשיינען ווען ס׳איז שוין געווען פּיטשטערלעך, אָדער שפּעט אין אָוונט; פלעגט מיטברענגען אַמאָל עפּעס צום עסן, אַמאָל אַ שטיקל אָפּגענוצט מלבוש, אַביסל וועש, און אָפט — מזומן קליינגעלט. ער

1. פּיטאַגאָרעס־טעאָרעמע.
2. ניט שיין.

פלעגט זיך אַ ווישׁ טאָן דעם נאָז פון אונטן אַרויף, פלעגט פאַרטיילן דעם „געפינס״ צווישן די חברה חלק־כחלק און — שאַ, שטיל!

אביגדור האָט אויסגענוצט די שטילקייט פון די שעהן אויף צו פאַרענדיקן עטלעכע לענגערע מאַנוסקריפּטן. צווישן די איז געווען אַן עפּאָס איבער הערצלען און אַ דראַמאַטישע פּאָעמע מיטן נאָמען „דער געפּייניגטער פון נצרת״, אויף וועלכער ער האָט געאַרבעט זינט זיין אָנקומען אין ירושלים. אחוץ אדון שיפּריסן, זיינען תמרה און קאַפּלאַן געווען די איינציקע וועמען ער פלעגט ווייזן יעדן נייעם כתב־יד. קאַפּלאַן פלעגט מיט דערוואַרטונג נאָכפאָלגן יעדע נייע שורה פון אונטער זיין פען, און פלעגט מיט אמת־חברשער אויפריכ־טיגקייט עס צעגלידערן, אַרומריידן, אויפווייזן. אביגדור האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיט קאַפּלאַנס מיינונג און פלעגט גערן אויפנעמען זיינע דורכגע־טראַכטע באַמערקונגען. לעצטנס האָט קאַפּלאַן נאָכגעפאָלגט אביגדורס שאַפן מיט באַזונדערן אַנגסט. די לעצטע לידער אביגדורס, וועלכע אדון שיפּריס האָט געלאָזט פאַרעפנטלעכן, האָבן געצויגן אויפמערקזאַמקייט און די קריטיק האָט זיי וואַרעם אויפגענומען. קאַפּלאַן האָט זיך ווי געשראָקן אַז דאָס, צוזאַמען מיט דער אָנגעשטרענגטער שטימונג אונטער וועלכער אביגדור האָט איצט פיבער־האַפטיג געשריבן, זאָל ניט האָבן קיין שעדלעכע ווירקונג אויף זיין שאַפן.

ווי נאָר קאַפּלאַן פלעגט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּרייסן פון די נאָטיצן און די לער־ביכער, פלעגט ער אַרויסרופן נאָך זיך אביגדורן, פלעגט זיך מיט אים פאַרקלייבן אין הויף אונטער די בוימער, און פלעגט זיך נעמען לייענען די לעצטע טיילן פון אביגדורס כתב־יד. ער האָט צענומען יעדער סטאַנזע, ט׳געוואויגן יעדן געדאַנק, ט׳פאַרזיכטיג באַדענקט יעדן וואָרט, האָט זיך באַ־צויגן מער קריטיש ווי געווינטלעך.

— דו שרייבסט אונטער אַ גוואַלדיגער אָנשטרענגונג, אביגדור; — האָט ער איינמאָל גאַנץ אָפן באַמערקט — עס פילט זיך דער ריח פון שווייס צווישן די שורות.

— ס׳קאָן געמאָלט זיין... — האָט אביגדור זאָרגלאָז נאָכגעגעבן — איך מוז אָבער דאָס אַלץ פאַרענדיגן איידער מיר גייען אַוועק.

— האָסט זיך אויסגעזוכט זייער ניט קיין געוואונשטע צייט פאַר אַזאַ אַרבעט: איצט, פאַר עקזאַמינעס... האָסט זיך ליבערשט געדאַרפט מער אָפּגעבן מיטן „צוגרייטן זיך״.

— כ׳גלויב ניט אין דעם! — האָט אביגדור אומגעדולדיג עס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — איך האַלט ניט פון גייען צום עקזאַמען מיט אַ טשאַד אין קאָפּ. אַ טשאַד — דאָס איז וואָס דאָס גריזשען די נאָטיצן אין די לעצטע פאַר וואָכן פאַר עקזאַמינעס לאָזט איבער. לערנען אויף צו וויסן, אויף צו געדענקען, דאַרף געטאָן ווערן דורך דער צייט פון שטודיום, און דאָס, גלויב איך, האָב איך געטאָן באַצייטנס. און אויב איך האָב וואָס דורכגעלאָזט דורך די קאַרגע

דריי יאָר צייט, וועל איך עס איצט — אין די געציילטע טעג — ניט איינ־שלינגען.

— אָבער נאָך אַלעמען, גראַדואירונג־עקזאַמינעס...

— אָ, צום טייוול מיט די עקזאַמינעס! אַלץ וואָס קאָן געשען איז — דורכפאַלן. מילא! צו טאָן דאָס, וואָס איר טוט אַצינד, וועט מען קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיגן. און כ׳על זאָגן ווי כייקל זאָגט: „ממה־נפשך, ׳עט מען צוריק־קומען פון דאָרט, איז דאָך אַן עקזאַמען ניט קיין ציג; אַניט, איז דאָך——״ ס׳עט אָבער ניט קומען דערצו. פאַרשטייסט? די הויפּט־פראַגע אַצינד איז ניט דאָס גראַדואירן, נאָר דער באַלדיגער נ אָ כ ד ע ם.

קאַפּלאַן האָט אים פאַרווירט אָנגעקוקט. אַ פינצטערער געדאַנק האָט זיך דורכגעבליצט פאַר אים.

— דו מיינסט צו זאָגן... דו דענקסט... אַז...

אביגדור האָט אינטואַטיוו אויפגעכאַפּט דעם באַטייט פון קאַפּלאַנס בליק און האָט בלאָס אַ שמייכל געטאָן:

— ניין, ניט דאָס... אויף אַזויפיל נאַריש בין איך נאָך ניט. אדרבה, איך האָב אַ טיפן פאַרגעפיל אַז איך וועל צוריקומען — כ׳ מ ו ז צוריקקומען. נאָר לאָמיר זיך ניט נאַרן, קאַפּלאַן! מיר לאָזן זיך אויף אַ בלינדן וועג. מיר נעמען זיך אונטער אַ נייע שליחות. די גאַנצע זאַך גייט ניט צו ווי מיר האָבן זיך פון אָנהויב פאַרגעשטעלט און ס׳איז ניט צו וויסן וואָס דער גורל האַלט פאַר אונדז אין שויס. איין זאַך איז אָבער קלאָר: ס׳דערוואַרט אונדז אַן אַנדער לעבן. פולוועך — שטאָל — נייע דערפאַרונגען — נייע איינדריקן — שטאַרקערע אפשר, אָבער—— אַנדערע. איך בין דערפאַר גערן צו פאַרענדיגן דאָס וואָס איך האָב אָנגעהויבן אין דערזעלבער אומגעבונג אונטער וועלכער איך האָב עס פאַרטראַכט: ד אָ. און די צייט איז קורץ. מ׳מוז זיך צואיילן...

— און דו האָסט גאָר קיין מורא ניט אַז די גאַנצקייט, די שלמות, פון דער זאַך וועט דורכדעם ליידן?

— און אַז יאָ? אַזוי־לאַנג ווי דער אויפבוי, דער צוזאַמענשטעל, איז דאָ, בלייבן די שוועל־גרעניצן באַצייכנט, איז נאָך דאָ צו וואָס צוריקצוקומען — שפּעטער, נ אָ כ ד ע ם... פאַרשטייסט? ס׳מוז דאָך זיין אַ שוועל, אַן אָנהויב, פון וואַנען דער אַוועקגיין האָט זיך אָנגעפאַנגען; הינטער וועלכן די שפּורן פון דעם ניט־זיין בלייבן איינגעשלאָסן; וואו דער ניט־געבוירענער ווי־דערקול פון דאָס ניט־דערזאָגטע הילט זיך אין שטומן וואַרטן... דוד! ווען אַ חלום פאַרגייט, מוז דאָך ערגעץ־וואו ציטערן דער שאָטן פון זיין נאָכוויי; ווען אַ געזאַנג ווערט איבערגעריסן, מוזן דאָך די ניט־דערזונגענע קולות ערגעץ־וואו געפינען אַן אָנטרינוג...

— רעדסט אַזוי צעשטרויט. כ׳פאַרשטיי דיר ניט, אביגדור.

— הא̇ ?... יא̇. ס'איז א̇ שוועל — א̇ בלינדער שוועל — א̇ן איבערגא̇נג... לויערן בענקשא̇פטן פון איין זייט, מא̇ניעט די סודותדיגע ווייטקייט פון צווייטן. דער טרא̇ט ער ברענט. עס טרייבט דער רוף אין וועג דעם בלינדן. עפּעס מוז דערלייזט ווערן, עפּעס מוז פא̇רגעסן ווערן, און עפּעס בלייבט דא̇ איבער און רופט צוריק, יא̇גט א̇ן א̇ן אומרו... פון א̇לץ וואָס הא̇ט געזא̇לט געשען בלייבט איבער דא̇ס ניט־געשעענע, דא̇ס ניט־דערטרוימטע — א̇ שיר־השירים א̇ ניט־דערזונגענער — תמרה...

— וואָס ביסטו אויסן ?

— גא̇רניט.

— הא̇סט דא̇ך עפּעס געוואָלט זא̇גן — ?

— יא̇... כ'הא̇ב נא̇ר געדענקט... כ'הא̇ב געוואָלט דיר בעטן...

— וואָס א̇שטייגער ? זא̇ג. זיי ניט א̇זוי צעטרא̇גן, אביגדור.

— כ'הא̇ב שוין עטלעכע מא̇ל זיך געקליבן צו ריידן מיט דיר וועגן דעם... יא̇, טא̇קי וועגן דעם... איז וואָס הא̇ב איך דיר געוואָלט זא̇גן ? טא̇קי דא̇ס... פא̇רשטייסט ? כ'לא̇ז א̇לץ איבער דא̇... א̇ ל ץ... א̇ז דו'סט וועלן 'עסטו נא̇כדעם קא̇נען צופא̇רריכטן, דערשלייפן... נ א̇ כ ד ע ם... ס'בלייבט ביי תמרהן. נא̇ר——

— נא̇ר וואָס ?

— גא̇רניט. פא̇רשטייסט ? טא̇קי וועגן איר... ס'איז שווער... כ'על נא̇ך ריידן מיט דיר וועגן דעם... א̇ן א̇נדערש מא̇ל — אפשר שפּעטער...

און זיי זיינען ביידע א̇נשוויגן געווא̇רן.

אביגדור הא̇ט א̇רא̇פּגעקוקט אויף די קנא̇כיגע ווא̇רצלען פון בוים. קא̇פּלא̇ן איז געבליבן זיצן פא̇רטרא̇כט און הא̇ט בלינדערהייד געצערטלט א̇ בלימעלע מיט פא̇רזא̇רגטע פינגער.

נא̇ך א̇ לענגערער ווײלע הא̇בן זיי זיך שווייגנדיג אויפגעהויבן און א̇ריינגעשלייכט אין „הקדש".

# 15

## אין ד־־י קכ־־לאַען פון פּײַן

אָפּט פלעגט די שטילקייט אין „הקדש" איבערגעריסן ווערן פון אַ געאײַלטן רוף צו פאַרזאַמלען זיך אין סעמינאַר. פון דאָרט פלעגט מען זיך לאָזן, אין דער באַגלייטונג פון אדון שיפּריסן און חכם נסימען, צום מודיר מואַריף, צום סעאיר־טאַביב, צום מוטעצאַריף. לאַנגע, איבלדיגע שעהן פון נוצלאָזן וואַרטן; פון אומבלאָנדזשען איבער די טונקעלע, אויסגעוועלבטע קאָרידאָרן פון דעם אָפּגעירשנטן פראַנצויזישן מאָנאַסטיר; פון אומבראָדיען פון איין קאַטיב צום צווייטן; פון איינזאַפּן אין זיך דעם טוכלן עיפּוש און די זויערלעכע צוגעפוילקייט פון די גרויע, פאַרוואָלקנטע קאָלימאָדאַס; פון אָנהערן זיך ביז אַ קאָפּווייטאָג מיט חכם נסימס טריפנדיגע מליצות; פון צוקוקען זיך צו די פוילע העויות, צו דער כלומרשטער פאַרמוחטקייט פון די מערידנדיגע, אויסגעוויקטע שרייבערלעך און יאַווירס. קראַנקע שעהן, פאַרזינדיגטע. און אויסלאָזן פלעגט זיך עס יעדן מאָל מיט אַ מער־פאַרגרייזטער יוקלאַמאַ, נעמען־אויסרוף, און — האַידע — צום קאָלאָגאַסי!

דער נאָמען אַליין איז געגוג געווען אָנצואוואַרפן אַ שוידער אויף יעדן איינעם, וואָס איז געקומען אין באַריר מיט דער פּערזענלעכקייט פון דעמדאָזיגן באַאַמטן. קורצגעוואַקסן, נערוועז, מיט צערויעטע, רומאַטישע פיס און אַ פּאָר דיק־באַברעמטע אויגן. די לאַנג־צעוואָקסענע וואָנצן און דער צעפּאַטעלטער, הויכער קאַלפּאַק אויף זיין האַמעטנעם קאָפּ האָבן אים געגעבן דעם אויסזען פון איינעם, וואָס איז צו יעדער רגע גרייט צו דורס זיין יעדן וואָס טרעפט אים אָן אויף זיין וועג. פון אָפּשטאָם אַ טשערקעז, האָט ער פאַרבראַכט די מערסטע יאָרן פון זיין מיליטערישער קאַריערע ביים רוסישן גרעניץ אין קאַווקאַז, האָט גוט געקאָנט די שפּראַך פון דער שכנותדיגער מלוכה און האָט זיך דערפאַר געהאַלטן פאַר אַ מענטשן מיט אַן אייראָפּעאישער בילדונג. נאָר די גאַנצע „אייראָפּעאישע בילדונג" זיינע איז באַשטאַנען פון די מידות וואָס ער האָט געגאָשט ביי זיינע קאָלעגן, די רוסישע פּראָווינציאַלע באַאַמטע: שכרות, אויס־

גערַאסנקייט און אכזריות. ווי יעדער פּאַרזעסענער באַמטער פון אַבדול האַמידס צייטן, וועלכער האָט דורך אַ צופאַל, געקראָגן אַ פרייע האַנט, האָט ער געוואוסט פון איין כלל: ציטערן פאַר זיינע איבערהאַרן און אַנוואַרפן אַ מורא אויף די וואָס זיינען אונטער אים...

ווי נאָר ער פלעגט זיך באַווייזן אין דער נאַקאַהיט־כאַני, — מאָבילייזירונג צענטער — פלעגט אַ קאַלטע אימה באַפאַלן די אַלע, וועמען דער בייזער גורל האָט אַהין פאַרטריבן. נאָכשלעפנדיג די קראַנקע פיס, פלעגט ער זיך דורכבויערן דורכן תמיד־באַלאַגערטן הויף.

— דו וואָס?!

שטייט אַ מענטש אַ פאַרציטערטער, בויגט אין דרייען זיך אַ בלאַסער:

— דעם בעדעל, יאַ׳בעק[1]... די צווייטע העלפט אין צייט צו ברענגען ניט באַוויזן... נאָר צוויי טעג...

פליט אַ פויסט אַ קנאָכיגער גלייך אים אין די אויגן. פינצטער ווערט דער טאָג אַרום. קלאַפּ נאָך קלאַפּ, ווי טויבע האַמערס, שטויסן אים אַראָפּ, אַרונטער. אַ דונער שפּאַלט אים דורך אין צווייען —

— קע־ד־ראַ־טאַ[2]!! זיבן טעג אין קעלער־תפיסה!...

אַ שפּרייז, און נאָך אַ שאָטן אַ צעשראָקענער.

— אַ באַקאַנטער פּרצוף. געזען דיין הינטיש פּעל שוין דאָ ניט איינמאָל!

קוקן אויגן שטאַר, פאַרגליווערט. ליפּן שמאַכע ברעכן זיך פאַרזוויטאָגט, העשען־אויס אַ טויטן אַנגסט:

— דאַ־כי——ליאַק...[3]

אַ שפּיי אַ גיפטיגער צעזידט זיך אויפן פאַרמעט־פּנים. אַ שוואַרצע שלאַנג — דער אָקסן־אָדער — צעצאַפּלט זיך מיט אַ סוויסטשעדיגן כוואַשטשען און לייגט־אויס קאַרבן בלוטיגע אויף די צעאַקערטע באַקן, אויפן אויסגעאָדערטן האַלדז־און־נאַקן. די קני ברעכן זיך צוזאַמען. אויס!

נאָך אַ טראָט, און נאָך אַ קרבן. דער הייזעריגער קלונג פון שפּאָרן האָט אָפּגעטויט יעדן קול. שטרעקן פינגער זיך צו אים פאַרקלעמטע. ס׳טאַיעט אַ געוויין אין זייער יעדן ציטער.

— גאָט מיין עדות: אין מיטן אורלויב גאָט דער מאַמען אָפּגעגעבן... פאַרזאַמט די שעה... האָב רחמנות...

אַ קראַך אין קינבאַק. אַ בראַזג פון ציינער. אינ׳ם ברענענדיגן חלל טוט בלייאיג זיך אַ וואַקל אַ קאָפּ, אַן אָפּהענדיגער אָרעם. אַ דערשטיקט געשריי... זאָל ער ליגן, די נבלה!

---

1. דעם אויסלייז־געלט, אָ, ביי.
2. אויסוואורף.
3. דיין רחמנות.

טריט... טריט... שפּאַרן קלינגען, שיפּען־אויס אַ בייזע אימה, הויכן־אָן אַ גרויל, לאָזן איבער אַ פֿאַרפּייניקטן געצאַפּל... אַ זיבעטער. אַ צענטער. דער געבריל ווערט נענטער. ער קומט! — אָט איז ער! — די גרויע וואָנצן שפּיזן שוין אין פּנים, שווינדלען קלאָאַיג פֿאַר די אויגן. שוואַרצן צאָרן צוקן־אויס די נאָזלעכער אַנטקעגן. אויף די ליפּן בלעזלט גיפֿטיק אַ ווייסער שוים. און—— טויט די צונג, בלאָס די ווערטער:

— אין מיטן וועג געפֿאַלן... די מחנה דעריאָגן ניט געקאָנט... אַליין, אַ שופֿט דערבאַרעמדיגער, אַהער דערשלעפּט זיך...

ס'טוט אַ בליץ אַ שפּאַר. דער שטיוול עסט זיך איין אין ריפּ, אין די בני־מעיים. אַ פֿאַרצווייפֿלטער געהויל... רעוועט דאָס אַ מענטש, צי אַן אָקס אַ ניט־דערקוילעטער?... נאָר דאָס ווילד געבריל שרייט אים באַלד אַריבער, בושעוועט ווי אַ דונער, שילט און שפּלינטערט —

— דו זונה־זון קרעציגער! שדים אין דיין מוטערס —— אַריין! אַ געבונדענעם ביז כאַפּיר אים טרייבן, דעם טאַבור זיינעם דעריאָגן!...

טריט... טריט...

שומרים שטייען האַרט, באַוואָפֿנט. צווישן זיי גליווערט אַ געלזוכט דאָרט אין מורא. ס'טוט אַ פּלאַץ דער טראָט. אַ טיוּוליש קייכן. גאַליג שטשירען די געלע ציין —

— פּעראַרי, הע?![1]

ס'ברענט אַ טרוקנקייט אין האַלדז, אַ ליידיגקייט אין די אויגן; קיין קול, קיין טרער דעם בייזן גזר אָפּצובעטן.

— די פּאַליעקע![2] יעדן מאָרגן ביזן משפּט אים פֿינף־און־צוואַנציק אַריינ־ציילן!

אַ וואַנזיניגער גרילץ. אַ ברוסטיק שלוכצן. אַ שטיק גרויער פּיין וואַרפֿט זיך קושן דעם גאוהדיגן קנאַפּל:

— אַללאַ אַשקאַנאַ——![3]

נאָר די פּיס זיי הענגען שוין געפּענטעט. דער גוף צאַפּלט זיך אָן אָנ־האַלט אין דער לופֿט. האַפּטיק שניידט די בייטש זיך אין די זוילן — אַרויף, אַראָפּ — דריי!... פֿיר!... אַמאַן! פֿאַרגיב — פֿון נביאָס־וועגן!... זעקס!... זיבן!... ניין!... אָ, ביי רחמנותדיגער!... ס'בריט דער ווייטאָג. ס'העלפֿט קיין בעטן... עלף!... דרייצן!... צוועלף!... ס'וואַרגט אין האַלדז. דער געשריי צינדט־אָן דעם מאַרך, די שלייפֿן. די אברים

1. אַן אַנטלאָפֿענער, האַ!
2. דעם שמייס־שטאַנג (זע ווערטער־פֿאַרטייטש).
3. גאָט צוליב.

פלאַצן... פופצן!... זעכ... זיבע... אָ, זאָל מען פערטלען — זאָל מען צופּן...

טריט... טריט... אַ שרעק אין יעדן האַרצן, אַ פּיין אין אַלע גלידער. שפּאָרן בלאַנקען ווי חלפים. אָ, ווער קומט עס זיי אַנטקעגן? ווער בוקט זיך עס אין שטויב? אַ פרויען־געשטאַלט... אַ צווייטע... הענט פון אונטער שוואַרצע שלייערס קלאַמערן זיך, בעטן:

— קינדערלעך פאַרהונגערטע... עופעלעך... דער טאַטע ווערט גע־פייניגט...

ס׳פאַרביילן זיך פויסטן. ס׳פאַרקלעמען זיך ציין. פיס רומאַטישע צע־בריקען זיך און קיילן בלינדערהייד אין קאָפּ, אין ברוסט, אין טראָגעדיגן בויך —

— גאַסן־פרויען פאַרעיפּושטע! צעפוילטע זונות!

הימלשפּאַלטנדיגע קולות. אַן אַנגסטיגער געיאָמער. אַ פרויען־גוף אַ צעדראָשענער קאָרטשעט זיך אין שטויב. אַ געהויל פון אַ חיה אַ פאַרוואונדעטער.

— כאַיענלער![1] לויזיגע באַשבוזוקס! ניט ווערט זענט איר וואָס דעם פאַדישאַכס ערד טראָגט אייך! מיסט! — דאָס וואָס איר זענט — מיסט!! איינציגוויז אייך אויסראָטן! הינט! צויגן!...

און דער געפילדער ווערט שטאַרקער, דער געפילדער ווערט נענטער.

אביגדור איז געשטאַנען צווישן דער גרופּע תלמידים אויף דער ווערַאנדע פון אַמט־הויז און האָט מיט אַ צעשטורעמט געמיט זיך צוגעקוקט צו דער בעס־טיאַלער אָרגיע אונטן אין הויף. „מענטשן ווערן דערנידעריגט, מענטשן ווערן געפּייניגט. מענטשן זיינען דורך אַ בלינדן צופאַל אויסגעריסן געוואָרן פון איין אָרט לעבן און ווערן געצוואונגען איינצולעבן זיך אין אַ צווייטן — ז י ך א י ב ע ר פ ל אַ נ צ ן. האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן ניט געקאָנט זיך לחלוטין אויסוואָרצלען; וועלכע זיינען ניט געווען בכוח בייצוקומען די בענקשאַפט נאָך זייער ביזאַהעריגער לעבן. שוואַכע — פאַרזינדיגטע אין די אויגן פון געזעץ; אָבער מענטשן זיינען זיי דאָך! ס׳זיינען דאָך אודאי געווען אורזאַכן, געפילן, וועלכע האָבן זיי געטריבן צו דעם. זאָלן זיי גע־שטעלט ווערן צום משפּט; זאָל דער געזעץ וועגן זייער גורל און אויסטיילן אַ גערעכטע שטראָף, אויב שוואַכהאַרציגקייט איז אַ פאַרברעכן; הפקר אָבער זיינען זיי דאָך ניט! אַ מענטש מוז דאָך האָבן דאָס רעכט צו פאַרטיידיגן זיך מיט אַ וואָרט!... ניטשווינזשע טוט זיך אַ מענטש אויס פון זיינע מענטשלעכע חושים, פון זיין גאַנצער מענטשלעכער ווירדע, ווען ער וואַרפט פון זיך אַראָפּ די ציווילע קליידער?... פאַרוואָס שטייען זיי דאָרט ווי די שטומע שאָף? פאַרוואָס שוויגן זיי?! דיסציפּלין, געהאָרכזאַמקייט, מיינט נאָך ניט אַז יעדער

[1] פאַררעטער.

ליאַדע־באַאַמטער האָט דאָס פּולע רעכט צו באַפרידיגן זיינע סאַדיסטישע קאַפּ־ריזן, זיין בלוטגייציגקייט, אויפן חשבון פון די, וועמען די אָרדענונג האָט אָנפאַרטרויט אויף זיין השגחה! די אויבערקאָמאַנדאַטור, וואָס האָט אים באַשטימט פאַר דעם פּאָסטן, איז זיכער ניט אויסן געווען צו קרויגען אים פאַרן שופט און תלין צוגלייך. עס קאָן דאָך ניט געמאָלט זיין, אַז זיי — האַרט אויבן — זאָלן אָזוינע אכזרותדיגע מעשים גוטהייסן! ער איז אַהער געשיקט געוואָרן צו מאָביליזירן — צו פאַראייניגן די איינציגע כוחות אין איין גרויסער מאַכט; צו דערוועקן אין זיי איין שטאַרקן ווילן, איין מאַכטיגן באַגער. און דאָ? — געמיינער איזדיקעווען זיך, צעמאָלונג פון געפילן, געוועלטיגונג דורך פּיין און יסורים... די מענטשן זיינען אָנטקעגנגעקומען אַ רוף; זיי זיינען געקומען צו דערפילן אַ פליכט, אַ גרויסע שליחות; עס מוז דאָך—— ——"

ווער פון די חברים האָט אים הינטער־אַרום אַ שטורך געטאָן מיטן עלנ־בויגן אין זייט. ער האָט זיך באַנומען אומגעקוקט: דער קאַלאַגאַסי!... ער האָט זיך האַסטיג דורכגעטראָגן פאַרביי זיי; האָט, פאַרבייגייענדיג, זיך איבער־געריעדט מיט אדון שיפּריסן — קורץ, אומגעדולדיג; האָט אַ וואונק געטאָן צום טשאַוּאיש ביים טיר; און באַלד האָבן זיי זיך אַלע געלאָזט נאָך אים, דורכן פאַרחושכטן קאָרידאָר, אין דער קאַלימאַדאַ אַריין.

# 16

## אַנדערש

אַ וואָלקן פון רויך און שטויב איז געהאַנגען איבערן גרוי־ווענטיגן, ליידיג־צערויעטן צימער. ניט־דעררויכערטע סיגאַרעטן־רעשטלעך האָבן זיך אומגעוואַלגערט איבערן קויטיגן דיל. ביים זייט פון שרייב־טיש איז געזעסן אַ מיטליעריגער מולאַזים מיט אַן אָנגעדראָלענעם, קרענקלעך־געלן פּנים, די קאָלירטע העמד אַרויסגעשטעקט פון צעשפּיליעטן מונדיר, זיין דיקער בויך האָט זיך געהויבן און אַרונטערגעלאָזט מיט יעדן סקריפּענדיגן אָטעמצוג; ער איז געזעסן און האָט מיט אַרונטערגעהאַנגענע אויגן פאַרצוויפלט געקוקט אויף דער אָנגעוואָרפענער הורבע דאָקומענטן און צושריפטן אויפן טיש: „פאַרפאַלן צו ווערן ביי דעם! מ׳דאַרף זיין מיט צען קעפּ דאָס אַלץ צו דערליידיגן. ע! ליבערשט זיך גאָרניט אָנהויבן...״

דער קאָלאָגאַסי האָט אומגעשפּרייזט צעטראָגן איבערן צימער, האָט פאַררויכערט איין סיגאַרעט נאָכן אַנדערן און האָט עס, נאָך אַ פּאָר ציִ, אַוועקגעשליידערט אינמיטן, ניט־דעררויכערט. ער האָט זיך געפונען אין אַ גוואַלדיגער פאַרלעגנהייט, דערדאָזיגער באַאַמטער. צום ערשטן מאָל אין זיין מיליטערישער קאַריערע האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ סיטואַציע, אין וועלכער ער האָט ניט געוואוסט ווי צו האַנדלען. אדון שיפּריס איז אים געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלדז! אַ מענטש אַ בכבודיגער, פאַרהאַלט זיך מיט ווירדע, איז אָנגעטאָן ראַסמי, אין אַ סורדוט מיט זיידענע לאַצן, טראָגט אַ שטייפן קראַגן מיט אַ שניפּס, ווי אַ קאָנסול, און איז אַ דירעקטאָר. אַ ד י ר ע ק ט אָ ר!... דזשאַנעם! וואָס זאָל ער דאָ טאָן? זאָל ער אים בעטן זיצן? ע?! ער — דער קאָמאַנדאַנט פון דער נאַקאַהיט־כאַני פאַרן גאַנצן סאַנדזשאַק — ער זאָל בעטן זיצן איינעם, וועלכער איז געקומען צו אים אויף זיין פאַראָרדענונג?! שיין וועט עס טאַקי אויסזען פאַר זיינע אונטעראָרדנטע!... ער איז אָבער געקומען מיט רעקאָמענדאַציעס, מיט צושריפטן פון מודיר מואַריף, און אַזוינער

מוז זיין ניט אַבי־ווער. אַ מענטש וואָס איז אַ דירעקטאָר, וועלכער חתמעט זיך
אויף טעזקערעס, אויף דיפּלאָמאַס, וועלכע דער מוטעצאַריף אַליין באַשטעטיגט
— אַזאַ איז דיר ניט איינער פון די טכוירן דאָרט אין הויף! ס'איז אַ דזשענאַבעט,
אַ פּערזענלעכקייט; אַזאַ קאָן אָנשפּאַרן הויך! ע, מיט אַזוינע דאַרף מען זיין
געהיט; מ'קאָן זיך נאָך אַמאָל מיאוס אָנרייסן... אָ, סיקטערעט! נאַרישקייטן!
ער איז ניט מער ווי אַ באַשבוזוק — אַ ציווילער ווי אַלע ציווילע; טראָגט
ניט קיין עפּאַלעטן, האָט ניט קיין רוטבע, קיין אָפיציעלן ראַנק. ניין! ער וועט
זיך ניט לאָזן אַזוי דערנידעריגן! ער וועט זיך בדאי אַליין ניט זעצן, אָבער
אים בעטן זיצן וועט ער ניט. אָט וואָס! גיין, גיין — אומגיין פון איין וואַנט
צי דער אַנדערער, כאָטש די קני ברעכן אַזוי — דער רומאַטיז — אָבער ער
וועט באַווייזן אַז ער איז אַן אַסקאַרי. אָט אַזוי: אומשפּרייזן — גיין — שנעלער
— האַפּטיגער — ביר, איקי! ביר, איקי... אָבער ביז וואַנען איז דער
שיעור? ווי לאַנג וועט ער זיך שלאָגן מיט דער דעה ווי צו ריידן מיט אַ
מענטשן, מיט אַ באַשבוזוק? פאַר וועמען דאַרף ער זיך דאָ פאַרענטפערן —
פאַר אַ ציווילן מיט אַ שניפּס? ער — דער אָפיצער אין דעם סולטאַנס אַרמיי פאַר
זיבן־און־צוואַנציג יאָר!...

ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און האָט זיך געטאָן אַ שטעל אַנטקעגן
אדון שיפּריסן. נאָך אַלעמען איז ע ר דאָ דער קאָמאַנדאַנט! ער'ט זיך
פּרואוון: אפשר...

— וויפל זיינען זיי? — האָט ער אומגעדולדיג אַ פרעג געטאָן.

אדון שיפּריס האָט זיך פאַרהאַלטן געלאַסן, מיט ווירדע:

— חכם נסים עפענדי וועט געבן אייער עקסעלענץ אַלע אייבצעלהייטן.

אדון שיפּריסעס אימפּאָזאַנטע האַלטונג, זיינע העפלעכע, געמאָסטענע מאַ־
ניערן, האָבן ווי אַרונטערגעוואויגן און קלענער געמאַכט דעם קאָלאָגאָסיס
קורצגעוויקסיגע, אָנגעצויגענע פיגור. זיין געצוואונגענע שטייפקייט האָט זיך
גענומען שמעלצן. אַ יאַווער! אַ סעקרעטאַר! ביסט דאָ מיאוס אַריינגעפאַלן,
ברודער מוסטאַפאַ! צו אַזוינע רעדט מען ניט רייטנדיג; אויף אַזוינע פאַר־
שוינען שרייט מען ניט. ניין, ניט געטראָפן דעם פלאַץ — מיאוס!... אָבער
וואָס האָט ער אַזוינס געזאָגט, הע? נאָר דער טאָן — דער טאָן האָט באַדאַרפט
זיין אַנדערש: פאָרט אַ דירעקטאָר מיט אַ סעקרעטאַר. נו, פאַרפאַלן — באַנאַ־
רישט זיך! מ'עט עס שוין מוזן פאַרגיטיגן. דערוויל דאַרף מען הערן וואָס
דערדאָזיגער סעקרעטאַר זיינער האָט צו זאָגן...

חכם נסים האָט אויסגעציקלט אַ דריבנעם הוסטעלע, ט'זיך פאַרנויגט אין
דרייען מיט אַ יראת־הכבודיגן אָנשטעל און איז אַרויסגעפאָרן מיט זיין אויס־
געצאַצקעטן טערקיש:

— אין דעם נאָמען פון דעם הויכגעשעצטן דירעקטאָר האָט מיין אונ־
ווירדיגקייט דעם אונפאַרדינטן כבוד צו מיטטיילן אייער הויכער געהויבנקייט:

צוויי און דרייסיג אין צאָל — די טעזקערעס געחתמעט און געזיגלט פון זיין געלערנטקייט דעם מודיר מוֲאריף ביי און באַשטעטיגט לויטן רעכטפערטיגן פערמאַן פון זיין גרעסטער גרויסקייט דעם אַלמעכטיגן פאַדעשאַך דורך דער אונטערשריפט און זיגל פון זיין גרויסוויליגקייט דעם מוטעצאַריף ביי — פאַר דער געפעליגקייט און אויפמערקזאַמקייט פון אייער הויכער געהויבנקייט.

דער קאָלאַגאַסי האָט צוגענומען די פאַפירן פון זיין האַנט און האָט אַוועקגעשפרייזט. צוויי־און־דרייסיג, העי? רעדט גיט קיין שלעכטן טערקיש, דער קעראַטאַ — שוין גאָרניט קיין שלעכטן לשון! און דאָס איז נאָר דער יאַוויר, דער סעקרעטאַר. ע, ער איז אַ העכט, דער דאָזיגער דירעקטאָר! מיט אַזאַ דאַרף מען זיין געהיט — מ׳דאַרף היטן די פעל און—— ניט געשריען! ביין, ניט שרייען — אודאי ניט... נו, איז ניט אויף אים, ניט אויפן יאַוויר זיינעם — דערווײַלע ניט — אודאי ניט. אָבער אויף זיין אייגענעם קאַטיב, אויף דעם פוילן ביין — אויף אים מעג ער דאָך שרייען. אָט אַזוי: נאָר צו ווייזן אַז ע ר איז דאָ דער בעל־הבית; אַז מ׳האָט מורא פאַר אים. יאָ, אויף אים דאַרף ער שרייען — ער מוז — אודאי מוז ער...

— סאַאיד עפענדי! שרייב! צוויי־און־דרייסיג... צייל איבער — טשאַבוק! און די נעמען פאַרצייכן, דו מוילאייזל! האַידע!

דער קרענקליכער מולאַזים האָט אַ פאַרציטערטער זיך געטאָן אַ הויב פון אונטערגעבעטן בענקל, האָט פון איילעניש פאַרשפיליעט דעם רעקל אין פאָלע העכער און האָט זיך גענומען ציילן. ערשט איצט האָבן חברה באַמערקט ווי שווער ער סאָפעט ביי יעדער באַוועגונג פון זיין אָנגעגאָסענעם קערפער, ווי געשוואָלן זיינע באַפאַנטאָפלטע פיס זיינען און ווי האַמעטנע זיינע אומגעלומפערטע פליודערן הענגען אויף אים אַרונטער.

דער קאָלאַגאַסי האָט אָנגעהאַלטן זיין אויפגערעגטן אומגיין איבערן צימער. זיין פינצטערער בליק האָט זיך אומגעוואָרפן הין־און־צוריק — פון די חברה צום סולטאַנס בילד, וואָס איז געהאַנגען צווישן די אויסגעטשובעטע שטיקער טינק אויף דער וואַנט. צוויי־און־דרייסיג! און כיזמאַ מאַקוסוראַ, פריווילעגירטע דינסט, גיב זיי! אָנגעשטאָפּט זיך דאָרט מיט אַלערליי באַרישע ביכלעך, און גיי מאַך זיי פאַר זאַביטס — פאַר אָפיצערן מאַך זיי, די שניעקעס! ע, ניטאָ דיר מער די אַמאָליגע צייטן! פאַר אים — פאַר אַבדול האַמידן — וואָלטן אָט די פוילע שטיק ניט אָנגעגאַנגען. אָט דאָס איז געווען אַ סולטאַן, אַ הערשער — וואָללאַהי ביללאַהי! — אַ זכר צווישן זכרים! ביי אים צו דערדינען זיך אַ רוטבע, האָט מען באַדאַרפט זיין אַ מאַנספערשוין מיט וואָנצן; מ׳האָט געדאַרפט אויפוואַקסן פון אונטן־אַרויף — פון די רייען אַרויס. און אַ גלויביגער האָט מען געמוזט זיין, ווי, למשל, ער, ווי סאַאיד עפענדי. אָ, אַ גאָטספאָרכטיגער מוסלימאַנער, אָט דער סאַאיד עפענ־

די: וואָשט זיך פינף מאָל אַ טאָג צום דאַוונען, ווי פאַרנומען ער זאָל ניט זיין. נו, האָבן טאָקי מענטשן געציטערט פאַר אַזוינע באַאַמטע, און די הערשאַפט האָט געקאָנט האַלטן אָרדענונג מיט אַ שטאַרקער האַנט. וואָס דען? ווי אָט דער אַלטער למך — דער איצטיגער? ענווער מיטן דייטש פירן פאַרן נאָז און ער, דער אַלטער נאַר, טאַנצט זיי נאָך ווי אַ בער: איטיכאַד — אויפקלערונג — ביכלעך — מאָדערניזירונג! וואָס, אַדזשעבאַ, האָבן אַזוינע זאַכן צו טאָן מיט אַסקעריליק, מיט מיליטער־דינסט, מיט פירן אַ מלוכה?... אָט צו וואָס עס איז געקומען: כאַדזשאַם, לערער, מאַכן פאַר אַפיצערן! זיי ווילן דאָס פירן מלחמה און האַלטן מורא אין דער אַרמיי! נאָר אַזאַ אויסגעטראַכטער עובר־בטל קאָן דאָס דערלאָזן. אַלץ איז אַ סולטאַן היינטיגע צייטן! שטייט און שמייכלט דאָרטן אויפן פּאַרטרעט. ווייסט אפילו ניט ווי אַ פּאַדישאַך דאַרף זיך האַלטן: שטייף, אָנגעצויגן — „כאַזיר־אַל!”; זיין אָנבליק אַליין דאַרף אָנוואַרפן אַ פחד. און ער שטייט דאָרט ווי אַן אָפּגעמאָלטע ליאַלקע און שמייכלט. דער בעל־עבירה! טפוי זאָל דאָס ווערן! ס'אַר אַ ביטערקייט — ווי גאַל וואָלט געווען אין די סיגאַרעטן, דזשאַנעם!... און אפשר איז עס גאָר די נעכטיגע ראַקי. צופיל געטרונקען מיט די מאַמזעלן וואָס דער באַליק־קאַסירלי האָט מיטגעבראַכט נעכטן אָוונט — זאָל נאָר אַללאַ ניט שטראָפן פאַר די זינדיגע מחשבות... אָבער וואָס פּלאָנטערט זיך אים צווישן די פינגער?! אַה, ס'איז די פּאַפּירן זייערע. צוויי־און־דרייסיג... אומגלויביגע, מאַסקאַפּיס, שונאים, און—— שיק זיי קיין באַאַל־בעק, קיין איסטאַמבול. שיק זיי אין דער טאַאַלים־גאַה, אין דער מיליטער שול, די חזירים. אין טשאָל, אין מדבר אַריין, וואָלט ער זיי געשיקט! אין די אַמאַליע־טאַבורן, אָט וואָס! זאָלן זיי זיך אָנפּלאָגן, זאָלן זיי וויסן ווי מ'דינט דעם סולטאַן! מיט זיי אַליין וואָלט ער ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות: איינס, צוויי, און ביטטי — פּטור! איז ער אָבער דאָ — דער דירעקטאָר זייערער; ער טענהט גאָר פאַר זיי. און מיט וואָס פאַר אַ קאַלטער זיכערקייט ער רעדט... ניין, עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיג; עפּעס איז דאָ—— אַ סיקטערעמ! ווער אייגנטלעך האָט די דעה אין דעם ענין? — דער נאַקאַהיט־כאַני־קאָמאַנדאַנט — ער, הע! טאָ פאַר ווענען האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן? פאַר אָט דידאָזיגע שול־אינגלעך? פאַר די פאַרעיפּושטע שרייבערלעך דאָרט אין דער סאַראַיע? ער ווייסט זיי ווייזן, ס'לויזיגע געזינדל, ווי צו האַנדלען אין אַזוינע ענינים! — ווי צו באַשטימען ווער ס'איז באַרעכטיגט צו פּריווילעגירטער דינסט. אַנגעשטאָפּט זיך דאָרט די פּוסטע קעפּ מיט אַלע נאַרישקייטן און זיי מיינען אַז זיי וויסן שוין אַלץ! ער'ט זיי ווייזן — ער'ט זיי פאַרהערן, אָט וואָס! ער'ט זיך מיט זיי דורכשמועסן וועגן קענטעניש (קיין טערקיש קאָנען זיי דאָך אודאי ניט, די אומוויסנדע מאַסקאַפּיס), און אַזוי־אַרום וועט ער זיי אַרויספירן אויפן גליטש. און זאָל ער זען, „דער הויכגעשעצטער דירעקטאָר”, די גראָבע יונגען וואָס ער האָט

דערצויגן; אַז ער האָט זיך ניט מיט וואָס איבערצוגעמען. נאָר אַביסיטשקע אַרונטערבויגן זיין שטאָלץ, און דאָס איבעריגע וועט שוין גיין ווי געשמירט... אָט אַזוי — היגטער־אַרום — פּאַרזיכטיג — פון אונטער אַ הינטערהאַלט וועט ער אָנפירן זיין אָנגריף. „אויסגעפינען דעם שונאס שוואַכן פּונקט" — דאָס איז די וואָזיפּע, די פליכט, פון אַ טיכטיגן אָפיצער. סטראַטעגיקע — אָט וואָס! עה, ברודער מוסטאַפאַ, דער קאָפּ האָט דיר נאָך ניט אויסגעדאַרט...

— העי, דו!... ניין, ניט דעם... דער, דאָרטן — יאָ, אָט דעם... אַהער קום!

ער האָט פּונקט אָנגעטראָפן אויף איינעם פון די סאַלאָניקער, אַבולאַפּיע — אַ דורכגעטריבענער יונג מיט ברענענדיגע אויגעלעך —

— עווער, בייעם[1].

— וואָס ווייסטו וועגן מצרים?

— מצרים, מיין ביי, איז אַ לאַנד אין דעם וועלט־טייל פון צפון אַפריקע, וועלכע גרעניצט זיך מיט אונדזער לאַנד אין דרום. די געשיכטע דערציילט אונדז, אַז מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק האָבן דאָרט די שבטים פון די העברעער שטאַרק געליטן אונטערן יאָך פון פּרעה.

פּרעה? — יאָ, יאָ. טאַקי געהערט אַז ס'איז אַמאָל געווען אַזאַ פּאַדישאַך — פּרעה... רעדט אַ געזונטן טערקיש, דער יאַט. אַ וואויל אינגל. כדאי צו פאַרקניפּן אַ שמועס מיט אַזאַ. מ'קאָן נאָך אים אפשר——

— אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל; איצט וואָס גייט דאָרט אָן?

— איצט, מיין ביי, ליידן דאָרט די איינוואוינער אונטערן יאָך פון די ענגלענדער און וואַרטן אויפן גאַזי דזשאַמאַל פּאַשאַ אַז ער זאָל קומען און זיי דערלייזן.

געצילט און געטראָפן!

דער קאָלאָגאַסי איז אַ ווילע געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט. אַ וואוילער ענטפער, קעראַטאַ! קלוגע אידעלעך דידאָזיגע! מ'האָט דיר דערשטיקט, ברודער מוסטאַפאַ...

— אַפאַרעם, אַרלום! בראַוואָ, זייער גוט!

פאַרפאַלן! ס'האָט זיך ניט איינגעגעבן. איצט אָבער איז אַן אויסגעצייכנטע געלעגנהייט צו פאַרגיטיגן זיך מיטן דירעקטאָר זייערן — מ'טאָר עס ניט דורכלאָזן... אַ, ווי זאָגט מען עס אַ־לאַ־פראַנגאַ? אַ, דזשאַנעם! ער האָט עס אַמאָל געוואוסט — דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג... דערווייל, די האַנט צום שטערן! — אויפשנעל פאַרנייגן זיך! אַה, ער האָט זיך דערמאָנט:

— ס־ע־ע ביען! סע טר־ר־רע ביען![2]

1. יאָ, מיין ביי.

2. דאָס איז גוט! זייער גוט!

אדון שיפּריס האָט אים העפלעך באַדאַנקט:
— מערסי באָקו, וואַטר עקסעלאַנס.[1]
וואָס? — פראַנצויזיש אויך?! און אַזוי פליסיג! טאַקי אַ געלערנטער, אַדרבא. נו, ניט באַדאַרפט זיך אָנהויבן אין אַ שפּראַך וואָס מ'קאָן ניט. נאַר, נישקשה. ער'ט זיי ווייזן, אַז ער באַזיצט אויך אַן אייראָפּעאישע בילדונג: אָט, למשל, קאָן ער רוסיש... אָה, פאַרוואָס איז עס אים ביז איצט ניט איינגעפאַלן? פון איצט אָן 'עט נאָר ריידן רוסיש צו די יונגעץ. ער'ט זיי ווייזן וואָס ער קאָן!
— נו, פאַרשטייט זיך, טערקיש קאָנט איר אַלע, וואָס נאָך פאַר אַ שפּראַכן באַזיצט איר? דו — דו... יאָ, דיר פרעג איך! וואָס פאַר אַ שפּראַך, אויסער טערקיש, קאָנסטו ריידן?
— רוסיש.
— אודאי: אַ געבוירענער דאָרטן. און דו?
— אַראַביש.
— דאָס קומט צונוץ. די שפּראַך פון אַראַביסטאַן. גוט אַז מ'קאָן אַביסל. און דו, וואָס קאָנסטו?... נייך, דער הינטער דיר...
— העברעאיש.
— אַלע אידן קאָנען דאָס. און דו, וואָס האָסטו צו זאָגן? יאָ, דו...
— דייטש.
— דייטש, המ... דייטש!...
אַלץ די דייטשן! געמומען אַ מעמלעקעט, אַ מלוכה, און עס פאַרקויפט צו די דייטשן, און די אידעלעך האָבן עס דערשמעקט... דייטש!... ניט אומזיסט איז ער ביי זיך אַזוי האָפערדיג, דערדאָזיגער דירעקטאָר: ער האָט געוויס דעם דייטשישן קאָנסול הינטער זיך. טאַקי גוט וואָס ער האָט זיך מיט אים ניט איינגעריסן. איין וואונק פון אויבן, און זיין געביין וואָלט דאָ ניט געוועןן! אָבער אויסגעפינען — אַזוי, אַ נישטער טאָן — דאָס וועט ניט שאַדן...
— נו, אודאי, ווי קאָן דאָס זיין אַ לער־אַנשטאַלט אָן דייטש? אומעטום האָבן די דייטשן אַריינגעשטעקט זייער טריפהנעם שנויץ! אין די שולן — דייטש! אין הויפּטקוואַרטיר — דייטש! דער טאַאַלים, דער מיליטער־אונטערריכט, — אַ דייטשישער! ס'וועט נאָך, אַדרבא, קומען דערצו, אַז איך אַליין וועל זיך נאָך מוזן, אויף די עלטערע יאָרן, אָוועקזעצן לערנען דייטש... שיין האָבן זיי אויסגעפירט, די איטיכאַדזשיס! טערקישע שולן דאַרף מען האָבן — אָט וואָס! דאָ איז נאָך דערוויילן טערקיי, ניט דייטשלאַנד! ד י י ט ש י ש ע ש ו ל ן!...
אָ? אפשר אַביסל צופיל געפלוידערט?... עה, די לויזע צונג זיינע! זי

1. אַ שיינעם דאַנק, אייער עקסעלענץ.

וועט אים נאָך אַרויפברענגען אויפן פייער! ס'עט ניט שאַדן. זאָלן זיי וויסן, אַז ביי אים זיינען די דייטשן גאָר קנאַפּע יחסנים... אָ, ער קלייבט זיך עפּעס צו זאָגן, דער דירעקטאָר זייערער —

— דערלויבט מיר אויפמערקזאַם צו מאַכן אייער עקסעלענץ, אַז אונדזערע שולן זיינען ניט קיין דייטשישע.

דער קאָלאָגאַסי האָט אים אָנגעקוקט באַנומען: וואָס? נ י ט קיין דייטשישע? איז צוואָוואָס האָט ער זיך מיט אים אַזוי געצערמאָניעט? וואָס טוט זיך דאָ? — ניט קיין דייטשישע, ניט קיין טערקישע; עפּעס איז דאָ ניט כשורה. איצט מוז מען שוין אויסגעפינען. דעם קאָפּ אָבער טאָר מען דערביי ניט פאַרלירן.

— ניט קיין דייטשישע, זאָגט איר — פּאַרדאָן. און איך האָב אַלץ געמיינט אַז אייערע שולן ווערן אויסגעהאַלטן פון די דייטשן.

— ניין, אייער עקסעלענץ.

— וואָס דען?

— דאָס זיינען דורכאויס אידישע שולן — נאַציאָנאַלע — העברעאישע.

דער קאָלאָגאַסי האָט אים דורכגענומען מיט אַ שפּיזיג־שאַרפן בליק. איבראָני — העברעאישע, עה? אָט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן! נאַציאָנאַלע — געוואוסט! געהערט טאַקי עפּעס אין הויפּטקוואַרטיר וועגן דידאַזיגע אידעלעך: האָבן זיך דאָ אויסגעבויט קאָלאָניעס, שולן, באַנקן; זיך איינגעשאַפן געווער; ווילן דאָ מאַכן אַ באַזונדער מלוכה... עה, קלוג, קלוג, און אַריינגעפאַלן! איז דאָס וואָס ער איז — איינער פון דידאַזיגע... ווי רופן זיך דאָרטן?... פון די־—

— צי—— ציוניסטישע, עה?

אדון שיפריס האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרלאָרן. ער האָט אָבער באַלד צוריקגעוואונען זיין געלאַסנקייט.

— נ־ניין. ווי אייער עקסעלענץ איז באַוואוסט, זיינען ציוניסטישע טעטיג־קייטן שטרענג פאַרבאָטן.

— פאַרבאָטן, הע?! און וואָס קאָן אָפּהאַלטן אייערע ציוניסטן פון אָנ־פירן זייערע פאַררעטערישע מעשים באַהאַלטענערהייד? איר אידעלעך האָט גענוג דערפאַרונג אין אַזוינע זאַכן...

דער ערשטער שטאָך! כדאי צו זען ווי ער וועט אויף דעם רעאַגירן... אַה, ער קווינקלט זיך... אָ, איצט וועט ער זיך שוין אַזוי לייכט ניט אַרויס־דרייען! ער האָט אים אין האַנט! איצט——

אָבער דאָ האָט זיך דער מולאַזים צוגעשאַרט הכנעהדיג צום שרייבטיש:

— אַפּעדערסעניז, בייעם[1]. איך האָב איבערגעציילט. צ ו ו י י ־ א ו ן ־ ד ר י י ס י ג — קיין איינער פעלט ניט.

---

1. אייער פאַרצייאונג, מיין ביי.

— עשעק סענע! אייזל דו! — איז דער קאַלאַגאַסי אויף אים אָנגעפאַלן מיט רוגזה — דו זעסט דאָך אַז איך רייד מיט אַ מענטשן — מיט אַ דירעקטאָר! וועמען ליגט עס אין זינען דיין נאַרישער רעפּאָרט, דו פערד, דו?! אַרויס פון דאַנען! אַרויס, סיקטערעט!...

און מיט אַ האַפטיגן שטויס פון פוס האָט ער אים, אַ סאָפּענדיגן, אַ פאַר־ציטערן, אַרויסגעיאָגט פון דער קאַלימאָדאַ. איצט האָט שוין דער קאַלאַגאַסי אינגאַנצן צוריקגעקראָגן זיין גלייכגעוויכט. ער האָט דערפילט אַז ער האָט די איבערהאַנט און האָט פאַרגעזעצט מיט גאַליגער פאַרביסנקייט.

— צ י ו נ י ס ט י ש ע ש ו ל ן! אַ מלוכה פון אידעלעך ווילט איר דאָ גרינדן! קאָנספּיראַציע! — פאַרראַט! עה, מיר האָבן אייך נאָך באַצייטנס קאָנען געלערנט!...

צווישן די חברה איז שטילערהייד געפאַלן אַ באַמערקונג:

— דער מאָה־שערימדיגער מסור איז שוין געווען אויבן אויפן הר־הזיתים און האָט דאָרט ריכטיג אָנגעשטונקען...

אדון שיפּריס איז בלאַס געוואָרן. זיינע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן. ער האָט זיך באַלד באַהערשט:

— אייער עקסעלענץ וועט מיר דערלויבן צו באַהויפּטן, אַז די באַשול־דיגונגען האָבן ניט קיין באַגרינדונג. מיר אידן זיינען שטענדיג געווען געטריי און איבערגעבען דער אָטאָמאַנישער רעגירונג, און אונדזער טריישאַפט וועט אָנהאַלטן אויף ווייטער. דער באַווייז איז: אָט די יונגעלייט — ס'רוב פון זיי געבוירן אין רוסלאַנד — האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער געבורטלאַנד, פון זיי־ערע היימען, און זיינען געוואָרן אָטאָמאַנער. איצט זיינען זיי געקומען צו דערפילן זייער פליכט ווי געטרייע זין פון זייער נייער פאָטערלאַנד, לויט דער פאַראָרדענונג פון געזעץ.

— דאָס אָבער נעמט גאָרניט אַוועק פון דעם פאַקט, אַז איר פירט אָן אייערע ציוניסטישע טעטיגקייטן ב אַ ה אַ ל ט ע נ ע ר ה י י ד, און אַז די שולן וועלכע איר פאַרטרעט זיינען צ י ו נ י ס ט י ש ע אַנשטאַלטן. בישקשה, דזשאַמאַל פּאַשאַ ווייסט פון דעם! סאַבאָטאַזש! — רעוואָלוציע! — אונטערגראָבן די יסודות פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע! — דאָס וואָס איר זענט אויסן! ע, רוסלאַנד האָט געוואוסט ווי צו האַנדלען מיט אייך! פּריווי־לעגיעס וואָלט איר דאָרט געקראָגן, הע? — נאַהאַיקעס, פּאָגראָמען — אָט וואָס איר וואָלט זיך דאָרט דערדינט!...

אדון שיפּריס האָט אויך די גאַליגע באַמערקונג אַרונטערגעשלונגען. דער וואוילזיין פון זיינע תלמידים האָט עס געפאָדערט פון אים.

— איך וועל זיך ניט אונטערנעמען צו דיסקוטירן מיט אייער עקסעלענץ אַזוינע פאַרצווייגטע פּאָליטישע פראַגן. דער אינערן־מיניסטער אין קאָנסטאַנ־טינאָפּל און זיין גרויסווירדיגקייט דזשאַמאַל פּאַשאַ ווייסן געוויס ווי צו האַנדלען

אין אַזוינע ענינים. איך בין אויפגעפאָדערט געוואָרן פון אייער עקסעלענץ צו קומען אַהער צוליב אַן אַנדער ענין: מיינע תלמידים. דידאָזיגע צושריפטן זיינען גוטגעהייסן געוואָרן פון די באַטרעפנדע רעגירונגס־אַנשטאַלטן און וואַרטן פאַר אייער דערליידיגונג, עקסעלענץ.

דער קאַלאַגאַסי איז אויפגעשפרונגען און האָט אַ האַרטן זעץ געטאָן מיטן פויסט אין טיש.

— איך פרעג ביי קיינעם ניט וואָס איך האָב צו טאָן! די באַקראַגנטע שרייבערלעך דאָרט אין דער סאַראַיע, אין דער לויזיגער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וועלן מיר ניט לערנען ווי צו דערפילן מיינע פליכטן! עה, איר אידעלעך זוכט זיך שטענדיג אויס גרינגע אַרבעטן; איר געפינט שוין אַ וועג ווי אויסצודרייען זיך פון אַלגעמיינער דינסט... פריווילעגיעס גיב זיי, די ניט־גלויביגע!...

די לעצטע באַמערקונג האָט שוין אדון שיפּריס ניט געקאָנט פאַרשווייגן.

— עס איז מיין ווונש, אַז עס זאָל קלאָר פאַרשטאַנען ווערן פון אייער עקסעלענץ, אַז איך בין ניט געקומען אויסצואווירקן באַזונדערע הנחות. איך דערלויב זיך נאָר צו פאַרלאַנגען דאָס, צו וואָס מיינע תלמידים זיינען באַרעכטיגט לויטן געזעץ.

— געזעץ, הע?! — האָט זיך דער קאַלאַגאַסי צעשריען — ווער זענט איר דאָס אויסצוטייטשן דעם געזעץ פאַר מיר?! א י ך בין דאָ דער קאָמאַנדאַנט! דאָ איז אַ מיליטערישער אַנשטאַלט, און קיין באַשבוזוק וועט מיר ניט זאָגן קיין דעה ווי צו האַנדלען!

אדון שיפּריס האָט אָנגענומען אַ פעסטערע שטעלונג:

— איך וועל נאָר דערמאָנען אייער עקסעלענץ, אַז איך בין דאָ אין אַן אָפיציעלער אַנגעלעגנהייט. אויב אייער עקסעלענץ געפינט פאַר רעכט ניט צו אַנערקענען די גילטיגקייט פון די באַטרעפנדע צושריפטן, וועל איך פאַרלאַנגען צו געבן מיר דידאָזיגע ענטשיידונג שריפטלעך.

דער קאַלאַגאַסי האָט זיך מיט אַ צאַפּל אַ וואָרף געטאָן צו אדון שיפּריסן און האָט אים האַרט אָנגעקוקט —

— און אַז ניט?!

— וועל איך זיין געצוואונגען צו פאָדערן דאָס פון אייער עקסעלענץ.

— איר מיינט, איר וועט זיך ק ל אָ ג ן אויף מיר! איר וועט אויסנוצן אייער אידישע חניפה און וועט זיך צו אימעצן אונטערלעקן — אונטערקויפן ערגעץ אַ טשעפּוט, אַ געטויפטן, און וועט באַשמוצן מיין ריינעם נאָמען, עה?! אָ, איך קאָן אייך צו־גוט, איר כיטרינקע! — האָט ער געטייטלט מיט אַ וואָרנדיגן פינגער און האָט זיך געפרואווט אָנצואוואַרפן אַ מורא אויף אדון שיפּריסן — איך האָב שוין געהאַט דעם פאַרגעניגן אָנצולערנען ניט ווייניגער קלוגע אַרמענער, און גריכן, און אַנדערע באַטריגער! דער ענין איז אינגאַנצן אין מיינע הענט, און איך וועל עס דערליידיגן ווי א י ך פאַרשטיי!

אדון שיפּריס האָט אָנגעהאַלטן זייך דרייסטן טאָן:

— אויב אַזוי וועל איך בעטן אייער עקסעלענץ צו באַנוצן אַ שפּראַך, וועלכע איז פּאַסיג פאַר אייער געהויבענעם אַמט. איר רעדט אין דער געגנוואַרט פון מיינע תּלמידים, עקסעלענץ.

די פאַרהאַלטונג איז געוואָרן אָנגעצויגן. דער צוזאַמענשטויס האָט זיך אויסגערייפט. אדון שיפּריסעס קלאָרער, אָנטשלאָסענער בליק האָט זיך אויפגעטראָפן מיטן קאַלאַגאַסיס באַווילדערטע אויגן, האָבן זיך קעגנגעשטעלט זיינע גרילצנדיגע קולות:

— טאַלמיז! — מעקטעבע! — זיי זיינען איצט אין דער נאַקאָהים־כאַני! דאָ זיינען זיי אַסקאַרים!

עס האָט שוין אָבער געפעלט די אינערלעכע זיכערקייט אין זיין שרייען. אדון שיפּריס האָט דערפילט אַז יענער ציט זיך באַהאַלטענערהייד צוריק — אַז דאָס זיינען נאָר אָפּוועגדונג־קלעפּ. איצט איז ניט געווען די צייט נאָכצוגעבן —

— דאָס בין איך איינשטימיג. און עס וואָלט דערפאַר געווען ווינטשנסווערט אַז אייער עקסעלענץ זאָל זיך באַנעמען צו זיי געהעריגערוויז: באַציען זיך צו זיי ווי צו צוקונפטיגע אָפיצערן.

דער קאַלאַגאַסי האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום שרייבטיש און האָט זיך גענומען גריבלען אין דעם שטויס פּאַפּירן —

— מיר'ן זען... מ'עט נאָך זען... סאַאיד עפענדי! סאַאיד עפענדי! וואו איז ער אויסגערונען, דער אידיאָט?!... סאַאיד עפענדי! אַהער קום, דו זונה־זון... מיר'ן נאָך זען... אָ, אָט זיינען די צושריפטן...

דער זיג איז לעת־עתה געווען אדון שיפּריסעס. די פאַרהאַנדלונגען אַרום טיש זיינען אָנגעגאַנגען געשעפטסמעסיג, צום פּונקט, כאָטש די אָנגעצויגנקייט פון דער שטימונג איז אויף אַ האָר ניט פאַרשוואונדן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם סטאַטוס פון די תּלמידים פון די נידעריגערע קלאַסן. דער קאַלאַגאַסי האָט געוואָלט האָבן, אַז נאָר די גראַדואירטע תּלמידים זיינען באַרעכטיגט צו פּריווילעגירטער דינסט און געשיקט צו ווערן אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע אין באַאַל־בעק. דאָס וואָלט געמיינט, אַז צוויי דריטל פון די גערופענע וואָלטן געשיקט געוואָרן צו אַלגעמיינער דינסט, אין די אַמאַליע־טאַבורן. אדון שיפּריס האָט ניט נאָכגעגעבן: די צושריפטן באַרעכטיגן אַלעמען צו דיזעלבע פּריווילעגיעס — אַריינרעכענענדיג פינקלען, מיט הורוויצן, מיט כספּין, וועלכע זיינען נאָר געווען אין דעם דריטן לער־יאָר־קורס. חכם נסים האָט, אַ צעמוחטער, געטייטלט מיט אַ פלאַטשיגן פינגער אין דעם געל־בלעטערדיגן קאָדעקס־בוך; האָט אָנגעוויזן, האָט זיך געפּלפּולט אינ'ם דריבנעם באַפליטערטן שריפט — עשטע! עשטע! אָט איז דאָס!... סאַאיד עפענדי האָט נאָכגעפאָלגט מיט די געשוואָלענע אויגן די אָנגעטיילטע שורות — ס'איר אַ

שפּראַך! ס'אַר אַ געטאָקשקייט! — און האָט צוגעשאָקלט יראת־הכבודיג־פרום מיטן אויסגעקראַכענעם קאָפּ — דוגרי, דוגרי! וואָס אמת איז אמת; עפּעס רעדט זיך טאַקי דאָרטן וועגן אַזוינע זאַכן. דוגרי!... דער קאַלאַגאַסי איז אויפגעשפּרונגען און האָט אים שיעור ניט צעריסן אויפן אָרט:

— דו אידיאָט, דו! וואָס שאָקלסטו מיטן פּערדישן קאָפּ, אַז דו ווייסט אפילו ניט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך?! מוילאייזל דו, חיה!

און פון פאַרצווייפלונג האָט ער זיך געכאַפּט אויסצוטייטשן די פאַרצווייגטע זאַצן נאָך זיין אייגענעם שכל; האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ געוועב פון ווידערשפּרוכן, אין זיין אייגענער עם־הארצות. ס'איז אַוועק אַ פאַרביסענע האַמפּעריניש: אַלטע געזעצן — נייע געזעצן — קאַנון — פערמאַן — עמיר... דער קאַלאַגאַסי, אַ צעטומלטער, האָט פון צייט־צו־צייט אויסגעפּלאַצט מיט זידלערייען, מיט באַליידיגונגען. אדון שיפּריס האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיג; ער איז אָבער ניט געבליבן שולדיג קיין ענטפער — געלאַסן, אָבער וואָגיג. ער האָט זיך געהאַלטן ביים טרוקענעם וואָרט פון געזעץ, ביי דער גילטיגקייט פון די דאָקומענטן. חכם נסים האָט געבלעטערט, געמישט — נאָך אַ סעאיף, נאָך אַ פּאַראַגראַף, נאָך אַ באַווייז — עשטע! עשטע... דער קאַלאַגאַסי האָט זיך געצאַפּלט, געליאַרעמט: נייך, נייך! ער'ט זיך אַזוי לייכט ניט לאָזן בינדן!... און פון זיין גאַנצן געפּילדער, פון זיין גאַנצער אויסערלעכער גרינגשעצונג, איז דאָך געווען צו באַמערקן, אַז ער האָט געפילט אַ פאַרהוילענע מורא, אַן אומבאַוואוסטזיניגן אָפּשיי פאַר אדון שיפּריסן. עה, ניט אויסצודרייען זיך פון אָט די אידעלעך! זיי פאַרשטייען זיך אויפן געשריבענעם וואָרט... נו, מ'עט זען... ס'איז נאָך דאָ צייט. ער'ט זיך אָנפרעגן אין שאַאַם, אין איסטאַמבול. מ'עט זיך נאָך דורכריידן וועגן דעם. זאָלן זיי דערווייל גיין. ער'ט זיי רופן — מאָרגן, איבערמאָרגן — מ'עט נאָך זען...

פאַרן אַוועקגיין איז דער קאַלאַגאַסי צוגעגאַנגען צו די חברה.

— ווער פון אייך, יונגען, שטאַמט פון קאַווקאַז?

מ'האָט זיך איבערגעקוקט צווישן זיך. נייך, קיינער ניט.

— קיינער ניט? אַ שאָד! אַ וואויל לאַנד קאַווקאַז. עה, איז דאָס אַ וואויל לאַנד! ס'איז דיר ניט די פאַרלויזיגטע אַראַביסטאַן. קאַווקאַז — דאָס איז אַ פּלאַץ פאַר אַ מאַנספּאַרשוין! קיינער ניט, עה? באַקאַנטע אפשר? פריינט? געווען דאָרט אידן — אַנדערע — כוואַטן אַזוינע... קאָנט קיינעם ניט פון דאָרטן?...

ביי שמחונין אין מוח האָט זיך דורכגעבליצט אַ געדאַנק. ער האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט.

דרויסן, ביים אַרויסגיין פון דעם אַמט־הויז, האָבן חברה אַ לענגערע ווײלע

זיך געשעמט צו ווייזן די אויגן פאַר אדון שיפּריסן. זיי האָבן זיך געפילט שולדיג פאַר די אונאײנגענעמלעכקייטן וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין פון זייערטוועגן, אין זייער געגנוואַרט. אביגדורן האָט געפייניגט אַ שווער געפיל, אַ בידערשלאָגנקייט: „...דרויסן זיינען, פריער, מענטשן געפייניגט געוואָרן קערפּערלעך; אינעווייניג האָבן דידאָזיגע געמיינהייטן געפונען אויסדריק אין גייסטיגע עִנויים — אין דערנידעריגונגען. מיט זיין אָנגריף אויף דער פּערזענלעכקייט פון אדון שיפּריסן, האָט דער מנוול זיך פאַרמאָסטן צו פאַרשוועכן אַ הייליגקייט; איז אויסן געווען צו וואַרפן אַ שוואַרצן פלעק אויף דעם, וואָס זיי זיינען געקומען צו פאַרטיידיגן מיט זייערע יונגע לעבנס. ער, דער אַלטער אדון שיפּריס, האָט צוליב זיי פאַרבויגן זיין אייגענעם כבוד, און האָט מיט אַן אַנטבלויזטער ברוסט אויפגענומען דעם שונאס גיפטיגע פיילן. עס איז אים בייגעשטאַנען דער כוח פון זיין ווילן; זיין שטענדיגע גײַציגקייט איז אים געקומען צו הילף; און עס איז אים געלונגען צייטווייליג די סכנה אָפּצושלאָגן. אָבער צוערשט האָט ער געמוזט זיך אַליין פאַרלייקענען... זיך אַליין פאַרלייקענען! — דער נשמה־פּיין פון זיין געצוואונגען אָפּצוטרייסלען זיך פון יעדער שייכות צו אַן אידעאַל, פאַר וועלכן ער האָט אָפּגעגעבן זיינע בעסטע יאָרן, זיינע פּרוכטבאַרסטע כוחות! און זיי — די וועמען ער האָט אַזוי מסירת־נפשדיג באַשיצט; פאַר וועמענס רעכט ער האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט — זיי זיינען געשטאַנען דערביי, האָבן פאַרנומען די באַליידיגונגען און די גרינגשעצונג, וועלכע ער האָט געלאָזט אויף זיך פאַלן, און — ווי די פריערדיגע, דאָרט אין הויף — געשוויגן. צוגעקוקט, געווייטאָגט און—— געשוויגן... שוואַכלינגס?! זיינען זיי שוין אויך אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דער אָפּהענדיגער שרעק, וועלכע הערשט דאָ אַרום?! איז דאָס דער אָנהויב, דער שוועל, פונ׳ם אַרט לעבן וואָס דערוואַרט זיי? אָדער האָבן זיי דערפילט דעם אָנקום פון אַ שטורעם און האָבן אינסטינקטיוו דעם קאָפּ אַרונטערגעבויגן?... ווי ס׳זאָל ניט זיין, זיי האָבן זיך אונטערגענומען און זיי וועלן זייער גורל אויפנעמען! ער אָבער — אדון שיפּריס — ער בלייבט דאָ. מ׳טאָר ניט דערלאָזן אַז ער זאָל אַזוי באַהאַנדלט ווערן! זיין כבוד מוז געשאַנעוועט ווערן אונטער אַלע אומשטענדן!...”

ער האָט זיך אויפן אָרט דורכגערעדט מיט כייקלען, מיט ביילינען, און האָט פאָרגעלייגט אדון שיפּריסן אַז ער זאָל מיט זיי מער אַהער ניט מיטגיין. אויב נויטיג, זאָל ער מיטשיקן חכם נסימען. ער אָבער מוז להבא אויסמיידן דידאָזיגע צוזאַמענשטויסן. זיי וועלן ניט דערלאָזן! אדון שיפּריס האָט פון דעם ניט געוואָלט הערן. ניין! ער וועט זיין מיט זיי, שטיין ביי זייער זייט ביז דער לעצטער מינוט. די אָנגעלעגנהייט איז זיינע אַזוי גוט ווי זייערע.

„אין אַ ים געפינען זיך אַלערליי פיש” — גראָד אונאײנגענעמליכקייטן? — האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף דעם מנוול —

— ס׳איז נאָר אַ שאָד — האָט ער צוגעגעבן — וואָס איך בין אַביסל עלטער פון אייך און וועל ניט קאָנען מיטגיין מיט אייך ווייטער פון די טויערן פון ירושלים — וועל ניט קאָנען זיין מיט אייך וואו איר וועט זיין. איך ווייס, אַז ניט אומעטום, ניט שטענדיג, וועט עס זיין אַזוי...

און מ׳האָט זיך איבערגעגעבן דער בלינדער טרייסט: ס׳איז די פּראָווינץ; דאָרט וועט די באַנעמונג זיין אַן אַנדערע. ס׳וועט זיין אַ נ ד ע ר ש, אַ נ ד ע ר ש...

# 17

## און ס'איז געקוכ־זען דער־צו —

שמחונים איינפאַל האָט געבראַכט רעזולטאַטן: די גרוזינערקע זיינע האָט נושא־חן געווען ביים קאַלאַגאַטי פון דער ערשטער מינוט וואָס זי האָט זיך באַוויזן מיט די חברה אין דער נאַקאַהיט־כאַני. זי האָט גע־רעדט, „זיין לשון", האָט געוואוסט איר כוח, און אַלץ וואָס זי האָט גע־דאַרפט צו געווינען אים אויף איר זייט, איז צו פאַנאַנדעררעדן זיך מיט אים וועגן זייער מעמלעקעט — אָ, זייער מעמלעקעט! — און די אויגן פלעגן זיך ביי אים צעבלישטשען ווי ביי אַ קאַטער, די וואָנצן פלעגן זיך ביי אים פאַרציען, אויסקנייטשן אויף אַרויף, און פון אונטער זיי פלעגט אַרויפ־שווימען אַ לעקעשעוואַטער שמייכל. ס'איז אים גאָרניט געווען צו דערקאָנען! ער פלעגט ווערן צוגעלאָזן, נאָכגעביק, כמעט פריינדלעך. דעמאָלט האָט מען געקאָנט ביי אים אַלץ פועלן.

אודאי, אודאי! אויב נאָר עספּיר כאַנום וויל אַזוי, וועט עס שוין זיין. וואַללאַהי בילאַהי, אַלע וועלן זיי גיין קיין באַאַל־בעק — אַלע! — יאָ, יאָ! זיי קאָנען זיך שוין נעמען גרייטן... וואָס? געוויס ט'ער אונטערשרייבן די פּאַפּירן. דער הויכגעשעצטער דירעקטאָר דאַרף זיך אפילו ניט מטריח זיין אויסצומאַכן די אַרזיכאַלן, די ביטע־שיינען, פאַר זיי. ער וועט עס שוין דער־ליידיגן; ער'ט הייסן דעם קאַטיב זיינעם דאָס צו טאָן. זאָל נאָר עספּיר כאַנום אַריבערקומען אַהער מיט די פּאַפּירן — שפּעטער — אפשר אין אָוונט — וואָס? יאָ, אודאי. ער האָט ליב די אידישע יונגעלייט. זיינע בעסטע גוטע פריינט זיינען שטענדיג געווען אידן. אידן האָבן געראַטעוועט טערקיי. אידן האָבן געבענשטע קינדער — געראָטענע! ער האָט זיי ליב — האָט ליב אַלע אידישע קינדער... זיי? אָ, זיי וועלן קומען מאָרגן — איבערמאָרגן — מ'עט זען. ס'עט זיין רעכט...

און שמחונים גרוזינערן האָט אירס שטענדיג אויסגעפירט. זי האָט זיך גענומען פילן היימיש ביים קאַלאַגאַטי, אין אַנדערע רעגירונגס־אַנשטאַלטן.

פאַר איר זיינען אַלע טירן געשטאַנען אָפן. מ'האָט זיך בגנבה איבערגעוואונ־קען, ס'זיינען געפאַלן אין דער שטיל טוכלע וויצן אויף איר חשבון, און שמחונים פּנים האָט זיך געוואָלקנט.

דערפאַר אָבער אַז זי האָט אַמאָל פאַרפעלט מיטצוגיין, האָט זיך געטאָן חושך אין דער נאַקאַהיט־כאַני. דעמאָלט האָט מען געהאָט פון קאַלאַגאַסי צו זינגען־און־צו־זאָגן. ער פלעגט ווערן מער אויפגערעגט ווי שטענדיג, האָט געשריען, געליאַרעמט, ט'פאַרלייקנט שטיין־און־ביין:

ער'ט צוגעזאָגט?! ס'איז אַ ליגן — אַ געמיינער ליגן! עס קאָן ניט זיין! די אידעלעך ווילן אים אַראָפּפירן פון גלייכן וועג... ניין! ער'ט זיך ניט לאָזן אונטערקויפן! ער האָט דעם געזעץ פאַר זיך... אין סעווקעיאַט אַריין — אין פאַרהאַלטונגס־לאַגער! אַלעמען אָפּפירן אין סעווקעיאַט! האַלטן זיי דאָרט ביז ער'ט באַשליסן וואָס צו טאָן. האַידע, מאַרש! ניט געטענהט!...

פלעגט זיך אָנהויבן אַ סדרה שתדלנות, אומלויפעניש, קעפּיל, ערבות — ביז עספיר פלעגט אַריבערקומען, און אַלץ איז געוואָרן רעכט, און מ'איז אַרויס אויף דער פריי ביזן צווייטן מאָל.

קאַפּלאַנען האָט דער שיקזאַל איינגעשפּאַרט דידאַזיגע עגמת־נפשן. עס איז אים בייגעשטאַנען דער זכות פון זיין מום און איז ביי דער ערשטער מע־דיצינישער אונטערזוכונג אויסגעבראַקירט געוואָרן. איניגע האָבן אים מקנא געווען. ער אָבער האָט זיך געפילט געקריוודעט פון גורל — באַעוולט פון זיין צוזאַמען מיט זיינע חברים, צו זיין איינער פון זיי אין דעם נסיון וואָס שטייט זיי פאַר. דאָס האָט אים ניט געלאָזט איינזיצן אין דערהיים. פלעגט ער יעדן מאָל מיטגיין מיט די חברה צום קאַלאַגאַסי, פלעגט גישטערן, זיך דערקונדיגן ווי ס'גייט־צו דער ענין אינעווייניג, פלעגט ברענגען עסן פאַר די אַרעסטירטע חברים און לויפן נאָך שמחונים עספיר.

איינמאָל, ווען „אסתר המלכה" — ווי כייקל האָט איר אַ נאָמען געגעבן — איז ניט געווען מיט זיי, און אדון שיפּריס האָט דרייסט פאַרטיידיגט די רעכט פון די יונגעז, האָט געפאָדערט אַ באַלדיגע תשובה, איז דער קאַלאַגאַסי אַרויס פון די האַלאַבלעס און האָט זיך געלאָזט צו אדון שיפּריסן מיט צונויפגעביילטע פויסטן. כייקל האָט זיך באַלד אַ וואָרף געטאָן אויף אים, ט'אים אָנגעכאַפּט פאַרן אַרבעל און האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג — ער'ט ניט דערלאָזן! מער האָט ער ניט געדאַרפט: איידער וואָס־ווען, איז ער שוין געהאַנגען אַ געפּענטעטער מיט די פיס אַרויף און האָט געכאַפּט אַריינגעציילט צוואַנציג פּאַליעקעס. און אַוועקגעטראָגן פון דאָרט האָט מען אים אַ פאַרחלשטן, מיט בלוי־פאַרלאָפענע פיס, צו אדון שיפּריסן אַהיים.

און דאָ איז אַרויסגעשוואומען כייקלס סוד, די רעטעניש פון זיין ניט־ווערן יעדן נאָכמיטאָג, די געהיימניש פון זיינע רוחים:

ליגנדיק אין בעט אַ צעשעדיגטער, אַ צעהרגעטער, מיט אַרומגעבאַנדע־זשירטע פּיס, מיט אויגן אַרויסגעזעצטע פון יסורים, האָט ער צוגערופן צו זיך אביגדורן און האָט פאַר אים אַנטדעקט דעם גאַנצן אמת. ער האָט זיך אַ ווײַלע געקווינקלט, אָבער האָט דערציילט: חברה האָבן איינציגוויז פאַרלאָרן זייערע לעקציעס, זיינען געבליבן אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה, האָט מען דאָך געמוזט עפּעס טאָן. האָט ער, מיט אדון אמתיס הילף, אויסגעווירקט אין „הדרור" צו קריגן צייטונגען אויף באָרג. גברת אמתי האָט אים באַזאָרגט מיט אַ צעטל פון פאַרמעגלעכע משפּחות צווישן אירע באַקאַנטע, צו וועמען ער פלעגט צעטראָגן די צייטונגען ווי נאָר זיי זיינען אַראָפּ פון דרוק. אַחוץ די אמיתיס, האָט נאָך תמרה געוואוסט פון דעם: זי איז געווען די „שדכנטע" אין דעם ענין. ער האָט איר באַשוואוירן קיינעם ניט צו דערציילן.

— פאַרשטייסט? חברה מוזן דאָך אַמאָל אָנקוקן אַ צורת־מטבע. דער אַל־טער תרח שפּרינגט פון דער הויט: ס'קומט אים דירה־געלט. און די צײַ־טונגען מוזן צעטראָגן ווערן אין צייט. פאַרפעלסטו איין טאָג, זיינען מיר קאַ־פּוט! דו'סט עס איצט מוזן טאָן ביז איכ'ל אַרויס פון קינפּעט און זיך קאָנען שטעלן אויף מיינע אייגענע קריכערס. כ'על דיר געבן די נעמען מיט די אַד־רעסן. זע אַז מ'זאָל דיר באַצאָלן אויפן אָרט, און מאַך ניט אָן קיין פאַרכעס...

מיט אַ פּעקל צייטונגען אונטער דער פאַלערינע, האָט אביגדור יענעם פאַרנאַכט זיך אַוועקגעלאָזט אויף די אָנגעגעבענע אַדרעסן. ס'איז געפאַלן דער מלקוש. דער אָוונט האָט זיך אָנגערוקט פאַרפרי. די נאָכבאַרשאַפט איז געווען אַ געמישטע, דער געפּלעכט פון די הויפן — אומבאַקאַנט, און נאָכצופרעגן זיך איז ניט געווען ביי וועמען: דער רעגן האָט פאַרטריבן יעדע לעבעדיג באַשע־פעניש פון דער גאַס. דער רעגן האָט דורכגעדרונגען דורך דער פאַלערינע, דורך די אויפגעשפּאָלטענע שיך און—— די צייטונגען מוזן צעטראָגן ווערן אין צייט... ער האָט אומגעבראָדיעט אין דער פינצטער פון איין הויף צום אַנדערן, טרעפּ־אַרויף, טרעפּ־אַראָפּ. ט'אָנגעקלאַפּט אין פאַרריגלטע טירן. אַמאָל האָט אימעצער זיך אָפּגערופן, אַמאָל האָט ער געטראָפן, אַמאָל ווידער האָט ער געכאַפּט אָפּגעזידלט פון אַ בייזן אַראָבער, פון אַ שיכורן גרעק, פאַר אָנטראָגן אומזיסטע בלאָטע פאַרן שוועל, און ער פלעגט זיך אָפּטראָגן אַ פאַרשעמטער.

נאָך אַ לענגערן אומבלאָנדזשען איבער „נחלה שבעה", האָט ער זיך פאַר־נומען צו אַנטעביס הייזער. ער האָט אויסגעפונען דעם אַרויפגאַנג צו דער וואוי־נונג פון אדון אזולאי. אביגדור האָט וועגן אים געהערט: ער איז געווען אַ רייכער פרענק און דער פאַרשטייער פון דער ספרדישער געמיינדע אין דעם אַמעריקאַנעם הילפּס־קאָמיטעט. זיין פרוי איז געווען אַן אשכנזישע, אַ רוסיש־געבוירענע, און אין דעם זכות פון איר מאַנס פאַרמעגן האָט זי געזוכט זיך איינצוקויפן כבוד אין די פאַרשידענע צדקה־אַנשטאַלטן, איז געווען פול אין די

אַריסטאָקראַטישע קרייזן. ביי זיי האָט ער געזאָלט קריגן אַ גאַנצן פּיאַסטער פּאַר דער צייטונג — אַזוי האָט אים כייקל אָנגעזאָגט.

אַרויפגייענדיק אויף די הויכע שטיינערנע טרעפּ, האָט אביגדור דערפילט אַ בלייאיגע מידקייט אין די פיס. אַ שווערע ליידיגקייט האָט אַרונטערגעוואויגן זיין ברוסט צו דער ערד. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זינט נעכטן נאָכ־מיטאָג נאָך גאָרניט געהאַט אין מויל: אין אָוונט האָט ער זיך פאַרזעסן ביי תמרהן, אינדערפרי האָט מען געמוזט זיין אין נאַקאַהיט־כאַני, דערנאָך — די מעשה מיט כייקלען, איז שוין וועגן עסן ניט געלעגן אין זינען. איצט האָט זיך דער הונגער אָפּגערופן, האָט צעגאָסן אַן אָפּהענדיגקייט איבערן גאַנצן קערפּער און—— די צייטונגען מוזן צעטראָגן ווערן אין צייט... ער האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן דער פאַרענטשע, ט'זיך דערשלעפּט ביז צום אויבערשטן גאָרן און האָט אָנגעקלאַפּט אין דער הינטער־טיר. ער איז אַריין אין קיך. די אינעווייניגסטע ליכטיגקייט האָט אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. ס'האָט געשלאָגן מיט געדיכטער וואַרעמקייט אַרום. ס'האָט געשמעקט מיט פולער ממשותדיגקייט, מיט זאַטקייט. אויף אַ רחבותדיגן טעלער זיינען געווען אָנגע־לייגט פריש־געפּרעגלטע קאָטלעטן — צוגעברוינט, בלעזלענדיק מיט פעטער זאַפטיגקייט. ס'האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. מאַדאַם אזולאי איז געבליבן שטיין אין מיטן שניידן די פענעצעס ברויט פון אַ פרישן לאַבן.

— כ'האָב געבראַכט די צייטונג. — האָט אביגדור אַ זאָג געטאָן אין אַ פאַרשמאַכט קול און האָט מיטן צונג באַנעצט זיינע טרוקענע ליפּן.

— אָ, די צייטונג... וואו איז דער יונגערמאַן וואָס ברענגט עס שטענ־דיג?

— ער איז קראַנק. איך צעטראָג עס פאַר אים.

— קראַנק גאָר?! און איר ווער זענט — אַ חבר זיינער? אַן אייגענער?

— יאָ, אַן אייגענער — ס'הייסט... יאָ, טאַקי אַן אייגענער... — האָט ער צעטומלט אַרויסגעשטאַמלט, ט'אַנידערגעלייגט די צייטונג אויפן טישל און האָט געוואָלט וואָס שנעלער זיך אַרויסטראָגן פון דאָרט. ער האָט אָבער ניט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון די באַטעמטע עסנוואַרג וואָס איז געשטאַנען אַרום: ברויט — פריש ברויט — געקעכץ — פלייש — זאַטיגקייט... ווי לאַנג איז שוין זינט ער האָט געהאַט געגעסן צו זאַט? ווי לאַנג איז שוין זינט ער האָט געפילט דעם טעם פון מאָלן ממשותדיג שפּייז צווישן די ציין? ווי לאַנג——

— ווי לאַנג איז שוין אַז ער איז קראַנק, דער קרוב אייערער?

— אָ, לאַנג — זייער לאַנג... האַ? וואָס?! ניין! זינט נעכטן... זינט היינט פרי—— יאָ, היינט... די פיס. ער האָט זיך צעשלאָגן אַ פוס — שטאַרק צעשלאָגן...

און דער וואַרעמער ריח מאַניעט, רעגט. ס'ווערט הייס אין קאָלנער, ס'טוט אַ צוק ביים האַרצן.

— אַ רחמנות... — האָט מאַדאַם אזולאי אַ זאָג געטאָן מעכאַניש און האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן ביי דער שירץ־קעשענע — זאָל איך אייך באַצאָלן, אָדער וואַרטן ביז ער וועט קומען?

ער האָט ניט געקאָנט ענטפערן. אַ קאַלטער שווייס האָט באַשלאָגן זיין שטערן. פאַר די אויגן האָט געשווינדלט — ברויט — קאָטלעטן — פּיאַסטערס — כייקל — עסן — הונגער — אַ נאָגנדיקער הונגער — שאַרף, ברענענדיק — און פאַר אים אַזויפיל עסנוואַרג, אַזויפיל——

— כ'האָב געפרעגט צי זאָל איך א י י ך געבן?

— געבן? געוויס!... האַ? ניין! אַ, אַנטשולדיקט. איר מיינט... יאָ, געוויס — יאָ... ס'הייסט, מיר — כ'מיין, ער האָט געזאָגט... ער גע־טרויט אייך. נאָר, פאַרשטייט? — מיר אַלע—— כ'האָב געוואָלט זאָגן, ער האָט מיר אָנגעזאָגט — האָט מיר געבעטן... פאַרשטייט? — ס'איז נויטיק... מוז עס האָבן...

ווי טרוקן די צונג איז! ווי ער וואָלט ס'ערשטע מאָל גערעדט צו אַ מענטשן — ס'ערשטע מאָל געווען אין אַ פרעמד הויז... ס'ווילט זיך אַנט־לויפן, אַרויסיאָגן זיך ווי משוגע, און עפּעס לאָזט ניט —

— איר דאַרפט זיך ניט אַנטשולדיקן. כ'ווייס. ציט דאָ אויף אַ ווײַלע, כ'וועל אייך גלייך באַצאָלן. כ'וועל נאָר אַריינברייננגען ס'קליין־געלט. איין רגע...

און זי איז אַרויס. נאָר די קאָטלעטן זיינען געבליבן וואו זיי זיינען געווען — דאָרט אַנטקעגן אים, אויפן טישל. איינגאָנצן אַ פּאָר שפּאַן צווישן אים מיט זיי — צווישן הונגער און זאַטיקייט. דער אָנגעוווירצטער ריח רייצט, קיצלט די נאָזלעכער, צעטראָגט זיך איבער די שלייפן, רעגט־אויף די געהירן. דער מויל לויפט־איבער מיט זיסלעך־זויערלעכער סלינע — ניין: ניט זיס, ניט זויער — פול. ניט אַראָפּצושלינגען, ניט אויסצושפּייען. פול — ליידיק־פול, דורשטיק־אָנגעגאָסן. ס'סמאַליעט אין גאָרגל. ס'טוט אַ צוק אין ברוסט, קראַמפּט צוזאַמען די איינגעווייטן אין אַ קנוף. אַ ציטערדיקע וואַרעמקייט ריזלט זיך דורך דורך אַלע גלידער, צאַפּלט זיך אַרויס דורך די שפּיצן פינגער. דער אָטעם ווערט אָפּגעריסן, הייס. די קני ברעכן זיך אונטער, ווערן מיטאַמאָל לייכט. אַלץ ווערט לייכט. אַלץ ווערט וואַגלאָז, אַלץ שוועבט, ווערט נאָנט, נאָכ־געביק. אין גומען ווערט ווייך, פול — צווישן די באַקן, די צונג — שליימיק, די ציין פאַרגייען אין אַ טאַנץ — אַ זאַטיגן טאַנץ, אַ געאיילטן טאַנץ. ס'טופּען טריט. ס'טאַנצט־אויף אַנטקעגן אַ פּנים, אַ צווייטער, ס'שאַלן־אויף קולות:

— ער גנבעט!... ער גנבעט!...

דער טאַנץ ווערט איבערגעריסן. דער פּולער ביסן בלייבט שטעקן אין האַלדז. גנבעט?! ווער?! וואו?! ער וויל זיך אומקוקן, מיטשרייען, נאָר די אברים זיינען פאַרגליווערט, דער מויל — פאַרשטאָפּט, אין קעל וואַרגט.

פֿאַר די אויגן שווידערט־אויף אַ שמאַלציג פּרצוף, טוט זיך וואַגיג אַ שאָטן איבער אים. ער דערפֿילט די קאַלטע בלאַסקייט פֿון זיין אייגן פּנים, די ליידיג־קייט פֿון זיינע אויגן. די פֿינגער קלאַמערן זיך פֿאַרחלשט צו אַ בלינדן עפּעס. אויף די ליפּן גייט־אויס דער „ביין" ניט־דערזאָגטערהייד...

— אַ גנב גאָר?! און איך האָב געמיינט אַז ס'איז אַן אָרימער לערנער... און——

אַ קאַרק. אַ האַנט. די ווענט טוען זיך אַ וואַקל. ס'טוט הינטער־אַרום אַ בראַזג אַ טיר. אין דער פֿינצטער פֿלאַטערן אַרום אים ווייס־פֿליגלדיגע ווערזנס — קייקלען זיך, טראָגן זיך, איבער אים, נאָך אים, אַראָפּ, אַראָפּ. אַ נאַסע שוואַרצקייט כאַפּט אים אויף אין קאַלטע אָרעמס — — —

אונטן ביי די טרעפּ האָט ער זיך אויפֿגעהויבן אַ צעטומלטער, אַ באַרויש־טער. דער רוקן האָט געוויי טאָגט. די צייטונגען זיינען געלעגן צעוואָרפֿן איבערן בלאָטיגן הויף, דורכגענעצט, צעפּליקט. ער איז אַ ווילע געשטאַנען איבער זיי אומבאַוועגט און האָט אַראָפּגעקוקט מיט נאַקעטע אויגן. אין דער האַנט האָט ער נאָך געהאַלטן צוזאַמענגעדריקט דאָס ניט־דערביסן שטיקל פֿלייש. ער האָט עס מיט עקל אַ שליידער געטאָן פֿון זיך, און אַ דערשראָקענער זיך אַרויסגעיאָגט דורכן טויער.

„אַ גנב... אַ גנב... אַ, ווען דער טאַטע וואָלט געוואוסט צו וואָס עס איז געקומען..." — האָט אַ באַנומען ווידערקול נאָכגעשריען אין זיין בלוט און האָט אונטערגעטריבן זיינע פֿלאָנטערדיגע טריט איבער די אייג־זאַמע, פֿאַרחושכטע גאַסן. ער האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט פֿאַר זיך קלאָר מאַכן ווי־אַזוי און וואָס ס'איז מיט אים אין די לעצטע מינוטן געשען...

*

ווען ער האָט זיך דערשלעפּט צו „הקדש", האָט ער געפֿונען די שטוב־זאַכן אַרויסגעוואָרפֿן אויף דער גאַס, און כאַדזשי ראַשידס בנים זיינען געשטאַ־נען און האָבן אונטערגעטריבן די חברה אַז זיי זאָלן וואָס־גיכער דאָס אָפּ־ראַמען פֿון הויף:

— יאַללאַ! יאַללאַ! נעמט עס און גייט, איידער מיר נעמען עס אינגאַנצן צו!... יאַללאַ!...

מ'האָט צונויפֿגעקליבן ס'ביסל אָרימקייט, פֿאַרנומען אויף די פּלייצעס די דורכגענעצטע, אָנגעדראָלענע ביכער און ס'ביסל בעטגעוואַנט, און מ'האָט זיך געלאָזט יעדער אויף אַ באַזונדער וועג זוכן אַ צייטווייליגן נאַכטלעגער.

און דער „הקדש" איז חרוב געוואָרן.

אין אַ נאַכט אַ רעגנדיגער איז דער פּאַלאַץ פֿון כייקלס ממשלה צעשטערט געוואָרן, און כייקל איז דערביי ניט געווען.

# 18

## אין שטורעם־טאַנץ

די גראַדואירונג־עקזאַמינעס זיינען אַריבער בשלום. מ׳האָט זיך באַצויגן מיט מידת־הרחמים. פייערשטאַם אָבער האָט געטראָגן אַ האַרץ, און כייקל מיט פייגלזאָנען זיינען דורכגעפאַלן אין דייטש. פייגלזאָן האָט זיך שיעור א מעשה אָנגעטאָן — ער זאָל דורכפאַלן! ער איז נאָכגעלאָפן פייערשטאַמען, ט׳זיך געבעטן צו געבן אים אַ געלעגנהייט נאָכאַמאָל דורכצומאַכן דעם עקזאַמען איידער מ׳גייט אַוועק; ער האָט זיך אויפגעגעסן אַ לעבעדיגער. כייקל האָט זיך פון דעם געמאַכט אַ קנאַפּן צימעס: ער האָט זיך געריכט אויף דעם. ער וועט אים אָבער ניט פאַרשווייגן. ער וועט זיך נאָך מיט אים אָפּרעדעם. כענען איידער ער קושט די מזוזה. דערווייל האָט ער פון זיין באַהעלטעניש אַרויסגעשלעפּט פייערשטאַמס „פאַרלוירענעם״ נאָטיץ־ביכעלע, ט׳זיך אומגעצאַצקעט מיט דעם בפרהסיא און האָט פון דאָרט „אויפגעוויזן״ שוואַרץ־אויף־ווייס אַז פייערשטאַם האָט נאָך באַצייטנס — מיט חדשים צוריק — געזען ברוח־הקודש ווער ס׳וועט דורכפאַלן אין די לעצטע עקזאַמינעס... ס׳האָבן דערביי ניט געפעלט קיין פעפערדיגע וויצן פון כייקלס רעפּערטואַר, צווייטייטיגע הלצות. דער מטבח איז געגאַנגען כאָדאָראָם. חברה האָבן זיך אַמוזירט, געלאַכט אין די הויפּנס, און כייקלען איז דערפון צוגעקומען אַ שטיק געזונט. די זאַך איז דערגאַנגען צו די מיטגלידער פונ׳ם לערער־ראַט. מ׳האָט עס געבעטן אָנצוקוקן אויף טשיקאַוועס. כייקל איז געוועזן מער ווי צופרידן דאָס צו טאָן. „פאַרוואָס ניט? קוקן, וויפל איר ווילט!״ מ׳האָט זיך איבערגעקוקט נשתומם, מ׳האָט עס געוואָלט פאַרגלעטן. כייקל האָט אָבער דאָס ביכעלע פון האַנט ניט אַרויסגעלאָזט: ס׳האָט אים געקאָסט אַ פּסול אין זיין דיפּלאָמע און ער האָט דאָס רעכט צו שפּיגלען זיך אין דעם. פייערשטאַמען האָט מען פאַר די אויגן ניט אָנגעזען.

צום אמתן חשבון איז עס נאָך דערווייל ניט דערגאַנגען. כייקל האָט צייט.

דער קַאלַאגאַסי איז איינגעגאַנגען אויף אַ פשרה: ער׳ט זיי אַ ל ע מ ע ן שיקן קיין דמשק, און „זאָלן זיי דאָרט זיך ברעכן די קעפּ און אויסבראַקירן וועמען זיי ווילן!״ ער׳ט ווייזן אַז ער איז אַ גוטער — אַז ער איז שטענדיג אַ גוטער. און דער טאָג פון אַוועקגיין איז אָפיציעל באַשטימט געוואָרן.

עס זיינען אָנגעקומען די גערופענע גימנאַזיסטן פון יפו — וואוילע, פריי־לעכע חברה. צווישן זיי איז אויך געווען אפרים ליפשיץ. פריש בלוט, איז געוואָרן לעבעדיגער. פלעגט מען אין די אָוונטן פאַרבלייבן אַביסל לענגער אין מטבח: נייע זמרלעך — געזאַנגען פון דער צייט, און די מיידלעך זיינען אַזוי צוגעלאָזן אין דער טונקל. ווי פון זיך אַליין איז אויסגעוואַקסן דער פּראָיעקט פון א נשף פאַרן לעצטן אָוונט — אַ מין צאתכם־לשלום־הוליאַנקע. תמרה האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט; די איבעריגע גננות, די גימנאַזיסט־קעס און די מיידלעך פון מעון האָבן צוגעלייגט אַ האַנט, און כייקל איז געווען פאַרהאַוועט איבער די אויערן, האָט געברענט אַ וועלט; ס׳איז ביי אים געווען ערב־יום־טוב. ער האָט אָבער אין דעם גאַנצן האַרמידער ניט פאַרגעסן אַז ער האָט געהאַט צו פאַרענדיגן אַ פּאָר חשבונות.

מיטן מאה־שערימדיגן מסור איז עס צוגעגאַנגען ווי געשמירט:

פאַרנאַכט, איידער דער נשף האָט זיך אָנגעהויבן, האָט כייקל צונויפגענומען „די אַלטע גוואַרדיע״ — דוכסן, יואַליק, ט׳אויפגעזוכט „דעם בצלאלניק״ — ט׳מיטגענומען עטלעכע באַיקע יאַטן פון די יפור חברה און האָט זיי פאַרשטעקט הינטער אַ גדר, צווישן דער כאַבּישער געסל און דעם וועג וואָס פירט קיין „מאה שערים״. לאַנג האָט מען ניט באַדאַרפט ליגן אין דער באַהעלטעניש (כייקל האָט שוין געהאַט אויסגערעכנט די צייט), און צו דער באַשטימטער שעה האָט זיך דער „אורח״ באַוויזן. כייקל האָט געגעבן אַ צייכן. מ׳איז „אים״ באַפאַלן הינטער אַרום, אַריבערגעוואָרפן אים אַ זאַק איבערן קאָפּ, אַרונ־טערגעלאָזט אים די הויזן, אַריינגעצײלט וויפל נאָר ס׳איז אין אים אַריין, און איבערגעלאָזט אים אַ צעמזיקטן אין די געשטרייפטע גאַטקעס, און מ׳איז זיך צעלאָפן. ביי כייקלען איז נאָך געבליבן אַ פּאָר תחתונים פון דעם עסק.

ווען מ׳איז צוריקגעקומען אין מטבח, איז שוין דער נשף געווען אין פולן ברען. ס׳איז געווען וויין, און מ׳האָט געבראַכט נאָך. און מ׳האָט אָנגעשטעלט געבעקס, צובייסנס. און ליכט האָבן געברענט — אַ סך ליכט. אַזויפיל ליכ־טיגקייט צווישן ווענט וועלכע האָבן אַזוי לאַנג געשמאַכט אין חושך! און יואלי האָט געוויזן וואָס ער קאָן, און אונטער קאַפּלאַנס האַנט האָבן אויפגע־פלאַצט די סטרונעס פון דער מאַנדאָלינע, און די יפור יאַטן זיינען אויך ניט געשטאַנען פון דער ווייט. מ׳האָט אויפגעזוכט אַ פייקל, אַ טומבאַרין און צימב־לען צוויי — אַלטע טאַצן — און יוגנט איז אַוועק אַ טאַנץ, התפשטותדיג, צענומען —

הבה נרננה! הבה נרננה!
הבה, הבה  נ ר נ נ ה!

שטאָלצע טריט. טעמפּע אָטעמס. אין די אָרעמס ברויזט אַ כּוח — אָרעמס איינגעקלאַמערט אין אַ קייט. בוזעמס כוואַליען הויך און צייטיג. בלוטן שטורעמען אין ברוסט. בחור, מיידל, פריינד און חבר — היינט טאַנצט מען נאָך צוזאַמען, היינט איז מען נאָך נאָנט, מ אָ ר ג ן  ו ו ע ט  מ ע ן  ד אָ  נ י ט  ז י י ן —

הבה נרננה! הבה נרננה!
הבה, הבה  נ ר נ נ ה!

ענגער קניפּן זיך די אַקסלען, דרייסטער הויבן זיך די קעפּ. שטערנס לויכטן, אויגן ברענען, און די ראָד ווערט ברייט און ברייטער. זין פון שטורעם, דור פון נסיון — קראַפטיג, הפקרדיג און שטאָלץ — גייען איצט דעם טאַנץ פון איצטער — פון חיי־שעה — פון היינט־נאָר־היינט, ווייל  מ אָ ר ג ן  ו ו ע ט  מ ע ן  ד אָ  נ י ט  ז י י ן —

ניין, ניין, ניין, ניין, ניט חיינען!
מיינע—דיינע אויגן זיינען טרוקן, וואַך.
אַליין, אַליין, אַליין טריפן די טענער טרעלנדיג —
מיט מיר—אָן מיר, מיט דיר—אָן דיר
נאָר ביז דער מאָרגן וועט אויפטאָגן...
אַ שטויב, אַ שטויב, אַ שטויבעלע —
אַ ווינט, אַ ווינט, אַ ווינטעלע —
אַ גאָר, אַ גאָר פון גאָרניטלעך
אין שטורעמטאַנץ דערהויבענע...
אַ טאַנץ, אַ טאַנץ, אַ טענצעלע —
אַ שטויב אַ שטויב, אַ שטויבעלע —
מ אָ ר ג ן  ו ו ע ט  מ ע ן  ד אָ  נ י ט  ז י י ן...

היינט טאַנצט מען נאָר דעם היינט, היינט קאָן מען נאָר דעם היינט; און היינט איז רויט דער ווייַן, און היינט זיינען ליפּן רויט, און שוואַרצקוואַליג זיינען היינט אויגן מיידלשע, וואָס וועלן ווייַנען אפשר מאָרגן. מאָרגן... מאָרגן... ע, דאָס איז מאָרגן! היינט טאַנצט מען אויס דעם היינט! היינט גייט מען דעם נסיון־טאַנץ! מ אָ ר ג ן  ו ו ע ט  מ ע ן  ד אָ  נ י ט  ז י י ן —

שטיל און שטילער,
פון שטילער שטילקייט שטילער נאָך,
אָן קול, אָן קלאַנג,
אָן גליק אַ גליקלעכער,
האָט די ליד, די ליד —

די ליד דיזעלביגע —
אַ טרוים אין פאַרטרוימטער
טרוימיגקייט אויסגעטרוימט, —
אַמאָל, אַמאָל,
אין אַן אַמאָל אַן אַמאָליגן.
און היינט־אַמאָל
איז נאָכאַמאָל
דערזעלבער טרוים, דיזעלבע ליד —
נאָר היינט, נאָר היינט
און נאָכאַמאָל
מאָרגן וועט מען דאָ ניט זיין...

מאָרגן וועט מען דאָ ניט זיין! מאָרגן וועט מען דאָ ניט זיין!... וואָס איז מאָרגן? ווער/מענס מאָרגן? וועמען אַרט עס?! וועמען שרעקט עס?! זאָל עס קומען! זאָל געשען דאָס! זאָל עס זיין די אייביגקייט אַליין! דערווייַלע איז נאָך היינט —

צימבלען טאַצן, צימבלען טאַצן —
ביז צום מאָרגן, ביז צום מאָרגן טאַנצן, טאַנצן!
טאַנצן, טאַנצן און פאַרטאַנצן
דאָס פּיצל איצט, דאָס פּיצל עפּעס!
ביז צום לעצטן־לעצטן ציטער,
ביז צום דינסטן־דינסטן צאַפּל,
ביזן גאַנצן — ביזן גאַנצן גאַנצן —
אויסטאַנצן דאָס פּיצל היינט!
ביז צום מאָרגן, ביז צום מאָרגן טאַנצן, טאַנצן! —
מאָרגן וועט מען דאָ ניט זיין...

זאָל עס זיין דער וויין, זאָל עס זיין די ליפּן, וואָס מ׳וועט ניט קאָנען קושן מאָרגן! מאָרגן... קיינמאָל... אפשר אייביג... איצט מוז פלאַקערן דער טאַנץ!

תמיד, תמיד, פויק און פייקל —
תמיד טויבער, תמיד טיפער —
תמיד, תמיד טופּען, טרעטן
איבער טאָלן איבער ווייטע...
פון די טאָלן צו די הויכן,
און פון די הויכן צו דעם תמיד —
צו דעם תמידיגן תמיד, תמיד.
תמיד דאָ, און תמיד דאָרט,
תמיד שטאַרקער, תמיד שווערער
גייט מען שטום דעם טאַנץ פון תמיד —
תמיד וועט מען דאָ ניט זיין —
מאָרגן וועט מען דאָ ניט זיין,
מאָרגן וועט מען דאָ ניט זיין...

כייקל טראָגט זיך אָן פון דרויסן, בלייבט שטיין פאַרסאַפּעט פאַרן שוועל. אין דעם פריידיגן געפּילדער האָט מען ניט באַמערקט גאָר אַז ער פעלט. וואו געווען? וואָס געטאָן? כייקל ענטפערט ניט קיין וואָרט. שטייט פריטשמעליעט. דערזעען די חברה אַזוי געהויבן, ווערט זיין פּנים אויפגעשטראַלט —

— פריילעכער, חברה! נאָך אַ חשבון אָפּגעפּטרט! דעם לעצטן חוב שוין אָפּגעצאָלט! קיינעם שולדיג ניט געבליבן! — איצטער לאָמיר גיין דעם טאַנצט!... לחיים, חברה!... נאָך אַ כוסע!...

און ער ווערט אין טאַנץ באַלד איינגעפּלאָכטן — צעכראַשטשעט, כייקלדיג, צעפּלאָמט. און דער קאַראַהאַד טראָגט זיך, ווירבלט; לערער — תלמיד — גראַ־דואירטער. און זעט: אדון שיפריס איז אין דער מיט! ער הויבט דעם כוס — ער וויל וואָס ריידן. ניין, היינט רעדט מען ניט! קיינער ט׳היינט ניט ריידן!

— היינט איז דער יום־טוב פון ניט ריידן! היינט איז דער יום־טוב פון כולו־טאַנץ, פון כולו־הפקר —

שירו לו, שירו לו שיר חדש!

הפקר היינט און הפקר מאָרגן, און צווישן היינט און מאָרגן הפקר איז דאָס אייגן בלוט. הפקר! הפקר! אַלץ איז הפקר! —

— העי, מאַנדאָלינע, פידל, פּויק און צימבלען! שפּילט דעם טאַנץ פון כולו־הפקר!

זאָל עס שווינדלען פאַר די אויגן! זאָל עס דונערן אונטער די פיס! ווענט און טישן, דיל און סטעליע — אַלץ און אַלע זאָלן מיטגיין איצט דעם טאַנץ!

— ס׳איז מיר טרוקן — גיסט־אָן אַ גלעזל!

— לחיים חברה! מאָרגן וועט מען דאָ ניט זיין!

כייקל פאָלגט שוין פון די פיס.

שירו לו, שירו לו שיר חדש!

איז וואָס?! דער וואָס קאָן ניט, דער זאָל פאַלן. דער וואָס קאָן זיין אייגן גוף ניט טראָגן, דער זאָל פאַלן ביי דער זייט. און אָפּגערעמט מוז דער וועג באַלד ווערן פאַר די וואָס שפּינען נאָך דעם טאַנץ!...

— מאַכט אַ וואָרע!

— צעשפּרייט די ראָנע!

— הידד, יעקבי, זון פון די בערג!

ס׳פּנים גלוט, דער גאַרטל רויט, די אויגן שיסן פונקען. קינזשאַלן צוויי אין בײדע הענט בלאַנקען אויף ווי בליצן. ער טראָגט זיך פלינק, ער טראָגט זיך ווילד — וואו קאָפּ?! וואו לענדן?! — ווירבלט ווי אַ וויכער —

— שטאַרקער! העכער!

— זעט: עספּיר גייט־מיט מיט אים דעם טאַנץ!

און זי אַ דרייסטע — די טאַכטער פון די הויכן — ענטפערט־אָפּ דעם רוף פון טאַנץ און קומט אַנטקעגן מיט זיבן חנען אין יעדן שוואונג. ווייסע ציין, אויגן — שוואַרצער פייער, און קרויזן ברויזיגע אַ ים. דער רייץ פון בערג אויף אירע ברוסטן, ס'לאַכט אַרויס אַ תאוה פון יעדן פאַלבן־וויג דעם שלענגלדיגן פון איר קלייד. רויטער גאַרטל. אָרעמס — שוואַנען. און צווישן גלוסט און מעסער טראָגט זיך שטורעמדיג דער טאַנץ פון ווייטע הויכן. און אַרום שווינדלט דער קאַראַהאַד:

— אַזוי טאַנצט מען היינט ביי אונדז!...

— שמחוני ליגט שיכור־לוט

שירו לו, שירו לו שיר חדש!

— מאָרגן וועט מען דאָ ניט זיין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מאָרגן וועט מען דאָ ניט זיין, האָט אין דער דורכזיכטיגער, וואָכער נאַכט נאָכגעציטערט דעם אָפּהילך פון אביגדורס טריט, ווען ער האָט באַגלייט תמרהן צו איר וואוינונג.

*

דער פריער באַגינען האָט זייביידן געפונען זיצנדיג אויפן פענצטער־שוועל פון תמרהס צימער, לייב צו לייב צוגעטוליעט. אויף די אויגן — ניט־דערחלומטע שטיקער שווייגן. איבערן פענצטער, צווישן די טונקעלע אַליאַנדער־שפּיצן, האָט געהעלט דער פרימאָרגן.

— ...און דער טאָג קומט אָן, די שעה ווערט רייף.

— און אויף דעם טאָג האָבן מיר אַזוי געגאַרט; די שעה האָט אונדז געזאָלט ברענגען פרייד.

— און אויפגעגאַנגען איז אויף אונדזער וועג אָן עפּעס וואָס איז שטאַרקער פון פרייד, מאַכטיגער פון אייגן גליק...

— ווייטקייטן וועלן האַלטן אונדזער בענקשאַפט, שטורעם — אונדזער חלום...

— אין צער פון שיידונג וועט אונדזער חלום ווערן געלייטערט, דורכן נסיון וועט אונדזער מאָרגן געהייליגט זיין...

— און אויב ס'איז ניט באַשערט, זאָל אין דער דערמאָנונג אויפגיין פאַר דיר אַ טרייסט —

— ניט רייד אַזוי. ס'וועט אַלץ פאַרביי. און אַנדערש וועט דאַמאָלט זיין...

און הענט בלאַסע ווי דער פרימאָרגן. ליפּן ברענענדיקע ווי דער מאָרגנ־רויט. און ענגער שלייפן זיך אָרעמס אַרום האַלדז —

— זיי געשטאַרקט, ליבסטער מיינער.

— זיי געבענטשט, זיי געטרייסט, מיין באַשערטע...

...און דער טאָג גייט־אויף אַ זוניגער, און אַרום צוג איז שאָטנדיק, אַרום צוג איז ענג, און אַן ענגשאַפט קוואַרט אין האַלדז. אָרעמס בלייבן הענגען לײדיק, שוואַך. אויגן קלאַמערן זיך צו די פענצטערלעך פון וואַגאָן. ס'פלאַטערן טיכעלעך, ס'בלענדן וויינענדיקע שמייכלען. און ברייטער רייסן זיך ברעמען אויף, און קאָנוואולסיווער הויבן זיך הענט. און פון אַלע אויגן אַרום האָט אַביגדור געזען פאַר זיך אויגן נאָר אַ פּאָר, פון אַלע אָרעמס — צוויי אויסגעשטרעקטע הענט, און איבער אַלץ — אַ טיכעלע אַ ווייס אין גרויען נעפּל... „האָט זי געוויינט?... ווען מענס אַקסלען האָבן געצוקט דערביי?...״

די ווענט גיבן זיך אַ צאַפּל. אַלץ גיט זיך אַ צאַפּל, בלייבט שטיין און רייסט זיך לאַנגזאַם אָפּ, ציט זיך אַוועק מיט גוואַלד. אַ ציטערדיקער געבראַזג פון אונטן־אַרום. אַ קורצאָטעמדיקער, טיפער אָפּהויך ערגיץ אין דעם באַלדיגן נאָנט. געשטאַלטן וויקלען זיך אין גרויע שלייערס, געשטאַלטן ווערן ווייטער, קלענער. און בלייכער, ווייטער ווערט די ווייסע זעאונג, ווען דער צוג טוט זיך אַ וויג אויף לינקס, און פאַרשווינדט. און זי — „האָט זי געוויינט?... ווען מענס אַקסלען האָבן געצוקט דערביי?...״

לאַנג האָט קיינער אין וואַגאָן קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. לאַנג איז מען נאָך געשטאַנען פאַר די פענצטערלעך, שטומע, און געקוקט מיט הוילע בליקן אין זיך—פון זיך... הויכן פון ביתר — שאָטנדיקע בערגשוויסן — הימלען — ליידיגקייטן — אַ ווייס פינטעלע דאָרט ווייט הינטער זיך — אַ וועלט — און זי — „האָט זי געוויינט?... ווען מענס אַקסלען האָבן געצוקט דערביי?...״

בייקל האָט דעמדאָזיגן שוויגן ניט געקאָנט פאַרליידן. אַז מ'רעדט איז גרינגער. שוויגן טרייבט צו קלעמעניש, צו מרה־שחורה, און דאָס האָט בייקל פיינט געהאַט.

— וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרגולמט, חברה?! נאָך אַלעמען, איז דאָך דמשק אַ נאָנטע שכנה מיט ארץ־ישראל. און אויב איר ווילט, האָב איך נאָך אַ בעסערע עצה: אַריינגעמען דמשק מיט באַאַל־בעק אין די גרעניצן פון ארץ־ישראל. אחרי ככלות הכל, האָבן מיר אויף דעם אַ שטיקל היסטאָרישע תביעה נאָך פון דוד המלכס צייטן...

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. מ'האָט געגאַפּט, געשוויגן. פאַר די

אויגן האָט געפינקלט אַ ווייס פינטעלע, אַ ווייט פינטעלע... כייקל אָבער האָט ניט אָפּגעלאָזט: ער מוז די חברה אויפטשוכען! האָט ער זיך גענומען דערציילן פון זיין „געזעגענען זיך" מיט פייערשטאַמען; האָט זיך צעלייגט אויף טעלערלעך, באריכות, אַ־לאַ־כייקל:

— דידאָזיגע מצוה, פאַרשטייט זיך, האָב איך געלאָזט אינגאַנצן פאַר זיך: פאַרט אַ שטיקל נוגע־בדבר. „דעם בצלאלניק" האָב איך מיטגענומען נאָר פון סגולה־וועגן — ווי אַ זאַך מאַכט זיך. כ'האָב אים אָבער געלאָזט וואַרטן אין דרויסן. און איך קלאַפּ מיר אָן אין טיר (דייטש־ניט־דייטש, דאָס דאַרף מען. מיטן חשבון האָט עס גאָרניט צו טאָן). לאָזט זיך באַלד פון אינעווייניק אַרויס אַ בת־קול (אין דייטש) „ביטטע!". קלער איך מיר, אַז שוין יאָ „ביטטע!", דאַרף מען קיין חזיר ניט זיין און אַריינגיין. דערזען מיר, האָט ער אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר קוקערס (אין דערהיים טראָגט ער ניט קייןברילן) און וויל זיך שוין מיט מיר אַרומכאַפּן — האָט מיר קוים דערלעבט צו זען, דער ממזר! בין איך דאָך אָבער אויך ניט פון די געאיילטע, דריי איך מיר פּאַוואָ־לינקע אויס מיטן הינטן צו אים און פאַרשליס מיר, קודם־כל, די טיר, און דעם שליסל לייג איך מיר אַריין, פאַרשטייט זיך, צו מ י ר אין קעשענע. „איצט", זאָג איך צו אים, „מיין ליבער אדון פייערשטאַם (דוקא אדון פייערשטאַם — אויף צעפּיקעניש!), בין איך געקומען צו אייך זיך אַביסל אויסחשבונען. איך בין אייך עפּעס שולדיג." ווערט שוין מיין דייטש געדירט און מאַכט צו מיר: „אַ, אָ! איר האָט זיך ניט באַדאַרפט באַמיען! איר דאַרפט זיך ניט אַנט־שולדיגן — אַזעלכע זאַכן געשעען. איך האָב אייך אַלץ פאַרגעבן." מאַך איך מיר אַ פּנים פון אַ תמעוואַטן בעל־תשובה און זאָג צו אים: „כ'האָב אייך אָפּגעבראַכט אייער נאָטיצביכל — אָט דעם וועלכן איר האָט אַנומלטן „פאַר־געסן אין דערהיים" און דערנאָך „געפונען"..." און דער כביאָקעוואַטער דייטש נעמט עס גלייך אָן פאַר גוט געלט און שטעקט אויס אַ לאַפּע — גרייט צו נעמען! מאַך איך (דערווייל נאָך אַלץ בניחותא. כייקל האָט זיך פיינט צו היצן): „וואָס אייך קומט, וועט איר קריגן; לאָמיר צוערשט זען צי דער חשבון שטימט. איר האָט ניט אייערע ברילן, וועל איך פאַר אייך לייענען און איר ציילט"... און תוך־כדי־דבור הויב איך פאַר אים אָן אויסצורעכענען (כלומרשט פון ביכעלע אַרויס) זיינע שיינע מעשים פון ששת־ימי־בראשית אָן. און ביי יעדן „על חטא" פליט אים אַ מתנת־יד גלייך אין פּרצוף — צווישן די קוקערס — אַוואו נאָר איך טרעף. הויבט ער דאָך מסתמא אָן אַרומצולויפן אי־בערן צימער, ווי אַ פאַרסמטע מויז (שרייען שעמט ער זיך נאָך דערווייל), ווערט אָן אויפגעפּרעגלטער, און כאַפּט אַ בענקל, אַ פּאַפּיר־מעסער — ער'ט מיר ממיתן! קלער איך מיר: אויב שוין יאָ אַזוי — אויב דו נעמסט זיך שוין יאָ צום כלי־זיין, ברודערל — וועל איך דיר שוין וויזן ווער ס'איז עלטער! (און דאָ, פאַרשטייט איר מיר, דערמאָן איך זיך, אַז אין מטבח ברענט אַ נשפּל)

— איצט וועל איך שוין מער מיינע הענט אויף דיר ניט איינריכטן... און איך כאַפּ וואָס נאָר ס׳פּאַלט מיר אַריין אין האַנט און—— גלייך אויף אים! אַ טינטער, אַ זעמדערל, אַ וואַזאַנע־טעפּל, אַ שפּייקעסטל — אַלץ איז אַ סחורה! און ער פּאַלט כורעים, גייט ווידער הקפות מיט מיר אַרום טיש. און אַן אויס־זען? — אויף אים געזאָגט געוואָרן! אַ טשוטשעלאָ! שוואַרצער טינט — רויטער טינט — אויפן פּרצוף, אויף די זאַכן; אַ גולע אויפן שטערן, זאַמד אין די אויגן, אין די האָר. און די מים־שלנו פון שפּייקעסטל האָט אים אויך קיין איבעריגן חן ניט צוגעגעבן. ביז גאָט ברוך־הוא האָט געהאָלפן און ער גיט זיך אַ ספּאַטיקע און אַ לייג־אויס אויפן דיל ווי גרויס ער איז, און הויבט אָן צו גוואַלדעווען: ער האָט זיך אויסגעדרייט אַ פוס. מאַך איך: „פע! שרייען איז מיאוס! פע! שרייען איז שלעכט!"... און ער רעוועט — רייסט זיך שיעור די געדערים אויס. פּלאַצט שוין אין מיר ס׳געדולד, און איך טו זיך אַ וואָרף אויף אים, פאַרשטאָפּ אים ס׳מויל, בוכטשע אים אַזוי ריכטיג אונטער, און אשר־יצר אים אָן גלייך אין אויער, און בין מיר אַוועק מיט אַ קלאָרן קאָפּ טאַנצן... זאָגט כאַטש „יישר־כוחך", שיינע מענטשן!...

מ׳האָט אים אויסגעהערט, מ׳האָט צוגעשמייכלט, אונטערגעלאַכט. מ׳האָט זיך אָביסל צעשטרויט. ס׳האָט אויפגעטויכט אַ זמרל, מ׳האָט זיך צעזונגען. און פון אונטן האָט זיך נאָכגעטראָגן דאָס געזאַנג פון רעדער איבער אײַזן. דאָס געזאַנג איבער ווייטן. ס׳האָבן זיך פאַרבייגעשיפט שעהן, ס׳האָבן זיך אויסגעוויט פאַרנאַכטן, פרימאָרגנס. ס׳האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן די גערטנער פון יהודה, די בערג־קייטן פון שומרון, די פעלדער פון גליל. ס׳האָט באַרביי־געבלאַנקט דער חרמון, ס׳האָט אויפגעשאָטנט דער לבנון — דמשק — באַאַל־בעק.

דאָ האָט מען מיט זיי קיין לאַנגע מערכות ניט געמאַכט; דאָ איז ניט געווען ווער ס׳זאָל זיך פאַר די איינשטעלן. פינקלען, כספין, הורוויצן און נאָך צוויי פון די יפוּר גימנאַזיסטן האָט מען דיסקוואַליפיצירט פון פריווילע־גירטער דינסט און אָפּגעשיקט צוריק; אַ טייל האָט מען איבערגעלאָזט אין באַאַל־בעק; די איבעריגע האָט מען אַוועקגעשיקט קיין קאָנסטאַנטינאָפּל. און ווידער אָפּשייד — שיידונג פון חברים, מיט וועלכע מ׳האָט געזאָלט זיין צוזאַמען; ווידער דאָס שלעפּן זיך מיט דער צעשעדיגטער באַן; ווידער יוקלאַמאָס — סעווקעיאַטן — אומבאַקאַנטע לאַנדשאַפטן — פרעמדע ווייטקייטן — מעסאָפּעטאַמיע — אַנאַטאַליע. מ׳האָט זיך דערפילט אָפּגעריסן, אָפּגעפרעמדט פון אַן ערגיץ וואו מ׳האָט זיך געהאָט צוגעוואָקסן, באַלאַנגט. מ׳האָט זיך אָבער געפאַסט מוט, מ׳האָט זיך געשטאַרקט. מ׳האָט זיך דערלויבט אָפּצוחוזקן פון דער אייגענער אומבאַהאָלפנקייט, פון דער שוועריגקייט צו מאַכן זיך פאַרשטענ־דיג אויף דער שפּראַך וואָס מ׳האָט צו זיי גערעדט. מ׳האָט זיך געוויצלט איבער די פאַרגרייזונגען אין זייערע נעמען, וועלכע זיינען געוואַקסן מיט יעדן

מאָל וואָס מ׳האָט איבערגעשריבן זייערע פּאַפּירן: פון חיים יואלי איז געװאָרן — כאַלים, פון משה כייקין — מוססאַ כאַקי, פון אפרים — איבראַהים און פון אביגדור — אַבוקאַדיר.

מ׳האָט גענומען פּילן דעם אַנהויב פון אַן אַנדערשקייט: אַז עפּעס א ר ו ם זיי ווערט אַנדערש — אַז עפּעס מיט ז י י אַ ל י י ן ווערט אַנדערש — אַז עפּעס מ ו ז ווערן אַנדערש...

# 19

## און ס'איז אַנדערש!

„תּמרה מיין תמרה!
— — — — — — — — — — — — — — — — — — ״
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — און ס׳איז אַנדערש!

„אַנדערש מער ווי אין אין זין פונ׳ם וואָרט.

„דו וואָלסט אַצינד די חברה גאָרניט דערקאָנט. ס׳איז אָפּט שווער זיך אַליין צו דערקאָנען. עס דאַכט זיך אויס, אַז מיט אונדזער אויסטאָן זיך פון די ציוויל׳ע מלבושים, האָבן מיר זיך ווי אויסגעטאָן פון אונדזער ביזאַהעריגן לעבן. דאָ מוז עס אַזוי זיין — דאָ מוז מען זיין אַנדערש; און מיר זיינען דעמדאָזיקן מוז נאָכגעקומען. נאָך מער: די אַנדערשקייט איז געוואָרן אַ לעבעדיגער טייל פון אונדזער עקזיסטענץ, פון אונדזער גאַנצן מהות.

„פון דער ערשטער מינוט, וואָס מיר האָבן איבערגעטראָטן דעם שוועל פון דער טאַלים־גאַה, האָט מען אונדז פאַרזאָגט, אַז דאָ מוזן מיר פאַרגעסן וואָס מיר זיינען געוועזן און פון וואַנעז מיר זיינען געקומען, און מוזן נאָר אין זינען האָבן וואָס מיר זיינען איצט און צוליב וואָס מיר זיינען דאָ!
און דאָ זיינען מיר אונטערלינגס, קאַדעטן, מיליטער־מאַטעריאַל. דאָ מוזן מיר אויפנעמען אַ באַפעל, אויספירן דאָס מאַשינמעסיג און—— שווייגן...

„און פאַרגעס ניט, אַז ביי דעם אַלעם זיינען מיר פאַררעכנט פאַר עפּענדיס — די „פּני״! אַלס „עפּענדיס״ איזדיקעוועט מען זיך איבער אונדז; אַלס „עפּענדיס״ שטייען מיר אויס די געמיינסטע זלזולים, פון וועלכע דער שד אַליין וואָלט רויט געוואָרן; אַלס „עפּענדיס״ וועלן מיר קערפּערלעך באַשטראָפט פאַרן מינדסטן „פאַר־ברעכן״; אַלס „עפּענדיס״ דערוואַרט מען פון אונדז אַז מיר זאָלן

אויפֿן זעלבן אופֿן אַרויפֿצווינגען אונדזער „ווירדע״ אויף די וואָס ווילן, אין דער צוקונפֿט, קומען אונטער אונדזער אויפֿזיכט; און אַלס „עפּענדיס״ האָבן מיר שוין אַפֿילו געהאַט די זכיה צו זען די אויספֿירונג פֿון אַ טויט־אורטייל איבער אונדזערן אַ חבר־קאַדעט — אַ יונגער טערק, דער זון פֿון גאָר אַ מיוחסדיקער משפּחה. אין דער צייט פֿון באַיאָנעט־איבונגען, האָט ער ניט שנעל גענוג אויסגעפֿירט אַ באַפֿעל. דער טרעניר־מייסטער האָט אים אַראָפּגעלאָזט אַ פּראַסק, און — אַ צווייטן, און האָט אים געמאַכט מיט דער ערד צוגלייך. דער יונג האָט פֿאַרביסן די ליפּן און האָט געשוויגן. דאָס איז נאָך אָבער פֿאַרן כּל־יכולדיקן טרעניר־מייסטער ניט גענוג געווען, האָט ער — בפֿני כּל עם ועדה — גענומען באַליידיקן דעם יונגנס משפּחה (די שעוקעטס!), ט׳געשאָלטן אין ביין אַריין „דעם גאַנצן פֿאַרפֿלוכטן שבֿט״ זיינעם. דאָס האָט שוין דער יונג ניט געקאָנט פֿאַרשווייגן. (אים אַליין — יאָ; אָבער אויף דעם כּבֿוד פֿון דער משפּחה וועט ער קיין האָר ניט לאָזן פֿאַלן!) אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, און דער טרעניר־מייסטער האָט אַרויסגעכאַפּט אַ וואָפֿן. אָבער נאָך אײדער ער האָט באַוויזן אָפּצופֿייערן, איז ער שוין געלעגן אַ דורכגעבויערטער פֿון׳ם יונגס באַיאָנעט. מ׳האָט מיט אים ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות: מ׳האָט אים געשטעלט פֿאַרן קריגס־געריכט. ס׳האָט ניט געהאָלפֿן די השתדלות פֿון זיין משפּחה, דער אַריינמישן זיך פֿון איינפֿלוסרייכע פּערזאָנען אין דאָלמאַ־באַכטשי, אין סולטאַנס פּאַלאַץ. דער דייטשישער קאָמאַנדיר, גענעראַל פֿאָן פּאָגעל, איז באַשטאַנען, אַז ער מוז ציי׳גן אַ ביישפּיל פֿון דיסציפּלין, אַניט רעזיגנירט ער פֿון זיין פּאָסטן. און די דייטשישע דיסציפּלין האָט געזיגט. דער משפּט איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן, און דער יונג איז געשטעלט געוואָרן צו דער וואַנט, אַנטקעגן אַ הינריכטונג־אָפּטיילונג. מיר, זיינע חבֿרים, זיינען געצוואונגען געווען ביי׳צוואוינען די אויספֿירונג פֿון טויט־אורטייל: „אָפּצולערנען זיך אַ מוסר־השׂכּל״. וואָס יעדער איינער פֿון אונדז האָט בשעת־מעשׂה געפֿילט — איז ניט וויכטיק. מיר זיינען געווען געצוואונגען צו דערשטיקן אונדזערע געפֿילן. און אפֿשר האָט מען גאַרניט געקאָנט פֿילן... אַ יונג איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אויפֿן גרונט פֿון „שוואַכהאַר־ציגער אונגעהאָרכזאַמקייט״, און האָט אויפֿגענומען די אויסגעטייל־טע שטראָף בראַוו, דרייסט (ער האָט אַפֿילו פֿאַרלאַנגט אַז מ׳זאָל אים די אויגן ניט פֿאַרבינדן. זיינע לעצטע ווערטער צו די חבֿרים זיינען געווען: „איך האָב — אַ באַליידיקטער — ניט געקאָנט אויפֿ־נעמען די פֿליכטן פֿון אַן אָפֿיצער; דער טויט איז מיר ליבער...״) — קאָן מען זיך, אין אַזאַ מאָמענט, פֿאַנאַנדערקלייבן אין געפֿילן?! קאָן מען זיך, אין אַזאַ פֿאַל, דערגרונטעווען צו דער לאָגיק פֿון דער גאַנצער זאַך?! און וואָס פֿאַר אַ ווערט — פֿרעג איך דיר — קאָן דאָ האָבן אַן איינציק לעבן, ווען טאָג־איין טאָג־אויס, שעה־איין שעה־אויס הערט מען נאָר פֿון כּלי־זיין, צוואַנג, מאָרד, מאָרד, און נאָך מאָרד?! דאָ איז פֿאַראַן איין תּירוץ פֿאַר אַלץ: ד י ס־צ י פּ ל י ן! ג ע ז ע ץ! און מיט דעם רעכנט מען זיך אין

דער וועלט, אין וועלכער מיר לעבן; דאָ איז דאָס דער עיקר־
העיקרים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — „
— — — — — — — — — — — —

„וואָס פאַר חשיבות האָט דאָ אַ שפּינאָזאַ, אַ קאַנט, אַ פּעסטאַ־
לאָצי, אַ רוסאָ, אַ טאָלסטאָי, אַן אחד־העם, אַ ר׳ יהודה הלוי, אַ היינע,
אַ שילער און אַ ביאַליק? וואָס האָבן זיי געוואוסט פון דיני־
שחיטה, פון הלכות־סאַלוט, פון מיליטערישן עטיקעט און סטראַ־
טעגיק? וואָס פאַר אַ באַטייט קאָנען זיי האָבן אַנטקעגן אַזוינע „ריזן"
ווי אַ הינדענבורג, אַ פאָן מאָלטקע, אַן ענווער פּאַשאַ, און אַ לימאַן
פאָן סאַנדערס?! דאָ זיינען זיי ניט מער ווי געשפּענסטער פון אַ
טויטער וועלט; שרעטעלעך — אין פאַרגלייך מיט אַ באַשליפרעטן
טרעניר־מייסטער! דאָ גייט נאָר אָן ווי געשיקט דו קאָנסט זיך באַ־
גיין מיט אַ וואָפן; ווי פּינקטלעך דו קאָנסט טרעפן אין ציל־ברעט:
ווי שנעל דו קאָנסט אויספירן אַ באַפעל און ווי ווירקזאַם דו
קאָנסט צווינגען אַנדערע צו פאָלגן דיר בלינד; ווי לאַנג דו קאָנסט —
אַ ניט־דערשלאָפענער, אַ ניט־דערעסענער, מיט אַ שווער־באַלאָדע־
נעם ראַנעץ אויף די פּלייצעס — טאָן כל־עבודת־פּרך און וואַרטן
אויף נאָך. דאָ וויל מען נאָר וויסן, ווי פלינק דו קאָנסט דורכבויערן
דיין קעגנערס געדערים מיטן באַיאָנעט; ווי שנעל דו קאָנסט עס
אַרויסשלעפּן צוריק; און וויפל אמתע רציחה דיין פּנים דריקט
דערביי אויס. דאָ רעכנט מען זיך מיט דיר אויף אַזויפיל, אויף וויפל
טויט דו ביסט פעאיג צו פאַרשפּרייטן איבער אַ געגעבענעם שטח
מיט דער הילף פון אַ מאַשין־געווער, און ווי געמאָסטן און ווייט דו
קאָנסט שלידערן אַ האַנט־גראַנאַט. דאָ שטייט דאָס וואָרט פון אַ
ליאַדע־מול־אַזועם העכער פון אַלע תורות — פון משה רבינו ביז
קאַרל מאַרקסן. איין געברום פון אַ גענעראַל פאָן פאָגעל איז בכוח
צו פאַרשרייען אַלע באַגריפן פון מענטשלעכע מידות. איין געלונ־
גענער מושטיר, איין אימפּאָזאַנטער צוזאַמענשלאַג פון קנאַפל,
האָט דאָ מער חשיבות ווי הונדערטער ליכטיגע ווערק איבער עטיק,
דיכטונג, דערציאונג און סאָציאָלאָגיע...

„ — — — טרעני רונג! — דאָס איז אַלץ וואָס מ׳ווייסט
דאָ און וואָס איז דאָ גילטיג. אויף דעם זיינען איצט קאָנצענטרירט
אונדזערע אַלע חושים. אונדזער טרענירונג־פּראָגראַם פאַרנעמט
גאַנצע זעכצן שטונדן פון מעת־לעת — אַחוץ וואָס מיר ווערן אויפ־
געוועקט אין מיטן דער נאַכט: „סלאַך באַשינאַ!" — טרעוואָגע־
אַלאַרם. די מיליטערישע תורה, וואָס ווערט אין נאָרמאַלע צייטן
דורכגעמאַכט אין דריי יאָר, מוזן מיר דורכמאַכן אין איין פערטל
פון דער צייט. און מיר טוען דאָס מיט התמדה. „מיר קומען נאָך דעם
רוף". מיר פאַרשטשימען די ציין און פאַסן זיך מוט.

„און מיר זיינען ניט מער בלינד צום מאָרגן. מיר האָבן איצט
אַ קלאָרן באַגריף וואָס עס דערוואַרט אונדז צומאָרגנס נאָכן „סיום־
הגדול". און „מיר ד׳האָבן שלום געמאַכט מיט זיך", ווי שאַפּיראָ
וואָלט געזאָגט. מיר האָבן שלום געמאַכט מיט זיך, מיט דער סביבה

און מיט די, מיט וועמען דער גורל האָט אונדז צוזאַמענגעבראַכט — אַפילו מיט די „עזרה״ניקעס צווישן אונדז. די צייט האָט דאָס געפּאָדערט, די אומשטענדן האָבן דאָס מיטגעבראַכט, און דאָס הייס־בלוט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן צווישן אונדז מיט זיי אין דער וועלט וואָס מיר האָבן געלאָזט הינטער זיך, האָט געמוזט לערת־עתה פאַרגעסן ווערן. איין בשותפותדיגער עפּעס נעמט אונדז דאָ אַרום: מיר האָבן אַ פליכט צו דערפילן — מיר האָבן אַ שטאָלץ צו פאַרטיידיגן, און מיר מוזן דערוועקן אַ צוטרוי צו אונדז. דאָ מוזן מיר זיך האַלטן צוזאַמען. מיר זיינען דורך דער צייט געוואָרן פאַרהאַרטעוועט, וואַכזאַם, געוואַגט און אַנטשלאָסן. און אין דעם האָבן מיר זיך אפשר זייער גענויטיגט.

„די פיינלעכע דערשיינונג ביי דעם איז, וואָס אַ געוויסע צאָל פון די חברה באַטראַכטן דאָס אַלץ ניט אַלס אַ מ י ט ל צו אַ ציל, נאָר אַלס אַ צ י ל פ אַ ר ז י ך. זיי האָבן איינגעזאַפּט אין זיך דעם גייסט פון׳ם דייטשישן יונקעריזם, די השפּעה פון מאַכט, די שיכרות פון אויטאָריטעט. און דאָס זיינען מיר זיכער ניט אויסן געווען, און דאָס פאַרשאַפט אָפּט קרענקונג — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

„און שווער פאַלן אויף אונדזער געמיט די ידיעות וואָס דערטראָגן זיך פון ארץ־ישראל, וועגן די רדיפות און די אַרעסטן און די פאַרשיקונגען וואָס אַזויפיל פון דעם ישובֿס פאָרשטייער האָבן אויסצושטיין. ווען מיר דענקען פון וואָס ס׳קומט דאָרט פאָר, ווערט אונדזער מוט דערשלאָגן. וואָרים, נאָך אַלעמען, איז דאָך דער גורל פון ארץ־ישראל פאַר אונדז דער עיקר. איבער דעם זיינען מיר אַצינד ו ו אַ ו מיר זיינען און ו ו אָ ס מיר זיינען. און אויב ניט ארץ־ישראל, ביי וואָס בלייבן מיר?... דערדאָזיגער געדאַנק פּייניגט אונדז און פאַרוואַנדלט די געשאָנקענע איבעררייסן פון רו אין שעהן פון פאַרקלעמונג. מיר טרייסטן זיך: ס׳איז דער קאַפּריז פון אַ קראַנקער צייט — ס׳וועט אַלץ פאַרביי... און טאָמער ניט? — —

— — — — — — — — —

„יאָ, תמרה מיין רתמרה, ס ׳ א י ז אַנדערש! און ס׳וואָלטן אפשר די נערוון געפּלאַצט פון דערדאָזיגער אַ נ ד ע ר ש ק י י ט, ווען מיר נעמען ניט אין באַטראַכט די וועגן וועלכע האָבן אונדז דערפירט אַהער, און ווען ניט דער קאָמישער (אָדער טראַגי־קאָמישער) עלעמענט, וואָס וואַרפט זיך אָפּט דורך דורך דעם אַלעם.

„אָט מאָל זיך, למשל, אויס פרידמאַנען, דעם פּטרן, מיט אַ לאַנגן (דוקא מיט אַ לאַנגן) שווערד ביי דער זייט, און ס׳איז ניט קלוג צו ווערן ווער ס׳שלעפּט זיך וועמען נאָך — דער שווערד אים, צי ער דעם שווערד. ווי דו ווייסט, איז ער, שמד־זוני און מעלניק פון די יפור — צוליב פּיזישע טעמים (פרידמאַן — צוליב אַ ריין אידישן מיחוש, שמחוני — צוליב זיין קורצער ראיה און מעלניק — ווייל ער הוסט מער ווי ער אָטעמט) — איבערגעטראַנספּערירט געוואָרן אין דעם וועטערינאַרישן אינסטיטוט (צו ווערן בהמה־דאָקטוירים, ווי כייקל וויל האָבן). אין זעקס חדשים צייט זיינען זיי פאַרטיג געוואָרן

מיט דער רתורת־פערד. שמחונין מיט מעלניקן דהאָט מען אַוועקגעשיקט ערגיץ אין די הרי־חושך, און פרידמאַן איז פאַרבליבן איינצוטיילן ריצן־אויל די פערד פון דער הויפטשטאָט. זעען מיר אים אַמאָל אין אַ פרייטיג נאָכמיטאָג, „דעם מלמד מיטן שניידמעסער", טרינקען קאַווע אויף זיין חשבון (ער באַקומט שוין געהאַלט) און לאַכן זיך די זייטן אָפּ. ביז מ'צערעדט זיך וועגן ארץ־ישראל, און די שטימונג ווערט באַלד אַנדערש...

„אָדער אַשטייגער ווען דו קוקסט אָן די חברה, ווען מ'טוט אַ טרומייטער אין מיטן דער נאָכט „סלאַך באַשינאַ! — צום וואָפן!". ווי מ'טוט זיך עס אַ הויב פון אַ געלעגער ניט־טויט־ניט־לעבעדיג, מ'טוט אַ כאַפּ־אַרויף אויף זיך די בגדי־כהונה, און אין דער פינצטער פאַרבייט מען זיך מיט די שיך. דאַרף כייקלען, למשל, אַריינפאַלן צווי לינקע שיך און אימעצן־אַנדערש (אַמאָל, טאַקי מיר אַליין) — צוויי רעכטע. מ'לאָזט זיך לויפן, ווי פון אַ שרפה, צום פאַראַד־פּלאַץ. די שיך דריקן, ניט אַ טראָט צו שטעלן! מ'האַלט פאַסאַן און מ'פאַרשילט זיך שטילערהייד דאָס לעבן. און בשעת־מעשה טראַכסטו פון דיין חבר, וועלכער איז אין דעמזעלבן ראָסל ווי דו, נאָר מיט צוויי רעכטע שיך...

„און שטעל זיך פאָר אַזוינס: מיר מאַרשירן פון מאַנעוורעס צוריק אין די באַראַקן. מיר זיינען מיד, צעבראָכן, קוים וואָס מ'שלעפּט־נאָך די פיס. די רייען זיינען צערויעט, אויפן האַרצן איז קאַלעמוטנע. אימיצער רופט זיך אָן: „כאַלים עפענדי, אַ מאַרש־געזאַנג!" נעמט יואלי צוזאַמען „די קאַפעליע" (אונדזערע חברה) איינס, צוויי, דריי! — און מ'קלאַפּט אָפּ אַ „שם בארץ", אַ שישו שמחו", און דאָס העלפט. דער טראָט ווערט האַפטיגער, די רייען אויסגעגלייכט, געשלאָסן. מ'פאַרגעסט די משא פון דעם באַלאַדענען רוקזאַק. אונדזערע קאַמעראַדן — טערקן, אַרמענער, גריכן — פאַלן אויך אַריין אין כאָר (אַנשטאָט וואָס מיר זאָלן זיך האָבן פון זיי אויסגעלערנט טערקיש, האָבן זיי גאָר זיך אָפּגעלערנט פון אונדז ארץ־ישראלדיגע לידער. מיט דער מעלאָדיע איז נאָך אַ דהאַלבע צרה, נאָר פון די ווערטער האָבן זיי נאָר אויפגעכאַפּט דעם רעפריין) און זיי זינגען מיט: „זשירו, זשיר, זשיר, זשיר!" (שירו, שיר שיר שיר!) און „האַידע, האַידע אישראַעל!" (הידד, חי עם ישראל!)... און אַזוי טראָגן מיר זיך אַ זינגנדיגע מחנה, מיט די לידער פון אַן אַנדער סביבה אויף די ליפּן, אין די באַראַקן אַריין — די דייטשן אויף צעפּיקעניש...

„און נאָך מער ווערט די אַ נ ד ע ר ש ק י י ט אונדזערע בולט אין די שעהן פון רו. מיר ליגן אויפן איבערגעבעטן דיל, זייט־ביי־זייט. עס פאַרקניפּן זיך שמועסן, ס'צעפלאַקערן זיך ויכוחים, חלוקי־דעות, וועלכע טראָגן זיך פון איינעם צום צווייטן איבערן אומגעהויער־גרויסן באַראַק־צימער — האַמפערנישן אין הלכות־טאַלים. אַלע חושים זיינען פאַרטאָן אין איין ענין: די פאַראָרדענונגען פון טאָג. דערווייל קליגט מען זיך איינצוקנעטן מיט לייב־און לעבן אין דער אַנדערשדיגער סביבה. און אַז די ויכוחים

מיט די האַמפּערנישן ווערן דערעסן, שלעפּט מען באַלד אַרויס די טעשלעך קאָרטן, מ׳זעצט זיך אויס אין קלענערע און גרעסערע קרייזן אַרום „קליינעם ש״ס“ און מ׳לאָזט זיך אַריין אין דער שפּיל — פּאָקער, אַל־טמיש־אַלטי (זעקס־און־זעכציג), יערמי־ביר (צוויין־און־צוואַנציג). שטעל זיך פאָר, אַז אפילו אַזאַ בחור ווי ביילין איז אויך פאַר־קאָכט אין דער שפּיל. פאַרט דער איינציגער צייט־פאַרטרייב... מ׳שפּילט אויף באָרג, פאַרשטייט זיך, אָבער מיט התלהבות, מיט ברען. מיר האָבן זיך שוין אפילו געשאַפן אַן אייגענעם קאָרטן־לשון־קודש („ארבעה אבות נזיקין“ — פיר טייז; „בנות צלפחד“ — מוידן! „פון מה־טובו ביז עלינו“ — אַ פלוש; „כנגד ארבעה בנים דברה תורה“ — פיר יונגען; „כאשר אבדתי אבדתי“ — פאַרשפּילט! — ס׳איז דיינס...) און דערביי זאַלצט מען נאָך צו מיט אַלע מליצות פון דער טערקישער תוכחה, מיטן טראָפּ אויפן ריכטיגן וואָרט, און מ׳ווייזט אַרויס אַזאַ גוואַלדיגע בקיאות אין אַנאַטאָמיע און אין פיזיאָלאָגיע, אַז מ׳וואונדערט זיך אויף זיך אַליין פון וואַנען עס האָט זיך צו אונדז מיטאַמאָל גענומען! און דאַמאָלט טרעפט, אַז ס׳טוט עפּעס אַ ציטער־אויף אין דיר און דו פרעגסט זיך אַליין; זיינען דאָס די־זעלבע חברה פון דאָרט? — זיי, וועלכע פלעגן אַזוי מעסטן און וועגן יעדן וואָרט; וועלכע פלעגן שלייפן יעדן זאַץ, זיך גע־גריבלט אין העכערע ענינים... און ערשט דאַמאָלט באַגרייפסטו ווי אַנדערש מיר זיינען געוואָרן, אויף וויפל מיר האָבן זיך אויסגעטאָן פון אונדזער פריערדיגן לעבן, און ווי נאָענט, ווי ענג־געבונדן מיר זיינען מיט יענעם לעבן, ווען מיר קומען — כאָטש פון דערווייטן — אין באַריר מיט אים — ווען איך שרייב צו דיר, תמרה מיין תמרה!...

„— — — און איך בין אומשטאַנד דיר צו שרייבן דאָסמאָל אַ לענגערן בריוו, ווייל איך האָב זיך פאַרדינט אַ פרייען טאָג אַלס באַלוינונג פאַר לייזן אַ סטראַטעגישע פּראָבלעם; און אָט די גע־שאַנקענע שעהן וויל איך זיך טיילן מיט דיר — דענקען נאָר פון דיר — שרייבן צו דיר. און איך האָב נאָך קיינמאָל ניט באַגריפן דעם פולן באַטייט פון אַ בריוו ביז איצט. ווען איך שרייב צו דיר, פיל איך אַז איך בין נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון אונדזער חלום, אַז עפּעס וואַרט נאָך אויף מיר אין יענעם לעבן, אַז מיין שייכות צו אים איז נאָך אַ גאַנצע, אַז מיין בענקשאַפט האָט אַ נעסט... און עס גלוסט זיך דיר צו שרייבן, און עפּעס לאָזט ניט אַלץ אויס־שרייבן; און עס ווילט זיך אַזוי אָנהאַלטן דעם „פאַפּירענעם בריק“ איבער וועלכן עס האָבן זיך אַמאָל, אין מיינע קינדער־יאָרן, גע־טראָגן מיינע חלומות צום אבות־לאַנד, און איבער וועלכן עס טראָגט זיך אַצינד צו דיר מיין האַרץ, מיין גערן און— גאָט ווייסט, אַז איך בין ניט אויסן צו זיין סענטימענטאַל — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„זיי געדאַנקט, תמרה ליבסטע, פאַר דעם כוח וואָס דיין ליב־שאַפט האָט מיר געשאָנקען, פאַר די לייטזעליגע שעהן אין וועלכע

מיר ד״האָבן צוזאַמען אונדזער חלום געשפּונען, און פאַר דער בענק־שאַפט וואָס דיין דערמאָנונג דערוועקט.

„זיי געבענטשט, זיי געטרייסט, ר״תמרה מיין ר״תמרה!

דיין אביגדור"

*

אין אַ האַרבסטיקן נאָכמיטאָג אין דער גאַנצער מורעטעב אויסגעמוש־טירט געוואָרן אויפן פּאַראַד־פּלאַץ פון דער טאַאַלים־גאַה. גענעראַל־אינס־פּעקציע. פּאַראַד־מאַרשירונג. סאַלוט־צערעמאָניעס. איבערליפערונג פון שווערד. באַמבאַסטישע, סקאַרבאָווע רעדעס פון הויך־בעאַמטע:

— ...איר טרעט היינט אַריין אַלס נאָמזעטן, אַספּיראַנט־אָפיצערן, אין דער אַרמיי פון דעם אַלמאַכטיקן פּאַדישאַך. אין פאַרלויף פון זעקס מאָנאַטן צייט וועט יעדער איינער פון אייך מוזן רעכטפערטיקן פאַר זיך אַן אָפיצערן־ראַנק, אָדער דעמאַטירט ווערן אין די רייען — — — עס איז אייער פליכט צו דערמוטיקן און צו דערהויבן דעם גייסט פון אייערע אונטערוואָרפענע און צו פירן די זין פון פאָלק אינ׳ם הייליקן קריג קעגן אונדזערע שונאים — — אייער גאַנצער מהות, אייער לעבן, באַלאַנגט צום פּאַדישאַך, צו דעם מעמלעקעט, צו דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע. האַלט עס טייער, און פאַרקויפט עס נאָך טייערער — — — די מעמלעקעט פאָדערט פון אייך אומבאַגרעניצטע אויפ־אָפּערונג און טאַפּפערקייט — — — אין אייערע הענט ווערט אָנפאַרטרויט דער באַפעל און איר וועט עס מוזן אויספילן אונטער אַלע אומשטענדן! — — — פּחדנות און שוואַכהאַרציקייט איז דער שווערסטער פאַרברעכן וואָס אַ מיליטער־מענטש קאָן באַגיין אויפן פעלד פון כבוד — — —

און —

רויטע פאָנען, גרינע פאָנען. איינשווערונג. מוזיק.

— פּאַדישאַכעמיז בינע יאַשאַ!!![1]

און דער מורעטעב איז פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן איבער אַלע פיר עקן פון לאַנד.

כייקל, אפרים ליפשיץ, קאַץ, בענדער און דוכס זיינען פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די אַלאַיען פון דער דריי־און־פופציגסטער פירקאַ, וועלכע איז געווען אַ טייל פון דער צפון־אַרמיי.

דעמזעלבן אָוונט האָבן זיי פאַרלאָזט קאָנסטאַנטינאָפּל.

אַרום ערזורום האָט אַביגדור זיך אָפּגעטיילט פון די איבעריקע חברים און האָט זיך געלאָזט אויפזוכן דעם טרענירונג־לאַגער פון דעם 162טן אַלאַי, וועלכער האָט זיך געפונען אין יענעם געגנט.

---

1. דער סולטאַן זאָל לאַנג לעבן!!!

# 20

## אין שׂגעון פֿון בלוט

**דער ווינטער** פֿון יענעם יאָר האָט אים געפֿונען אויפֿן קאַווקאַזער פֿראָנט, אַנטקעגן די רוסן.

אין אַ כמורנעם פֿאַרנאַכט האָט דער 162טער אַלאַי איבערגענומען דעם סעקטאָר אין דער נאָכבאַרשאַפֿט פֿון אַן עוואַקויִרטער אַרמענישער שטעטל. אין די צעשאָסענע שוצגראָבנס האָבן זיי אומגעביטן די אויסגעמאַטערטע טרופּן פֿון דער דריי־און־צוואַנציקסטער פּירקאַ אונטער אַ שיטערן אַרטילעריע־פֿייער. ס'האָט זיך באַלד איינגעשטילט. אַ פּולעמיאָטן־אָפּטיילונג האָט זיך עטלעכע מאָל פֿאַרמאָסטן צו באַשיסן די אָפּגייענדיקע קאָלאָנען, נאָר דער פֿייער איז געפֿאַלן צו־קורץ. אין דער טונקל האָבן זיך די פּאָסטנס גע־ביטן, שווייגנדיק זיינען די פּאָזיציעס פֿאַרנומען געוואָרן. די טראַנשעען זיינען געווען פֿול מיט וואַסער, דער פֿאַראַפּעט צעפֿאַלן, ליימיק. פֿון די אונטער־גראָבנס האָט געשלאָגן דער ריח פֿון ווילגאָטש און שווייס.

נאָכט איז צוגעפֿאַלן. ס'איז שטיל געווען אין די אונטערגראָבנס: די טרופּן זיינען געווען צעבראָכן פֿונ'ם לאַנגן מאַרשרוט, זיינען צוגעפֿאַלן צו דער הוילער ערד, אין פֿולן געפּעק, און האָבן זיך איבערגעגעבן דעם לאַנג־געגאַרטן שלאָף — דער שלאָף פֿון מידן און געטריבענעם. אַן אַרבעט־אָפּטיילונג איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו פֿאַרריכטן די שטאַכל־נעצן. דער טאַאַקים אונטער אַבוקאַדיר עפּענדיס אויפֿזיכט איז פֿאַראָרדנט געוואָרן צו דעקן דער אַרבעט־אָפּטיילונג איבערן צווישנלאַנד.

זיי האָבן פֿאַרזיכטיק געקראָכן אויף אַלע פֿיר, זיך געשלייכט אויפֿן בויך — אַ פּאָר שפּאַן אויף אַ מאָל. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך אָנגעשטרענגט איינ־צושניידן זיין בליק אין דער אַנטקעגנדיקער פֿינצטערניש, דורכצובויערן מיט זיינע צעשראָקענע שוואַרצאַפּלען דעם פֿאַרהאַנג פֿון דער אַרומיקער פֿאַרהוי־לעניש; אָבער אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט אויסשפּירן, איז געווען די באַלדיקע עטלעכע איילן פֿון צערויעטן באָדן — שוואַרץ, צעהויקערט. צווישנלאַנד —

קיינעמס לאַנד — הפקר־שטח אין דער נאַכט... די חושים זיינען אָנגעצויגן, די מוסקלען — אָנגעפּרעגט: דאָס ערשטע מאָל אויפן פראָנט, די ערשטע נאַכט אין דער פאָר־ליניע. די איינגעקלעמטע שטילקייט הויכט מיט בלינדער אימה. עפּעס פאַרהוילנס לאָקערט אין דער פינצטער. נאָר ס'איז גאָרניט צו זען, גאָרניט צו פאַרנעמען. שווער זיך פאַרצושטעלן, אַז אינגאַנצן אַכט־הונדערט מעטער קעגנאיבער ציען זיך דעם שונאס גראָבנס, וואַכן פיינדלעכע אויגן...

אַכמעד טשאַויש האָט זיך צוגעשאַרט צו אים און האָט אַ זאָג געטאָן פאַרטאַיעט:

— דידאַזיגע שטילקייט געפעלט מיר גאָרניט, אַבוקאַדיר עפענדי. ס'שמעקט מיט בייז. זיי האָבן צו־גיך אויפגעהערט צו באַשיסן די אָפּגייענ־דיגע טרופּן, די אומגלויביגע!...

אַבוקאַדיר עפענדי האָט אים קאַלט אָנגעקוקט:

— וואָס דענקסטו זיינען זיי אויסן?

— ס'איז ניט צו וויסן וואָס די הינטישע קעפּ האָבן צוגעטראַכט. נאָר געזונט, אַדזשעבאַ, איז עס ניט, עפענדי. עה, זאָלן זיי נאָר קומען, די זונה־זין: אַכמעדס ספּינגע[1] וואַרט אויף זיי!...

און אַכמעד האָט דורכגעפירט זיינע האַרטע פינגער דורך די דיקע וואָנצן אויף אַראָפּ, האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ פאָראויס און האָט געקוקט, געהאָרכט — חיהאיש, וואַך. אַבוקאַדיר עפענדי האָט אים מקנא געווען זיין אויסערלעכע רואיגקייט.

אויף לינקס, אַביסל הינטער אים, איז געלעגן דער יונגינקער בורדורלי צונויפגעדרייט ווי אַ בייגל און האָט געציטערט ווי אין אַ פיבער. אין דער פינצטער האָט זיך פון מאָל צו מאָל געהערט זיין אינגליש־טרעלנדיג פּרעפּלען:

— אַללאַ הילאַללאַ... אַללאַ... הילאַללאַ אַללאַ...

זיין ציטעריג־דערשראָקן געבעט האָט אין אַבוקאַדיר עפענדין געטשוכעט אָן אַנגסט, וועלכע ער האָט זיך געמיט צו דערשטיקן. ער האָט זיך אַ בייזער געטאָן אויף אים:

— שטיל זיי דאָרט! ביסט אויפן פראָנט...

דאָס פּרעפּלען האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעהערט. דער בורדורלי האָט איינגעגענורעט ס'פּנים אין געלענק פון עלנבויגן, און באַלד איז ווי פון אונטער דער ערד אויפגעגאַנגען זיין פאַרשטיקט געוויין:

— ראַב איל אַלמין... ראַכמאַן אי־ראַכים...

אַ ליכט־ראַקעט האָט זיך פּלוצים אויפגעהויבן איבער זיי און האָט זיך צעשאָטן מיט אַ זידנדיגן שיפען. די פינצטערניש האָט אויסגעגענעצט די

---

1. באַיאָנעט.

סילועטן פון דער אַרבעט־אָפּטיילונג צווישן די שטאַכל־צוימען. אין דעם קורצן אויגנבליק האָט פּאָר אַבוקאַדיר עפּענדין אַ בלענד געטאָן די אַרומיגע לאַנד־שאַפט, און ער האָט אַ בליץ־שנעל אויפגעכאַפּט אירע צערויעטע קאַנטורן.

— אויפן שטעל! אומבאַוועגט! — האָט ער מעכאַניש אַריבערגעשריען צו די יונגען.

מ׳האָט זיך צוגעזויגן צו דער ערד און געבליבן ליגן שטיל, באַוועגלאָז. אַ שראַפּנעל האָט דורכגעשפּאָלטן די לופט. די ערד אונטער זיי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. באַלד האָט אַ צווייטער געפּלאַצט ניט ווייט און האָט אָפּגע־האָגלט מיט שפּליטערס און צעקרישלטע שטיינער.

— צעשפּרייט זיך, איר קעראַטאַס! — האָט אַכמעד אַרויסגעשריען אין אַ טעמפּן קול — גראָב־איין דעם קאָפּ אָט־אָ־דאָ־אָ, עפּענדי. זיי האָבן אונדז דערשפּירט, די געצלמטע...

ט——רר—רראַך!!

דער שוואַרצער האָריזאָנט האָט זיך צעברענט אין געל־רויטע פלאַמען און האָט געשפּיגן שטאָל און פייער. אַ מאַשין־ביקס האָט זיך צעקייכט אין אַ באַהעלטעניש. אַ סוויסטשעריי פון קוילן אין דער פינצטער, איבערן קאָפּ, פאַרביי׳ן אויער —

ווי——ז־ז־ז! ווי——ז־ז־ז־ז!...

און באַלד — ווידער שטיל. רגעס ווי יאָרן.

— זיי הויבן אָן אַ פאַנטאַזייע[1], אַבוקאַדיר עפּענדי... — האָט אַכמעד אַרויסגעברומט דורך פאַרשטשימעטע ציין — פון אַ באַהעלטעניש, עה?! אין דער פינצטער — ווי די מייז — די גאָטספאַרשאָלטענע!... וואָס ס׳טו באַפעלן, עפּענדי — עפּענען פייער?

— גאָט באַוואָר! דער אַלאַי־קאָמאַנדאַנט איז אין פראָנט, אויף פאָסטן־אינספּעקציע...

דער בורדורלי האָט אויפגעהויבן זיין פּנים צו אַבוקאַדיר עפּענדין. זיין שטים — פאַרגליווערטע אימה:

— וואָס גייט געשען, עפענדים? אַללאַ אַשקאַנאַ, וואָס גייט גע——

— מ׳עט דיר לאָזן וויסן! — האָט אים אַכמעד הינטער־אַרום אַ האַפּטיגן זעץ געטאָן איבערן קאָפּ און האָט אים אַרונטערגעשטויסן צו דער ערד — ליג, כל־זמן מ׳לאָזט דיר!...

און מיטאַמאָל האָט די ערד אונטער זיי זיך איינגעבראָכן. די לופט האָט זיך צעברעקלט אין דונערן. דער הוילער געבריל פון האַרמאַטן. דער טרו־קענער געבראַזג פון מעטראַיאָזן. דער גרילצנדיגער אויפרייס פון גראַנאַטן. רויך, און ערד, און דער שטיקנדיגער גערוך פון איבערגעברענטן שוועבל.

---

1. טעאַטער־שפּיל.

כאָאָס, טומל — ווי סמבטיון וואָלט אויפגעשפּאָלטן אַלע זיינע פייערדיגע תהומות אויפגעשפּאָלטן און האָט אויסגעמישט גלוטיגן הימל מיט צעשטורעמטער ערד —

בר־ר־ר־רר——קראַך!!

נענטער, האַסטיגער, מוראדיגער.

בר־ר־ר־רר——טעדער־ראַך! בום——!!

רייסנדיגער, הוילער, טיפער.

אַבוקאַדיר עפענדי איז געלעגן ווי געפּלעפּט אויף זיין אָרט. זיינע באַוויל־דערטע בליקן האָבן נאָכגעפאָלגט די נערוושפּאַלטנדיגע אויפרייסן. יעדער אָפּשאָס האָט קירצער, הייסער געמאַכט זיין אָטעם, האָט האַסטיגער געטריבן זיין האַרצקלאַפּ. אַ קאַלטער שווייס האָט באַשלאָגן זיין לייב. אין קאָפּ האָט געשווימט, געוואָרעט: שליחות — פליכט — עפּעס געשעט — עפּעס מוז געטאָן ווערן — באַלד — שוין — נאָר וואָס? — ווי־אַזוי?... ער האָט גע־וואוסט וואָס, האָט געוואוסט ווי־אַזוי; אָבער דאָס איז געווען דאָרטן — אין דער טאַאַלים־גאַה — פריער — ערשט מיט אַ ווײַלע צוריק — איידער די מהומה האָט זיך אָנגעהויבן, איידער ער האָט זיך אָנגעטראָפן פּנים־אל־פּנים מיט—— אַ, צום טייוול! גאַרניט צו דערמאָנען זיך, גאַרניט אויפצוכאַפּן פון די אַזויפיל אָנגעהערטע, אויסגעהזרטע כללים, אויסרעכענונגען. תוהו, רעש — אָרום אים, אין אים. די אברים זיינען געלעמט, פאַרשטיינערט; די צונג — טרוקן; אין די שלייפן שלאָגט ווי מיט האַמערס, אָן אויפהער, אָן רחמנות: וואָס איז דער ערשטער באַפעל?! וואָס איז דער נעקסטער שריט?! וואָס——?!... ער וויל עפּעס אַרויסזאָגן, אויסשרייען, נאָר די ווערטער ווערן צעריבן, צעמאָלן אין האַלדז; די ליפּן שטייען אָפן, נאָר קיין קול, קיין אָטעם.

אַ האַסטיגער שאָרך פון פאָרנט. אַ שאָטן שלייכט זיך געאיילט אַנטקעגן.

— האַלט! — האָט ער אויסגעשריען מיט זיין גאַנצן כוח — ווער איז עס?! האַלט!!

איז עס זיין קול? אַזוי געפּלאַצט, אַזוי הויל? ער האָט געוואוסט אַז ער שרייט, נאָר ס'איז ניט געווען זיין אייגן שטים צו הערן. אימעצער ענט־פערט, דאַכט זיך, זאָגט עפּעס, נאָר ס'ווערט אַלץ פאַרטויבט, פאַרשלונגען אין דעם שאַלקהאַפטיגן געבראַזג. ס'איז שוין אַפילו ניט צו הערן מער דעם בורדורליס געוויין... וואָס?! האָבן אים אַלע אָרום פאַרלאָזן — איבערגע־לאָזט אים אַליין מיט דעם שלייכנדיגן שאָטן גלייך אַנטקעגן?!

ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און האָט גענומען ציל —

— האַלט!!

אַכמעד האָט אים אָנגעכאַפּט ביים אָרעם:

— ס'איז דער אַלאַי־קאָמענדאַנט, עפענדי! ס'איז איסמאַאיל ביי!

— אַה, יאָ... ביסט גערעכט... ס'איז איסמאַאיל ביי — געוויס...

איסמאַאיל ביי האָט זיך צוגעשאַרט נאָנט צו אים:

— זיי הויבן אָן אַן אַטאַקע — אַן איבערראַשונג־אָנגריף. האַלט די שטע־לונג אונטער אַלע אומשטענדן. דער 2טער בולוק פון 1טן טאַבור וועט אייך קומען צו הילף פון רעכטס. זעט אָנצוהאַלטן פאַרבינדונגען מיט זיי. דער שטויס פון אָנגריף איז געצילט אַהער — אויפן רעכטן פליגל. קאָנצענטרירט דעם פייער אויפן אַרויסגאַנג פון וועלדל, דאָרט אויף יענער זייט...

— שוועד, בייעס.

ביים אויפבליץ פון אַ ליכט־ראַקעט האָט איסמאַאיל ביי באַמערקט אַבו־קאַדיר עפענדיס ליידיקן פּנים, זיינע אויסגעשטאַרטע, נאַקעטע אויגן. ער האָט פאַרשטאַנען.

— שרעק זיך ניט, מיין יונגער פריינט — האָט איסמאַאיל ביי אים וויך אַ דריק געטאָן ביים אַקסל — זיי ניט אַזוי דערשיטערט. איך בין אויך געווען אין דיין צושטאַנד, נאָר — מיט פערצן יאָר צוריק. כ'וויים ווי ס'פילט זיך צום ערשטן מאָל... קוראַזש, אַרלום! כ'פאַרלאָז זיך אויף דיר. פאַרגעס די טעאָריעס און נוץ דיינע געהירן. כ'ווינטש דיר גליק...

און ער האָט זיך געשווינט אָפּגעטראָגן צו די הינטער־טראַנשעען. באַלד האָט מען פון די אייגענע גראַבנס געעפנט פייער. די אַרטילעריע הינטער־אַרום האָט געענטפערט מיט האַסטיגן איבערשוס. דער ביקסן־געקנאַל האָט זיך פאַרשטאַרקט. אַבוקאַדיר עפענדי האָט זיך אָנגעשטרענגט דורכצומישן אין געדאַנק איסמאַאיל בייס באַפעל. ער האָט ניט געקאָנט. אַלץ אַרום האָט גע־שליידערט, געשטורעמט. „פאַרבינדונגען — קאָנצענטרירטן פייער — הילף — רעכטס — לינקס — אַרויף — אַראָפּ — מהומה — תוהו — אָ נ ה אַ ל ט ן א ו נ ט ע ר אַ ל ע א ו מ ש ט ע נ ד ן! — וואָס? ווי?! — גאָט, עס איז גע־רירט צו ווערן! עס ווילט זיך שרייען, רעווען ווי אַ געפּענטעטע חיה, ווי דער בורדורלי ביי דער זייט...“

פּלוצים האָט עפּעס אַ בלענד געטאָן פאַר זיינע אויגן, האָט אים האַסטיג אַ זויג־איין געטאָן אין אַ ליידיגן אָפּגרונט און באַלד צוריק אויסגעשפּיגן מיט אַ טעמפּן געררויש. ס'האָט אַ שטיק געטאָן אין האַלדז. רויך, ערד אין מויל, אין די אויגן. באַנומענע געשרייען האָבן דורכגעריסן די באַטויבונג:

— אַללאַ!... אַמאַן, אַללאַ!... אַ מ אַ ן!...

אַ קאָנוואולסיווער געצאַפּל פון אַ מענטשן־קערפּער נעבן אים — קאָרט־שעט זיך, רעוועט. ער האָט זיך אַ צי געטאָן צו אים. זיין האַנט האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ וואַרעמער פליסיגקייט. ער האָט עס אינסטינקטיוו צוריק געכאַפּט. ס'האָט אים אַן עקל געטאָן. אַכמעד איז באַלד אויסגעוואַקסן ביי זיין זייט —

— ס'איז דער בורדורלי, עפענדי. ער'ט שוין מער ניט פרעפלען.

— וואָס?!

— יאָ, עפענדי. ער און נאָך צוויי.

— פון אונדזער טאַאַקים? — ווער?!...

און ניט וואַרטנדיג אויף אַכמעדס ענטפער, האָט ער אָפּגעלאָזט דעם בור־דורליס פאַרקרעמפּטע האַנט און האָט זיך אַ וויש געטאָן דעם שוויס פון פּנים. אַ זיסלעך־געזאַלצענער ריח האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז. ער האָט צוגעטראָגן די דאַלאָנע צום פּנים: נאַס, קלעפּיג. „בלוט!... מענטשלעך בלוט! — בלוט פון אַן אייגענעם מיטמענטשן!...

און מיטאַמאָל האָט עפּעס אויפגעבליצט אין אים און האָט אָנגעצונדן זיין גאַנצן וועזן. דאָס פאַרגעסענע האָט אויפגעוואַכט אין זיין געדעכעניש. די פינצטערניש האָט זיך פּלוצים אויסגעלייטערט פאַר אים. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די ביקס פון דעם טויטן בורדורלי, האָט צוגעטראָגן דעם פעלד־שפּאַק־טיוו צו די אויגן און האָט אויסגעשריען ווי ניט מיט זיין קול:

— טאַאַקים, צום וואָפן! ציל — זיבן־הונדערט! אָפּפייערן!...

אַכמעד טשאַוויש האָט זיך ליידנשאַפטלעך אַ קלאַמער געטאָן צום געווער —

— עי וואַללאַ!

דער האַפּטיגער קנאַלן פון געווער אַרום אים האָט אים גערעגט, געיאָגט. דער טומל האָט צעפלאַקערט זיינע חושים —

— שנעלן פייער!! זעקס־הונדערט־און־פופציג!... זעקס־הונדערט! האַי־דע, קאַרדאַשלער, האַפּטיגער!...

זיין ביזאַהעריגער בלינדער פּחד האָט זיך אויסגעוועפּט און האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ שטאָל־געשמידטער דרייסטקייט, האָט זיך צעבושעוועט אין אַ גיפטיגן האַס צו אימעצן, פאַר עפּעס. די ביקס אין האַנט איז געוואָרן הייס —

— לעבעדיגער, טשודזשוקלער! שטורעם־פייער!... האַנט־גראַנאַטן גרייט, אַכמעד! צינד! שליידער!

אָט אַזוי. נאָך איינע. ס'בליצט, ס'פּלאַצט, ס'ברענט פאַרניכטונג, ס'טיילט אויס טויט. גוט אַזוי!... אין וועמען? פאַרוואָס? ניט איצט איז די צייט נאָכצודענקען! באַפעל — בלוט — אייגן בלוט — זייער בלוט — ז י י ע ר — אָט די וועלכע האָבן אַריינגעשיקט דעם טויט אין זיינע רייען — אָט די וועלכע טראָגן זיך דאָרט אַנטקעגן —

— זיי קומען!!... לינקער פליגל, קרייץ־פייער!...

די רייען וואַקלען זיך. שאָטנס פאַלן. ניט איצט איז די צייט נאָכצוגעבן! אָנהאַלטן אונטער אַלע אומשטענדן!

— קאָנצענטרירטן פייער!!

אָ, זיי עפענען מאַשין־געווער־פייער?! — זיי, די בלוט־פאַרגיסער!! ער וועט ניט נאָכגעבן, וועט זיי ניט דערלאָזן! איצט —

— אויפשפרינגען! דעקונג אין ערשטן שראַפּנעל־גרוב! אַללאַ ביזימלי![1] מאַרש־מאַרש![2]

די ערד ווערט צעמאָלן אונטער די פיס. שטיינער, שפּליטערס, געשרייען. אָט איז דער גראָבן! וואָס?! זיי האָבן עס פאַרכאַפּט פאַר אַ מאַשין־געווער־נעסט?! —

— האַנט־גראַנאַטן! גרייט! שליידער!!... טאַאַקים, אויסגעפלאַנקט, אויף לינקס! ספּינגע טאַק![3] פאָראויס!!...

אָט זיינען זיי!... זיי טראָגן זיך איבער זיי, אויף זיי. זיי ווערן זיך. ע, די שפּיז איז שאַרף, דער שטאָל אין וואָגיג! א י ן זיי. האַנט־צו־האַנט. מיר, צי זיי? איך, צי ער? ז י י ז י י! נאָר ז י י...

— קוראַזש, יונגען! אַנהאַלטן!!

ז י י! ז י י! בלוט מוז אויסגעלייזט ווערן, בלוט מוז אויסגעקויפט ווערן! בלוט! — פאַרניכטונג! — טויט! — ז י י ע ר בלוט! ז י י ע ר טויט! ז י י! ז י י!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיטן באַגינען האָט ער מיטן רעשטל פון טאַאַקים זיך אַריינגעשאַרט אין דער פאָדער־טראַנשעע — אָפּגעריסן, פאַרבלוטיגט, אויסגעמאַטערט. ער האָט זיך געשטעלט פאַר איסמאאיל בייען:

— בייעם, דער קאָמאַנדאַנט פון 3טן טאַאַקים, 1טן בולוק, 2טן טאַבור, האָט דעם כבוד צו רעפּאָרטירן: באַפעל אויסגעפירט; זיבן טויט, עלף פאַר־וואונדעט, אַכצן דינסטפעאיג.

— אַפאַרעם, אָרלום!

1. גאָט איז מיט אונדז!
2. אין געלאַף!
3. אָנשלאָגן באַיאָנעטן!

# 21

## און טעג זײַנען פאַרגאַנגען אין פלאַמען

אין דעם פעלד־רעפּאָרט פונ׳ם 162טן אַלאַי איז יענעם טאָג געווען געמאָלדן:

„ * * * די אַטאַקע פון פיינט אויף אונדזער לינקן פליגל דערפאָלגרייך אָפּגעשלאָגן. פּאָזיציעס אומגעענדערט * * * דער 3טער טאַאַקים, 1טער בולוק, 2טער טאַבור, האָט מוטיג ווידערשטאַנען דעם שונאס האַפטיגן פייער אין באַשיצן זייער שטעלונג. אין דער קאָנטער־אַטאַקע וואָס האָט נאָכגעפאָלגט האָט דער אויבנדערמאַנטער טאַאַקים, מיט אומבאַדייטנדע פאַרלוסטן, פאַרנומען פון פיינט צוויי מאַשין־ביקסן און האָט צוריקגעשטויסן זיינע טרופּן פון זייער פאָדער־שטעלונג. די טאַפּפערקייט פון דעם אויבנדערמאַנטן טאַאַקים, אונטער דער לייטונג פון נאַמזעט אַבוקאַדיר עפענדי, ווערט דערמאָנט אין פאַרערונג און ליוב * * * ”

דידאָזיגע דערמאָנונג האָט אַבוקאַדיר עפענדין באַלד קיין גוטס ניט געטאָן, און האָט נאָר געווירקט אַריינצוברענגען מער היס בלוט צווישן אים און וועהבי עפענדין, זיין בולוק־קאָמאַנדאַנט.

אַ מגושמדיגער, אַ האַרטער און בטבע אַ פוילער, האָט וועהבי עפענדי, דורך די לאַנגע יאָרן פון זיין מיליטער־דינסט, ניט באַוויזן צו דערדינען זיך צו אַ העכערן ראַנק ווי מולאַזים עוועל, אויבער־לויטענאַנט. דאָס האָט אים פאַרביטערט קעגן דער וועלט, קעגן דעם נייעם רעזשים און קעגן זיינע אויבערקאָמאַנדאַנטן, וועלכע זיינען שטענדיג, ווי אויף צו להכעיס, געווען אינגער פון אים אין יאָרן — „שניעקעס!”. נאָר צוהערן זיך צו זיי האָט ער געמוזט — „אַסקערליק!”. האָט ער דערפאַר אויסגעלאָזט זיין פאַרביטערט האַרץ צו דער מאַנשאַפט אין די רייען און צו די אינגערע אָפיצערן, וועלכע זיינען געקומען אונטער זיין אויפזיכט, און איבערהויבט צו די, וועלכע זיינען געקומען פון לער־אַנשטאַלטן און זיינען געווען לייכטער אויף דער פען ווי ער. „זיי שפּאַרן זיך אַרויף; זיי ווילן די פאַרשאָלטענע איטעכאַדזשיס לאָזן שטייגן”...

אין איסמאַאיל ביים אַלאַי האָט ער זיך געהאַלטן דערפאַר, ווייל ער איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ גוטן טרעניר־אָפיצער און האָט זיך אויסגעטויגט אויף „איינצוברעכן" גרינע טרופּן. און דאָס האָט ער געטאָן מיט גייִך, מיט אַ באַזונדער הנאה פון אַרויסווייזן וואָס ער קאָן, פון אַרויפצווינגען זיין כוח. ער האָט געשלאָגן, געהרגעט; קיין שטראָף איז ביי אים ניט געווען צו־האַרב — „אַסקערליק!". אַן אָנגעכמורעטער, אַ צעשויבערטער, פלעגט ער זיך שטענדיג אַרומטראָגן מיט אַ געלאָדענעם רעוואָלווער ביי דער זייט און פלעגט דראָען דערמיט ביי דער מינדסטער אויפרעגונג — „ווי אַ הונט וועל איך דערשיסן!". און דאָ, אויפן פראָנט, האָט ער עס באַוויזן צו טאָן אויך — „ווידערשטאַנד צו אַן עלטסטן אין דער געגנוואַרט פון פיינט". ער איז געווען דער פּחד פון טאַבור.

פרום ווי אַ שטעקן, פלעגט ער זיך פונדעסטוועגן גאַנץ אָפט פאַרקלייבן אין דער שטיל מיט אַ פלעשל ראַקי „צו פאַרטרינקען דעם עלנט". דערנאָך פלעגט ער, מיט אָנגעדראָלענע רויטע אויגן און צערויעטע פּיס, זיך אַרויסלאָזן איבערן בולוק אויסצוזוכן פאַר זיך אַ נייעם באַדינער — אַ כיזמאַטשי — וועלכער האָט געמוזט דוקא זיין אַ יונגער...

— דער קולאַן־פּאַראַ![1] — פלעגט אַכמעד טשאַואיש אַ ברום טאָן אונטער די וואָנצן און אַ שפּיי טאָן אָן אַ זייט, ווען ער פלעגט אים דערזען קומען, און ער פלעגט באַלד ניט ווערן.

אויף אַבוקאַדיר עפענדין האָט וועהבי עפענדי געוואָרפן אַן אומחן פון דער ערשטער מינוט וואָס ער איז אָנגעקומען אין זיין בולוק — „פון די גע־לערנטע, סיקטערעט!". עס האָט אים באַזונדערס פאַרדראָסן ווען ער האָט באַמערקט, אַז דער אַלאַי־קאָמאַנדאַנט אינטערעסירט זיך מיט דעם יונג, איז אים מקרב, רופט אים צו איבערזעצן פאַר אים ווען דייטשישע אָפיצערן קומען, רעדט מיט אים אָפט פון אַזוינע זאַכן, וועלכע ער, וועהבי עפענדי, הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין און מוז פון דרך־ארץ־וועגן צושאָקלען מיטן קאָפּ, ביז ער ווערט אַנדרעמלט. דאָס האָט אים געקרענקט ביזן ביין: „דער יונג דראַפּעט זיך..." און ער איז אים געוואָרן אַ דם־שונא.

אבוקאַדיר עפענדי האָט דאָס באַצייטנס דערשפּירט און האָט זיך גע־האַלטן פון אים אַזוי ווייט ווי מעגלעך. ער פלעגט אויפנעמען פון אים פאַר־אָרדערונגען, ט'זיי אויסגעפירט אַזוי פּינקטלעך ווי ער האָט געקאָנט און האָט אויסגעמיטן אַן איבעריג וואָרט.

די באַציאונגען זיינען געוואָרן אָנגעצויגענער פון טאָג צו טאָג. ווען דער לעצטער פעלד־רעפּאָרט איז דערשינען, האָט אין וועהבי עפענדין געפּלאַצט די גאַל:

---

1. משכב־זכרניק.

— אויסגעפיינט זיך, עה?! — איז ער אַנגעפאַלן אויף אַבוקאַדיר עפענדין, ווען ער איז געקומען נאָך די טאָג־פאַראַרדענונגען יענעם נאָכמיטאָג — געוואָלט ווערן אַ גאַזי, אַ העלד, עה?!

— איך האָב געהאַנדלט לויטן באַפעל פון אַלאַי־קאָמאַנדאַנט, עפענדים.

— אַלאַי־קאָמאַנדאַנט?! — סיקטערעט! ווער ביסטו דאָס צו נעמען באַפעלן דירעקט פון דעם אַלאַי־קאָמאַנדאַנט, הע?!

— ער האָט זיך געפונען אין דער פאָדער־ליניע ווען דער צוזאַמענשטויס האָט זיך אָנגעפאַנגען, עפענדים. ער איז צוגעקומען צו אונדזער שטעל און האָט מיר געגעבן פאַראַרדענונגען. ס׳איז געווען מיין פליכט זיין וואָרט אויסצופאָלגן, עפענדים.

— ח נ פ ע נ ע ן ז י ך צו אים, מיינסטו! גיין איבער מיין קאָפּ, זוכן שטייגונג, וואָס?!

— ניין, עפענדים, איך האָב נאָר——

— האַלט דעם פּיסק, דו זויגלינג! דו וואָג מיר ניט צו זאָגן וואָס אַסקערליק איז! א י ך בין דיין קאָמאַנדאַנט, און פון מיר — פון מיר אַליין — ׳עסטו באַקומען דיינע באַפעלן, פאַרשטאַנען?!

— פאַרשטאַנען, עפענדים. דערלויבט מיר אָבער נאָר צו דערקלערן אַז——

— שווייג, האָב איך געזאָגט, דו אונטערלינג דו! — איז וועהבי עפענדי אויפגעשפּרונגען אַ צעקאָכטער — ניט עפן מער דיין פאַרשייטן מויל ביז מ׳הייסט דיר! איך ווייס צו־גוט וואָס דו ביסט אויסן — וואָס איר אַלע יונגע שדים זענט אויסן! איך וועל אין מיין בולוק אַזוינע הפקרות ניט דערלאָזן. ביי מיר אין בולוק וועט געטאָן ווערן וואָס א י ך הייס!... קעראַטאַס!...

און מיט די טויטע וואָס האָסטו געטאָן?!

— געלאָזט זיי דערווייל אַרייגברענגען אין די גראָבנס, עפענדים — וואַרטן ביז נאַכט וועט צופאַלן.

— וואָס?! נאָך ניט באַגראָבן?!

— ניין, עפענדים, דעם שונאס פאָדער־וואַך לאָזט אַ קאָפּ פון גראָבן ניט אַרויסשטעקן.

— דאָס איז אַן ענטפער פאַר אַ באַשבוזוק! — האָט וועהבי עפענדי אַ טופּע געטאָן מיטן פוס — שוין זאָלן די טויטע באַגראָבן ווערן הינטער די טראַנשעען — שונא, אָדער ניט שונא — געהערט?!

— צום באַפעל, עפענדים.

— און איך וועל אייך שוין די נאַרישקייטן פון קאָפּ אַרויסשלאָגן. ס׳איז אַסקערליק, פאַרשטאַנען?!

— וועד, עפענדים.

— האַידע!

אַבוקאַדיר עפענדי האָט סאַלוטירט, ט׳זיך שטייף געטאָן אַ דריי־אויס

אויפֿן קנאַפּל און, מיט צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן און אָנגעצונדענע אויגן, האָט ער פאַרלאָזט דעם אונטערגראָבן אויסצופֿירן דעם באַפעל.

מ׳האָט באַגראָבן די טויטע. אין דעם וועלדל הינטער די פאַרבינדונג־טראַנשעען האָט מען זיי אַרויסגעטראָגן אונטער אַ שיטערן שנעפּ־פייער. צוויי פון די טרעגער זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן. די טויטע האָט מען אַריינגעלייגט אין איין ברודער־קבר — ענג, פלאַך — איינעם נעבן דעם אַנדערן, איינעם אי־בערן אַנדערן. דער אימאַם האָט געזאָגט אַ תּפילה. אַבוקאַדיר עפּענדי איז געשטאַנען ביים זוים פון אָפענעם קבר און האָט אַראָפּגעקוקט אויף די געפאַ־לענע. דער יונגער בורדורלי איז געלעגן צווישן זיי. זיין קינדיש פּנימל איז געווען פאַרגליוערט אין אַ ווייטאַג־גרימאַסע — ס׳פּנימל פון אַ דערשראָקן עופעלע. גרויער טויט איבער אַזאַ יונג פּנים — ס׳פּנים, וואָס ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק — ערשט נעכטן, דאַכט זיך — האָט די אַלטע מאַמע זיינע אַזוי ליידנשאַפטלעך געצערטלט מיט אירע ביינערנע פינגער צום לעצטן מאָל, איידער זיי האָבן פאַרלאָזן דעם דאָרף. און ער האָט ניט געוואָלט שטאַרבן, און האָט ניט געוואָלט זיין קיין פּחדן; און ער האָט געוויינט נעכטן. און ער — זיין איבערהאַר — האָט זיך אויף אים געבייזערט. איצט ליגט ער דאָרט אַ געשאָכטענער, אַן אָפּגעפּליקטער פון זיין קורץ לעבן פון שפּאָרע אַכטצן יאָר און טוליעט זיך ווי אַ קינד צווישן די איבעריגע, אַ סך עלטער פון אים — איי־נער פון די געפאַלענע... עפּעס שטאַרקער פון אייגן לעבן האָט זיי אָפּגעריסן פון אַ היים, אַרויסגעכאַפּט פון אַ מוטערס אָרעמס, אַוועקגעריסן פון לעבן אַליין. עפּעס מאַכטיגס האָט זיי געטריבן אַהער, און האָט זיי געלאָזט אויס־שטיין דעם פּיין פון דערוואַרטונג, די אַנגסטן פון עלנטן ניט־ווערן. עס מוז דאָך זיין אַ מיין ביי דעם אַלעם; עס מוז דאָך מיט עפּעס דערקלערט ווערן; עפּעס מוז דאָך עס באַרעכטיגן; עפּעס וועט מוזן אויפגעמאָנט ווערן...

מ׳האָט זיי באַגאָסן מיט קאַלך, אָנגעהויפט איבער זיי אַ בערגל ערד, אַ ברעטל צוקאָפּנס — „די ערשטע געפאַלענע פון 2טן טאַבור" — מאָרגן וועלן זיין נאָך...

און וועהבי עפּענדי האָט זיך אָנגעזעצט אויף אַבוקאַדיר עפּענדין: ער וועט דעם יונג אָנלערנען! ער מוז זיין מוט איינברעכן! ער פלעגט אים מיט אַ כיוון באַשטימען צו אונבאַשיצטע פּאָסטנס, שיקן אים אויסער רייע אויף אילע־רי־קאַראַקאַל, פראָנט־פּאַטרול, ט׳אים צוגעשאַרט געפערליכע שליחות. אַבוקאַ־דיר עפּענדי האָט עס אויפגענומען, דורכגעפירט — „פליכט!". דאָס האָט אין אים פאַרשאַרפט די חושים, האָט אים נאָך מער פאַרהאַרטעוועט, ט׳אויסגע־צייטיגט אין אים אַ פורכטלאָזיגקייט, אַ דרייסטקייט און —— טעג זיינען פאַר־גאַנגען אין פלאַמען.

# 22

## וויא דאָלאָראָזאַ — דער וועג צום זיג

**א**יבערן פראָנט האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג: ענווער פּאַשאַ, דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון די אָטאָמאַנישע אַרמעען, קומט באַזוכן דעם פראָנט.

באַלד איז דער 162טער אלאי פאַרביטן געוואָרן, און איז אָפּגעשיקט געוואָרן אויף אָפּרו אין דעם הינטער־שטח פון פראָנט־געגנט. זיי האָבן זיך איינגעקוואַרטירט אין אַ חרובן דאָרף, אַרום זעקס קילאָמעטער הינטער דער רעזערוו־ליניע. עס זיינען אָנגעקומען פאַרשטאַרקונג־טרופּן אויסצופילן די ריסן אין די רייען. דערוויטערט פון דער פייער־ליניע, זיינען אָבער די לעבנס־באַדינגונגען מיט גאָרניט פאַרבעסערט געוואָרן: דאָס עסן איז געווען שפּאָר, די פּראָוויאַנט־טראַנספּאָרטן — קיינמאָל ניט אין צייט. די אַלטע טרופּן זיינען געווען אויסגעמאַטערט, דערשלאָגן, די רעקרוטן — רוי, אונדערפאַרן, און די הוילע אָפּדונערונגען, וואָס האָבן זיך דערטראָגן פון פראָנט, האָבן אויף זיי אָנגעוואָרפן אַ שטומע מורא. די קלאַנגען וועגן ענווער פּאַשאַס קומען איז געוואָרן אָפיציעלע נייעס, און דער אַלאַי איז פאַראָרדנט געוואָרן צו פאַרברייטן זיך פאַרן קבלת־פּנים.

וועהבי עפענדי האָט זיך גענומען איינטרעניִרן דעם בולוק. דידאָזיגע נייעס האָט אין אים אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה. ער האָט פאַר זיך געזען אַ לאַנג־געגאַרטע געלעגנהייט: ע, ער וועט וויזן ענווער פּאַשאַן — דער גאַנצער וועלט — ווי אַ בולוק דאַרף אויסזען אויף פּאַראַד־מושטיר, וואָס אַן אמתער זאַבּיט קאָן מאַכן פון זיינע טרופּן ווען מ'לאָזט אים! נישקשה, ענווער פּאַשאַ פאַרשטייט זיך אויף אַזוינע זאַכן. ער איז דיר ניט איסמאַאיל ביי, צי די אַלע אַנדערע. אַ דזשענאַבעט וואָס האָט געקאָנט אַראָפּזעצן אַ פּאַדישאַך — אַזאַ וועט דיר דערקאָנען אַ גוטן זאַבּיט אויפן קוק! און ער וועט אים באַלד צורופן צו זיך און וועט זאָגן בפני כל עם ועדה: „אַפאַרעס, וועהבי עפענדי! אָט אַזוינע אָפיצערן דאַרפן מיר! אָט אַזוי דאַרף אַ בולוק אויסגעטרעניִרט ווערן!" און זיין שטייגונג איז ווי ביי זיך אין קעשענע. און אויף מאָרגן וועט ער,

וועהבי, זיך בֲאווייזן פֲאר אַלעמען מיט עפּאַלעטן פון אַ יוזבאַשי, און אפשר טאַקי גאָר פון אַ בימבאַשי... אַז ענווער פֲאשאַן געפעלט!... אפשר האָט זיך שוין אַללאַ דערבאַרימט אויף זיין פאַרגעסענעם קנעכט וועהבין און האָט דידאָ־זיגע שעה באַשערט פאַר אים... עה, זאָל ער נאָר קומען! וועהבי עפענדי וועט זיי מאַכן פאַר אַסקאַריס, אָט די באַשבוזוקס! ער וועט זיי אַריינקלאַפּן דעם טאַאַלים אין זייערע פאַרשטאָפּטע קעפּ. ער וועט זיי ווייזן, אַז וועהבי דאַרף נאָר צולייגן אַ האַנט צו די יונגעז, און ס'וועט זיין אַ בולוק נאָר פאַרן פּאַדישאַך אַליין צו שטעלן — וואַללאַהי בילאַהי!

און אַז וועהבי עפענדי האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ צו „מאַכן זיי פאַר מענטשן”, האָט שוין דער בולוק ניט געוואוסט פון קיין שלאָף, פון קיין פרייע מינוט, פון קיין רחמנות. ווי־טאָג־ווי־נאַכט, נאָר מושטיר, פּאַראַד־איבונגען, פעלד־עקסערצירונג, סאַלוט־פּראַקטיק — „מאַרש־מאַרש!” — „יערע יאַט!” — „אין געלאַף!” — „זיך אַנידערלייגן!”. פאַרטאָג — אינמיטן דער נאַכט — זומפּן — בלאָטע — שטיינער — רעגן — ער האָט זיי אומגעטריבן ווי אין אַ כף־הקלע. ער האָט איצט געהאַט אַ פרייע האַנט און האָט געוועלטיגט מיט פולער מאַכט: פאַר דער מינדסטער אומרעגלמעסיגקייט אַרויפגעלייגט עקסטראַ איבונג־שטונדן, שטראָף־עקסערצירונג, האָט צוריקגעהאַלטן דעם טאַאַין, דאָס עסן, פון דער גאַנצער מאַנשאַפט, האָט צוגענומען ביי זיי די פעלד־פלאַשן און זיי געלאָזט שטונדן־לאַנג שמאַכן פאַר אַ טרונק וואַסער. די טרופּן האָבן זיך געבראָכן אונטער דער אָנשטרענגונג, האָבן אונטערגעמורמלט צווישן זיך אין דער שטיל, אויסגעשיפּעט וויסטע קללות פון אונטער פאַרביסענע ליפּן, און האָבן געקוקט מיט פאַרטייעטן צאָרן אין די אויגן: זיי זיינען געקריוודעט געוואָרן פון זייער לאַנג־געגאַרטער רו, פון דער געלעגנהייט אויסצולויזן זיך אין דער זון. זיי האָבן אָבער אַלץ געשטיקט אין זיך, און הכנעהדיג אויסגע־פאָלגט די באַפעלן, ביז——

איינמאָל אין אַ פרייטיג אינדערפרי, נאָך לענגערע נאַכט־עקסערצירונגען אין פולן געפּעק איבער אַ זומפּיג פעלד, האָט זיך פון דערווייט דערהערט דער טרומייטער־רוף צום מאָלצייט. די מאַנשאַפט איז געווען צעבראָכן, הונגעריג, די שיך — נאַס, די קליידער — שווער און קאַלט פון אָנגעזאַפּטער פייכטקייט, און דער רוף צו דער פרייטיגדיגער קאַראַוואַנע, צו דעם וואַרעמען קעסל־געַ־קעכץ, האָט פאַרשאַרפט דעם הונגער, ט'געוועקט אַן אומגעדולד אין די רייען, און דער מושטיר איז ניט געגאַנגען ווי וועהבי עפענדי האָט דערוואַרט. ער האָט נאָך עטלעכע מאָל געפּרוּווט דעם אַלטן מיטל: „אין געלאַף! — זיך אַנידערלייגן! — אויפשפּרינגען!”, געזען אַז דאָס העלפט אויך ניט, האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פערד און האָט אויסגעשריען:

— בולוק, אויפמערקזאַם! פול אינספּעקציע אין אַ שטונדע אַרום. דער בולוק וועט זיך דאַ אויסמושטירן אונטערן אויפזיכט פון טאַג־אָפיצער. קיין

טאָאין ביז נאָך דער אינספּעקציע! איך וועל אייך אָגלערנען, איר זונה־טריי־טרייבער!... טאָג־אָפּיצער אַבוקאַדיר עפּענדי, נעם־איבער דעם בולוק! היידע!

אַ צעברעקלטער געמורמל האָט זיך דורכגעכוואַליעט דורך די רייען. די איבעריגע אָפיצערן זיינען זיך צעגאַנגען. די סאָלדאַטן האָבן זיך אויסגעזעצט אין גרופּן און גענומען שיירן און פּאָלירן דעם געווער, אַראָפּדראַפּען פון זיך די איינגעגעסענע, פאַרטריקנטע שטיקער בלאָטע, און האָבן זיך איבערגערעדט אין טעמפּע אונטערטענער — האַרט, אָפּגעריסן. זייערע אויגן האָבן געשאָסן שוואַרצע פונקען.

צו דער באַשטימטער צייט איז דער בולוק געווען אויסגעשטעלט אין אַ טאָפּלטער רייע. באַלד האָט זיך וועהבי עפּענדי אָנגעטראָגן רייטנדיג. ער איז באַגעגנט געוואָרן פון די פּייליגע בליקן פון אַ שווייגנדיגער מחנה — אָנגעצויגן, שטייניג. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט געגעבן דעם באַפעל:

— כאַזי——ר אָל![1]

אַ צוזאַמענקלאַפּ פון קנאַפּל. אַ טויבער געשאַרך פון רימענס איבער קאַלבעס.

— עפּענדים, דער בולוק איז גרייט. צו אייער באַפעל.

ער האָט סאַלוטירט און האָט זיך געשטעלט רעכטס פון דער פאָדער־רייע.

וועהבי עפּענדי האָט אָנגענומען אַ פולע ברוסט מיט לופט און האָט אויס־געגרילצט אויף זיין געפּלאַצטער קעל:

— סלאַ——ך אומזאַ![2]

די רייען זיינען געשטאַנען פאַרגליווערט. קיין באַוועגונג.

וועהבי עפּענדי האָט זיך געטאָן אַ הויב־אויף אין זאָטל —

— סלאַ——ך אומ——זאַ!!

אַ דונער פון שטימען:

— מיר ווילן עסן!

— וואַ——ס?! — האָט זיך וועהבי עפּענדי צעשריען ווי באַנומען — איך באַפעל!

— מיר ווילן עסן!!

אויף וועהבי עפּענדיס פּנים האָבן זיך געביטן די קאָלירן. ער האָט אַ צוק געטאָן מיט די ליפּן עפּעס צו זאָגן, נאָר די צערייצטע וועלפישע אויגן אַנטקעגן האָבן אים קיין גוטס ניט פאַראויסגעזאָגט.

— עסן, הע?! — האָט ער אַרויסגעהעשעט דורך פאַרקריצטע ציין — פּאַליעקעס ׳עט איר ביי מיר עסן! מיט בליי וועל איך אָנפילן אייערע געדערים! אַ מרידה, הע?!

---

1. אַכטונג!
2. געווער אויף.

הייסאַטעמדיג, פּאַרביסן איז געקומען דער ענטפער פון אַנטקעגן:

— מיר ווילן עסן!!!

— פאַר הונגער 'עט איר ביי מיר געשוואָלן ווערן, נאָר באַפעלן 'עט איר אויספירן! ווידערשטאַנד אין דער געגנוואַרט פון פיינט, עה?!... אבוקאַדיר עפענדי, נעם־איבער דעם אויפזיכט!

און מיט אַ האַסטיגן צי פאַרן ציימל פון דערשראָקענעם פערד האָט ער זיך אויסגעדרייט און האָט אַוועקגעגאַלאָפּירט אין דער ריכטונג פון דעם רעגימענט־הויפטקוואַרטיר.

אַבוקאַדיר עפענדי האָט אַ ציטער געטאָן אויף זיין שטעל. דער אַנגעשוואָלענער שוויגן אַרום האָט אַ ברי געטאָן די ערד אונטער אים. „די דיסציפּלין איז געבראָכן געוואָרן... מיט רעכט, צי מיט אומרעכט — אַ באַפעל איז ווידערשפּעניגט געוואָרן!... עס איז אַ געפערליכער שריט, און—— זיי מוזן געראַטעוועט ווערן...״

ער האָט זיך געטאָן אַ שטעל אַוועק אַנטקעגן די רייען — שטייף, אַנטשלאָסן. דער רעוואָלווער האָט אַ בלאַנק געטאָן אין זיין האַנט. זיין שטרענגער בליק האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט אַכמעדס דערשטוינטע אויגן. אָבער ער האָט אַצינד געקוקט דורך אים, איבער אים — צו זיי — צו די, וועלכע האָבן אים אַנגעקוקט מיט ליידיגע שוואַרצאַפּלען, מיט פאַרוואָלקנטע, פאַרריסענע ברעמען. ער האָט אַרויסגערעדט האַרט, שטאָליג־קאַלט, האַלטנדיג דעם פינגער אויפן ציִנגל פון רעוואָלווער:

— יונגען! זיבן קוילן שטעקן אין דעם רעוואָלווער. ביי דער מינדסטער באַוועגונג אין די רייען, וועלן די ערשטע זעקס פון אייך ליגן טויט, איידער איר וועט באַוויזן מיר צו באַרירן. וואָס די איבעריגע פון אייך וועט נאָכדעם דערוואַרטן, ווייסט איר גאַנץ גוט. געדענקט אייער שבועה צו דער מעמלעקעט; געדענקט די וואָס איר האָט געלאָזט הינטער זיך — אויב אייער אייגן לעבן מיינט שוין גאָרניט!... איך וועל באַפעלן און ציילן ביז דריי, און דאָס איז אייער לעצטער שאַנס צו ראַטעווען אייער פעל. איך באַפעל: ב ו ל ו ק, ז י ך אַ נ י ד ע ר ל י י ג ן! א י י נ ס!... צ ו ו י י!...

די רייען האָבן אַ צאַפּל געטאָן. זיי האָבן זיך אויסגעלייגט פּנים צו דער ערד — שטום, געהאָרכזאַם.

— געוועהר פאַראויס!... אַפּלאָזן!...

אַ געדעקטער שאָרך פון צוריקגעצויגענע אָרעמס — קאַלט, איינגעקלעמט.

ער האָט דורכגעבליצט מיט די אויגן איבער די רוקנס פון די אַנטוואָפנטע זעלנער.

— טשאַאוישן פון די אָפּטיילונגען, אויפשטיין!... קלייבט צונויף דעם געוועהר!... אויסליידיגן!...

דער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן. אַכמעד טשאַוואיש האָט, פאַרבייגייענ־דיג, כיטרע אַ קנייטש געטאָן מיט די אויגן־דעקלעך.

— אַכמעד טשאַוואוש, שטעל אויס די טשאַוואישן אין אַ וואַך!

פון דערווייט האָט ער דערזען דעם אַנלויף פון אַ רייטער־אָפּטיילונג, אויס־שפּרייטנדיג זיך אין אַ ברייטן קרייז. צוויי מאַשין־ביקסן זיינען אַרונטערגע־לאָזט געוואָרן. באַלד זיינען געקומען צורייטן איסמאַאיל ביי, דער טאַבור־קאָמאַנדאַנט, און הינטער זיי — וועהבי עפענדי. אַ וואַך פון פעלד־זשאַנדערמע האָט נאָכגעפאָלגט. אַבוקאַדיר עפענדי האָט רעפּאָרטירט:

— זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן אָן ווידערשטאַנד, ב׳יעם. זיי האָבן זיך אַנטוואָפנט לויט אַ באַפעל.

איסמאַאיל ביי האָט אומגעוואָרפן אַ פאַרוואונדערטן בליק פון אַבוקאַדיר עפענדין צום בולוק־קאָמאַנדאַנט. וועהבי עפענדי האָט אים אָנגעקוקט פאַר־בליפט. די מאָרדע איז אים אַרונטערגעהאַנגען. ער האָט זיך געקליבן עפּעס צו זאָגן, נאָר איסמאַאיל ביי האָט אים באַצייטנס אָפּגעשטעלט:

— נישט איצט! באַפרייט די צייטווייליגע וואַך און שטעלט דעם בולוק אונטער אַרעסט. כ׳וועל הערן אַ פולן באַריכט אין הויפּטקוואַרטיר.

# 23

## קאָנפליקט

אין הויפּטקוואַרטיר פונ'ם 162טן אַלאַי זיינען געזעסן די מיטגלידער פון אָפיצערן־שטאַב און האָבן זיך צוגעהערט צו די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער לעצטער געשעעניש. אַרום איסמאַאיל בייען זיינען געזעסן דער קאָמאַנדאַנט פון 2טן טאַבור, דער אַלאַי־יאַווער, דער כאַרביע־זאַבעטי — דער אָפיצער פון גענעראַל־שטאַב — און דער קאָמאַנדאַנט פון דער פעלד־זשאַנ־דאַרמע־אָפּטיילונג. וועהבי עפענדי איז אָקאָרשט פאַרטיג געוואָרן מיט זיין באַריכט: אַ שווערע באַשולדיגונג קעגן דער מאַנשאַפט פון זיין בולוק. מ'האָט אים אויסגעהערט מיט פויל־חשיבותדיגן כבד־ראש. די האַלטונג איז געווען אַן אַנגעצויגענע.

— ביילער, עפענדילער! — האָט איסמאַאיל ביי זיך אָנגערופן אין אַ וואָגיגן טאָן — עס טוט מיר זייער לייד וואָס אַזוינס האָט זיך פאַרלאָפן אין אונדזער אַלאַי — איבערהויפּט איצט, ווען מיר דערוואַרטן זיין עקסעלענץ דעם הויפּטקאָמאַנדיר פון די אַרמעען. דערדאָזיגער אינצידענט וועט, צום באַדויערן, בלייבן אַ פלעק אויפן ריינעם נאָמען פון 162טן אַלאַי, וועלכן איך האָב, מיט אייער הילף, זיך געמיט אָנצוהאַלטן. כדי צו פאַרמיידן אויף וויטער אַזוינע אומאייננגענעמליכקייטן, ווערלן די פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָנען מוזן גע־רופן ווערן צו גערעכטיגקייט. און איך וויל אייך דאָ דערמאָנען, אַז ס'איז דער חוב פון יעדן איינעם פון אייך, וועלכער ווייסט פון וועלכע ס'איז אורזאַכן וועלכע האָבן געפירט, אָדער האָבן אַ שייכות, צום באַטרעפנדן פאַל, צו שטעלן זיך פאַר אונדז און אויפדעקן די פאַקטן. אַבוקאַדיר עפענדי!

אַבוקאַדיר עפענדי האָט זיך אַ שטעל געטאָן ערעקט, הענט צו די היפטן, די קנאַפּל צוזאַמענגענומען, ס'פּנים געשפּאַנט —

— בייעם!

איסמאַאיל ביי האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ —

— צוערשט וויל איך דאָ, אין דער אַנוועזנהייט פון אייערע קאָמאַנדירן

און חברים־אָפיצערן, קאָמפּלימענטירן אייך, אַבוקאַדיר עפּענדי, פאַר אייער טאַקט און מוטיקער האַנדלונג אין דעם באַטרעפנדן צופאַל. אין אַזאַ פאַל, ווי אין יעדער אַנדערן קריטישן מאָמענט, איז עס די פליכט פון אַ פאַראַנטוואָרט־לעכן אָפיצער, פון וועלכן ראַנג ער זאָל ניט זיין, צו פאַרבלייבן מיט זיינע אונטערוואָרפענע און אויסאיבן זיין אויטאָריטעט אונטער אַלע אומשטענדן! איר, אַבוקאַדיר עפּענדי, האָט אין דעם פאַל געהאַנדלט אויף אייער אייגענע אחריות. איר האָט אַרויסגעוויזן מוט, געוויסנהאַפטיגקייט און פאַרשטאַנד, און איר זענט אַרויס דער זיגער. איך, אַלס דער קאָמאַנדאַנט פון דער אַלאַי, קאָנגראַטולירט אייך!

די האַנט צום זוים פון קאַפּאַלאַק —

— איך פיל זיך הויכגעשעצט און דאַנקבאַר, בייעם.

ווהבי עפּענדי איז געזעסן מיט די אויגן אַרונטערגעלאָזט צו דער ערד, די וואָנצן צווישן די ציין. שווערע טראָפּנס שווייס זיינען געהאַנגען אויף זיין שטערן. „אָט דאָס האָסטו דיר, ווען דו ווילסט עפּעס אויפטאָן מיט דיין בולוק! דו רייסט זיך די געדערים אויס שרייענדיק, פאַרגינסט זיך ניט קיין רגע רו, ווילסט זיי מאַכן פאַר אָסקאַרים, און די ניט־גלויביקע קריגן דעם דאַנק. אָט די יונגע ווערים קריכן איבער דיר, ווהבי — אַן איבערגעבענער קנעכט צום פאַדישאַך פאַר אַזויפיל יאָרן, וועמענס וואָנצן עס זיינען שוין גרוי געוואָרן אין דער דינסט. זיי דערווערבן זיך לויב און דערהויבונג. יאָ, אַלץ אויף דיין חשבון, אָרימער ווהבי. ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז די כעקומעט, די גאַנצע ממשלה, גייט צו גרונט. די נייע איינפירונגען!... און ווער איז אין אַלץ שולדיק? — טאַקי אָט דער איסמאַאיל ביי אַליין! ס'אַר אַ מערכה ער מאַכט עס מיט די קעראַטאַס! פאַרשמייסן צום טויט האָט מען זיי באַ־דאַרפט! צושטעלן זיי צו דער וואַנט און אָנפילן זייערע איינגעווייט מיט בליי, די ווידערשפעניקע, און —— ביטטי! עה, דאַמאָלט וואָלט געווען אָרדענונג אין דער אַרמיי, און אַ זאַביטס באַפעל וואָלט געווען הייליק. און דאָ ——"

איסמאַאיל ביי האָט איבערגעריסן זיינע טרויעריקע מחשבות.

— אַבוקאַדיר עפּענדי, איר האָט געהערט דעם באַריכט פון אייער בולוק־קאָמאַנדאַנט וועגן דעם באַטרעפנדן אינצידענט?

— יאָ, בייעם.

— איך האָף אַז איר באַגרייפט די ערנסקייט וואָס אַזאַ טאַט ווי אונגעהאָרכ־זאַמקייט פון אונטערוואָרפענע צו זייער אויבעראָפיצער שטעלט מיט זיך פאָר?

— פולשטענדיק, בייעם.

— אין אייער אונטערדריקן דעם אַזויגערופענעם ווידערשטאַנד און אין צוריקגעווינען די געהאָרכזאַמקייט פון דעם בולוק, זענט איר געווען געצוואונגען צו מאַכן וועלכע ס'איז פאַרשפּרעכונגען?

— קיינע, בייעם.

— װי־אַזױ דען האָט איר באַװיזן צו אַנטװאָפּענען דער מאַנשאַפֿט?

— דורך אַפּעלירן צו זײער געזונטן חוש פֿון פֿאַראַנטװאָרטלעכקײט, בײַעם. איך האָב זײ דערמאָנט װעגן זײער שבֿועה צום סולטאַן, צו דער אױבערהער־שאַפֿט. כ׳האָב באַפֿױלן, און זײ האָבן אױסגעפֿאָלגט.

— אונטער דער דראָאונג פֿון װאָפֿן?

— נאָר ביז אַ געװיסער מאָס, בײַעם. איך האָב עס נאָר געהאַלטן גרײט אין פֿאַל פֿון זעלבסטפֿאַרטײדיגונג.

— אַזױ... און איר, אַלס טאָג־אָפֿיצער פֿון דעם באַטרעפֿנדן טאָג, װײסט איר פֿון װעלכע אורזאַכן, װעלכע האָבן באַװאױגן דער מאַנשאַפֿט צו אַזאַ טאַט?

אַבוקאַדיר עפֿענדין האָט דאָס בלױז אַ שלאָג געטאָן אין פּנים. ער האָט זיך אױף דער מיבֿוט פֿאַרלאָרן: איז ער אױסן אַז ער זאָל דערצײלן אַלץ װאָס ער װײסט װעגן דער געשעעניש? — דערצײלן אַז זײ זײנען בײזװיליק גע־קריװודעט געװאָרן פֿון זײער אױבעראָפֿיצער? װי װעט ער, איסמאַאיל בײ, רעאַגירן אױף אַזאַ האַנדלונג? װעט עס ניט אױסגעטײטשט װערן װי אַ קלאַגע אױף אַן אױבעראָפֿיצער, אױף אַן עלטסטן? עספּרי־דע־קאָר!... װעט עס ניט אױפֿברענגען דעם צאָרן פֿון די אַלע אַרום, פֿון די װאָס זיצן אַנטקעגן אים? שױן פֿאַרגעסן װעגן זיך — װעט עס, אױף װעלכן ס׳איז אופֿן, לינדערן דעם גורל פֿון די שלימזלדיקע מוסטאַפֿאַס? זײ האָבן זיך אונטערגעגעבן זײן װאָרט, האָבן זיך אַנפֿאַרטרױט אין זײנע הענט, און ער איז דער אײנציקער דאָ צו אײנשטעלן זיך פֿאַר זײ. ער מוז!

ער האָט זיך צוזאַמענגענומען און האָט געפֿאַסט מוט:

— נײן בײַעם. נאָר מיט אײַער דערלױבעניש, בײ כאַזערעטלערי, װעל איך ערגעבן בעטן אײנזעעניש פֿאַר די באַשולדיקטע.

אַ דערשטױנטע באַװעגונג אַרום אים. אַן אײנגעהאַלטענער געפּליסטער. ביטולדיקע בליקן שפּיזן אים דורך. װעהבי עפֿענדי איז אױפֿגעשפּרונגען:

— בײלער, איך פּראָטעסטיר! אױב דאָס איז ניט קײן פֿולשטענדיקער װידערשטאַנד אין דער געגנװאָרט פֿון פֿײנט, בין איך גרײט אָט די װאָנצעס מײנע אָפּצוגאָלן! איך פֿאָדער באַשטראָפֿונג מיט דער פֿולער שװעריקײט פֿון געזעץ!

שװערע קעפּ האָבן פֿרום צוגעשאָקלט. אינגערע אָפֿיצערן זײנען געבליבן זיצן פֿאַרבליפֿט. איסמאַאיל בײ האָט אױפֿגעהױבן זײנע ניכטערע אױגן פֿון איבערן פּאַפּיר — גלײכגילטיק, אָפֿן; ס׳איז נישט געװען אַראָפּצולײענען פֿון זײ אױף װעלכן צד ער איז גענײגט.

— אױף װאָס באַגרינדעט איר אײַער פֿאַרלאַנג, אַבוקאַדיר עפֿענדי?

— איך װעל זיך דערלױבן צו דערמאָנען אײַער עקסעלענץ, אַז די באַ־שולדיקטע האָבן זיך אונטערגעגעבן פֿרײװיליק. זײ האָבן אַנערקענט זײער טעות און האָבן זיך אונטערװאָרפֿן דעם רחמנות פֿון דער אױבערהערשאַפֿט.

— איר פֿאָדערט ניט קיין ריינוואַשונג, אָדער צומאָל אַן ערן־באַלוינונג פֿאַר זיי, פֿאַר דעמדאָזיגן טאָט? — האָט דער פֿעלד־זשאַנדאַרמע־קאָמאַנדאַנט זיך אָנגערופֿן מיט אַ גאַליקן בליק.

— מיט אייער דערלויבעניש, בייעם — נ י י ן . — איז געקומען אַבוקאַדיר עפּענדיס ענטפֿער דייטלעך און ענטשיידן — איך באַגרייף פֿול־שטענדיק אַז אַ פֿאַרברעכן איז באַגאַנגען געוואָרן, וועלכער פֿאָדערט באַשטראָפֿונג. איך בעט אָבער געפֿעליק דערלויבעניש צו באַמערקן, אַז דאָס איז זייער ערשטער פֿאַרברעכן אַלס אַ בולוק. און מיט מיין גאַנצער אונווירדיקייט בעט איך רחמנות און לינדערונג פֿאַר זיי.

איסמאַאיל ביי האָט אַ צוק געטאָן מיטן מויל־ווינקל. די שלייפֿן האָבן זיך ביי אים ווייך אַ קנייטש געטאָן. ער האָט אָנגעהאַלטן זיין גלייכגילטיקן טאָן:

— אייער פֿאַרלאַנג און אייערע באַמערקונגען וועלן גענומען ווערן אין אָנבאַטראַכט, אויב די ווייטערדיקע אונטערזוכונג וועט געפֿינען באַגרינדונג פֿאַר דעם. די מאַנשאַפֿט פֿון דעם באַטרעפֿנדן בולוק וועט דערווייל געהאַלטן ווערן אונטער אַרעסט, אונטער דעם אויפֿזיכט פֿון זייער בולוק־קאָמענדאַנט, ביז דער אורטייל וועט אַרויסגעטראָגן ווערן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פֿאַרלאָזנדיק דעם הויפּטקוואַרטיר איז אַבוקאַדיר עפּענדי געפֿלאָגט געוואָרן פֿון אַ פֿאַרנעפּלט געפֿיל, אַז זיינע ווערטער האָבן ניט געהאַט גענוג וואָגיקייט — אַז ער האָט זיך ניט געהעריק איינגעשטעלט פֿאַר די באַשולדיקטע. די באַשולדיגונג האָט זיך געשטיצט אויפֿן געזעץ, און דער געזעץ איז מיט זיי — מיט וועהביך, מיטן זשאַנדאַרמע־קאָמאַנדאַנט. און ביי וועמען האָט ער געבעטן איינזעעניש? ווי האָט ער גאָר געקאָנט דערוואַרטן אַז רחמנות זאָל דורכרייסן פֿאַר זיך אַ וועג אין הערצער, וועלכע ווייסן נאָר פֿון הערשאַפֿט, פֿון באַפֿעל, פֿון געזעצלעכער מאַכט?! און מענטשן האָבן זיך אים איינגאַנצן איבערגעגעבן; האָבן אָנפֿאַרטרויט זייער בידנע שטיקל לעבן אין זיינע הענט; און ער — האָט ער זיי ווירקלעך פֿאַרראַטן? האָט ער סיידן ניט געהאַנדלט ווי אַ פּייגלינג קעגן די, וועמען ס'איז אפֿילו ניט געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט צו פֿאַרטיידיקן זיך מיט אַ וואָרט?! איז דאָס ניט געווען בלינדער זעלבס־זוכט פֿון זיין זייט וואָס האָט אים אָפּגעהאַלטן פֿון צו לאָזן הערן דעם אמת, וועלכער האָט זיך געריסן פֿון אים? פֿאַרוואָס האָט ער — ווען ער איז גערופֿן געוואָרן צום וואָרט — פֿאַרשוויגן דעם אומרעכט וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן זיי?! פֿאַרוואָס האָט ער ניט דערציילט אַז אַלץ וואָס זיי האָבן פֿאַרלאַנגט, איז ברויט — ז י י ע ר ברויט! — און זייער באַרעכטיגטע תביעה איז בייזוויליק אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ ווידערשטאַנד, ווי אַ מרידה?! ווען עס איז ניט גע־

ווען, האָבן זיי ניט געפּאָדערט. ווען אויף דער פראָנט־ליניע האָט אויסגעפּעלט ברויט, ווען זיי זיינען געשטאַנען ביז איבער די קנאָפּל אין וואַסער, אָן אַ גע־העריקן שוך, אָן אַ וואַרימען מלבוש אויפן דורכגעפראָרענעם לייב — האָבן זיי זיי געליטן, געשוויגן. זיי האָבן דורכגעטראָגן דעם פּיין פון הונגער, דעם ברען פון דורשט, מיט דער זעלבער לייכטקייט וואָס זיי האָבן געטראָגן זייערע לעבנס אין דעם געפאַר פון יסורים און טויט. איצט אָבער — ווען דאָס ניש־טיגע ביסל עסן איז שוין יאָ געווען; ווען זייער לאַנג־געגאַרט ביסל וואַרעם געקעכץ איז גרייט געווען, געווען געמיינט פאַר זיי — האָבן זיי זיך דערוואַגט צו פאָדערן. הונגער האָט פון זיי געריידט! און זייער כשרע תביעה האָט זיך אָנגעשטויסן אָן אַן אכזריותדיגן צו־להכעיס, און ז י י זיינען נאָך די שול־דיגע... האָט ער — זייער באַשולדיגער, דער פאַרביטערטער וועהבי — זיי אַליין ניט געטריבן דערצו?! פאַרוואָס האָט ער ניט געהאַט דעם מוט אַרויס־צוזאָגן דאָס אַלץ אָפן, און זאָל געשען וואָס ס'זאָל?! פאַרוואָס זאָלן זיי פאַר־משפּט ווערן דורך די, וועלכע האָבן זיי אַליין געטריבן דערצו — דורך די, אויף וועמענס באַפעל זיי האָבן זיך געלאָזט אויף לעבן־און־טויט — איבער אַזוינע ווי ער, וועלכער האָט זיך גערעכנט מיט אַ וואָרט ווען ס'איז געקומען צו זייער פאַרטיידיגונג?! פ אַ ר װ אָ ס ? פ אַ ר װ אָ ס ?! צום טייוול, פ אַ ר װ אָ ס ?!...

*

ער האָט אומגעשפּרייזט מיט האַרטע טריט איבערן צימער פון קוואַר־טיר. אויף אַ קעסטל האָט זיך געשמאַלצן אַ וואַקס־ליכט אין דער העלדזל פון אַ פלאַש. אַווני עפּענדי — אַ יונגער מאַשין־געווער־אָפיצער און אַ זון פון אַ רייכער משפּחה אין אַדריאַנאָפּל, וועלכער האָט פאַר דעם מלחמה־אויסברוך פאַרבראַכט אַ סך צייט אין פּאַריז — איז געלעגן אויפן שטרוי־זאַק און האָט נאָכגעפאָלגט מיט אַ ליידיגן בליק אַבוקאַדיר עפּענדיס נערוועזן אומשפּרייזן. פון צייט־צו־צייט האָבן זיי ביידע גענומען אַ זופּ פון דער פלעשל ראַקי, וואָס אַווני עפּענדי האָט געהאַלטן נעבן זיך אויפן אויסגעשפּרייטן ציגן־האָר־טעפּיך, האָבן זיך פאַרקרימט און פאַררויכערט איין סיגאַרעט נאָכן אַנדערן. אַווני עפּענדי איז, ווי שטענדיג נאָכן נעמען אַ טרונק, געווען אין אַן אויפגעלייגטער שטימונג, אַבוקאַדיר עפּענדי — אויפגערעגט. נישט דאָס נאָכאַנאַנדיגער רויי־כערן, נישט דאָס טרינקען האָבן אים אַצינד געשטילט.

— עה, אַבוקאַדיר קאַרדאַשעם — האָט אַווני עפּענדי אַ זאָג געטאָן, אויס־ציענדיג זיך אין זיין פולער לענג, די הענט פאַרלייגט אונטערן קאָפּ — איך אויף דיין אָרט וואָלט איצט ניט געווען אַזוי צעפּלאָכטן.

— אָ, דזשאַנעם! — האָט אַבוקאַדיר עפּענדי זיך אָפּגעשליידערט פון אים — וואָס האָסטו געוואָלט, אַז איך זאָל זיך איצט אַוועקלאָזן טאַנצן?!

— און פאַרוואָס ניט?

— פאַרוואָס יאָ?

— אָט האָסטו דערפילט דיין פליכט ווי אַ מאַנספּאַרשוין, האָסט זיך גע־האַלטן מיט ווירדע, און האָסט אָנגעוויזן ועהבין זיין געהעריגן פּלאַץ; וואָס נאָך קאָנסטו דערוואַרטן אין דעם לויזיגן קריג?

— איך ווער דאָ ניט אַריינגענומען אין חשבון. דער עיקר איז זיי! — וואָס וועט געשען מיט זיי?

— אָ, לאָז אָפּ! הער אויף צו זאָרגן ווי אַ באָבע! — האָט אוני עפּענדי זיך אויפגעזעצט מיט שווערינקייט — נעם אַ טרונק, און צום טייוול מיטן גאַנצן ענין! — קאַרדאַשעם, ניט געזאָרגט! מאָרגן — איבערמאָרגן — אפשר באַלד — קאָנען מיר זיך ווידער איבערפּעקלען צום פראָנט, און דאַמאָלט וועלן שוין אַזוינע נאַרישקייטן אין קאָפּ ניט ליגן.

— דערווייל אָבער האָט דער שורקע אַזוי ריכטיק אָנגעשטונקען, און אויס־לאָזן, האָב איך מורא, וועט זיך עס צו זייערע קעפּ, צום טייוול!

— דו לאָז עס ליבערשט איבער צום אַלאַי־קאָמאַנדאַנט. איסמאַאיל ביי׳עט שוין די זאַך דערליידיגן.

— איסמאַאיל ביי?! — האָט אַבוקאַדיר עפּענדי זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן אים און האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. ביי אוני עפּענדין זיינען די אויגן געוועז פאַרגלעזערט, ער האָט זיך נאָך אָבער געהאַלטן אויפן געזעס —

— יאָ, ער. דו קאָנסט אים ניט, קאַרדאַשעם. באַשקאַ — אַ מוח — אָט וואָס ער האָט! איז קלוג ווי אַ סאָווע, דער איסמאַאיל ביי. ער האָט וועהבין קאָנען געלערנט נאָך איידער דו ביסט אָנגעקומען אין אַלאַי. און וואָס אָנ־באַלאַנגט דיר——

— וואָס מיר?

— אָ, גאָרניט. די צונג האָט זיך מיר אַביסל אויפגעבונדן. הלואי וואָלט איסמאַאיל ביי געהאַט אַזאַ מיינונג וועגן מיר.

— בלאָטע! מיט דעם איצטיקן אינצידענט האָט עס גאָרניט צו טאָן.

— ס׳האָט שוין יאָ צו טאָן — האָט שוין גראָד אַ סך צו טאָן. אָט האָסטו אַקאָרשט אַליין געזאָגט: „פאַרהונגערט״, „אומשטענדן״ — ער וועט זיך מיט דעם אַלעם רעכענען. זיי וועלן אָפּקומען לייכט, און דו וועסט ניט מער דאַרפן אַוועק־הרגענען אַזויפיל פון מיינע סיגאַרעטן, כע־כע... נעם מיין וואָרט: דער אורטייל וועט זיין אַ מילדער.

— פון וואַנען דרינגסטו דאָס?

— פון דאַנען־אַ... — האָט אוני עפּענדי אָנגעצייגט אויפן עלנבויגן — אָט לויף איך דיר גלייך דערציילן פון וואַנען. איך וויס. נעם מיין וואָרט, אַניט גיי שטעל אָפּ אַ קויל... נאָר פאַר אים היט זיך, ברודערל! ווייך אים אויס דעם וועג.

— וועמען? —

— וועהבין. ער איז בייז ווי אַ וואָלף איןווינטער. ער זעט שוין זיין מפּלה, דער איסוואורף, און דו ווייסט אויף וואָס ער איז פֿעאיג אין אַזאַ צושטאַנד. פֿאָלג מיך, און וואַרף זיך אים ניט צופֿיל אין די אויגן. און דערווייל — גיס אָן!... עי וואַללאַ!... און איצט, נאָך איינע — פֿאַר דעם שנעלן צוריקקום פֿון דיינע פּאַפּירן פֿון דער כאַרביע־נאַזאַרעטי!

— וועלכע פּאַפּירן? וואָס איז דיר איינגעפֿאַלן אין דיין פֿאַרטרונקענעם קאָפּ?

— גיי קוש אַ בער! אַט, פּולע שליפֿרעס, אפשר אויך אַ שטיקל אויסצייכענונג — אויב דוס'ט נאָך ביז דאַמאָלט ניט קילן די ערד... ע, כ'האָב דיר ליב ווי אַ ברודער, אַבוקאַדיר קאַרדאַשעם! וואַללאַהי בילאַהי, ווי אַ ברודער!...

— גיי מיר צו אַלדי רוחות! — האָט אים אבוקאַדיר עפֿענדי אָפּגעשטויסן פֿון זיך — גיי, די ראַקי רעדט שוין פֿון דיר, אונזי ברודערל! לייג זיך אַוועק און טריקן זיך אויס, איידער אַ באַמבע וועט דיר עפֿענען דעם צאַפּן.

אָבער אונזי עפֿענדי איז שוין געלעגן מיטן הינטן אַרויף און האָט געכראָפּעט. אַבוקאַדיר עפֿענדי האָט אים צוגעדעקט מיטן אויבערמאַנטל.

אַ קלאַפּ אין טיר. אַכמעד איז אַריינגעקומען. ער האָט סאַלוטירט און האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפֿן דיל, ביי דער וואַנט, די הענט צווישן די קני, דער קאָפּ אַרונטערגעהאַנגען, און האָט געשוויגן.

— אַ סיגאַרעט, אַכמעד?

אַכמעד טשאַואיש האָט וואַגיג אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ אויף ניין. דאָס איז געווען אַ שלעכטער סימן. אַבוקאַדיר עפֿענדי האָט אים אַ ווײַלע שאַרף אָנגעקוקט.

— וואָס בייסט דיר, אַכמעד?

— גאָרניט, עפֿענדים; נאָר מיט די יונגען איז ניט גוט.

— וואָס איז שוין ווידער?

— דיזעלבע זאַך, עפֿענדים, נאָר אַ סך ערגער. ס'איז אַ זינד פֿאַר אַללאַ, עפֿענדים — אַ גרויסע זינד.

— אָבער וואָס איז געשען? וואָס פֿאַר אַ זינד, דזשאַנעם?! וואָס פֿלאַפּעלסטו?

נאָר פֿון אַכמעדן אַרויסצוקריגן אַ קלאָרע תשובה ווען יענער איז געווען פֿאַרביטערט, איז געווען ווי פֿון פֿעך. ער האָט געמוזט צוערשט פֿאַרטיג ווערן מיט זיין הקדמה, זיינס אָפּזאָגן, זיך פֿאַנאַנדעררייִדן, דערנאָך ערשט פֿלעגט ער ענטפֿערן צו דער זאַך.

— אויב שולדיג, עפֿענדים, זיינען אַלע גלייך שולדיג, ניט אמת? אָבער אַנזעצן זיך אויף איין טאַאַקים, ווען דער גאַנצער בולוק איז אין דעם פֿאַרמישט — דאָס, עפֿענדים, וועסטו צוגעבן איז אַן עולה — אַ גרויסע עולה. אַ מענטש

אַ גאַטספאַרכטיגער טוט ניט אַזוי. סט׳מיר מוחל זיינע מיינע רייד, עפענדים: ס׳איז מיאוס!

— אָבער געגוג שוין פּלאָנטערן מיט דער צונג, צו אַלדי שדים! — איז אַבוקאַדיר עפענדי געוואָרן אומגעדולדיג — וואָס פאַר אַ טאַאַקים?! ווער האָט זיך אַנגעזעצט?! אַלאַ אַשקאַנאַ, אַכמעד, דערצייל שוין אַמאָל וואו דער שוך קוועטשט!

— איך ווייס, עפענדים: אַן אַסקאַרי טאָר זיך ניט באַקלאָגן. אָבער ס׳איז ניט רעכט. בילאַהי, ס׳איז ניט רעכט! און ס׳פאַרדריסט, עפענדים...

און אַזוי האָט ער ביסלעכוויז אַרויסגעטריפט די גאַנצע מעשה:

וועהבי עפענדי איז געווען אין וואַך־לאַגער, וואו דער אַרעסטירטער בולוק ווערט געהאַלטן. ער איז געקומען אויספאַרשן. האָט זיך גענומען צום 3טן טאַאַקים זיי זאָלן אַרויסגעבן ווער ס׳האָט אויפגערייצט דעם בולוק קעגן אים. ער ווייסט, האָט ער געזאָגט, אַז אין ד ע ם טאַאַקים האָט זיך עס אַנגעהויבן. ער האָט זיך אַנגעזעצט אויפן קאַניאַלי: „דערצייל!“ אַז אַ מענטש ווייסט פון גאָרניט. האָט ער געשלאָגן — ווי אַ הונט געשלאָגן — דעם קאַניאַלי, אַ צווייטן, אַ דריטן. די יונגען האַלטן ס׳מויל. נאָר איין וואָרט: „אַלע!“ דאָס האָט אים געעפנט די גאַל. האָט ער באַפוילן אַרויסצופירן דעם גאַנצן טאַאַקים, באַרויס, אָפּצוראַמען די אַלטע שטאַכל־דראָטן ביים צעשאָסענעם וועג, האָט זיי געשטעלט רייניגן די אָפּטרעטן, און עסן — נאָר טרוקענעם פעקסעממעט מיט וואַסער...

— זיי קאָנען דאָס ניט איינבייסן, עפענדים, הונגערן זיי. און ס׳איז ניט רעכט — בילאַהי, ניין. זיי האָבן ניט ווער ס׳זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען און——

זיי בעטן גאָט פאַר דיר, אַבוקאַדיר עפענדי. זיי ווייסן, אַז——

אַבוקאַדיר עפענדי האָט אים ניט געלאָזט פאַרענדיגן:

— ווען איז דאָס פאַרגעקומען?

— נעכטן, עפענדים — באַלד נאָך יוקלאַמאַ, נאָכן פרימאָרגן־אַפּעל.

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז פון נעכטן פרי־אָן האָבן זיי ניט געהאַט צו עסן?!

— דאָס איז ריכטיג, עפענדים. אַלע — יאָ, זיי — ניט.

אַבוקאַדיר עפענדי האָט זיך געטאָן אַ ריס־אָפּ פון זיין שטעל, האָט אויפ־שנעל פאַרקנעפּלט דעם מונדיר. זיין גאַנצער ווזן האָט געציטערט פון אויפ־רעגונג. ער האָט דערשפּירט וואוהין וועהבי עפענדי צילט: ער איז אויסן צו באַשמוצן ז י י ן טאַאַקים: אַרויפוואַרפן די גאַנצע שולד אויף ז י י נ ע יונ־גען. ער וועט צו אַזאַ געמיינהייט ניט דערלאָזן — זאָל געשען וואָס ס׳זאָל!

— וואו איז ער איצט? — האָט ער האַסטיג אַ פרעג געטאָן.

— ווער, עפענדים?

— דער בולוק־קאָמאַנדאַנט.

— ביי זיך אויפן קוואַרטיר, עפּענדים. ליגט אודאי און צײלט אײן־און־דרייסיג,[1] דער אַלטער נואף.

— האַלט ס'פּיסק! ער איז דיין אויבעראָפיצער! — האָט אבוקאַדיר עפּענדי זיך אויף אים צעבייזערט. אַכמעד האָט פייל־פון־בויגן זיך א שטעל געטאָן אויף די פיס:

— אַפידערסעניז, אַנטשולדיג, אַבוקאַדיר עפּענדי! אמת, ניט באַדאַרפט אַזוי ריידן. אָבער אַללאַ ווייסט אַז ער איז זינדיג. דער שײטאַן[2] האָט זיך אין אים אַקאָרשט צעשפּילט: ער האָט אָנגעבראָכן די ביינער זיין אייגענעם כיד־מאַטשי. הער זיך צו צו מיר, עפּענדי: גיי ניט אַצינד צו אים.

— מ'פרעגט ביי דיר ניט! — האָט אים אַבוקאַדיר עפּענדי אָפּגעשטופּט פון זיך.

אַכמעד האָט אים דעריאָגט ביים אַרויסגאַנג —

— סט'עפּעס פאַרגעסן, אַבוקאַדיר עפּענדי.

— המ?...

— נעם עס ליבערשט מיט, עפּענדים: סט'עס אפשר דאַרפן...

— אָ... אַ דאַנק.

און ניט אַראָפּנעמענדיג זיין שטרענגען בליק פון אַכמעדן האָט ער עס צוגענומען פון זיין האַנט און איז אַרויס.

---

1. פאַרנעמט זיך מיט אָנאַניזם.
2. דער שטן, דער טייוול.

# 24

## אינ'ם כ'ייבס ר'הייל

וועהבי עפענדי איז געזעסן אויפן פעלד־בעטל, אָנגעטאָן בלויז אין אַ נאַכט־העמד, און האָט געראויכערט די נאַרגילע. דערזעענדיג פאַר זיך אַבוקאַדיר עפענדין, האָט זיך זיין פּנים פאַרקרימט אין אַ צאָרנדיגער גרימאַסע.

— וואָס פאַר אַ שוואַרציאָר האָט דיר איצט אַהער אָנגעטראָגן?! — איז ער אָנגעפאַלן אויף אים מיט אַ געשריי.

אַבוקאַדיר עפענדי האָט זיך געהאַלטן מיליטעריש, האַרט.

— איך בין געקומען אין די אַנגעלעגנהייטן פון דעם 3טן טאַאַקים, עפענדים.

— דער 3טער טאַאַקים, אַזוי גוט ווי די אַנדערע אַרעסטירטע טאַאַקימען, איז איצט אינגאַנצן אונטער מיין אויפזיכט. דו האָסט מיט אים דערווייל גאָר־ניט צו טאָן — פאַרשטאַנען?!

— פאַרשטאַנען, עפענדים. איך האָב מיר נאָר דערלויבט צו קומען בעטן אַז, מיט אייער געפעליגקייט, זאָל מיטן 3טן טאַאַקים ניט געמאַכט ווערן קיין אויסנאָם אין דעם וואַך־לאַגער.

— דאָס איז ניט דיין עסק, און מיש זיך ניט! אַרויס גיי! האַידע!

אַבוקאַדיר עפענדי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

— אַרויס גיי, האָב איך געזאָגט! — איז וועהבי עפענדי, אַ צעקאָכטער, אַרונטערגעשפּרונגען פון בעטל, און אַראָפּשפּרינגענדיג האָט ער איבערגעקערט די נאַרגילע. דאָס האָט אים נאָך מער אויפגעבראַכט. די אָדערן אויף זיין האַלדז האָבן זיך אָנגעצויגן. די האָריגע ברוסט האָט זיך אַ הויב געטאָן אונטער דער צעכראַשטשעטער העמד — אַרויס פון דאַנען! שוין זאָלסטו דאָ ניט ווערן! כיזמאַטשי——!...

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. וועהבי עפענדי האָט זיך אומגעקוקט צעטומלט. אַבוקאַדיר עפענדי האָט אַ זאָג געטאָן דרייסטער:

— עפענדים, איך פאַרלאַנג פון אייך אַז מיין טאַאַקים זאָל, אויף אייער באַפעל, צוריקגעגעבן ווערן זיין טאַאין און זאָל אַרונטערגענומען ווערן פון דער שטראָף־אַרבעט. דער אורטייל קעגן זיי איז נאָך ניט אַרויסגעטראָגן געוואָרן, און דער דריטער טאַאַקים איז ניט מער שולדיק ווי די איבעריקע.

וועהבי עפענדי האָט זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט ווי אַ קאַץ, ט'אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ פאָראויס און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אַבוקאַדיר עפענדין:

— מ'פרעגט ביי דיר ניט, דו דרעקלינג! דו רעדסט צו דיין אויבער־אָפיצער, דו פאַרשטונקענער רעזערוויסט! אַכטונג!

אַבוקאַדיר עפענדי האָט זיך צוזאַמענגענומען.

— וועהבי עפענדי, איך בין צו אייך, ווי צו מיין אויבעראָפיצער, געקומען בעטן. איר האָט, אָן שום אורזאַך, מיין פאַרלאַנג צוריקגעוויזן. אַלס פאַרשטייער פון דער אָפּטיילונג וואָס איז מיר אָנפאַרטרויט געוואָרן, וועל איך עס פּ אָ ד ע ר ן פון אייך!

— פּאָדערן, עה?! — איז שוין וועהבי עפענדי געוואָרן אויסער זיך — דו ביסט, הייסט עס, געוועזן דער וואָס האָט אָנגערעדט דעם בולוק צו פּאָדערן?! דו ביסט עס דער וואָס האָט זיי אָנגערייצט צום ווידערשטאַנד! דו ניט־גלויביגער! דו פאַררעטער! דו האָסט זיך מיר קעגנגעשטעלט! איך וועל דערשיסן! — ווי אַ הונט וועל איך דערשיסן! איך וועל——

און ער האָט זיך אַ צי געטאָן צום רעוואָלווער־טאַש אויף דער וואַנט.

דער וועג צוריק איז פאַר אים געווען פאַרשטעלט. זיינע באַווילדערטע אויגן האָבן זיך אָנגעטראָפן מיטן אָפענעם שלונג פון רעוואָלווער אין אַבוקאַדיר עפענדיס האַנט, מיטן קאַלטן בליק פון אַבוקאַדיר עפענדיס אויגן, מיט דער אָנגעצויגענער געזעצטקייט פון זיין פּנים. ער איז געבליבן שטיין מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, מיט אַן אָפן מויל. דער רעוואָלווער אין זיין אייגן האַנט איז געבליבן הענגען מאַכטלאָז אין דער לופטן.

— דאָסמאָל זענט איר צו־שפּעט, וועהבי עפענדי! — האָט אבוקאַדיר עפענדי אַרויסגערעדט האַרט און פאַרביסן — דאָס כאַפּן זיך שיסן פאַר יעדער קלייניגקייט וועט אייך דאָסמאָל — און פון היינט־אָן אויף קיינמאָל — ניט געלינגען. אויב איר האָט וואָס אויסצוזעצן קעגן מיר, דערלאַנגט אַ קלאַגע צו דער העכערער אינסטאַנץ. איך וועל מער אייערע באַליידיגונגען ניט אויסשטיין. איך בין אַן אָפיצער אין דעם פּאַדישאַכס אַרמיי אַזוי גוט ווי איר, און איך בין גרייט צו יעדער מינוט צו פאַרמעסטן זיך מיט אייך אין וואַפן!

וועהבי עפענדי האָט געציטערט ווי אַ בלאַט:

— ניין... ניין!... כ'האָב ניט געמיינט...

— אָה, איר האָט זיך דערשראָקן?! איר ווייסט צו־גוט וואָס איר האָט געמיינט... קערט־איבער דעם וואַפן און ליידיגט עס אויס! איינס — צוויי — דריי — פיר — פינף — זעקס — זיבן. גיט עס אַהער!

ער האָט צוגענומען דעם רעוואָלווער פון וועהבין און האָט עס אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע. ער האָט דערזען וועהבי עפּענדיס קרענקליך־געלן פּנים, זיינע אויסגעקנאָכנטע, דינע פּיס אונטערן העמד, וועלכע האָבן געציטערט קני־צו־קני, און אַ פאַרבאַרגענער רחמנות־געפיל האָט אים אַרומגענומען צו דעם פאַרביטערטן, קראַנקן מענטשן. אָבער איצט איז ניט געווען די צייט צו רע־כענען זיך מיט אַזוינע געפילן. ער האָט זיך צוגערוקט נענטער צו אים. וועהבי עפּענדי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַטעמלאָזער אימה. אַבוקאַדיר עפּענדיס שטים איז געקומען זיכער, געמאָסטן:

— און איצט וואָס?

— איך וועל... איך וועל... — האָט וועהבי עפּענדי אַרויסגעהעשעט, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און האָט זיך אַ ריס געטאָן צו דער טיר. אַבוקאַדיר עפּענדי איז אים פאַרלאָפן דעם וועג.

— אַנטלויפן, הע?! דער גרויסער וועהבי עפּענדי האָט פאַרלאָרן זיין מוט, ווען אַ „פאַרשטונקענער רעזערוויסט" האָט אים אַנטוואָפנט, וואָס?... זעצט איך אַנידער וועט איך גרינגער זיין.

וועהבי עפּענדי האָט מיט אַ שווערן סאָפּען זיך אַנידערגעזעצט און האָט ניט אַרונטערגענומען זיינע צעשראָקענע אויגן פון אַבוקאַדיר עפּענדין. אַבוקאַ־דיר עפּענדי האָט זיך געשטעלט האַרט נעבן אים.

— וואָס איך האָב אייגנטלעך איצט געדאַרפט טאָן מיט אייך, איז לאָזן אייך פילן דעם טעם פון אַן אייגענער קויל. איך בין אָבער אייער בלוט ניט אויסן. איך האָב צופיל אָפּשיי פאַר דעם ראַנק, וואָס דער פּאָדישאַך האָט אייך אָנפאַרטרויט, צו טאָן אַזאַ זאַך. און צו איבערצייגן אייך אַז כ'האָב ניט געמיינט קיין בייז, לייג איך מיין רעוואָלווער אויך אַריין אין קעשענע.

וועהבי עפּענדי האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט אויף אים געהאַלטן אַ שאַרף אויג.

— אָט!... איצט וועל איך קאָנען מיט אייך ריידן ווי מענטש־צו־מענטש. איר וועט עס ניט אָנקוקן, וועט עס אייך אַזוי ניט שרעקן. געדענקט אָבער אַז איך קאָן עס צו יעדער מינוט צוריק אַרויסנעמען, און דאַן——

— ניין, ניין... ס'וועט ניט נויטיג זיין. מיר'ן זיין גוטע פריינט... ביללאַהי, איך שווער...

— דאָס וועט זיך אינגאַנצן אָן אייער ווייטערדיגער האַנדלונג. אַלץ וואָס איך בין אויסן איז דעם וואוילזיין פון דער מאַנשאַפט. שרייבט־אויף דעם באַפעל וואָס איך האָב פון אייך פאַרלאַנגט, און מער קיין וואָרט וועגן דעם!

— יאָ, אודאי... גלייך.

— שוין!

— געוויס, שוין...

— און געדענקט, אייער אָפּיצערן־כּבֿוד איז אין מײַנע הענט: איך האָב איך אַנטוואָפּנט. איין פֿאַרדעכטיקטע באַוועגונג פֿון איך, און איך וועל צעפּויקן די זאַך איבערן גאַנצן אַלאַי.

— ניין... איך בעט איך — ניין!...

— טאָ שרײַבט!

אַ קלאַפּ אין טיר.

— נישט פֿון אָרט, וועהבי עפענדי! מאַכט זיך ניט צום נאַר. געדענקט: איך האָב אייער וואָרט!...

ער האָט זיך געשטעלט אין אַכטונג און האָט געהאַלטן אַ וואַכזאַמען בליק אויף וועהבין.

— אַרײַן!

ס'איז געווען אַכמעד טשאַוויש.

— אַבוקאַדיר עפענדי, דער אַלאַי־קאָמאַנדאַנט האָט געשיקט נאָך איך.

— איך קום גלײַך. גיי!

— עווועד, עפענדים.

— וואָרט! — האָט אים אַבוקאַדיר עפענדי אָפּגעשטעלט — דער בולוק־קאָמאַנדאַנט האָט אַ באַפֿעל פֿאַר דיר אָפּצוטראָגן אין וואַך־לאַגער.

וועהבי עפענדי האָט אויף אַ ווײַלע צוריקגעוואונען זײַן האַלטונג.

— יאָ, געוויס! וואָרט. אָט גלײַך...

ס'איז שוין אָבער ניט געווען מער דער פֿריערדיקער וועהבי.

---

אַכמעד האָט אים אָפּגעוואָרט דרויסן, ביים אַרויסגאַנג.

— סט'מיר מוחל זײַן, עפענדים: כ'האָב דיר געזאָגט אַ ליגן.

— ווען?

— פֿריער. דער אַלאַי־קאָמאַנדאַנט האָט דיר ניט גערופֿן, עפענדים. דאָס האָב איך אַליין צוגעטראַכט.

— וואָס איז דיר אײַנגעפֿאַלן?

— אָט אַזוי, עפענדים. איך האָב געוואָלט אַז דו זאָלסט וויסן אַז איך בין הינטער דער טיר. איך האָב דיר ניט געוואָלט לאָזן מיט אים אַליין: ווי אַ זאַך מאַכט זיך... דעם כיזמאַטשעי זײַנעם האָב איך אַוועקגעשיקט מיט טופּיק טשאַוו־אישן, און אַליין האָב איך געהאַלטן נאָבע[1] ביי דער טיר, געוואָרט און— זיך צוגעהערט.

— צו אַלץ וואָס איז פֿאָרגעקומען אינעווייניג?

— נישט צו פֿאַרלייקענען, עפענדים — אַלץ. אַכמעד פֿאַרלאָזט זיך ניט אויף קיין נסים.

1. וואַך.

— אַה, דו פוקס איינער!... נישט אַ וואָרט צו קיינעם וועגן דעם, געהערט?!

— ביים לעבן פון די וואַנצן, עפּענדים! זיי וועלן ביי מיר וויסן נאָר דאָס, וואָס איז פאַר זיי געזונט; דאָס איבעריגע איז צווישן אַללאַ און אַכמעדן. און אַכמעד ווייסט ווען צו שווייגן.

— געדענק!

אַכמעד האָט אָנגעכאַפּט אַבוקאַדיר עפּענדיס האַנט און האָט זיך איינגעגעסן אין איר מיט זיינע פולע ליפּן —

— אַללאַ זאָל דיר בענטשן, אַבוקאַדיר עפּענדי! די יונגען 'עלן דיר דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן, און אים — אויך ניט...

אַבוקאַדיר עפּענדי איז געוועזן גערירט צו זען דעם גרויסן אַכמעדן ווישנדיג זיך די אויגן. ער האָט אים אַ ווײַלע דערשטוינט אָנגעקוקט, און האָט אים הינטער־אַרום אַ פּאַטש געטאָן איבערן נאַקן —

— דער טייוול ווייסט דיר, אַכמעד! אַזוי שרייסטו אויף זיי, שילסט, זשאַלעוועסט ניט די האַנט אויף אַ קלאַפּ צו טאָן — מאַכסט זיי מיט דער ערד צוגלייך; און אויסער די רייען וועסטו דעם קאָפּ פאַר זיי אָוועקלייגן...

אַכמעד האָט אַ פּינטל געטאָן מיט די אויגן און האָט צוגעשאָקלט מיטן שווערן קאָפּ:

— אַט אַזוי איז דאָס, עפּענדים. אַט אַזוי איז דאָס...

*

אוני עפּענדי האָט געטראָפן: דער אורטייל איז געוועזן אַ מילדער.

„* * * די קאָמאַנדאַטור איז ניט מיט דער מיינונג, אַז דער באַטרעפענדער אינצידענט שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווידערשפּעניגונג קעגן דער אויבערהערשאַפט, און באַטראַכט עס, מיט באַדויערונג, אַלס אַ צופעליגן ברוך אין דער דיסציפּלין פון דעם באַטרעפנדן בולוק * * * די שטראָף: אַ מאָנאַט צייט פרייען אַרעסט, מיט שוואַרצע אַרבעט פאַרן אַלאַי, און אַ שטונדע שטראָף־איבונגען טעגלעך. דידאָזיגע שטראָף איז ניט גילטיג ווען די טרופּן זיינען אין דער פראָנט ליניע * * *"

דערדאָזיגער אורטייל האָט וועהבי עפּענדין אינגאַנצן דערשלאָגן. ער איז געוואָרן נאָך מער פאַרביטערט, אויפגערעגט. אַבוקאַדיר עפּענדין האָט ער, ווי ווייט מעגלעך, אויסגעמיטן, כאָטש יענער האָט אים דעם רעוואָלווער שוין לאַנג צוריקגעגעבן.

# 25

## די זון איבער גבעון

טנווער פאַשאַ איז ניט געקומען. אָנשטאָט אים זיינען אָנגעקומען נייע עסטרייכישע האַרמאַטן און פרישע קאַוואַלעריע־פאַרשטאַרקונג. מ׳האָט שטאַרק גערעדט וועגן אַן אַטאַקע איבער דער גאַנצער לענג פון דער פירקאַ.

דער פראָנט איז געוואָרן אומרואיג. דער וועג וואָס האָט געפירט צו די רעזערוו־ליניען איז באַשאָסן געוואָרן פון פיינדלעכן אַרטילעריע־פייער. דער בריק ביים קרייצוועג איז געוועזן אַזוי צעשמעטערט, אַז ס׳האָט פאַרהאַלטן דעם פאַרקער אויף קילאָמעטערס ווייט. אַן ענגשאַפט, אַ שפאַרעניש. אין דער פינצטער פון דער נאַכט האָבן זיך איבערן פאַרשטעלטן וועג געטראָגן די געשרייען און זידלערייען פון די אָנטרייבער פון די טראַנספּאָרט־קאָלאָנען.

די טרופּן פון 162טן אַלאַי האָבן זיך דורכגעשפאַרט צווישן דעם געמיש פון איבערגעקערטע פּראָוויאַנט־וועגענער און צעשעדיגטע קאַנאָנען. אָפּגעריסענע, פאַרוואונדעטע מויל־אייזלען האָבן זיך צעיושעט אַריינגעכאַפּט צווישן די דורכגייענדיגע טרופּן און האָבן אָנגעמאַכט אַ טומל. דאָ און דאָרט האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פיס געפּלאַצטע, אויסגעפינגערטע רעדער, צעפאַלמעסטע קערפּערס פון טויטע פערד און זעלנער. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער אָפּטער צוזאַמענשטויס צווישן דער „באָרוויסער פּעיאַדע“ און דער פערד־קעפּיגער סואַרי״, וועלכע האָבן זיך ניט געקאָנט אויסמיטלען איבער די שמאָלע דורכגאַנגען ביים זייט פון שליאַך, און האָבן געטריבן איינע די אַנדערע אין דער בלאָטע. אַ שווערער גראַנאַט האָט געטראָפן אין אַן אַמוניציע־פּונקט און דער פייער פון דעם אויפרייס האָט זיך צעצאַפּלט איבערן נאַכטיגן הימל ווי אַ רידיגע, פילקעפּיקע חיה.

נאָך אַ לאַנגען אומפּאַדיען איבערן טומלדיגן וועג, האָבן די טרופּן פון 2טן טאַבור זיך פאַרנומען מיטן אָפענעם פעלד. דאָ איז די פינצטערניש ווי געדיכטער געוואָרן. זיי האָבן זיך געשלעפּט אין שיטערע קאָלאָנען. פון די

פּאָדער־גרופּן האָבן זיך דערטראָגן אויסרופן: „היט זיך — אַ וואַסער־גרוב!“, „שטאָכל־דראָטן!“ „פּאָרזיכטיג — אַ בלאָטע! לינקס!“ דידאַזיגע וואָרנונגען האָבן זיך דורכגעקייקלט ווי אָפּגעטויבטע דונערן איבער דער לענג פון די רייען. און באַלד איז ווידער באַפאַלן אַ שוויגן — יענער שוויגן וועלכער באַגלייט טרופּן אויף זייער וועג צום פראָנט.

אַרום האַלבער נאַכט האָבן זיי דערגרייכט דעם וואַלד איבערן אָפּזייט פון באַרג, וואו די פאַרבינדונג־טראַנשעען האָבן זיך אָנגעהויבן. עס זיינען אויסגעטיילט געוואָרן טאָפּלטע באַנדאַלירן, האַנט־גראַנאַטן און מעת־לעתיגע פּאַרציעס פון קאַלטן שעפּסן־פלייש און פעקסעמעט. די פעלד־פלאַשן זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט וואַסער. די טרופּן האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד, אָנגעלענט אויפן רוקן־געפּעק, און האָבן צוגעדרעמלט מיט וואַכע אויגן. די אָפיצערן האָבן זיך פאַרזאַמלט ביים זוים פון וואַלד אויפצונעמען די ווייטערדיגע שטאַב־פאַראָרדענונגען. צווישן די שיטערע וואָלקנס האָט אַרויסגעבליקט אַ קרענקלעכע סוף־חודש־לבנה. אַ דינער טוי איז געהאַנגען איבערן טאָל. אונטער דער טויאיגער גרויקייט האָבן געטונקלט די אויסגעקרימטע שטאָכל־צוימען, ווי מאָנומדיגע שפּינוועבס איבערן דרעמלענדיגן פעלד. ווי אָנגעדראָלענע אָדערן איבער אַ צעביילט לייב, האָבן זיך געשלענגלט אין דער ווייט די איינגראָבונגען איבער דער צערויעטער לאַנדשאַפט. ס'איז געווען פאַרהעלטנעסמעסיג שטיל — יענע אומזיכערע שטילקייט, וואָס לייגט זיך אַמאָל אויס איבערן שלאַכטפעלד אונטערן שלייער פון דער נאַכט, און ווערט אַזוי אָפט דורכגעריסן פון אַ צופעליגן אָפּקרעכץ פון אַ ווייטן האַרמאַט, ווערט דורכגעשאָכטן פון אַ העזהדיגן גרילץ פון אַ פאַרבלאָנדזשעטן גראַנאַט, און ווערט אָפּגעענטפערט מיט אַ הירזשענדיגן פערדישן געלעכטער און מיט ברענענדיגע קללות אויף די ליפּן פון מענטשן־זין אין די שפּאַלטן פון דער ערד... אַ ליכטראַקעט האָט זיך אויפגעהויבן, איז געהאַנגען אַ לענגערע ווײַלע צווישן דעם מידן הימל און דער פאַרפּייניגטער ערד און האָט געפּלאַצט פון אייגענעם לאַנגווייל.

דער שטאַב־אָפיצער האָט מיט אַ געניטן פינגער אָנגעוויזן אויף דער ריכטונג פון דעם געפּלאַנטן אָנגריף; ט'באַצייכנט די שטויס־פּונקטן פון די פאַרשידענע אָפּטיילונגען, די שטרייט־צילן, און האָט פאַרענדיגט אין אַ וואָגיגן טאָן:

— אָנגריף־צייט: זעקס פאַרטאָג.

זעקס פאַרטאָג. נאָך עטלעכע געציילטע שעה — שעהן פון פּיינלעכן פאַרטראַכטן, פון נעפּלדיגן נאַכטראַכטן. שעהן לאַנגע — אומגעדולדיגע ליידיגקייטן — אייביגקייטן — פּראַסטיגע אייביגקייטן...

מיטן ערשטן אָפּדונער פון די האַרמאַטן זיינען זיי געשטאַנען אויפן פייערטרעפּ פון דעם פּאָדער־גראָבן. דער זייגער איז געווען 5:30. דאָס האָט איצט

די אייגענע אַרטילעריע אָנגעהויבן די איינלייטונג צו דער אָפּענסיווע: באַשיסן די פֿיינדלעכע פּאָדערנייען און פֿאַרניכטן די געפֿלאַנטערס פֿון די שטאַכל־דראָט־פֿאַרצוימונגען, וועלכע זיינען געלעגן פֿאַרן שונאס איינגראָבונגען. די ערשטע פּאָר אָפּשוסן פֿאַלן צו־קורץ. איין סנאַריאַד פּלאַצט ביים ראַנד פֿון אייגענעם גראָבן. מ'טוט אַ טויך־אונטער דעם קאָפּ, אַ הויב די אַקסלען, און מ'שטייט, מ'קוקט, מ'שווייגט.

אַכמעד טשאַואיש איז געשטאַנען ביי אַבוקאַדיר עפֿענדיס זייט, באַוועגלאָז, געשפּאַנט, און האָט מיט אים צוגלייך אַרויסגעקוקט איבער דער צערויעטער וויסטעניש, דורך וועלכער זיי וועלן זיך באַלד דאַרפֿן דורכטראָגן. דער באַטאַ־רעען־פֿייער איז געוואָרן וואָס אַ ווײַלע האַפּטיגער, שטאַרקער. יעדער אַפּשאָס האָט אויפֿגעשפּאָלטן פֿרישע קראַטערן, ט'אַרויסגעזעצט שוואַרצע וואולקאַנען רויך און ערד און אייזן. אַ גלייכטרעפֿער האָט זיך אָפּגעשלאָגן צווישן די בוימער, האָט אַ שליידער געטאָן אַ בוים — שטאַם און וואָרצל — אין דער הויך; ער איז נאָך אַ ווײַלע געבליבן הענגען אין דער לופֿטן, האָט זיך איבער־געבראָכן אין דער מיט און איז אַרונטערגעפֿאַלן אַ צעשמעטערטער. און אפֿשר איז עס געווען אַ מענטש, אפֿשר — עטלעכע... ס'איז נאָך געווען גוט טונקל. אין גראָבן איז די טונקלקייט געלעגן צוזאַמענגעפּרעסט אין אַ דיקער פֿינצ־טערניש. אין דער פֿינצטער האָבן אַרויסגעבלאַסט די פֿאַרגאַפּטע פּנימער פֿון די טרופּן, זייערע שטאַרע, צערודערטע אויגן־ווײַסלען ביים ראַנד פֿון פֿאַראַפּעט.

5:40. די אַרטילעריע פֿון אַנדערן זייט האָט געעפֿנט פֿייער — געדיכט, בלינד. די ערד ווערט צעריסן, צעשפּליטערט, דורכגעבויערט ביזן אינגעווייט, ברעכט זיך ביזן טיפֿן טיף. ס'שוידערט, באַטויבט ביז אָטעמלאָזיגקייט, ביז וואַנזין. דער טאַבור־קאָמאַנדאַנט שאַרט זיך דורך דורכן ענגן גראָבן, טוט פֿאַרבייגייענדיג אַ שטורך אַבוקאַדיר עפֿענדין אין פּלייצע —

— נאָך צוואַנציג מינוט...

אַבוקאַדיר עפֿענדי טוט אַ קוק אויפֿן האַנט־זייגער: ס'שטימט. נאָך צוואַנציג מינוט... נאָך ניינצן... די קורצאָטעמדיגע מינוטן, דער גרויל פֿון וואַרטן! — וואַרטן אויף דעם, וואָס מ'איז גערן ס'זאָל נ י ט געשען... דער אָנגעצויגענער שווייגן, וואָס וועגט אַרונטער די איינגעבויגענע רוקנס, די איינגענורעטע קעפּ, אין די עטלעכע ניט־אויסגעשלאָגענע מינוטן פֿון דער לעצ־טער שעה! מינוטן, רגעס — שטומע סך־הכּלען פֿון פֿאַרהפקרטע בינטלעך לעבנס, וועלכע קלאַמערן זיך צו דער קאַלטער ערד פֿאַר אַ שטיקל שוץ, פֿאַר אַ שאָטן פֿון נאָענטקייט; וועלכע קוקן און זעען און ווילן ניט גלויבן — ווילן ניט שטאַרבן. און ציינער פֿאַרקלעמען זיך, און ברעמען פֿאַלן שווער אַרונטער. דער האַרצקלאַפּ שלאָגט־אויס די מינוטן, די רגעס: אָט באַלד! — אָט שוין!... אַנטקעגן גאַפּט דער וועג דער אָנגעצייכנטער — בלינד, אימהדיג — און מאַנט. ווער וועט דערגרייכן? ווער וועט פֿון דאָרט צוריקקומען?

ווער וועט דאָרט בלייבן?... און מ'שטאַרט, מ'שוויגט, און ס'ווילט זיך גלויבן: ניין, ניט איך... ניט איך... ער — דער ביי מיין זייט — דער היג־טער מיר — פאַר מיר — מיין חבר — מיין ברודער — נאָר גישט איך — דערווייל ניט — צו־פרי... דאַסמאָל — נאָר דאַסמאָל... און פון אַנטקעגנ־דיגן תוהו גייט־אויף, וואַקסט־אויס אַ פינגער — שוואַרץ און שפּיזיג — און טייטלט, שפּיזלט אין די אויגן, הוילט־אויס מיט יעדן אַפּשאָס טיפער, הוילער: ד—ו—ו!... ד—ו—ו!... ד—ו—ו!... און ס'טוט אַ ברי דאָס בלוט, ס'טוט אַ ברען דער אָטעם, קאַנוואולסיוו קלאַמערן זיך פינגער צום געווער: אויפמאַנען! באַצאָלן! אויב יאָ, זאָל צוערשט טייער באַצאָלט ווערן פאַר דאָס שטיקל לעבן — דאָס העכסטע פרייז פאַר דאָס פּיצל אַ ל ץ!... אויפמאַנען! באַצאָלן!... מיט וואָס? פון וועמען? פאַרוואָס? ו ו ע ר?...

און מ'שטומט, מ'גאַפט, מ'וואַרט.

נאָך אַכט מינוט... נאָך זיבן...

די וויזערס רירן זיך ניט. דער שוויגן ווערט שווערער. די אימה קוועלט. ס'הויבט־אָן בלאָסן דער טאָג — אַ קיינמאָל. שטורעמדיגער, ווילדער ווערט דאָס קנאַלן פון די באַטאַרעען. מיט די רעקרוטן איז שלעכט. זיי נאָרן־איין די קעפּ אין די עלנבויגנס. דער שווייגנדיגער וואַרטן אונטער דער חופה פון טויט דערשיטערט זיי ביזן מאַרך פון די ביינער. זייערע נערוון פּלאַצן.

נאָך זעקס מינוט...

די לופט ווערט שטיקנדיגער, דער אָטעם — אָפּגעריסענער. וועהבי עפּענדי טראָגט זיך געאיילט פאַרביי. אַ יונגער רעקרוט, פון די ניי־אָנגעקומענע, טוט זיך ראַפּטאָם אַ ריס־אָפּ פון זיין שטעל. אַבוקאַדיר עפּענדי באַמערקט זיין פּנים: די אויגן אויפגעפּראַלט, די שוואַרצאַפּלען קליין, שפּיזיג, אויף די ליפּן בלעזלט אַ ווייסער שוים. דאָס איז ניט גוט: דאָס איז אַנשטעקנד. ביי צוויי אַנדערע רעקרוטן ברעכן זיך שוין די מויל־ווינקלען, די ברוסט הויבט זיך האַסטיג. דער ערשטער רעקרוט לאָזט־אַרויס אַ באַנומענעם גרילץ און לאָזט זיך לויפן. אַכמעד באַפּאַלט אים און וויל אים מיט גוואַלד איינגעמען. דער רעקרוט רייסט זיך אַרויס פון זיינע הענט, טוט זיך אַ יאָג נאָך וועהבי עפּענדין און הויבט אים אָן צו דראַפּן ס'פּנים. וועהבי עפּענדי מאַכט ניט מיט אים קיין לאַנגע שהיות: אַ קויל אין די שלייפן — ער איז פאַרטיג. אַכמעד טוט אויף אים אַ בליק מיט די אויגן, טוט אַ שטשירע די ציין, אַ שפּיי, און טוט זיך אַ טוליע צום געווער. דער זייגער איז 5:59. נאָך איין מינוט.

— טאַאַקים, גרייט!

הענט טוען זיך אַ ריס צום פּאַראַפּעט. רוקנס ציען זיך אָן אין בויגנס. דער אַנבאַשי ניט ווייט פון אַבוקאַדיר עפּענדיס שטעל רירט זיך ניט פון אָרט. ער בלייבט שטיין מיטן קאָפּ אַריבערגעוואָרפן אויפן זייט פון פייער־טרעפּ. א

גראַנאַט־שפּליִנטער שטעקט ביי אים אַרויס צווישן די אויגן. ער איז טויט.

אַ הילכיקער פּייף שניידט דורך דעם גראָבן פון איין עק ביזן אַנדערן. אַבוקאַדיר עפּענדי טוט זיך אַ הייב פאַראויס —

— אַללאַ ביזימלי! אילערי מאַרש־מאַרש!!![1]

די ערד טוט זיך אַ וויג אונטער די פיס. זיי זייגען אַריבער. אין אַן אויגנבליק זיינען זיי באַגעגנט געוואָרן פון אַ האַפטיגן מאַשין־געווער־פייער.

— זיך אויסשפּרייטן!! — האָט אַבוקאַדיר עפענדי זיך אַנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות אַריבערצושרייען דעם טרוקענעם בילן פון מאַשין־געווער — אין אַ זשאַבע־שפּרונג!

צוויי זיינען געפאַלן איידער זיי האָבן דערגרייכט דעם ערשטן שראַפּנעל־גרוב. ביידע רעקרוטן. בויך־וואונדן.

— אויפשפּרינגען!!

פון איין שראַפּנעל־גרוב צום צווייטן, אַ פּאָר שפּרונג אויף אַ מאָל — עקשנותדיק, באַנומען. דער שפּער־פייער האָט אַנגעהאַלטן. די דעקונג איז שפּאָר, ניט צו־זיכער. זיי זיינען אין דער ליניע פון שונאס ביקסן־פייער. גראַנאַטן פּלאַצן־אויף מיט אומגעהויערער שנעלקייט איבערן דורכגאַנג־שטח. זיי זיינען אָבער רעגלמעסיג. מ'קאָן דאָ ניט לאַנג ווײַלן — מ'מוז זיך דורכברעכן —

— אין געלאָף! פאָרדרינגען!!

זיי שפּרינגען־אויף ווי פון אונטער דער ערד אַרויס. עטלעכע בלייבן ליגן. אַ פּאָר רופן פּאָר סאַניטאַרן. פון אַ הינטערהאַלט פּאַלט אַ האָגל פון ביקסן־קוילן — אָפּגעוואָרט, געצילט — טראָגן זיך פאַרביי און זשומען ווי בייזע זומער־פליגן. אַבוקאַדיר עפּענדי דערשפּירט זייער אָפּשוס־פּונקט. ער טוט אַ וואונק צו אַכמעדן. יענער טוט אַ צונד דעם קנויט פון אַ האַנט־גראַנאַט, טוט עס אַ שליידער, און באַלד — אַ צווייטן. דער קאַניאַלי מיט נאָך איינעם העלפן אים אַרויס. דער הינטערהאַלט־פייער ווערט באַלד איינגעשטילט. איצט שיסט מען נאָר פון די אַנטקעגנדיגע גראָבנס — אַ געדיכטער, ווירקזאַמער פייער. ס'פעלד איז אָפן. דאָ צו נעמען שטעלונג איז אומגעזונט. זיי טוען זיך אַ צי פאָראויס. דעם שונאס פאָדער־רייען טוען אַ טונקל פאַר די אויגן. איצט זעט מען זיי קלאָר. אַ וואָרף צו דער ערד, מ'קאָן ווייטער ניט גיין: מ'איז צו־נאָנט צו דער ליניע פון אייגענעם אַרטילעריע־פייער. די גראַנאַטן פון שונאס פאָדער־רייע פאַראורזאַכן שווערע פאַרלוסטן, האַלטן־אָפּ דעם שטויס. מ'קוקט זיך שוין מער ניט אום אויף די פאַרוואונדעטע.

— דעקונג!

זיי שלייכן זיך אויפן בויך, נאָנט צו דער ערד. שראַפּנעל־ברוכן און

---

1. גאָט איז מיט אונדז! פאָראויס!

שפּלינטערס שנײדן אין די קני, אין די עלנבויגנס. אוני עפּענדי דערדראַפּעט זיך פון ערגיץ־וואו, גראַבט זיך אײן הינטער אַ קוסט. זײן פּײער איז ווי געוואונשן. דאָס איז גוט! אַ מינוט, צווײ — זײן מאַשין־געווער ווערט קאַליע. ס'העלפט ניט אַכמעדס פּסלענען. דער אויסטויש פון ביקסן־פּײער ווערט וואָס אַ ווײלע אימפּעטדיגער. אַכמעד קאָן שוין מער די ביקס אין האַנט ניט האַלטן: די רער בריט די פינגער. דער שפּער־פּײער פון דער אײגענער אַרטילעריע האָט זיך אויפגעהויבן און זיך איבערגעטראָגן ווײטער. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט געגעבן אַ באַפעל:

— אײנהאַלטן פּײער! האַנט־גראַנאַטן גרײט!

מ'איז געבליבן ליגן אומבאַוועגט. אַ מינוט. נאָך אײנע. די רוסן הויבן זיך פון די גראַבנס. זײ לאָזן זיך אַרויס אין דער אָפן, לאַנגזאַם, געהיט. אַה, אויף דעם האָט ער געוואַרט! זײ קומען...

— צינדן! שלײדער!

אײן גראַנאַט נאָכן אַנדערן. זײ רײסן־אויף, זײ טרעפן. זעכצן, אַכצן. אַכמעד וואַרפט ווי אין אַ ציל־ברעט. דער אַנטקעגנדיגער פּײער ווערט שוואַכער: זײ ציען זיך צוריק אונטער דעקונג. איצט איז די צײט!

— הודזשום![1] מיט פולן אימפּעט פאָראויס!

דער לעצטער שטורם — פאַרביסן, באַרוישט. עס שיפּן זיך פאַרבײ גרײ־בער, קוסטן, אײזן, בלײ. אימפּעט טרײבט, שרעק יאָגט. זײ זײנען האַרט בײ די שטאַכל־דראָטן. זײ פּלאַצן אונטער די שערן, איבערן לײב, דורכן לײב. עטלעכע פאַרפּלאָנטערן זיך אין געוועב, בלײבן הענגען. אַ שפּרונג־אויף. נאָך פינף טריט — נאָך צווײ... מ'איז בײם גראַבן — מ'איז דאָרט. אַבו־קאַדיר עפּענדי מיט אַכמעדן זײנען די ערשטע אַרײנצושפּרינגען. די איבעריגע קומען נאָך, באַיאָנעטן געדראָט. די רוסן זײנען ניט קײן סך. זײ ווערן זיך אַ ווײלע, און לאָזן אַרונטער דעם וואָפן — „קאַמעראַד! קאַמעראַד!" — צו שפּעט! די יונגען ווילן פון דעם ניט וויסן. זײ שמעטערן, שטעכן, קײלן. אין דער זײט־טרענשעע איז אַ געדראַנג: זײ שפּאַרן זיך צום אַרויסגאַנג. אַ דיקער רו־סישער אָפיצער בויגט זיך אײן אַנצוצינדן דעם קנויט פון אַ באָמבע. אַכמעד טשאַואיש שפּאַלט אים איבער דעם רוקן מיט דער קאָלבע פון ביקס. דער רוס דרײט זיך צוזאַמען ווי אַ שלײען, ווערט צעטראָטן אונטער די פיס. אַ צווײטער טראָגט זיך באַלד אָן פון דער זײט. ער ווערט צוגענאָגלט פון אַ באַיאָנעט צו דער וואַנט. אַ רויטהאָריגער פאָניע טוט זיך אַ וואָרף אויף אוני עפּענדין. זײ ראַנגלען זיך אַ ווײלע פאַרצוויפּלט, ביז אַכמעד קומט צו הילף. ער עסט זיך אײן מיט די צײן אין דעם פאָניעס גאָרגל. דער פאָניע כאָרכלט אַ ווײלע — ער איז פאַרבײ. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט געטראָפן אײנעם מיט אַ רעוואָל־

---

1. שטורעם־אָנגריף!

ווער־קויל אין מויל. אַ שטראָם בלוט פון דעם צעיושעטן רוס טוט אים אַ שטורץ גלייך אין פּנים, אין די אויגן — זודיג, געדיכט. אַן עקל כאַפּט אים אָן. ער טוט זיך אַ וואַקל און האַלט זיך אָן אָן דער וואַנט פון אונטערגראָבן. אַכמעד טשאַואיש לויפט־צו צו אים — ער איז באַלד ווידער אויף די פיס. ביי אַכמעדן רינט בלוט פון מויל, פון די ציין — זיינס, צי דעם פאַניעס — און אַ באַק איז ביי אים אויפגעריסן. ער לאָזט זיך אַוועק איינצובאַריקאַדירן די יונגען.

די טראַנשעע ווערט אָפּגערייניגט, פאַרנומען. דער ערשטער ציל־פּונקט איז דערגרייכט. וויפל האָבן דערצויגן ביז אַהער? וויפל זיינען געפאַלן? ווען גייט עס אָן? ווער האָט צייט נאָכצוקלערן? די טראַנשעע מוז געהאַלטן ווערן מיט וויפל ס׳זיינען דאָ — מוז באַפעסטיגט ווערן אײדער די רוסן דער־גרייכן די צווייטע ליניע. מ׳איז דורשטיג, צעקאָכט. אַ סך פאַרוואונדעטע.

די צווייטע כוואַליע פון די אַטאַקירנדיגע טרופּן טראָגט זיך פאַרביי. וועהבי עפענדי איז מיט זיי. אַכמעד טשאַואיש שפּירט אים נאָך, לאָזט פון אים קיין אויג ניט אַרונטער. נאָך אָן איבערלויף פון אַ דרייסיג מעטער טרעפן זיי זיך אָן אָן אַ האַפּטיגן ווידערשטאַנד. זיי טוען זיך אַ צי צוריק, נעמען שטעלונג. דער 3טער טאַאַקים האַלט־אונטער זייער פייער פון׳ם פאַרנומענעם גראָבן. אַכמעד האַלט דעם קאָפּ פאַרריסן, קוקט אַריבער. ס׳איז נישט דער שטענדיגער אַכמעד. עפּעס איז דאָ ניט גלאַט.

— דאָס זיינען דזשינים[1] ניט קיין מאָסקאָפים; — טוט ער אַ ברום אַרויס פון אונטער די וואָנצן — מ׳מוז זיך גוט צילן.

אבוקאַדיר עפענדי פאַרשטייט ניט וואָס ער איז אויסן און וואַרפט אויף אים אַ פאַרווירטן בליק פון דער זייט. אַכמעד נעמט ציל, שיסט וויניג — כמעט גאָרניט. ס׳בלוט רינט אים אַרונטער פון דער אויפגעריסענער באַק.

— ער האָט דיר, ווייזט אויס, אַזוי ריכטיג צעמזיקט, דער לעצטער רוס, אַכמעד.

— עה, ס׳איז גאָרניט, עפענדים — טוט זיך אַכמעד אַ וויש ס׳בלוט מיטן אַרבל און פאַרשמירט זיך דערביי דעם גאַנצן פּנים — ס׳איז בלאָטע! אַט־אַ־דער־אַ, דאָרטן — אַט וואָס...

אַבוקאַדיר עפענדי כאַפּט אַ קוק דורכן פעלד־שפּאַקטיוו: וועהבי עפענדי מאַכט עטלעכע מאָל אַ פאַרזוך אַרויפצודראַפּען זיך אויפן היגל אַנטקעגן. ער ווערט צוריקגעשטויסן. ס׳פייער איז צו שטאַרק. אַכמעד טוט פּלוצים אַ שאָל אויס:

— אָה! ט׳געפּגרט, דער קעראַטאַ, עי וואַללאַ, גלייך אין רוקן! — און

1. רוחות.

טוט מיטווילדער פרייד אַ הויב די קאָלבע פון ביקס און קלעפּט צו אַ לײדנשאַפטלעכן קוש.

אַבוקאַדיר עפענדי טוט אים אַ ברי דורך מיט די אויגן:

— אַכמעד!?!

— ס'איז גאָרניט, עפענדים... ער'ט שוין מער ניט זיין אַזוי פריי מיטן סולטאַנס קוילן...

— דו טייוול, דו!

אוני עפענדי האָט דערווייל פאַרריכט דעם מאַשין־געווער. די יונגען דאַרט גייט עס ניט גוט; מ'מוז זיי אַרויסהעלפן. ס'ווילט זיך ניט פאַרלאָזן דעם שוץ פון גראָבן. מ'מוז! חברה פאָלגן. אַבוקאַדיר עפענדי טראָגט זיך דורך פאַרביי וועהבי עפענדין. ער איז טויט. זיין פּנים איז פאַרקרימט אין דערזעלבער שוידערלעכער גרימאַסע, ווי ווען ער האָט זיך דאָס לעצטע מאָל געכאַפּט צו אים שלאָגן.

דער לויפער פון טאַבור יאָגט אים אָן מיט אַ באַפעל: „דעם שונאס רייען ברעכן זיך. פאַרדרינגען. דערגרייכן דעם דאָרף ביים שיידוועג 32 אונטער אַלע אומשטענדן!"

די וואַסער־פלאַשן זיינען געוועזן ליידיג. ס'עסן האָט מען פאַרלאָרן. די אויגן האָבן געברענט פון שוויס און שטויב. די יונגען האָבן אויסגעפּאָלגט, האָבן זיך געלאָזט אין גאַנג. זיי איז איצט ניט געווען אַפּצוהאַלטן: „מילגרוי־מען", האַנט־צו־האַנט, פאַרוואונדעטע, טויטע — זיי האָבן זיך דורכגעבראָכן.

און מיטן פאַרנאַכט האָט אַ הייפל זעלנער פון 1טן בולוק, אונטער אַבו־קאַדיר עפענדיס ליטונג, זיך אַריינגעשלייכט אין דאָרף ביים שיידוועג 32, אָפּגעפּליקט, צעבלוטיגט, פאַרשמאַכט. דער דאָרף איז געשטאַנען אין פלאַמען. דער דאָרף איז פאַרנומען געוואָרן. מ'האָט געזוכט וואַסער. די ברונימער זיינען געווען איינגעבראָכן. אַ סך זיינען געווען צו־אויסגעמאַטערט צו זוכן. מ'איז צוגעפאַלן צו דער ערד — צו דער גוטער קילער ערד. אַ פאָסטן־פּאַטרול איז אויסגעשטעלט געוואָרן ביים וועג. אוני עפענדי האָט ערגיץ־וואו געפונען אַ פלאַש רוסישן בראַנפן. ער איז געווען אין זיבעטן הימל. ער האָט פאַרגע־שלאָגן אַבוקאַדיר עפענדי אַ טרונק, נאָך איינעם. אַכמעד האָט זיך צו דעם ניט געוואָלט צורירן: ער האָט שוין דורכן טאָג „זיין דורשט געשטילט"...

נאַכט איז צוגעפאַלן.

מיטן ערשטן טאַבור אויף רעכטס איז עס געגאַנגען שלעכט. זיי האָבן געליטן שווערע פאַרלוסטן איידער זיי האָבן דערגרייכט זייער ערשטן ציל־פונקט. זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן, ווידער אַטאַקירט, האָבן זיך איינגעגראָבן און געבליבן שטעקן. די ליניען זיינען געווען צעשוואומען, לויז. מ'האָט געדאַרפט צונויפקניפּן פאַרבינדונגען מיט די פלאַנקען. רעקאָגניצירונג. פעלד־פּאַטרול. אַ טאָג. צוויי. דעם שונאס רייען ווערן טעטיג. דער חרובער דאָרף

איז דורך דער צייט איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. די רוסן האָבן צו־געקראָגן פאַרשטאַרקונג. דער דאָרף איז געבליבן ביי זיי. דער 2טער טאַבור האָט זיך צוריקגעצויגן אין דער רעזערוו־ליניע.

דער אָוונט איז געווען אַ רעגנדיגער. קאַלט. די טרופּן זיינען געווען צעבראָכן, הונגעריג. דורכגעווייקט ביזן ביין. האָט דאָס רעשטל פון 2טן טאַבור זיך דערשלעפּט, איבערן ליימיגן פעלד, צו דער רעזערוו ליניע. ערשט איצט האָט אַבוקאַדיר עפּענדי דערפילט די גאַנצע אינערלעכע איפּרודערונג פון די לעצטע פּאָר מעת־לעת. די איבערפלעכלעכע וואונד אויף זיין שטערן האָט אים אָנגעפאַנגען צו דערעסן. אין פולן אָנטאָן האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן שטרוי־זאַק. ס׳איז געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, ווען זיין מידקייט איז פאַרגאַנגען אין שלאָף.

# 26

## צווישן לאגערן

ער האָט קוים באַוויזן זיך אַביסל אָנצואוואַרעמען אונטערן צודעק פון איבערמאַנטל, ווען דער לויפער פון הויפּטקוואַרטיר האָט אים אויפגעוועקט:

— דער אַלאַי־קאָמאַנדאַנט פאַרלאַנגט אַז איר זאָלט באַלד קומען אין הויפּט־קוואַרטיר, עפענדים.

ס'איז געהאַנגען דער נאַכטיגער טוי. די ערדישע רויקייט האָט דורכגעדרונגען דורך די פּייכטע שיך און האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער. ביים הויפּטקוואַרטיר האָבן אין דינעם נעפּל געשאָטנט די סילועטן פון עטלעכע רוסישע סאָלדאַטן אונטער אַ שטומער וואַך. אַרום־דער וואַך האָבן אומגעפּאַ־דיעט נייגעריגע, האַלב־פאַרשלאָפענע אַסקאַרים, און האָבן שווייגנדיג באַ־טראַכט די אַנטוואַפנטע פיינדלעכע סאָלדאַטן. דער ענגער צימער פון הויפּט־קוואַרטיר איז געווען פאַרטונקט אין שאָטן. ביים סומנעם אָפּשיין פון אַ נאַפט־לעמפּל איז געזעסן דער יאַוויר מיטן באַש־טשאַויש און האָבן פאַרענדיגט די טאָג־רעפּאָרטן. איסמאַאיל ביי איז אומגעגאַנגען פאַרטראַכט איבערן צימער און האָט זיך צוגעהערט צו די אַקאָרשט־דערהאַלטענע פאַראָרדענונגען, וועלכע דער כאַרביע־זאַבעטי האָט פאַר אים פאָרגעלייענט. אַ מידע אָנגעשטרענגטקייט איז געהאַנגען אויף זיינע ניט־דערשלאָפענע וויעס.

— אַבוקאַדיר עפענדי, איר וועט אויספרעגן די געפאַנגענע — זעקס זעל־נער און איין אָפיצער.

— צו אייער באַפעל, בייעם.

— דערקונדיגט זיך פון זיי וואָס נאָר איר קאָנט — איבערהויפּט פון דעם אָפיצער. יעדע אינפאָרמאַציע, וואָס איר קאָנט פון זיי אַרויסקריגן, איז פאַר אונדז זייער וויכטיג.

— איך וועל ניט שפּאָרן קיין מי, בייעם.

— גוט. און זײַט, איך בעט אײַך, פֿרײַנדלעך צו זיי. נוצט קאָפּ. איר קאָנט זיי די רוסן. כ׳לאָז זיי איבער אינגאַנצן צו אײַך.

— כ׳וועל זען נאָכצוקומען אײַער דערוואַרטונג, בײַעס. ראקי?

— אויב נויטיק. איבערהויפּט — טאַקט און ניט געאײַלט זיך.

— כ׳פֿאַרשטיי, בײַעס.

— פֿאַרנעמט אַ פּלאַץ בײַם טיש... עקרעם טשאַואיש, הייס אײַנציגוויין אַרײַנפֿירן די געפֿאַנגענע!

מיט דער געפֿאַנגענער מאַנשאַפֿט איז דער פֿאַרהער צוגעגאַנגען שנעל: דער נאָמען? עלטער? געבורטפּלאַץ? אָפּטיילונג? פּשוטע, גאָטספֿאַרכטיגע פּויערים. מערסטע פֿון זיי האָבן אפֿילו ניט געוואוסט וואו זיי זײַנען אין דער וועלט. אַבוקאַדיר עפֿענדי איז געווען איבערראַשט צו באַמערקן אַז זיי האָבן באַלאַנגט צום פּאָלק, וועלכער האָט אין שלום־צײַט באַוואַכט די פֿעסטונג אַרום פּילענאָווע. זיי האָבן מיט זיך אָנגעטראָגן אַ ווײַטע היימישקייט, אָן אָפּגעפֿרעמדטע באַנטקייט.

— ווי לאַנג אויף דעם פֿראָנט?

— פֿון טראָיצע אָן.

— דאָס איז אַן ערך פֿון אַכט חדשים, ריכטיק?

— אויב אַזוי באַווײַזט דער חשבון, איז עס מסתמא ריכטיק.

— און עסן געהאַט גענוג?

— ווי אַ מאָל. אויפֿן פֿריערדיקן פֿראָנט האָט מען, פּאַזשאַלוי, בעסער געקאָרמעט.

— וועלכער איז דער פֿריערדיקער?

— אָט דאָרט, אַנטקעגן דײַטש.

— און ווי אַזוי זענט איר אַרײַנגעפֿאַלן צו אונדז?

— נו, פּראָסט: אַרויס מיטן ראָטנעם קאָמאַנדיר אויף פּאַטרול באַלד נאָך זונאונטערגאַנג, אומגעבלאָנדזשעט אַ שטיק נאַכט, און אַזוי זיך אָנגעשטויסן אָן אײַערע. האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, זיך איבערגעשאָסן. פֿיר פֿון אונדזערע אויפֿן פֿעלד געלאָזט. מיטאַמאָל האָט דער ראָטנער קאָמאַנדיר באַפֿוילן אויפֿצוהייבן די הענט און—— אָט! איצט זאָגט מען אונדז אַז מיר זײַנען, זאָל דאָס הייסן, געפֿאַנגען.

— אַ סך געפֿאַלן פֿון אײַער אָפּטיילונג אין דער אײַערנעכטיקער שלאַכט?

— מ׳זאָגט, בודטאָ־בי [1], צוועלף: נאָר, לאָז עס געמאָלט זײַן, אַז עס זײַנען געווען מער. מיר ווייסן קיינמאָל ניט דעם אמת.

— ווי לאַנג איז אײַער פּאָלק אין די שוצגראָבנס?

— אַ טאָג צען. ס׳זײַנען אפֿילו אָנגעקומען פֿרישע טרופּן אונדז צו פֿאַרבײַטן, נאָר אונדז האָט מען אויף אָפּרו ניט צוריקגעשיקט.

---

1. כלומרשט.

— אַ סך נייע?

— פּאַזשאַלוי, גענוג. נאָר עסן, זעט איר, ווייניג. מ׳האַלט אין איין ברענגען געווער און קוילן און האַרמאַטן; נו, איז אויף עסנוואַרג סטאַיעט ניט דער טראַנספּאָרט.

— און די סלוזשבע ווי איז?

— שווער, טשאַרט איך דערי![2] מ׳שיקט דיר כלומרשט זיך אָפּצורוען, און ווי טאָג — ווי נאַכט נאָר מאַנעווורעס און מאַנעווורעס. פרעג וואָס? פרעג ווען? ווי מ׳וואָלט סיידן אָן מאַנעווורעס ניט געקאָנט געהרגעט ווערן...

— און דו, ביסטו צופרידן וואָס דו ביסט געפאַלן געפאַנגען — מיטן לעבן אַרויס?

— גאָט אַ לויב! באַקלאָגן זיך איז אַ זינד. נאָר אַהיים, פּאַזשאַלוי, בענקט זיך.

— נו, גיי. די יונגען ׳עלן דיר געבן צו עסן. נאָר געדענק: מאַכסטו אַ פאַרזוך צו אַנטלויפן, כאַפּסטו אַ קויל אין פּלייצע!

— גאָט באַוואַר! — האָט זיך דער קאַצאַפּ אַ צלם געטאָן — איר זענט מענטשן פריינדלעכע און גוטע שיסער...

דער געפאַנגענער אָפיצער איז געווען דער לעצטער אויסגעפרעגט צו ווערן. אַ ברייטביייניגער, מיט אַ רויטן, ווינט־צעפּאַטשטן פּנים, דער גרויער שינעל צעשפּיליעט, די עפּאַלעטן אַרונטערגענומען — האָט ער מיט נאַקעטע אויגן זיך אומגעקוקט אויף די אַרומיגע אין צימער. זיין פאַרלאָרנקייט האָט אַרויסגערופן אַ בלאַסן שמייכל אויף אַבוקאַדיר עפּענדיס ליפּן.

— זעצט זיך. — האָט ער אים פאַרגעלייגט, אָנווייזנדיג אויף אַן אָפּגעליי־דיגטן קעסטל ביים טיש.

— כ׳דאַנק העפליך! — האָט דער רוסישער אָפיצער זיך פאַרנויגט און האָט צוגעטראָגן די פינגער צום דאַשעק און האָט זיך באַלד צוריקגעכאַפּט פאַר־שעמט — אַנטשולדיגט...

— אַ, זאָל דאָס אייך ניט קימערן. אַלע נייע געפאַנגענע מאַכן דעמזעלבן טעות. איר זענט וואַרשיינלעך ניט געווען אָפּט אונטער אַרעסט... אייער נאָמען?

— סמירנאָוו — מיכאַאיל איליטש סמירנאָוו.

— אייער ראַנג?

— קאַפּיטאַן.

— קאַפּיטאַן סמירנאָוו, — האָט אַבוקאַדיר עפּענדי, צורוקנדיג זיך נעענטער צו אים, אַנגעהויבן אין אַ געמיטלעכן טאָן — עס איז מיין פליכט צו שטעלן אייך געוויסע פראַגן. ווי איר ווייסט, איז עס אייער פולע רעכט צו אַנטזאָגן

1. נעמט זיי דער טייוול!

זיך פון ענטפערן, אויב איר האָט אייערע אורזאַכן פאַר דעם. אַלס געפאַנגענעם אָפיצער קאָנען מיר אייך דערצו ניט צווינגען. עס וואָלט אָבער איינגעשפּאָרט אַ סך צייט און וואָלט געהאָלפן דערליידיקן געוויסע נויטיגע פאָרמאַליטעטן, אויב איר וועט געפעליג זיין און נאָכקומען מיינע פראַגן... איר טרינקט?

— אַביסל, ווי אַלע רוסן, כע־כע...

אַבוקאַדיר עפענדי האָט פאַר אים אָנגעגאָסן אַ קאַווע־שעלכל ראַקי. סמירנאָוו האָט עס אויפגעהויבן צו די אַרומיגע:

— פאַר אַ גיכן שלום!

— נאָך איינע, קאַפּיטאַן? ס'איז אפילו ניט קיין רוסישע וואָדקאַ, נאָר, ווי איך פאַרשטיי, איז עס גוט.

דער רוס האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און האָט זיך באַלד גענומען פילן צוגעלאָזענער, ריידעוודיגער.

— ע—ה, גוט! אַ דאַנק אייך פאַר אייער פריינדלעכקייט. אַ שאָד וואָס איר מאַכמאַדאַנער טאָרט ניט טרינקען.

— מיר באַנוגענען זיך מיט אַנדערע, מילדערע געטראַנקען. דאָס האַלטן מיר נאָר פון גאַסטפריינדלעכקייט וועגן... אייער פּאָלק, קאַפּיטאַן, איז דער 118טער, אמת?

— אמת.

— און דאָס איז, אויב איך מאַך קיין טעות ניט, אַ קאָמפּאָנענט פון דער דרייסיגסטער אינפאַנטעריע דיוויזיע?

— די דרייסיגסטע איז ריכטיג.

— און ווי מיר איז באַקאַנט, איז אין פרידן־צייט אייער פּאָלק גאַריזאָנירט געווען אין ווייס־רוסלאַנד, אין פּאָלעסיער געגנט. איר האָט דאָרט באַוואַכט אַ פעסטונג ניט־ווייט פון דייטשישן גרעניץ, ריכטיג?

— מ——יאָ... — האָט סמירנאָוו מיט דערשטוינונג צוגעגעבן — נאָר זאָגט, איך בעט אייך, פון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ?

אבוקאַדיר עפענדי האָט אַ שמייכל געטאָן מיט די אויגן —

— איך בין ניט אויסן צו באַנעמען זיך אונהעפלעך, קאַפּיטאַן סמירנאָוו; נאָר צופעליגערווייז בין א י ך דער צו שטעלן פראַגן.

— אָ, אַנשולדיגט!... איך האָב ניט געמיינט... בלויז אויס נייגעריגקייט...

— פילט זיך ניט געטראָפן, קאַפּיטאַן. איך פאַרשטיי: איר זענט אַביסל איבערראַשט.

— כ'מוז צוגעבן: זייער. אַזוינע דעטאַלן!

— זאָל דאָס אייך ניט איבערראַשן, קאַפּיטאַן. אונדז איז באַקאַנט די פאַרגאַנגענהייט פון יעדן פיינדלעכן רעגימענט, וועלכער געפינט זיך קעגן אונדז, ביז צו דער מינדסטער איינצעלהייט. אָט, צום ביישפּיל, ווייסן מיר,

אַז אייער רעגימענט ציט זיין געשיכטע פון די צייטן פון פּיאָטר דעם ערשטן — אָדער „דעם גרויסן", ווי איר רופט אים. פאַרשטייט? עס איז שוין אַן אַלטע מיליטערישע אַקסיאָמע: „ווילסטו אויסגעפינען דעם מאָראַל־צושטאַנד פון אַ טרופּן־אָפּטיילונג, באַקאָן זיך מיט איר פאַרגאַנגענהייט". אָט נעמט למשל, אונדזער רעגימענט — איינער פון די עלטסטע רעגימענטן — האָט ער צו זיין קרעדיט פאַרדינסטן, נצחונות, וועלכע האָבן געשאַפן געשיכטע, און אַזוי־אַרום האָט ער זיך דערוואָרבן זיינע אייגענע טראַדיציעס און איז, מיט רעכט, פאַררעכנט פאַר איינעם פון טאַפּפערסטע רעגימענטן אין דער אַטאַ־מאַנישער אַרמיי. איר, אַלס אָפיצער, האָט עס געוויס באַמערקט אין דעם באַנעם פון די טרופּן אין פאַרלויף פון די לעצטע צוזאַמענשטויסן.

— אַ, יאָ! מ'קאָן ניט פאַרלייקענען.

— ס'איז אַ פאַקט... אייער גלויבן, קאַפּיטאַן? — רעכטגלויביג, פאַר־שטייט זיך?

— נו, געוויס: אַ רעכטגלויביגער.

— געבוירן?

— אין ראָסטאָוו.

— ראָסטאָוו, ביים דאָן... יאָ. נאָר די מאַנשאַפט אייערע, ווי איך פאַר־שטיי, באַשטייט מערסטנס פון ווייס־רוסן — פון אַרום דעם גאַרניזאָן־געגנט, ריכטיג?

— אַ גרויסער טייל. דער זאַפּאַס, הייסט עס — יאָ. די רעגולערע מאַנ־שאַפט שטאַמט פון אַלע עקן פון דער גרויסער מוטערל רוסלאַנד; איז צוזאַ־מענגעשטעלט פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן: אוקראַאינער, טשעכן, קאַווקאַזער, אַרמענער און אויך אידן.

— נו, יאָ: אַ געמישטער רעגימענט... — האָט אַבוקאַדיר עפענדי באַ־מערקט, באַטאַפּנדיג מיט די פינגער די דאָקומענטן און פערזענלעכע קליינִיג־קייטן, וועלכע מ'האָט געפונען ביי סמירנאָוון אין קעשענע.

— ווי קומט עס, קאַפּיטאַן סמירנאָוו, — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום אַ פרעג געטאָן, כלומרשט נאָנשאַלאַנט — וואָס איר האָט מיט זיך מיטגעטראָגן די אַלע דאָקומענטן ווען איר האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף פעלד־פּאַטרול? זאָל עס ——

— כ'ווייס וואָס איר פאַרדעכטיגט — האָט סמירנאָוו, אַביסל פאַרלאָרן, אים איבערגעשלאָגן — נאָר ס'איז ניט דאָס. איר פאַרשטייט? ס'איז אַזוי: אייגנטלעך איז עס ניט געווען מיין ריי פאַר פּאַטרול־דינסט. נאָר דער אונטער־לויטענאַנט — אַ יונגער, נערוועזער פּאָליאַק — וועלכער האָט לעצטן אָוונט געזאָלט אָנפירן די פּאַטרול־אָפּטיילונג, האָט אין דער לעצטער מינוט זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. ער האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן די אָנשטרענ־גונג פון פראָנט־לעבן, און די לעצטע צוזאַמענשטויסן מיט אייערע טרופּן האָבן

אים אײַנגאַנצן דערשיטערט. אַזאַ געשעענִיש, ווי איר ווייסט, האָט אַ שעד־לעכע ווירקונג אויף דער מאָראַל פון דער מאַנשאַפֿט. אונטער די אומשטענדן בין איך געווען געצוואונגען אַליין איבערצונעמען דעם פּאַטרול. און אין דעם גאַנצן טומל און אײַלעניש האָב איך ניט באַוויזן אויסצולײדיקן מײַנע טאַשן. און אַזוי ——

— האָט איר פֿאַרבלאָנדזשעט צו אונדז אומגעריכט... נו, זײַט ניט אַזוי נערוועז, קאַפּיטאַן, — האָט אַבוקאַדיר עפענדי אים געזוכט צו באַרויִקן, זעענ־דיג ווי יענער איז אויפסניי באַזעסן געוואָרן פון דער פריערדיקער אויפגע־רעגטקייט — באַרויִקט אײַך. מיר באַגייען זיך מיט אונדזערע געפאַנגענע ניט ערגער ווי אַלע אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער, כאָטש איר האַלט אונדז פאַר אַזיאַטן... איר'ט פאַררויכערן?

— אויב איר'ט נאָר אַזוי געפעליג זײַן. — האָט דער רוס, מיט אויפגע־לעבטע אויגן און זשעדנע פינגער, זיך אַ וואָרף געטאָן צום פּעקל סיגאַרעטן אין אבוקאַדיר עפענדיס האַנט — כ'האָב ניט געוואַגט צו בעטן.

— אַך, מיט פאַרגעניגן.

— פון נעכטן־אָן קיין שלונג רויך ניט געהאַט... — האָט סמירנאָוו, פאַרהונגערט, אַרויסגערעדט צווישן די כוואַליעס רויך — וואָס! און אמתער טערקישער טוטון נאָך דערצו... איך ווייס גאָרניט מיט וואָס אָפּצודאַנקען אײַך פאַר אײַער אונדערוואַרטער פרײַנדלעכקייט!

— מיט ענטפערן אויף מײַנע פראַגן... — האָט אבוקאַדיר עפענדי אַרויפ־געקוקט צו אים פון דער זײַט. זײַן בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דעם ניט־אָנגעצונדענעם סיגאַרעט אין זײַן אייגענער האַנט.

— איר מעגט פאַררויכערן, אויב איר ווילט — האָט איסמאַאיל ביי זיך אָנגערופן צו אים — איר האָט געהאַט אַ שווערן טאָג. זאָל מײַן אַנוועזנהייט אײַך ניט שטערן.

— כ'בין זייער דאַנקבאַר, בײַעם.

— ווי גייט עס צו?

— ווי געוואונשן, בײַעם. כ'גלויב אַז כ'האָב אים אַריבערגעוואונען.

— גוט. זעצט פאָר. איכ'ל זיך אויף אַ ווײַלע צולייגן דאָ אויפן געלע־גער. איך בין שרעקלעך מיד. אויב איר דערוויסט זיך פון דעם געפאַנגענעם עפּעס וויכטיגס, לאָזט מיר באַלד וויסן.

— צו אײַער באַפעל, בײַעם.

ער האָט זיך צוריקגעזעצט ביים טיש און האָט גענומען דורכנישטערן סמירנאָווס פאַפּירן.

— דאָ האָט איר אײַער טאַשן־פּאָרטפעל, קאַפּיטאַן; איר קאָנט עס צוריקנעמען. און דאָס? — פערזענלעכע פּאַפּירן, פאָטאָגראַפיעס — פון אײַער פאַמיליע, וואַרשײַנלעך; איר מאָגט עס האָבן. די דאָקומענטן וועלן צוערשט

מוזן גרונטלעך דורכגעקוקט ווערן. מעגלעך אז איר וועט זיי צוריקבאַקומען אין געפענגענשאַפט־לאַגער. די פעלד־נאָטיצן און די לאַנדקאַרטע וועט מוזן פאַרבלייבן ביי אונדז.

— ס׳איז ניט מער ווי רעכט. איך ׳על זיך אין די זאַכן ניט מער נויטיגן פאַר אַ געוויסער צייט... נאָר, ע— דערלויבט מיר אייך צו פרעגן— איר׳ט אַנשולדיגן מיין געוואַגטקייט— זאָגט מיר, ליבער מענטש, ווי קומט צו אייך אַזאַ פליסיגער רוסיש ריידן?

— זאָל דאָס אייך ניט וואונדערן, קאַפּיטאַן. גאַנץ פּשוט: איך האָב די שפּראַך געלערנט. ביי אונדז מוז יעדער אָפיצער באַזיצן איינע אָדער מערערע שפּראַכן פון די שכנותדיגע מלוכות. איך האָב מיר אויסגעקליבן רוסיש.

— אַזוי לאָזט זיך די זאַך דערקלערן. נו, אַזוי פאַרשטייט זיך עס. נאָר— אַזוי קאָרעקט?...

עפּעס פאַרדעכטיגס האָט געקלונגען אין סמירנאָווס לעצטע ווערטער. אבוקאָדיר עפּענדי האָט דערפילט אַז זיין דערקלערונג האָט דעם רוס ניט דורכ־אויס צופרידנגעשטעלט. זיין שפּיל איז אים הפּנים ניט אינגאַנצן געלונגען. און וואָס לענגער דער געשפּרעך האָט זיך פאַרצויגן, אַלץ מער האָט ער געמוזט אָנשטרענגען זיין זעלבסטבאַהערשונג און ניט נאָכגעבן אַ באַהאַלטענעם פאַר־לאַנג נאָכצופרעגן זיך ביים רוסישן אָפיצער אויף זיין אייגענער געבורט־שטאָט; דערקונדיגן זיך פון אים וועגן וואָס ס׳האָט זיך דאָרט פאַרלאָפן זינט דעם מלחמה־אויסברוך... ער האָט מיט אַ געצוואונגענעם פלייס פאַרגעזעצט דעם פאַרהער און האָט זיך געמיט אָנצוהאַלטן אַן אויסערלעכע רואיגקייט.

— נו, געוויס. אַז מ׳לערנט אַ שפּראַך, מוז עס געטאָן ווערן גרונטיג, און מ׳מוז זי באַנוצן קאָרעקט. איך האָב אפילו באַוויזן צו באַקאַנען זיך, ביז אַ גע־וויסער מאָס, מיט אייער קלאַסישער ליטעראַטור: טאָלסטאָי, טשעכאָוו, דאָס־טאָיעווסקי, גאָרקי. מאָדנע, ווי די אַלע זיינען דורכגענומען מיט אַן אומבאַ־וואוסטזיניגער שרעק פאַרן טויט, און דאָך האַלטן זיי זיך אין איין גריבלען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון מאָרד און גסיסה... און דאָס, ווי איך פאַרשטיי, איז אייער מאַנשאַפט־ליסטע?

— יאָ, פון מיין ראָטע.

— אינטערעסאַנט. איר ווייסט? איך האָב אַ באַזונדער נייגער — מ׳קאָן זאָגן, אַ שוואַכקייט — פאַר נעמען; איבערהויפּט, פרעמדע נעמען. זיי קלינגען אַזוי אַנדערש פון די, וועלכע מיר הערן דאָ טאָג־טעגלעך. זיי טראָגן מיט זיך דעם רייץ פון ווייטקייטן, פון— (ער האָט שיעור ניט געזאָגט היימישקייט) נו, ווי זאָל איך זאָגן?... פון אויסטערלישקייט. אָט: אַסטראַכאַנאָוו... באָבושקין... וואָלאָשין... וויטקאָוויטש... ד"—"

ער איז פּלוצים שטיין געבליבן. זיינע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין

דעם פּאַפּיר. די בוכשטאַבן פון דעם פאָלגנדן נאָמען האָבן אויפגעפלאַמט פאַר אים —

— וואָס איז דאָס? — ד י י כ ע ס?!

— וועלכער?... אָ, אָט דער?... נו, יאָ. דייכעס — ליאָוו מעיראָוויטש דייכעס. אַ אידל, — האָט סמירנאָוו צוגעגעבן — אַ קופּעצס אַ זון.

אבוקאָדיר עפּענדי איז בלאַס געוואָרן. זיינע בליקן האָבן צעשטרויט זיך אומגעטראָגן פון דער ליסטע צו סמירנאָוון און צוריק. זיין פאַרווירונג האָט זיך אָפּגערופן אויף סמירנאָווס פּנים. פון צווישן די שורות האָט צו אים איצט אַרויסגעקוקט זיין ברודער לויקס געשטאַלט: לויק געזעגנט זיך... לויק אין סאָלדאַטן־קליידער... לויקס נאָמען אויף דער ליסטע מיט אַ באַמערקונג ביי דער זייט... וואָס? אַן אויסצייכענונג? ניין! — פ אַ ר וו א ו נ ד ע ט... און ווייטער שווינדלט די שורה זיך, צעאַקערט, ביז צו דערקלייבן דעם געשריפט. דער פינגער טוט טייטלענדיג אַ ציטער: אַ צלמל... אַ קרייז אַרום...

— וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

אַ קאַלטער שווייגן. שטאַרע בליקן.

— וואָס?!

אַ שוידער האָט געגליווערט אין דעם צוזאַמענשטויס פון אויגן. אין דעם חלף־שאַרפן שווייגן האָט געלעכצט ביז וויטאָג דער שטיקנדיגער וואָס?!; געקומען אין דער ענטפער אַן וואָרט, אין שווער־וואָגיגן שאָקל מיטן קאָפּ —

— ...

— טויט?

— יאָ.

— אין געפעכט?

— כמעט.

— איר מיינט——?

— דערשאָסן... פון אַ פריינדלעכער האַנט...

— דערשאָסן?! ווער?! פאַרוואָס?!

— איך אַליין. געמוזט.

— איר?! אַ פאַרוואונדעטן?! פאַרוואָס?!

זיין הייסער, אָפּגעריסענער אָטעם האָט נאָך אויף אַ ווײַלע אָפּגעטויבט די ערשטע דונער־קנאַלן, און דער שטורעם אין זיין בלוט האָט אויסגעבראָכן —

— פ אַ ר וו א ס?!!

אויף זיין צעווילדעוועטן געשריי איז איסמאַאיל ביי אויפגעשפּרונגען פון זיין ווינקל און איז צוגעלאָפן צום טישל. באַלד האָבן זיך אין טיר באַוויזן דער כאַרביע־זאַבעטי מיטן יאָווער. זיי זיינען געבליבן שטיין באַנומען. זיי האָבן געטראָפן אבוקאָדיר עפּענדין שטיין איבערן רוסישן אָפיצער, זיין פּנים צע־

פלאַמט, זיינע ציין פאַרשטשירעט, זיינע אויגן האָבן געשפּריצט גרינע פונקען, אויף זיינע ליפּן האָט געבלעזלט אַ ווייסער שוים; אין האַנט איינגעקלעמט אין דעם קאַפּיטאַנס לאַצן, די צווייטע צענויפגעבײַלט אין אַ צאַרנדיגן פויסט. מיט אַ האַפּטיגער באַוועגונג האָט אבוקאַדיר עפענדי אים געטאָן אַ שלעפּ־אַרויף צו זיך, און באַלד האָט זיך דעם פּאַניעס מגושמדיגער קערפּער אומגעוואַקלט אין אבוקאַדיר עפענדיס הענט ווי אַ שווערער בוים פאַרן אומפאַלן —

— פּ אַ ר ו ו אַ ס ? ! ... פּ אַ ר ו ו אַ ס ? ! ... ענטפערט — דערקלערט — פּ אַ ר ו ו אַ ס ? ! ...

זיין קול האָט געדונערט היזעריג־ווילד.

דער דערשטוינטער רוס האָט מיט אויפגעפראַלטע אויגן געשטאַרט אויף אבוקאַדיר עפענדין. זיין אָטעם איז געקומען דערשיטערט, שווער:

— דערלויבט מיר... ער איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן — שטערבלעך פאַרוואונדעט... אין לעצטן צוזאַמענשטויס... מיט צוויי טעג צוריק... אַ האַנט־גראַנאַט האָט אים דעם אָרעם ביז צום אַקסל אַרונטערגעריסן און דעם בויך אים אויפגעעפנט — אינגאַנצן אָפן געלאָזט... ער האָט געשריען — געברעוועט וואַנזיניג... מיר זיינען, אַזוי צו זאָגן, געלעגן אין אַ הינטערהאַלט. זיינע געשרייען האָבן אַרויסגעגעבן אונדזער באַהעלטעניש... נו, און לעבן האָט ער שוין מער ניט געקאָנט, דער אָרימער — אוממעגלעך געווען... ער האָט עס געוואוסט און ער האָט זיך געבעטן... מ׳זאָל מאַכן אַ סוף צו זיינע יסורים האָט ער געוואָלט, בעדניאַשקאַ... אַ יונג אַ בראַווער געווען... נו, גלויבט: פון רחמנות־וועגן... ביי גאָט! איך האָב עס געטאָן אויס רחמנות...

אבוקאַדיר עפענדי האָט באַזיגט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ. די שטייפקייט פון זיינע מוסקלען האָט נאָכגעגעבן. זיינע צוזאַמענגעקרעמפּטע פינגער האָבן זיך אָפּהעגדיג אַראָפּגעשלייכט איבער סמירנאָווס ברוסט־ברעט און האָבן דער־טאַפּט זיין האַריגע האַנט. ער האָט עס מיט אַ ציטער אַ דריק געטאָן —

— אַ דאַנק אייך, קאַפּיטאַן... — האָט ער אַרויסגעהעשעט צעבראָכן.

און ניט־אויפהויבנדיג די אויגן פון דער ערד האָט ער, מיט פאַרלאָרענע טריט, זיך אָפּגעטראָגן צום פענצטער־ווינקל.

איבערן צימער איז געבליבן הענגען אַ צערודערטע שטילקייט. איסמאַאיל ביי איז אַ ווײַלע געשטאַנען אומבאַוועגט אויף זיין שטעל. באַלד איז ער פאַמע־לעך צוגעקומען צו אבוקאַדיר עפענדין.

— כ׳על אייך איצט ניט פרעגן וואָס אַזוינס איז געשען. באַרואיגט זיך צוערשט.

— אַנטשולדיג מיר, בייעס, פאַר מיין אומפּאַסנדן באַנעם... נישט געקאָנט זיך באַהערשן... מיין ברודער... אויף דער אַנדער זייט...

איסמאַאיל ביי האָט אים אַרויפגעלייגט אַ ווייכע האַנט אויפן אַקסל — — כ'פאַרשטיי. אַלץ איז צו דערוואַרטן אין אַזאַ צייט. פליכט איז אָפט גרויזאַם, מיין יונג. דאָס איז קריג, מיין יונגער פריינד — דאָס איז קריג...

אבוקאַדיר עפענדי האָט געשוויגן.

אין פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַ בלוילעכע מאָרגן־גרויקייט. זיין אויג האָט נאָך אויף אַ רגע אויפגעכאַפּט דעם ערשטן מאָרגנרויט אויפן זוים פון די אַנטקעגנדיגע בערג־שפּיצן, און באַלד האָט אַ שווערע שטיק נאַכט אַראָפּגעוואויגן זיינע ברעמען.

# 27

## אויסוואָרצלונג

זיינען דאָס געווען טעג? חדשים? יאָרן? אפשר נאָך פאַרטאָיעטע שעהן; אפשר אייביגקייטן. צייט און רוים האָבן פאַר אַבוקאַדיר עפּענדין פאַרלאָרן יעדן באַטייט.

אין די טעג וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט איז ער אומגעגאַנגען ווי אין אַ הינערפּלעט. ער האָט זיך ווי אויסגעטאָן פון גאָר דער וועלט און האָט זיך איינגעשלאָסן אין זיך. ער האָט זיך געהאַלטן ווייט פון זיינע מיטמענטשן, פלעגט זיך כמעט ניט צורירן צום שפּייז וואָס זיין באַדינער האָט פאַר אים געבראַכט. ער האָט ווייניג געשלאָפן און נאָך ווייניגער גערעדט. אַז מ'פלעגט אים וואָס פרעגן, פלעגט ער ענטפערן — אָפּגעריסן, איינטאָניג, קורץ; האָט אויסגעמיטן אַן איבעריג וואָרט. ווען אַכמעד טשאַואיש פלעגט יעדן אינדערפרי קומען אויפנעמען די טאָג־פאַראָרדענונגען, פלעגט ער זיך צוקוקן צו אַבוקאַדיר עפּענדיס איינגעגראָבענע אויגן, צו דער אויסגעמאַטערטער געלקייט פון זיין פנים, און פלעגט פאַרזאָרגט אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ: „אָט וואָס אַ מענטש מאַכט פון זיך! ער גייט־איין...” ער האָט עטלעכע מאָל זיך פאַרמאָסטן צו פאַרבינדן אַ שמועס מיט אים, ווי ער איז געוואוינט געווען, — באַרואיגן אים, זאָגן אים אַז ס'איז ניט גוט אַזוי, אַז אַ מענטש טאָר זיך ניט אָפּלאָזן. אָבער אבוקאַדיר עפּענדי האָט אים יעדן מאָל אָפּגעטריבן פון זיך מיט זיין קאַלטער איינגעפּאַנצערטקייט.

אין די דערגאַרטע איבעררייסן פון רו פלעגט ער זיך געפינען ליגן שטייך־מיד, מיט אָפענע אויגן, און פלעגט זיך צוהערן צו די הוילע אָפּדונערן פון די האַרמאַטן, צום פאַרשייטן, טרוקענעם קייכן פון די מאַשין־געווער אין דער ווייט. יעדער אָפּשאָס האָט ווי אָפּגעהילכט אין זיין האַרצן, האָט אויפגעזאָדן זיין בלוט. „טויט.. טויט... יעדער שאָס ברענגט פאַרניכטונג, יעדער שאָס ברענגט טויט... טויט... לויק איז טויט... געפאַלן... און—— אפשר פון מיינע הענט... דורך מיין צעפלאָמטער זיג־גייציגקייט — מיין איינגערעדטן נקמה־דורשט

— דורך מיין שכרות פון בלוט... בלוט... בלוט — ברודער בלוט!..."
און מיט שניידנדיגער דייטלעכקייט פלעגט פאַר אים אויפטויכן דער לעצטער צוזאַמענשטויס מיט די רוסן — יענע אַטעמפאַרכאַפּנדיגע, נערוושפּאַלטנדיגע מינוטן, ווען ער האָט זיך מיט זיין אָפּטיילונג דערדראַפּעט צום שונאס לינקן פליגל. ס'איז געווען אונבאַשיצט. זיי האָבן זיך דורכגעבראָכן און זיינען באַלד באַשאָסן געוואָרן פון אַ האַפטיגן קרייץ־פייער. אַ פּאַסטקע! ער האָט דערשפּירט דעם בלינדן הינטערהאַלט, און האָט באַפוילן אַכמעדן צו וואַרפן אַ האַנט־גראַנאַט, אַ צווייטן... „און ס'איז אפשר געווען אָט דער האַנט־גראַנאַט וואָס האָט גע־טראָפן לויקן..." לויק מיט אַרונטערגעהאַנגענע געדערים פון אַן אויפגעריסע־נעם בויך, מיט צעשפּליטערטע, אָפּגעשיילטע אָרעם־ביינער, צאַפּלט זיך אין יסורים און בעט אויף זיך דעם טויט... לויק דער לעבהאַפטיגער, דער לוס־טיגער; לויק, וועלכער האָט אַזוי שפּילעוודיג אויפגעכאַפּט די זוניגע זייט פון לעבן; ער, וועלכער איז אַזוי פול געווען מיט יוגנטלעכן ברען, מיט ווילן־כוח. און—— ער, לויק, דער יונגפאַרשטאָרבענער, דער ער אין דעם טאַטנס הויזגעזינט, — אַ געשאָכטענער פון זיין ברודערס האַנט!... ווי וועט ער זיך קאָנען וויזן אויפן שוועל פון טאַטנס הויז?! ווי וועט ער וואָגן דעם טאַטן די האַנט צו געבן?! און אַז די מאַמע וועט אים פרעגן, ווי וועט ער פאַר איר דעם שוואַרצן סוד באַהאַלטן?!... „ברודער־בלוט — אָט צו וואָס דערדאָזיגער שגעון האָט דערפירט!"... די שלייפן דריקן. דער קאָפּ ברענט. די אויגן שטאַרן אין דער נאַקעטער טונקלקייט אַריין. אינ'ם געפּלאָנטער פון שאָטנס גייט־אויף פאַר אים די היים: שווייגנדיג קוקן אַראָפּ די ווענט. פאַר אַ וויינענ־דיגער נשמה־ליכט זיצט דער טאַטע, אַ פאַרוואָלקנטער, און לערנט. פאַראַבלט איז אַצינד זיין גמרא־ניגון, אַ פאַרשטיקטער טרויער וויינט פון אים אַרויס. זיינע אויגן פאַרזינקען צווישן די שורות פון ספר, בלאָנדזשען־אום פאַרלאָרן איבער דער גאָפּנדיגער ליידיגקייט פון צימער. עפּעס זוכן זיי, עפּעס פעלט דאָ, עפּעס וועט דאָ שטענדיג פעלן, וועט דאָ שטענדיג אומשוועבן ביט־געזעענער־הייד... און בלייכער ווערט דעם טאַטנס פּנים, העכער פאַרציען זיך די קנייטשן אויף זיין שטערן, שווערער פאַלן צו זיינע פאַרטראַכטע ברעמען. ווי אַן איבערגעבראָכענער פליגל, הענגט אַרונטער ציטערדיג איבער זיין האַרצן דער קריעה־שניט אויפן לאַץ. פון אַ צער־קוואַל אַ פאַרבאָרגענעם שלאָגט־אויף זיין אומעטיג, מילד געזאַנג, בלייבט הענגען ווי דער נאָכגעוויין פון אַן איבער־געריסענער סטרונע, פליסט און טריפט־אויס שטומען ווייטאָג, ווי די חלב־טרערן אויף דער נשמה־ליכט... זיצט די מאַמע אויף דער ערד, צוגעטוליעט ווי אַ גרויער שאָטן ביי דער וואַנט. שטאַר און קאַלט איז איר פּנים. אַנגסט גליווערט אויף אירע פינגער. אויסגעהויכט שוין יעדן קרעכץ, אויסגעשעפּט יעדע טרער. זיצט זי, האָרכט זי, פרום, פאַרעלנט; קוקט צום שוועל מיט ליידי־גע אויגן. שטום פאַרגייען אירע ליפּן אין אַ ציטער אַ פאַרחלשטן.

— אָ, שילט ניט, מאַמע!

— ס'ביסטו, מיין קינד?... אביגדורקע?

— איך, מאַמע.

— אין אַ שעה פון טרויער ביסטו געקומען, מיין זון. כ'קאָן מיט דיין קומען זיך ניט פרייען. אבלדיגע טעג האָבן פאַרפינצטערט מיין הויז.

— כ'ווייס, מאַמע.

— דו'סט געוואוסט, ביסט געקומען.

— ס'האָט דער אומרו פון מיין בלוט מיך געטריבן, מאַמע. דער ווייגעשריי פון דיין ניט־אַרויסגערעדטער קללה האָט מיך געבראַכט פאַר דעם שוועל.

— ווי איז צום בוים, וואָס דער שטורעמווינט האָט זיינע בליטן פאַר דער צייט פאַריאָגט; וואָס זיינע צוויגן האָבן געטראָגן די זוימען פון טויט!

— פאַרגיב מיר דיין צער, מאַמע; זיי מיר מוחל דעם פיין פון דיין עלנט.

— שטייסט ווי אַ פרעמדער פאַרן שוועל... קום אַהער, מיין קינד. נענטער קום... אָט אַזוי... ווי שטיל דיינע טריט זיינען! ניט געהערט גאָר דיין אָנקומען, דיין אַריינגיין...

— ס'איז דער כוח פון די טויטע, מאַמע. אַזוי זיינען די טריט פון די, וועלכע באַטרעטן דעם באָדן דעם אומזיכערן, פון די וואָס בלאָנדזשען־אום צווישן גרעניצן.

— און ווי בלאַס דיין קול איז... ווי נאַקעט און אָפּגעריסן — דיין אָטעם...

— ס'איז פון דערדריקנדיקן שווייגן, מאַמע. דאָרט וואו מיר זיינען איז אָפּגעשטאָרבן יעדער קול, יעדער לעבעדיגער קלאַנג. ס'האָבן די קאַלטע קושן פון טויט אויסגעזויגן יעדער זאַפטיגקייט פון אונדזער שטים; האָבן אָפּגעשראָקן, פאַרגליווערט יעדן אָטעם; און שוויגנדיג ווי די מאַמע־ערד צעטראָגן מיר איבער בלינדע ווייטקייטן די אימה פון דערוואַרטונג, די בשורה פון אומקום...

— איך דערקאָן דיין שפּראַך ניט, מיין קינד; כ'פאַרשטיי ניט דעם באַטייט פון דיינע רייד. אַזוי יונג, און דיינע ליפּן דערציילן נאָר פון טויט. זאָג, וואָס האָבן די טעג געטאָן צו דיר?!

— אָ, פרעג ניט, מאַמע! מיט זיבן טויטן ווערט מיין יונג לעבן געפּייניגט יעדן טאָג. ס'האָט דער שטורעם אָנגעגאָסן מיינע גלידער מיט דעם כוח פון פאַרניכטונג, האָט מיך באַרוישט מיט דעם סם פון בלוט, און ס'ווייסט מיין האַרץ קיין רו זינט יענער שעה... קוק ניט אַזוי אויף מיר, מאַמע!

— ווי איז צו דער מאַמען! און איך האָב נאָר אים באַוויינט...

— אים איז בעסער, מאַמע. ער איז אומגעקומען אידער ער האָט באַ־

גריפן די גאַנצע שוידערלעכקייט פון אמת — איידער ער האָט געוואוסט ווער—
אָ, פאַרשטויס מיך ניט, מאַמע!

— ביסט אַזוי מיד, מיין זון... זעץ זיך נעבן מיר — אָט־אַ־דאָ, אויף דער ערד. און דיין קאָפּ לייג אויף דער מאַמעס שויס; די מאַמע וועט עס גלעטן... אָט אַזוי, ווי אַמאָל... ווען דו ביסט נאָך קליין געווען... געדענקסט? אַזוי פרום זיינען דיינע פּאהלעך געווען, אַזוי ליכטיג דיינע אויגעלעך. געדענקסט?... דו ביסט נאָך אַ קינד געווען, און אין שטוב איז נאָך דאַמאָלט פרייד געווען...

— ג ע ו ו ע ן, מאַמע...

— און אַזוי פלעג איך צערטלען, מיינע עופעלעך — אַמאָל דיר, אַמאָל אים... דו וויינסט?! נו, שאַ. כ'וועל מער ניט ריידן. רואיג ליג. הערסט? דער טאַטע לערנט...

— ווי דאַמאָלט — ווי אַמאָל...

— אַזוי האַרציג, אַזוי באַזאָכט —

— ווי דאָס געוויין פון אַ פידל...

— דאָס איז פאַר אים — פאַר זיין נשמה־וועגן... הערסט, ווי פרום, ווי עס ראַנגלט זיך דער ניגון? אָט אַזוי באַוויינען מאַנסביל זייער טויטן...

— און פאַרן פאַרבלאָנדזשעטן—? אָ, ער'ט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, 'עט קיינמאָל ניט פאַרגעבן...

— נו, שאַ! ניט וויין. טרערן זיינען פאַר די שוואַכע... ביסט מיד. שלאָף־איין. מיט מיין שוויגן 'על איך דיר פאַרוויגן... רואיג, זון מיין... אָט אַזוי... וויי, ווי אָפּגעצאַרט דיין לייב איז! ווי דורכזיכטיג דיין הויט! און דיינע הענט — דער ריח פון בלוט טראָגט זיך פון זיי...

— יאָ, מאַמע.

— בלוט... און דער גערוך איז אַזוי באַקאַנט, אַזוי נאָענט — ווי ס'וואָלט ווען אין מיינע אייגענע אָדערן געפלאָסן... קוק אויף מיר, מיין קינד; לאָמיר אין דיינע אויגן אַריינקוקן.

— ניין — אָ ניין, מאַמע!

— קינד מיין!?

— איך קאָן ניט, מאַמע.

— ס'איז ניט דו? — ניט דו?! זאָג, ס'איז ניט דו! ניט— פאַרוואָס שוויגסטו? ציטערסט?!

— ס ' א י ז איך, מאַמע... א י ך... אָט די הענט, וואָס דו האָסט אָקאָרשט מיט קושן באַדעקט... אָ, פאַרשטויס מיך ניט, פאַרגיב מיר! שילט ניט, מאַמע!...

דער געשריי בלייבט שטעקן אין קעל, גיסט־אָפּ זיין לייב מיט אַ קאַלטן

שוויס. ער טוט אַ פּראַל־אויף די אויגן און בלייבט זיצן מיט מאַטע אברים אויפן געלעגער.

ער האָט זיך געפּרואווט פאַנאַנדערקלייבן. ער האָט געזוכט צו געפינען אַן אויסרייד פאַר זיין אינערלעכער צערודערונג אין דעם אַלגעמיינעם אומרו. ער האָט אָבער מיט פיינלעכער קלאָרקייט איינגעזען, אַז דער גאַנצער טומל אין אים ווירבלט זיך אַרום זיין אייגענעם איך, קוואַלט־אַרויס פון זיין אייגענעם ווייטאָג. אודאי זיינען עס געווען מער ווי פערזענלעכע אורזאַכן, וועלכע האָבן אים באַוואויגן איינצוואוועבן זיך אין דער איצטיגער אומגעבונג; געוויס זיינען עס געווען שטאַרקערע כוחות ווי זיינע אייגענע, וועלכע האָבן אים אַריינגעשטויסן אין דעם געפלאָנטער פון חורבן; ער האָט אָבער ניט באַגריפן די גאַנצע שווידערלעכקייט פון זייערע פאָלגן, ביז זיין אייגן לייב איז פון זיי ניט געטראָפן געוואָרן — ביז ער אַליין איז דורך זיי ניט אָפּגע־גאַנגען מיט בלוט. אונטערן אויפברויז פונ'ם אייגענעם אומגליק זיינען די אַלע אורזאַכן און כוחות ווי צעשוואומען געוואָרן, צעמאָלן געוואָרן אין שטויב, און האָבן אים געלאָזט אַן אויסגעשיילטן, אַ נאַקעטן, מיט אַ וואונד וואָס איז נאָר זיינע, אין אַ קאַלטן, פרעמדן טומל... און נישטיג און אָפּהענדיק איז דער אויסגעשיילטער, צעוויטאַגטער איך און זוכט אַן אויסוועג — אַ דערלייזונג אין פאַרניכטונג, אַ טרייסט אין אומקום. און עס איז ניט געווען מער פאַר אים די פראַגע פון זאָל עס? אָדער וועט עס? , נאָר פון ווען? — ו ו ע ן ?...

און מיט פאַרביסענער איינגעשלאָסנקייט איז ער אָנגעגאַנגען מיט זיינע טאָג־טעגלעכע פליכטן, האָט אויסגעפירט באַפעלן מיט מעכאַנישער פּינקטלעכ־קייט, האָט זיך פרייוויליק אונטערגענומען געפערלעכע שליחות, און האָט אויסגעקוקט אויף אַ געלעגנהייט אַריינצוואַרפן זיך אין אַ האַפטיגן געפעכט.

אין איינעם פון די לעצטע איבערשוסן איבער אַן אָפענעם לאַנד־שטח האָט אים אַכמעד פלוצים דערזען שטייענדיק אַנטבלויזט אַנטקעגן דעם האָגל פון קוילן. ער איז געשטאַנען אין זיין פולער הויך, זיין פּנים רואיק, געזעצט, אויף זיינע ליפּן — דער שמייכל פון אַ קראַנק קינד, און זיינע אויגן האָבן מיט שטאָל־גרויער קאַלטקייט געקוקט אַריבער, ווייט, ווי זיי וואָלטן דערוואַרט דעם אָנקום פון עפּעס פאַרהוילנס, ווייטס. אַכמעד האָט זיך אויפשנעל צוגעשאַרט צו אים און האָט אים מיט גוואַלד אַרונטערגעצויגן צו דער ערד —

— עפענדים!?... — האָט ער אים אַ ווילע אָנגעקוקט מיט שטומען פאַר־וואורף אין די אויגן און האָט באַלד שווער אָפּגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „אָט דאָס האָסטו דיר, ווען מ'נעמט אַריין יונגוואַרג אין אַ מאַנסבילשן שפּיל!... מיטן יונג איז ניט גוט...“

אבוקאַדיר עפענדי האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט זיך צוגעדריקט צו דער ערד און האָט מיט פאַרביסענער קאַלטקייט געגעבן דעם ווייטערדיגן באַפעל.

און מיט דערזעלבער קאַלטער איינגעשלאָסנקייט פלעגט ער אָפט, אין די גרויקייט פון די שעהן, אומבלאָנקען ווי אַ פאַרלאָרענער ווען אין דעם דערבייאיגן סאָסנע־וועלדל. ער פלעגט זיך אָפּשטעלן, פאַרקוקן אויף די צע־שוואומענע וואָלקנדלעך רויך, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן, ט׳זיך צוגעהערט צו די ווייטע אָפּשאַלן, צום אומרו אין דער טיפעניש פון זיין נשמה.

ער האָט געטראַכט פון תמרהן: ער האָט איר נאָך ניט באַרירט... זי איז אים איצט אויסגעקומען ווייט — אומגלויביג־ווייט — ווי די זוניגע יאָרן וואָס ער האָט געלאָזן הינטער זיך, ווי זיין גאַנצער ביזאַהעריגער לעבן וואָס איז געלעגן פאַרוואָרפן הינטערן וואָלקן פון טומל... ערגיץ־ווייט, ערגיץ־ווייט, אין אַ וועלט אַן אַנדערער, אין אַ וועלט אַן אָפּגעטאָנענער, איז געלעגן אַ זוניג פינטעלע. „מיט זיבן טויערן פאַרריגלט, מיט זיבן שלעסער פאַרשלאָסן און מיט זיבן זיגלען פאַרזיגלט" — ארץ־ישראל. דאָרט, אונטער אַ בלויען הימל, האָבן ציפּריסן צווי געכישופט איבער אַ בערגעלע גרינס, ביים גרעניץ פון אַ ווייסן וועג. און ס׳איז דאָרט געווען תמרה — „אַ הדסל, און אפשר עפּעס אַ מער". אַ שטראַלנדיגע, ווי פון אַ חלום אַרויס, ווי פון די ציפּריסן אַרויסגעוואַקסן, איז זי אים אַנטקעגנגעקומען. און ס׳זיינען געווען חלומות, באַ־גערן — גרויסע, ליכטיגע און ווייטע. זי האָט אים געזען אין זיין פאַרחלומקייט, האָט זיך געפרייט מיט דער דערוואַכונג פון זיינע כוחות, און צוזאַמען האָבן זיי אויסגעשפּינט אַ מאָרגן פון גאָלע לויטערקייט, פון גאָלע זו־ניגקייט. און אין דערדאָזיגער זוניגקייט האָט ער, ווי אַ פרימאָרגנדיגער טראָפּן טוי, זיך אויפגעהויבן צו די הימלען און איז פאַרטראָגן געוואָרן פון דער שטורעם־כמאַרע. אַצינד לעכצט זי דאָרט מיט איר גאַנצער ערדישער יערונג נאָכן מאָרגן, נאָכן טראָפּן טוי, וועלכער שמאַכט אויף אַ פרעמדער ערד, איבער פרעמדע חורבן־פלאַמען... אָ, ווען זי וואָלט אים אַצינד געזען אין זיין צעבראָכנקייט, אין זיין צעוויטאָגטער נישטיגקייט, בענקענדיג נאָך אַ פאַר־שפּעטיגטן ווען — נאָכן נישט־זיין! און זי — אַזאַ ווייטע, אַזאַ הייליגע, אַ ניט־באַרירטע...

און לאַנגזאַמער זיינען געוואָרן זיינע טריט. נידעריגער האָט זיך געבויגן דער קאָפּ. די אויגן זיינען געוואָרן פאַרלאָפן. מיטאַמאָל האָט ער דערפילט ווי אימעצער לאָקערט אים נאָך פון אַ באַהעלטעניש אַרויס. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און האָט זיך אומגעקוקט: ס׳איז געווען אַכמעד טשאַוּאיש.

— וואָס גייסטו מיר נאָך ווי אַ שאָטן?

— גאָרניט, עפּענדים — איך גיי.

— דו היטסט מיינע טריט ווי——

— ביסט אַליין שולדיג דערין, עפּענדים — דו אַליין.

— איך?!

— יאָ, דו. זינדיגסט קעגן אַללאַ, עפענדים: לאָזט אַ מענטשן ניט רוען. און ס'איז ניט גוט אַזוי, עפענדים.

— וואָס מיינסטו?

— אָט דיין אומגיין אַזוי, עפענדים. טרייבסט פון זיך ווי מיט בייטשן, און — די יונגעןריידן...

— וואָס ריידן זיי?

— טאָקי פון דיר, עפענדים. זיי זאָגן, אַז דו'סט זיך איבערגעגעבן דעם אומעט, דעם ניט־גוטן — איסטאַפּער אַללאַ[1] — און זיי פאַרנאַכלעסיגסטו... זיי ריידן, אַז דאָס איז ניט גוט, עפענדים.

— אָ, דזשאַנעם! וואָס וואָלטן זיי געוואָלט — מאַכן פאַר זיי פאַנטאַזייעס, פאַרוויילונגען, אין אַזאַ צייט?!

— ניין, ניט דאָס, עפענדים — געוויס ניט דאָס. נאָר נעמען זיך אין די הענט אַריין — דאָס, זעסטו, דאַרפסטו. און וואָלסטו געטאָן דאָס וואָס אַ געוועזענער מאַנספאַרשוין טוט אין אַזאַ פאַל, וואָלט צו דעם ניט געקומען.

— טאָן וואָס?! וואָס פּלאַפּלסטו?!

— אָט, אויסקויפן ס'בלוט מיט די אייגענע הענט... וואָלסט זיך געפילט געטרייסט, אַבוקאַדיר עפענדי.

— אויסקויפן וואָס'ער בלוט?! פון וועמען?! רייד קלאָרע דבורים!

— פון דעם מאַסקאָפי, עפענדים, — פון דעם זאַביט וואָס — נאָר ס'איז ניט פאַרשוויגן געוואָרן, עפענדים. ניין, בלוט טאָר ניט פאַרשוויגן ווערן! און די יונגען האָבן עס שוין פאַר דיר געטאָן.

— האָבן געטאָן וואָס פאַר מיר?! וואָס מאָלסטו מיט דער נאַרישער צונג דיינער? — דערצייל!

— אָ, די יונגען האָבן זיך פון אַלץ דערוואוסט, עפענדים. פאַר זיי, ווי דו ווייסט, זיינען קיין סודות ניטאָ. דער באַש־טשאַויש האָט זיי דערציילט. האָבן זיי זיך אַנגעבאָטן אָפּצופירן דעם געפאַנגענעם זאַביט און — האָבן דערשלעפּט אַהין נאָר דעם קאָפּ זיינעם דעם הינטישן... דערציילט, אַז ער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו אַנטלויפן... זיי זיינען דיר גינציג, עפענדים.

— דו מיינסט — ?!... פאַרוואָס?! ער האָט ניט געמיינט קיין בייז — ער —

— דאָס האָט ער נאָר דיר געזאָגט, עפענדים. איר, יונגע, גלויבט אַלץ — נישט נעם פאַר אומגוט מיין זאָגן דיר. פאַר אונדז, אויסגעצייטיגטע אָסקאַרים, איז אַ שונאס וואָרט בלאָטע! ס'איז ניטאָ קיין פאַרוואָס; ס'איז קריג, עפענדים, און יעדער טראָפּן פאַרגאָסן בלוט מוז אויסגעלייזט ווערן, מוז אויפגעמאָנט ווערן!

---

1. גאָט באַוואָר!

— אָבער אַז אַ מענטש האָט זיך דיר איבערגעגעבן — האָט זיך אונטער־וואָרפן דיין רחמנות——?

— עה, דאָס רעדסטו שוין — זיי מיר מוחל דיין כבוד, עפענדים — ווי אַ קינד. מיר זיינען מענטשן פשוטע, האַרטע. פאַר אונדז איז דער וואָס קומט פון דער אַנדער זייט אַ שונא — געפאַנגענער, צי ניט־געפאַנגען! הייַנט האָסטו זיין האַלדז צווישן דיינע פינגער — שנייד! מאָרגן 'עט ער האָבן זיין קני איבער דיר — פאַרפאַלן! און, וואַללאַהי בילאַהי, ער וועט ניט זיין אויף אַ האָר בעסער! און וואָס, פרעג איך דיר, עפענדים, איז דער שכל פון האַלטן און שטאָפּן דעם מאָגן פון אײנעם, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג צוריק געזוכט דיין בלוט, ווען מיר אַליין גייען פאַרהונגערטע צו שטאַרבן פאַר דער מעמלעקעט, הע?... אָט די אַלע זאַכן איז אַן עסק פאַר יענע, דאָרטן אין איסטאַמבול. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט שרייבן, זיצן זיי גאַנצע טעג און טראַכטן־אויס געזעצן ווי דו זאָלסט זיך באַגיין מיט אַ שונא א י ן געפעכט, נ אָ כ ן געפעכט; ווען דו מעגסט י אָ שיסן, ווען נ י ט. נאַרישקייטן! מיר דאָ, וועלכע קוילענען זיך אַוועק פאַרן סולטאַן, ווייסן ניט פון אַזוינע פוילע שטיק. האָסט אַ פאַרדרוס, טראָגסט אַ צאָרן — לאָז עס אויס צום שונאס קאָפּ! שפּע־טער קאָן זיין צו־שפּעט... און ס'איז ניטאָ קיין רחמנות! רחמנות דאַרף מען נאָר האָבן אויף דער אייגענער פעל, אויף דעם וואָס גייט ביי דיין זייט, און אויף אַזוינע ווי דו, אַבוקאַדיר עפענדי...

— דו פאַרשטייסט ניט, אַכמעד — ווערסט עס קיינמאָל ניט פאַרשטיין. ס'איז אַ וויטאָג וואָס——

— אָ, פאַרגעס, עפענדים! זעסט אָט די וואָנצן אַכמעדס? צוויי־און־צוואַנ־ציג יאָר ביים געווער! אַ שיין ביסל ווינט דורך די האָר דורכגעזיפּט. געקאָנט אודאי דיין טאַטע זיין, עפענדים. מיין ערשט־געבאָרענער איז, אויב איך מאַך קיין טעות ניט, אין דיינע יאָרן. (געלאָזט אים אַ ניט־באַשניטענעם, אַללאַ זאָל ניט שטראָפן פאַר די זינד!) און שטענדיג ערגיץ־וואו אַנטקעגן אַ באַפאַנטן שונא... אויפן דריטן יאָר נאָכן אַוועקגיין פון דערהיים, האָט מיר אַ האַשמערי [1] פאַרציילט, אַז די אינגערע מיינע (אַ שיינע, אַ הייסבלוטיגע געווען, די אויס־געלאָסענע) האָט זיך פאַרזינדיגט, איז אַוועק מיט אַ געצלמטען — אַ גרעק. אָט אַן אומגליק! (פינף־און־צוואַנציג לירעס און אַ מוילאייזל איר טאַטן פאַר איר באַצאָלט.) גענומען איזען [2] פון בימבאַשי און זיך געלאָזט אַהיים — איבערשניידן איר דעם האַלדז, דער אומריינער! ביידן זיי ווי די חזירים דער־שטעכן! ניט געפונען איר. געזוכט אין פאָזאַנטיע, אין איזמיר, זיך דערקליבן קיין איסטאַמבול, אַדערנאַ; געזוכט, געלאָקערט. און דאָ איז דער איזען אויס־

1. אַ שטאָט־ברודער.
2. אורלויב.

גענאַנגען. זיך אומגעקערט אין טאַבור מיט גאָרניט. און דער ווייטאָג פון דער שאַנד ברענט, לאָזט ניט רוען. וואָס זאָל אַ מענטש אַזאַ טאָן? זיך פאַרקליבן מיטן מאַרטין[1] אויף אַ בוים, מיטגענומען מיט זיך גענוג שיס־מאַטעריאַל און געוואַרט. געלאָקערט אַ טאָג, צוויי — כ'האָב זיי דערשפּירט, דעם שונאס לייט. און — ביסם אַללאַ![2] — דירר! דירר! יעדע צווייטע קויל האָט גע־טראָפן (די אויג איז גוט, אי'כמאַד איל אַללאַ[3]). זיך אַביסל געקילט. גענומען עטלעכע האַמשערים און אין מיטן דער נאַכט זיך דערשלייכט מיט זיי אַהין און געשאָכטן, געשניטן העלדזער — אַט אַזוי, מיט אַ מאַנספאַשרשוינס גע־ווער — מיט אַ קאַלטן מעסער, מיט אַ באַיאָנעט. געקוילעט, אַ טרונק געטאָן ס'ערשטע הייסע בלוט און — עי וואַללאַ! — נישט געוואוסט מער פון קיין אַפּהאַלט, ביז מיין אייגן בלוט האָט זיך אין מיר געשטילט. און דעם ערשטן בענדל אויף די שליפערס דערפאַר געקראָגן. נאָר די מעמלעקעט, די היים, וועלכע די אויסגעלאַסענע האָט פאַרשוועכט, שוין פון דאַמאָלט־אָן ניט מער געזען...

— און דיר בענקט זיך גאָר קיינמאָל ניט אַהין? — די אַנדער ווייב? די קינדער?

— און אַז אַמאָל יאָ, איז וואָס? דו ווייסט, עפענדים, וואָס איך טו: איך פייער־אָפּ פון געווער, ביז עס ברענט אונטער די פינגער... ע, דער מאַרטין, די ספּינגע — אַט דאָס זיינען דיינע פריינט אין אַזאַ צייט! דאָס זיינען כלי־זיין פאַר אַ מאַנספּאַרשוין. ס'איז דיר ניט די איצטיגע האַרמאַטן, מיט די מעטראַיאָזן, מיט די אַלע אַנדערע אויסטראַכטעניש. זיי שרעקן נאָר איבער דעם טיוּול! בלינדע טומל־מאַכער — דאָס וואָס זיי זיינען! אָדער אָט די ענגע קברים, אין וועלכע מיר פוילן לעבעדיגערהייד, ווי די קראָטן — שוצגרובן! לעכער פאַר טכוירן — אָט וואָס זיי זיינען!... הע, לאָזטו זיך אָבער אַרויס אויף דער פריי, אין דער אָפן, ווי אין די אַמאָליגע טעג — מיטן ביקס, מיט דער ספּינגע — דאָס, זעסטו, איז שוין אַנדערש! דו זעסט אין וועמען דו צילסט, ווייסט ווען ס'האָט געטראָפן; דערפילסט די שאַרפקייט, די וואָגיגקייט פון דעם געווער אין דיינע הענט ווען עס דערשלאָגט זיך צו יענעמס איינגעווייטן; דו זעסט ווי ער פאַרקרימט דעם פרצוף, טוט אַ שטאַרץ־אויס די אויגן, און דו ווייסט: ער איז פאַרטיג — ס'איז דאָ באַלד אַן אַנדערער. און דיין בלוט ווערט געשטילט, פאַרגעסט אַלץ. אָט פאַר דעם טאָקי איז קריג געמאַכט געוואָרן: מענטשן זאָלן קאָנען פאַרגעסן, קאָנען אויסלאָזן דעם צאָרן... אַרומגיין און נאָכטראַכטן, ווי דו, עפענדים, קאָן מען משוגע ווערן...

1. ביקס.
2. אין אַללאַס נאָמען!
3. אַ דאַנק גאָט.

מ׳מוז פֿאַרגעסן, עפּענדים! אַכמעד ווייסט וואָס ער רעדט; אַכמעד רעדט ניט פֿון ביכער אַרויס. פֿאָלג מיך: פֿאַרגעס. אַכמעד איז דיר אַ גוטער פֿריינט, עפּענדים.

— ביסט אַ מאָדנער, אַכמעד; ביסט אַ מאָדנער... נו, גיי. ס׳עט שוין זיין רעכט.

און צום ערשטן מאָל אין אַ לאַנגער צייט האָט אַכמעד באַמערקט אַ שיטערן שמייכל אויף אבוקאַדיר עפּענדיס ליפּן.

ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט פֿון וועלדל. גרויער אָוונט. פֿון אַריבער האָבן זיך געטראָגן ליכט־ראַקעטן. אין דער פֿאַרשטאַרקונג־ליניע, אין אַן אונטערגראָבן, זיינען געזעסן זעלנער אין אַ גרופּע. אימעצער האָט פֿאַרבענקט געזונגען. אימיצער האָט צוגעשפּילט אויף אַן אוד. אין אַן איינגעהאַלטענעם אונטערטאָן האָבן עטלעכע שטימען אונטערגעהאַלטן ס׳געזאַנג:

שפּיל מיר, אוד מיין, שפּיל מיר, טרייער,
פֿון דער מעמלעקעט, פֿון אַ היימיש פֿייער —
פֿון דיר, מיין מעמלעקעט, אַמאַן!

ניטאָ קיין לבנה, ס׳פֿאַלן שטערן;
ס׳בענקט מיין האַרץ, ס׳ברענט מיין גערן
צו דיר, מיין מעמלעקעט, אַמאַן!

שפּיל מיר, אוד מיין, שפּיל מיר, פֿריינט!
ניטאָ קיין נעכטן, ניטאָ קיין היינט
אָן דיר, מיין מעמלעקעט, אַמאַן!

ער האָט זיך פֿון דער ווייט צוגעהערט אַ ווײַלע צום געזאַנג, און האָט באַלד פֿאַרגעזעצט זיין פֿאַרטראַכטן גאַנג. דער שטילער נאָכוויי פֿונ׳ם געזאַנג האָט אים ווי נאָכגעפֿאָלגט, און איז ביסלאַכווייז פֿאַרגאַנגען אין דעם ווידער־קלאַנג פֿון אַכמעדס ווערטער, וועלכע זיינען לאַנג נאָכגעהאַנגען ווי אַן אָפּגע־ריסענער שאָטן —

„פֿאַרגעסן... פֿאַרגעסן... מ׳מוז פֿאַרגעסן!... אַ וויסטער גורל האָט אָנגעצונדן די וועלט אין פֿלאַמען, און ס׳מוז געלאָשן ווערן מיט בלוט, מוז געשטילט ווערן מיט לעבנס און—— ס׳איז ניטאָ קיין פֿ אַ ר וו אָ ס... ס׳איז קריג... מ׳מוז פֿאַרגעסן...״

און מיטאַמאָל איז פֿאַר אים קלאָר געוואָרן. ער האָט איינגעזען, אַז דער טומל אין אים נעמט זיך דערפֿון, וואָס ער איז ניט גענוג שטאַרק געווען אָנצו־הייבן פֿון ז י ך אַ ל י י ן; וואָס ער איז נאָך צו־פֿעסט פֿאַרבונדן מיט אַ וויטן נעכטן; וואָס ער האָט זיך ניט געקאָנט איינגאַנצן באַפֿרייען פֿון זיין איינגעוואָרצלטקייט אין אַן אַנדער לעבן. ער האָט איצט באַגריפֿן, אַז ער האָט

מיט צופיל בלינדער גלויביגקייט זיך איינגעלעבט אין אַ מאָרגן, און האָט פאַרזען, אַז צווישן אים און דעם מאָרגן ליגט אַ היינט, וועלכער הויכט מיט אונזיכערקייט, מיט פאַרניכטונג. און דערדאָזיגער היינט איז קורץ — אפשר זייער קורץ — און וועט זיך אויפן מאָרגן קיינמאָל ניט דערגאָרן. און אין דעם ניט־דערמעסטבאַרן היינט מוז ער איינדיכטן אַ גאַנץ לעבן, מוז באַרעכטיגן זיין זיין, מוז אויספירן די אָנפאַרטרויטע שליחות ביזן סוף. און דערפאַר מוז ער שטיין אַ גאַנצער, אַן אויפגעבונדענער, אַ פרייער. זיין אַן אכזר איבער זיך אַליין! אויסוואָרצלען זיך פון וואָס ס׳איז געווען, פון וואָס ס׳האָט געזאָלט זיין. גאָרניט באַדויערן, גאָרניט דערוואַרטן. דער נעכטן איז פאַרגאַנגען, איז טויט; דער מאָרגן איז ווייט, וועט אפשר קיינמאָל ניט אויפגיין; דער היינט איז אַ געבאָרגטער, אַן אָפּגעבעטענער. יעדע מינוט איז טייער, יעדע רגע מוז פאַרהייליקט ווערן!...

און אַ דורכאויסיגע רואיגקייט איז אים באַזעסן. ער האָט ווי מיטאַמאָל שלום געמאַכט מיט זיך. זיין ביזאַהעריגע פאַרביסענע איינגעשלאָסנקייט האָט זיך איבערגעשמידט אין אַ קאַלטער געוואַגטקייט, האָט זיך אויסגעפורעמט אין אַ שאַרפזיניגער וואַכזאַמקייט. ער האָט אויסגעמיטן אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט זיין פריערדיגן לעבן, וואָס האָט אים דערמאָנט אָן די טעג וועלכע זיינען געלעגן הינטער אים. ער האָט זעלטן געשריבן, און נאָך ווייניגער געענטפערט אויף בריוו. אונטער אַ פאַרנעפּלטן אויסרייד האָט ער אָפּגעשיקט תמרהן זיין פאָטערס בילד, וועלכע ער האָט שטענדיג געהאַלטן ביי זיך. „באַהאַלט עס, היט עס, תמרה" — האָט ער געשריבן — „און וואונדער זיך ניט און זאָרג ניט וואָס פון היינט־אָן וועלן מיינע בריוו זיין זעלטן — אפשר זייער זעלטן. ס׳זיינען דאָ אורזאַכן דערביי, אין וועלכע ניט איך, און אודאי ניט דו, האָבן אַ שולד..." און אַן אויסגעוואָרצלטער, אַן אויסגעטאָגענער פון טעג און יאָרן, האָט ער זיך געשטעלט אין געיעג מיט בלינדן גורל.



# צווייטער טייל: נאָכגעשריי פון בלוט

## 28

### פֿרעמדער פֿרילינג



**ענגער זיינען געוואָרן די טעג,** קורצאָטעמדיגער — די שעהן. די רייען האָבן זיך אויסגעשיטערט. בלאַסער, אומרואיגער זיינען געוואָרן די אָווגטן, בייניגער, נאַקעטער — די געזיכטער; דורכזיכטיגער — די הויט. די ברוסטן פון דער ערד האָבן אָנגעקוואָלן. אַ דינער נעפּל איז געהאַנגען איבער די קרוינען פון בוימער, איבערן ווייך־ליימיגן פלאַך. די שוצגראָבנס האָבן זיך געטונקט אין בלאָטע. נאָר אויבן אין דער לופטן האָבן זיך אומגעטראָגן מילדע, וואַרעמע ווינטלעך, האָבן געבראַכט בשורות פון אַ פאַרהוילענעם ערגיץ — בשורות פון פרילינג אויפן שלאַכטפעלד.

באַגער האָט געלאָשן אויגן, און ערד האָט געטרונקען בלוט. ערד האָט אָפּגעהויכט מיטן ריח פון טויט, מיטן נאָכגערוך פון ניט־באַגראָבענע. און ערד האָט אין באַהעלטענישן אויסגעשאָסן רויטע בליטערן — ס'בלוט פון די געפאַלענע, האָט מען זיי גערופן. אַמאָל האָט אַ שמעטערלינג פאַרבלאָנדזשעט; אַמאָל האָט זיך דערטראָגן דער רוף פון אַ זומער־פויגל אין וועלדל הינטער־אַרום. ערגיץ־וואו האָט געוואַכט אַ פרילינג; ערגיץ־וואו האָט געוואַכט אַ לעבן. און אַן ענגשאַפט האָט געדריקט אין ברוסט. העמדער־קאָלנערס האָבן זיך אויפגעכראַשטשעט, האָבן אַנטבלויזט לייבער צעעסענע פון לייז און ראַצן. דורשטיג האָבן לונגען איינגעזויגן די לייכטע כוואַליעס פונ'ם וועלט־אָטעם.

מ׳עט גערעדט: ס׳גייט שלום ווערן — אינגיכן — באַלד... מ׳האָט זיך געוואָלט איינריידן, ס׳האָט זיך געוואָלט גלויבן; און דורך דער נאַכט פּלעגט זיך אַריינרייסן דער טויט, און מיטן פרימאָרגן פלעגן זיך פאַרמערן די קברים־בערגלעך ביים אָפּזייט פון באַרג. דאָרט זיינען זיי געלעגן — זייט־ביי־זייט, אַמאָל צוזאַמען — פריינט און פיינט. מ׳האָט אַרויפגעקוקט צו זיי מיט שטומער קנאה: דאָרט האָט מען שוין שלום געמאַכט...

שמעטערלינגען. ווייסע וואָלקנדלעך רויך איבערן הימל. קלאַנגען: די פּירקאַ וועט צוריקגעצויגן ווערן. און ס׳פלעגט אויפבליען אַ האָפענונג, ס׳פלעגט זיך צעוואַקסן אַ יערונג מיטן פרילינג אויפן שלאַכטפעלד.

איבער די וועגן צווישן די בערג האָבן זיך געצויגן די רעשטלעך פון 162טן אַלאַי, אָפּהענדיג, אויסגעזויגן. מ׳האָט געזאָגט: קיין טשאַנאַק־קאַלי — קיין קוט־איל־אַמאַראַ — אַראַביסטאַן. וואָס איז דער חילוק וואו? הונגער מאַניעט וואו מ׳זאָל ניט זיין, ערד איז אומעטום ערד, פרילינג איז אומעטום פרילינג, און טויט איז אומעטום טויט. דערוויל אָבער גלוסט זיך צו זעטיגן מיטן פרילינג; דערוויל ווילט זיך גלויבן אַז מ׳איז געראַטעוועט; דער־וויל איז גוט צו קאָנען זיך אויסציען איבער דער פרילינגדיגער ערד, ברוסט־אַרויף, און לאָזן פאַלן אויף זיך די וואַרעמע זונשטראַלן; דערוויל איז גוט צו קאָנען פילן, אַז מ׳קאָן צו יעדער צייט אויפהויבן דעם קאָפּ, זיך אויפשטעלן מיט אַן אויסגעגלייכטן רוקן און ניט געטראָפן ווערן פון אַ שנעפער־קויל; ד ע ר ו ו י י ל —

אַרום ערזינדיאַן האָט דער אַלאַי געשלאָגן לאַגער. דאָ איז געווען דער צוזאַמענקונפט־פונקט פון דער פּירקאַ. די טרופּן זיינען אָנגעקומען אין גרעסערע און אין קלענערע אָפּטיילונגען, האָבן אויפגעשטעלט געצעלטן און האָבן אומגע־בראָדיעט אַרום לאַגער. אין שטאָט איז פאַר זיי געווען פאַרבאָטן אַריינצוגיין: דאָרט זיינען פאַרגעקומען „אומרוען" מיט דער אַרמענישער באַפעלקערונג, און דער מערקעז־קאָמאַנדאַנט האָט געלאָזט וויסן, אַז „אַלע פאַרבייגייענדיגע טרופּן זאָלן זיך האַלטן פון דער וויטן; דער לאָקאַלער גאַריזאָן וועט דעם אינצידענט צופרידנשטעלנדיג דערליידיגן". אייניגע פון דער מאַנשאַפט האָבן ניט געקאָנט ביישטייך דעם נסיון, האָבן זיך פאַרגנבעט אין שטאָט און האָבן צוריקגעבראַכט פון דאָרט כל־טוב. זיי האָבן מיט פאַרטאַיעטער אויפגערעגט־קייט דערציילט פון דעם „יום־טוב" וואָס גייט־אָן אין שטאָט אויפן חשבון פון די גאַאורס:

— אַלץ איז הפקר...

— קום און נעם!

— מלבושים... עסנוואַרג...

— פרויען...

פ ר ו י ע ן !—

די דערמאָנונג פון דאָס וואָרט אַליין איז געווען גענוג גענוג אַנצויאָגן אַ שטורעם אין די בלוטן, צו אָנצינדן די שוואַרצאַפּלען מיט שוואַרצן פייער, צו גרויס מאַכן די צערודערטע, בולטע ווייסלען פון די אויגן און אָנצוגיסן אַ רויטקייט אין די דיניקע אָדערלעך איבער זיי... פּרויען!... די גלעטנדיגע ווייסקייט פון אַ פּרויען־גוף אַרום דאָס אייגן דורכגעברענט לייב; דער נאָכגעביגער געצאַפּל פון ווייבערשער ווייכקייט צווישן די אויסגעקנאָכטע אָרעמס; אַ שויס וואו די ניט־געשטילטע לעכצונג צו פאַרוויגן... פלעגט מען אומגיין מיט שווערע, אָנגעגאָסענע גלידער, מיט אָפּגעריסענע, טרוקענע אָטעמס. און מיטן פאַרנאַכט פלעגן זיך פון אונטער די ביידלעך אַרויסרוקן שאָטנס און פאַר־שווינדן אויסערן לאַגער. און מיטן פרימאָרגן פלעגן זיי זיך צוריק אַריינשלייכן מיט צערויעטע פיס און אויסגעלאָשענע אויגן, און האָבן אַרונטערגעקוקט פאַרשולדיגט. די אָפיצערן האָבן זיך געמאַכט ניט־זעענדיג. דאָס רוב אָבער האָט אויסגעפּאָלגט דעם באַפעל און זיך געהאַלטן אין די גרעניצן פון לאַגער. זיי האָבן געגאַרט נאָך רו. געוואָלט האָבן צייט אויף אויסצולויזן זיך אין דער זון, און דאָס איז איצט געווען צו גענוג, און זיי זיינען געווען צופרידן.

אימעצער האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אינ'ם אויפשפּאַלט פון געצעלט. אבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך דערשטוינט אומגעקוקט און איז אויפגעשפּרונגען פון געלעגער —

— כייקל!!... אַה, זיבעציג קוילן און אַכציג פּגרים! פון וואַנען ביסטו אַהער אַראָפּגעפאַלן??!

— פון בוידעם. אָט, פון דאַנען — פון דאָרט — פון אומעטום. וואו שוין ניט אויסגעוועזן פאַר דער צייט?! געווען אין קאָנסטאַנטינאָפּל. גע־פּרואווט אַביסל אויסרוען די מידע ביינער הינטערן פראָנט, און געוואָרן אַ טאָלמאַטשער ביי די דייטשן. אָנגעמאַכט דאָרט הפּנים אַ שיין ביסל צרות מיט מיינע פרייע איבערזעצונגען (אַ רוח אין פייערשטאָמען!), האָט מען מיר אָפּגעשיקט בכבוד גדול צוריק אַהער, צו כאַפּן לופט אויפן פראָנט...

— דערזעלבער באָסיאַק וואָס געווען! און ווי איז עס עפּעס געגאַנגען, כייקל?

— אָט, געגאַנגען! אומגעטראָגן די אייגענע פעל צווישן די הייסע אַרבעס־לעך (מיטן טראָפּ אויפן צווישן). האָב זיך איינמאָל אַ ווילדע פאַרקוקט וואו מ'טאָר ניט, און געכאַפּט אַ האַלבן אויער אָפּגעשאָסן — זעסט?

און מאָדנע: דער אָפּגעצופּטער אויער האָט ווי צוגעגעבן כייקלס צע־פלאָכטענעם פּנים אַן אייגנאַרטיגן חן. און כייקל האָט געצאַפּלט מיט די הענט, האָט זיך פאַרכלינעט און האָט גערעדט. ער האָט גערעדט שנעל, פרעגלדיג, בחפּזון. כייקל האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין צייט; האָט ווי מורא געהאַט עפּעס צו פאַרזאַמען. עס האָט אים אַזש אויסגעפּעלט אָטעם.

— העי! אפשר וואָלסטו געגעבן עפּעס מיט וואָס צו באַנעצן דעם גומען?

דער כיזמאַטשי האָט געבראַכט ראַקי. כייקל האָט געטרונקען ווי אַ פיש, ט'געגאָסן ווי אויף הייסע שטיינער, און האָט גערעדט, דערציילט. און ס'איז גוט געווען צו האָבן כייקלען נעבן זיך, צו הערן זיין איבערגיסנדיק קול, זיינע צעשרויפטע פלוידערייען. און כייקל האָט געוואוסט פון אַלץ, וועגן אַלעמען. פון וואַנען? — דאָס איז ביי כייקלען ניט שייך געווען: ער האָט געדאַרפט וויסן האָט ער געוואוסט. גיב אים נאָר גענוג רויך, גענוג בראַנפן, און ער דערציילט, דערציילט —

— בקיצור — בקיצור — בקיצור...

אינמיטן האָט זיך כייקל אַ כאַפּ געטאָן און האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר קוקערס:

— וואָס איז דאָס — אַ מולאַזים?! און אַ מעדזשידיע־מעדאַל?! פאַר־וואָסערע מעשים־טובים — איינגענומען פלעוונע?...

אביגדור האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן —

— פרעג ניט.

כייקל האָט אָבער פיינט געהאַט צו וואַרטן לאַנג אויף אַ תשובה. ניט געענטפערט, האָט ער געהאַט גענוג וועגן עפּעס אַנדערש צו דערפרעגן זיך. דער עיקר:

— הער זיך איין, בחור: וואָס פאַר א מין נפש איז דיין אַלאַי־קאָמאַנדאַנט?

— איסמאַאיל ביי? אַ וואוילער מענטש. איינער פון די חסידי אומות העולם.

— און ווי פאַרהאַלט ער זיך מיט דיר?

— גוט. זייער גוט. ער איז זייער פריינדלעך געשטימט.

— כ'האָב זיך מיר אַזוי משער געווען. און מכוח אַ טובהלע?

— אויב ס'איז נאָר ביים דרך — יאָ. וואָס'י?

— גאָרניט. ס'איז גוט! מעגסט עס וויסן. ס'וועט סיי־ווי אינגיכן מער קיין סוד ניט זיין: דער קאָמאַנדאַנט פון דיין אַלאַי ווערט, דאַכט זיך, באַלד ווערן דער בעל־הבית פון דער פירקא. פרעג ניט פון וואַנען איך וויס!... איז אָט וואָס: אונדזער אַלאַי־קאָמאַנדאַנט איז אַ כלב־שבכלבים. אפרים ליפּ־שיץ האָט פון אים אָפּגעריסענע יאָרן. ס'איז אַ רחמנות אויפן קליינעם. פאַר־שטייסט? דו גיב אים אַ טאָפּ ביים דופק, דעם איסמאַאיל ביי דיינעם, און זע אויב מיר דריי קאָנען ניט זיין אין דעמזעלבן אַלאַי — צוזאַמען. ס'וואָלט געווען גוט! בפרט נאָך איצט, ווען די פירקא גייט קיין ארץ־ישראל.

— וואָס?!

— קיין ארץ־ישראל, האָב איך געזאָגט.

— קיין טשאַנאַק־קאַלי, וועדליג ווי איך האָב געהערט.

— בלאָטע! דו הער וואָס א י ך זאָג דיר: פון דאַנען גייען מיר קיין שושן־הבירה, קיין קאָנסטאַנטינאָפּל, און פון דאָרט צום מצרימער פראָנט.

זיך אַביסל דורכצוקיילן מיט די טעמים. כ'מיין, פאַרוואָס עפּעס אָפּגעבן דעם גאַנצן כבוד פאַניען?...

— אַ בית־הכסא־השערה?

— נישט ביי כייקלען! אַז איך זאָג דיר עפּעס, איז עס קדוש!

— פון אַרבל... עה, מיר דאַכט זיך אַז דו ביסט שוין אַביסל מראה־כהן.

— אַ נייק, ברודערל — דאָס ניט! איך האַלט חשבון.

און כייקל האָט „געהאַלטן חשבון", און עד־לחשבון האָט ער אַריינגעקערט נאָך עטלעכע גלעזלעך ראַקי, האָט אָפּגעסאָפּעט מיט כוואַליעס רויך — האַסטיג, גערדיכט. מ'האָט זיך צערעדט פון די פאַרגאַנגענע טעג, וועגן די צייטן אין דער טאַאַלים גאָה, די חברים.

— אָ, די חברה?!

און כייקל האָט באַלד אויפן אָרט געהאַט אַ פולן דין־וחשבון:

—... יואלי איז אין קאַניאַ; באַוואַכט דאָרט אַ געפאַנגענשאַפט־לאַגער און זינגט זיי סערענאַדן, דער קאַנאַריק. אַ מזל פון אַ בחור!... פייגלזאָן איז מיט די עסטרייכער — אַ טאַלמאַטשער ביי זיי; שפּיגלט זיך אין זיינע גלאַנציגע שטיוועלטן. זיינע זיבן יאָר!... שמחוני, ווייסטו דאָך: ער כאַפּט פליגן צווישן די פערד, ערגיץ אין פּאַזאַנטיע...ביילין שטופּט שוין קברות־בלימלעך אין גאַליפּאָלי... ישראל גבריאלי און צוקערמאַן זיינען שוין אויך גוטע בעטערס פאַר אונדז. כ'ווייס ניט אַקוראַט וואו, אָבער זיי זיינען אויפן עולם־האמת... מעלניק האָט שוין זיינס אָפּגעהוסט. ניט מער זאָל פייערשטאַם הנאה האָבן פון זיין ווייב, וואָס פאַר אַ הנאה די ווערים 'על האָבן פון מעל־ניקן... קאַלמאַנאָוויטש, פון די יפור, אשר־יצרט מיט דיזענטעריע ח"י מאָל אַ טאָג אין אַ שפּיטאָל אין סמירנע. וועט מסתמא, מיט דער צייט, אויסמלאכהן די נשמה... כהנען, פון די „עזרהניקעס", האָט מען געכאַפּט ביי אַ מיאוסער מעשה: ער האָט זיך אַזוי בשתיקה, דורך דער הויזן־קעשענע, אַריינגעשאָסן אַ קויל אין פוס. דערוויל קיכלט מען אים נאָך אין אַ שפּיטאָל; דער אמתער משא־ומתן וועט זיך פאַר אים אָנהויבן ערשט שפּעטער... חפץ און שוואַרץ זיינען אין קוט־איל־אַמאַראַ... דריי פון אונדזערע, וועלכע זיינען גלייך פון אָנהויב געשיקט געוואָרן קיין על־אריש, זיינען אויף קעסט ביי די ענגלענדער... אריה פישקינד האָט זיך פאַדגאַדיעט מיט אַ מעשה־שהיה: גראָד דאַרף ער זיין אין זעיטון ווען מ'האָט דאָרט „אָפּגעשפּילט אַ חתונקע" די אַרמענער; האָט זיך דער וצדקתך איינגעשטעלט פאַר אַן אַרמענישער בתולה, און גראָד אָנט־קעגן זיין אייגענעם טאַבור־קאָמאַנדאַנט. אַהין־אַהער, מ'האָט אים שיעור ניט צוגעשטעלט זאָגן די קורצע שמונה־עשרה ביי דער וואַנט. דערוויל זאָגט ער נאָך תהילים אין חד־גדיא... זהבי האָט אָפּגעשטעלט אַ קויל מיט דער מאָרדע און איז געשטאָרבן פון בלוט־פאַרגיפטונג; האָט געקראָגן דעם אייזערנעם קרייץ—— אויפן קבר. אַזוי וואויל און אַזוי גוט איז צו זיין נשמה!... קאַץ

איז מיט אונדז אין איין אַלאַי; האַלט זיך אין איין גוידערן, דער ממזר, און חנפעט זיך ווי אַ קורווע — עס קערט אַזש די גאַל! און דער אַנדער „עזרהניק,״ בענדער, טאַנצט אים נאָך ווי אַ מלמד דער קילע... פינף פון אונדזערע זיינען שוין פּולע מולאַזימס, מיט דיר — איז זעקס... דאָס איז דער סך־הכל פון אונדזערע גבורים... יאָ! און אַנאַסטאַסי עפענדי, דער דאָקטער פון דער טאַאַלים־גאַה — דער וואָס האָט מיר אַנומעלטן גראַטעוועט פון פּאַליעקעס ווייל ער „האָט געפונען אַז איך האָב אַ צו־שוואַכע האַרץ״ — דו געדענקסט אים אודאי! אַ טייערער גרעק! — ער איז איצט מיט דער דריטער פּירקאַ ערגיץ אַרום באר־שבע... בקיצור — בקיצור, אויב אַלץ זאָל גיין כשורה, דאַרפן מיר אַנציען קיין ארץ־ישראל אַרום—— אַרום—— וואַרט! וואָס האָבן מיר איצט? —— העי, זאָג נאָר: וואו האַלטן מיר ערגיץ אין לוח, האַ?!...

זיי האָבן זיך איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט פאַרווירט: זיי האָבן זיך ערשט אַרומגעזען, אַז זיי האָבן שוין ביידע פאַרלאָרן דעם חשבון פון דאַטום. צוואָס? איין טאָג איז ניט בעסער פון אַנדערן, איין מאָרגן נישט אַנדערש פון׳ם נעכטן. יאָ: זיי האָבן געוואוסט אַז ס׳איז פרילינג אויף דער וועלט; אַז ערגיץ אַרום זיי וואַכט־אויף אַ לעבן; האָבן געפילט אַז אין זייער בלוט ריזלט אַן אומרו, אַ בענקען — נאָר וואו מ׳האַלט אַליין מיט דער צייט איז ניט געווען צו דערגיין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיטן אָוונט זיינען אָנגעקומען די לעצטע קאָלאָנען פון דער פּירקאַ, מיט זיי — אפרים ליפשיץ, קאַץ און בענדער. מ׳האָט געשפּילט אין קאָרטן. אפרים ליפשיץ איז אויך געווען אין קאָן און האָט מיטגעשפּאַלטן מיט די איבע־ריגע. כייקלען איז געגאַנגען שלעכט. אים איז שטענדיג געגאַנגען שלעכט אין קאָרטן. האָט ער געשפּילט און האָט פאַרשפּילט און האָט געררויכערט איין סיגאַרעט נאָכן אַנדערן און האָט געגאָסן ווי ביט אין זיך. אוני עפענדין איז דידאָזיגע מעלה כייקלס שטאַרק געפעלן געווען.

— אַ וואוילער יונג, אָט דער האַמשערי דיינער, אַבוקאַדיר קאַרדאַשעם, מ׳דאַרף זען אים אַריינצוקריגן צו אונדז.

— אים און אָט יענעם — איבראַהים עפענדין — אויך.

— נאָך אַ אינגל. צו איידל פאַר אונדזער באַנדע... נאָר אויב ער איז דיינער אַ האַמשערי, ׳עט מען מוזן איבעררריידן וועגן דעם מיט איסמאַאיל בייען; ער האָט היינט צייטווייליג איבערגענומען דעם פּאָסטן פון פּירקאַ־קאָמאַנדאַנט. דער אַלטער תרח האָט עפּעס אַריינגעכאַפּט צווישן די פּיס...

דער יאַוויר איז אַריינגעקומען.

— עפענדילער! מאָרגן, זיבן אינדערפרי, אויפן וועג קיין איסטאַמבול.

# 29

# אין רָד־חבס פּאַלאַצן

אין קאָנסטאַנטינאָפּל האָט זיך כּייקל דערפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. זיין הפקרדיגע נאַטור האָט דאָ געפונען איר פולן שוואונג. ער האָט געוואוסט פון אַלע קאַפּע־שאַנטאַנען, פּאַרוויילונג־פּלעצער און „פריי־לעכע הייזער”. ער האָט געברענט, געפלאַקערט, האָט ניט גערוט אַ מינוט. ער האָט זיך ווי ניט געקאָנט גענוג אָנזעטיגן מיטן לעבן אַרום; האָט געוואָלט אַריינכאַפּן, איינשלינגען — גאָרניט דורכלאָזן, גאָרניט פאַרזאַמען.

און דאָס לעבן אין דער הויפּטשטאָט איז אָנגעגאַנגען אין פולן ברען. גאַלאַטאַ און פּעראַ האָבן געשפּרודלט מיט לוסטיגן נאַכט־לעבן. די געפאַר, וועלכע האָט געלויערט ביי די גרעניצן פון לאַנד, האָט ווי צוגעגעבן אימפּעט צו דער ענדלאָזער וואַקכאַנאַליע וואָס „די מלכּה פון מזרח” האָט געפּראַוועט. די קאַפּע־הייזער האָבן פיר־און־צוואַנציג שעה אין מעת־לעת געווירבלט מיט לוסט־דורשטיגע פאַרשויבען — ציווילע, מיליטער־לייט פון הויכן ראַנג, רייך־געקליידעטע רעגירונגס־אונטערנעמער, מלחמה־ספּעקוליאַנטן, דייטשן, עסט־רייכער, בולגאַרן, עלעגאַנטע דאַמען און פרויען פון צווייפלהאַפטיגן באַשטאַנד. די נייעסן וועגן דעם גרויסן נצחון ביי די דאַרדאַנעלן האָבן צוגעשטעלט דעם געוואונשטן אויסרייד פאַר נאָך מער זינלאָזע אָרגיעס און עפנטלעכע פייערונ־גען. אַבוקאַדיר עפענדין איז אויסגעקומען ווייטאָגדיג־פריקרע צו זען ווי מענטשן אָנגעפרעסענע, אויסגערוטע, צעבלאָזן זיך מיט פלאַם־פייערדיגע, פאַט־ריאָטישע רעדעס אין ליכט־באַשטראָמטע זאַלן, אַרום זאַט־געגרייטע טישן, אונטער די חניפה־שמייכלען פון גייציגע אויגן און געקויפטער לאַסקע פון פרויען־ליפּן — ווען דאָרט, אין די פוילע צושגראָבנס, גייען זייערע אייגענע ברידער אָפּ מיט בלוט, שמאַכן נאָך אַ רגע רו, גייען הונגעריגע אין שאָטן פון טויט... אָבער כּייקל האָט ניט געלאָזט לאַנג נאָכטראַכטן: ער האָט מיט־געריסן, מיטגעשלעפּט — אים, אָוני עפענדין, אַמאָל אויך אפרימען — „אָנצינדן אַ רויטן יום־טוב אין שטאָט!”

דעם טאָג אײדער די פּירקאַ האָט געזאָלט אָפּגײן, האָט זי צוגעקראָגן פֿאַרשטאַרקונג פֿון די נײַע רעקרוטן און איז געבראַכט געוואָרן צו פֿולער טרופּן־מאַכט. עס זײַנען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פֿײַערלעכע צערעמאָניעס אויפֿן פּאַראַד־פּלאַץ. די פּירקאַ־פֿאָן איז דעקאָרירט געוואָרן מיט אַ מעדאַל. איסמאַאיל בײַ איז אָפֿיציעל באַשטימט געוואָרן אַלס פּירקאַ־קאָמאַנדאַנט. אבוקאַדיר עפּענדין איז אַנפֿאַרטרויט געוואָרן די לײַטונג פֿון זײַן בולוק. עס זײַנען צוגעקומען נײַע אָפֿיצערן. צווישן זײ איז געווען אײנער אַ נאָמזעט, קאָלאָסט עפּענדי — אַ יונגער אַרמענער מיט אַן אײדעלן פּנים, שוואַרצע, דערשראָקענע אויגן און פֿולע, פֿאַרקלערטע ליפּן. כײַקל און אפֿרים ליפּשיץ זײַנען, אויף איסמאַאיל בײַס באַפֿעל, אַרײַן אינ׳ם 162טן אַלאַי, 2טן טאַבור, אין אביגדורס אָפּטײלונג.

— עי, ברודער, דאָס דאַרף געפֿײַערט ווערן מיט פּויקן און טרומײטערן! — האָט זיך כײַקל צעהעצקעט — הײַנט לאָזן מיר זיך אַרויס אויף יאָגד — אײן־מאָל־פֿאַר־אַלעמאָל! כ׳האָב אויסגעפֿונען אַ מקום־קדוש מיט מאַמעלעך — אײנע אין אײנע! נאָר אַ ברכה צו מאַכן אויף זײ! און נשים צדקניות — אַ גוואַלד! גײען דרײַ מאָל אַ טאָג אין מקווה, און יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק — צו קריאת־התורה בײַם דאָקטער... בחור, הײַנט הוליען מיר כמו שכתוב! און צוערשט — קידוש... העי, כיזמאַטשי! — ראַקי!

מ׳האָט געטרונקען — ער, אביגדור, אַווני עפּענדי און אפֿרים ליפּשיץ אויך. כײַקל האָט אפּרימען „צוגעזען”, און האָט אים צוגעשאַרט אַן איבעריקן טרונק. און נאָך אײדער ער האָט באַוויזן איבערצוצײלן זעקס גלעזלעך, איז ער שוין געפֿאַלן אויפֿן נאָז. כײַקל האָט אים דערשלעפּט צום געלעגער, ט׳אים אויס־געלײגט בכבוד גדול און איז געווען מלא־שמחה: ער האָט זײַנס אויסגעפֿירט. —

— דאָס איז וואויל! קינדער דאַרפֿן גײן שלאָפֿן אין צײַט. ער איז נאָך צו־יונג פֿאַר אַזוינע זאַכן. צוריקגײענדיק ׳עלן מיר אים קויפֿן אַ ליאַלקע... נו, געגאַנגען, יונגען! האַידע!

אבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך אַ ווײַלע געקווענקלט. כײַקל און אַווני עפּענדי זײַנען צוגעשטאַנען צו אים, ניט נאָכגעלאָזט. ער איז מיטגעגאַנגען. כײַקל האָט געפֿירט דעם „קרײַץ־צוג”.

אינ׳ם קוואַרטאַל פֿון די „אָפֿרו־אַנשטאַלטן” פֿאַר אָפֿיצערן איז דער פֿאַרקער געווען לעבהאַפֿטיק. אָפֿיצערן פֿון יעדן עלטער און ראַנג האָבן זיך אומגע־שלײַכט איבער דער סומנער רונד־באַרגיגער גאַס און מיט זשעדנע אויגן אַרײַנגעקוקט דורכן קאַרעלן־פֿאַרהאַנג איבער אַ האַלב־צוגעמאַכטער טיר. דאָ און דאָרט האָט אַ ניזאַם־טשאַוויש אָפּגעשטעלט אַן אונטערגעטרונקענעם אָפֿיצער און האָט אים אויפֿמערקזאַם געמאַכט צו פֿאַרשפּיליען די הויזן. דורך די שווער־פֿאַרהאַנגענע פֿענצטער האָבן אַרויסגעבלאָנדזשעט אין דער נאַכט אַרײַן הײזעריקע טענער פֿון אַ הוסטנדיקן גראַמאָפֿאָן, אָפּגעריסענע קלאַנגען

פון אַ אוד, אָפטע אויספלאַצן פון טרוקענע געלעכטערס און אַ מאָנאָטאָנער געזאַנג פון פרויען־שטימען.

אינעווייניק, אין דער מיסטיש־בלויער באַלייכטונג פון אויפנאַם־צימער, האָט זיך געשלייערט אַ דינער רויך. אין אַ ווינקל, אויף אַ נידעריקן טאַבאַרעט, האָט זיך גערויכלט אַ בשמים־לעמפל און האָט באַהויכט דעם אָנגעדעמפּטן חלל מיטן ריח פון זיסלעך־שטיקנדיקן ווייראַך. פון אַלץ האָט געשלאָגן מיטן גערוך פון ביליקע פּאַרפיומען, שמינק און איבערגעברענטן געזיכט־פודער. אויפן ווייך־געבעטן דיל און אויף נידעריקע זייט־סאָפאַס זיינען געזעסן די מוידן פון אָנשטאַלט אין פּילפאַרביקע, לויזע שאַראַווארן, דער אויבערשטער טייל פון קערפּער אַנטבלויזט, מיט דורכזיכטיקע, שימערירנדיקע ברוסט־בענדער איבער די פולע בוזעמס. מיט אַרומגעשוואַרצטע, פאַרגלעזערטע אויגן האָבן זיי זיך תאוהדיק־פאַרשייט איבערגעוואונקען מיט די געסט און געשמייכלט דורך אויסגעגלעטע ציין. איינע פון זיי האָט אויפגעשפּילט אויף אַן אוד. אַ טאַמבורין האָט באַלד אונטערגעכאַפּט. צוויי פון די מוידן זיינען אַוועק אַן עראָטישן טאַנץ. ביי אוני עפענדין האָבן זיך צעבלישטשעט די אויגן, און ער האָט זיך פאַרקליבן מיט די הענט אין דעם בוזעם פון אַ גריכישער מיידל פון אַ יאָר פופצן, אַ בלאָנדע, מיט קאַרע אויגן. כייקל האָט, אויף אים קוקנדיק, זיך אויך אויסגעקליבן „אַ באַשערטע" פאַר דער נאַכט — אַ זאַפטיקע, באַקערפּערטע טשערקעסן מיט פוכקע היפטן.

— אַי, אַן אונטערבעט, קיין עין־הרע — אַ יש! ס'איז דאָ וואָס אָנצונעמען...

ער האָט זיך אַזש פּאַסמאַקעוועט קוקנדיק אויף זיין יפה־פיה און האָט זיך אַ וויש געטאָן דעם באָז פון אונטן אַרויף.

אַ לאַנגבערעמיגע, טונקלהויטיקע אַלבאַנעזערן האָט געטאַנצט אַ בויך־טאַנץ — „קאָניאַלי־גובעק". קאַסטאַנעטן אין די הענט, גלעקלעך אויף די ענקלען און פוס־פינגער, און די אַגרעגנדיקע, ספּיראַלישע באַוועגונגען פון איר בויג־זאַמן קערפּער האָבן אַרויסגעבראַכט יעדן מוסקל־צאַפּל פון איר פּלאַסטיש־געשניצטן בויך און בולטע יונגע ברוסטן. די איבעריקע מוידן האָבן אונטער־געזונגען אין אַ נעזלעכן אונטערטאָן און צוגעפּליעסקעט מיט די בראַסלעטן־באַלאָדענע הענט.

אַ שוואַרצע באַדינערן האָט צוגעטראָגן קאַווע פאַר די געסט. נאָכן ערשטן זופּ, האָט אַבוקאַדיר עפענדי אַוועקגעשטופּט די שעלכל אָן אַ זייט. די גאַנצע אַטמאָספערע איז אים געוועז דערווידער, האָט אים געשטיקט. עס האָט אים אָנגענומען אַן עקל פון דעם שווייסיגן אָפּגערוך פון די מיטבאַזוכער, פון אַלץ אַרום, פון זיך אַליין. מיט אַ געמישט געפיל פון איבל און מיטלייד האָט ער געקוקט אויף די יונגפרויען פון אַנשטאַלט: אויסגעקנאָטענע, פריצייטיק־דורכגעבערענטע מיידלשע לייבער, מיט פאַרחלשטן מזרח־פייער אין די אויגן —

דער אָפּפאַל פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. לייב צום פאַרקויפן! וויבערשע לייטזעליגקייט פאַר געלט! און אַרום זיי — פלייש פאַר האַרמאַטן...
צוויי תהומען פון מענטשלעכער ליידנשאַפט האָבן זיך דאָ צוזאַמענגעטראָפן: געזעצלעכע אויסגעלאַסנקייט און פאַרהייליקטער מאָרד...

כייקל האָט אַריינגעוואָרפן אַ פּיאַסטער־שטיק אין דער שפּיל־קעסטל:

— עפּעס אַלאַ־פראַנגאַ![1]

ס'האָט אויסגעקריפּעט עפּעס ענליכס צו אַ טאַראַנטעללאַ, אָדער גאָר אַ מאַרש. וואָס מאַכט עס אויס וואָס? — אַבי ס'מאַכט־אַן טומל, איז כייקל צופרידן. אוּני עפּענדי מיט זיין מיידל האָבן זיך אָוועקגעלאָזט טאַנצן. כייקל האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט זיין בתולה, איז געשפּרונגען ווי אַ ציג. אייניקע פון די געסט האָבן זיי נאָכגעטאָן. אַבוקאַדיר עפּענדי איז געבליבן זיצן אויף זיין אָרט.

אין דער טיר פון אַ דערבייאיקן צימער איז געשטאַנען אַ ברונעטן פון שפּאַנישן אויסזען און האָט זאָרגלאָז גערויכערט אַ סיגאַרעט. אין קאָנטראַסט מיט די איבעריקע מוידן, איז זי געווען וויניקער אָנגעשמינקט און מער באַקליידט; נאָר דאָ און דאָרט האָט פון צווישן די נאָכלעסיק־גראַציעזע פאַלבן פון איר קאַשמיר שאַל אַרויסגעוואונקען אַ שטיק רייצנדיקע פרישקייט פון איר לייב — שטיפעריש, בכיוונדיק. זי האָט, ווי פון אַ באַהעלטעניש אַרויס, פון דער וויטן אָפּגעמאָסטן יעדן איינעם פון די באַזוכער. איר נאָנשאַלאַנטע האַלטונג האָט אַבוקאַדיר עפּענדין אימפּאָנירט. זי האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן קאָקעטיש־באַשיידן. כייקל האָט, פאַרבייטראַגנדיק זיך, אים אַ טיוכקע געטאָן אין זייט:

— אויף וואָס וואַרטסטו — און שבע ברכות?! קלייב זיך אויס אַ נקבה פאַר דער נאַכט און קום טאַנצן!

ער איז, ווי בלינדערהייד, צוגעגאַנגען צו דער ברונעטן. זיי האָבן אַ ווילדע געטאַנצט. זי איז געווען לייכט אויף די פיס און בויגיק. טאַנצנדיק, האָט זיך ביי איר דער שאַל לאַנגזאַם אַרונטערגעגליטשט פון די אַקסלען. עס האָבן פאַר אים אויפגעבלאַנקט די ווייכע קאָנטורן פון איר האַלדז און נאַקן, די מאַניענדיקע שאָטנקייט פון איר צווישן־ברוסט. דער באַריר פון איר לייב האָט אָפּגעשלאָגן מיט יוגנטלעכער וואַרעמקייט. זי האָט עפּעס אַרויסגעפליסטערט. ער האָט ניט געהערט. ער האָט נאָר פאַרנומען דעם דופטיקן ציטער פון איר אָטעם. זי האָט אַריינגעטאַנצט מיט אים אין טרינק־צימער.

— איליאַ איז מיין נאָמען, דזשידזשעס. — האָט זי זיך אָנגערופן.

— ס'איז אַ שיינער נאָמען.

— יאָ?

1. איירָאָפּעאיש!

— דער נאָמען פון גריכישער געטן.

— אָ, ווי וואונדערבאַר! און קיינער האָט עס מיר ביז איצט קיינמאָל ניט געזאָגט. ביסט אַ גרעק, ליבינקער?

— ניין.

— אַן אַרמעניער?!

— ניט געטראָפן.

— וואָס דען?

— טרעף.

— וואָס איז דיין נאָמען?

— מוז איך דיר אויסזאָגן?

— נישט, אויב דו ווילסט ניט. נאָר דו ביסט אַן איינגעשפּאַרטער, ליבינ־קער. דו'סט עס מיר שפּעטער אויסזאָגן, יאָ?... איך געפעל דיר?

זי האָט אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דעם שאַל און האָט זיך גראַציעז אויס־געדרייט אַנטקעגן אים. זי איז געווען שיין, כמעט עלעגאַנט. איר פיגור — שלאַנק, פּלאַסטיש; איר הויט — מילך־ווייס; אירע האָר — שאַטען, ווייך; איר פּנים — באַלעבט.

— ביסט שיין, איליאַ... — האָט ער אַרויסגערעדט, ניט אַראָפּנעמענדיג די אויגן פון איר.

— און ווי שיין דו רעדסט מיין נאָמען אַרויס! — האָט זי מיט אַ קינדיש געהאַנדל זיך צוגעטוליעט צו אים — זאָג עס נאָכאַמאָל, ליבינקער... אָ, דו געפעלסט מיר אַזוי!

— און וויפל מאָל אַ טאָג זאָגסטו דאָסזעלביגע צו אַנדערע—— פּאָר אַ פּאָר בישליקעס?

— ניין, דזשידזשעם, קיינעם ניט. כ'האָב אויף זיי אַלעמען רחמנות, אָבער קיינער געפעלט מיר ניט אַזוי שטאַרק ווי דו. דו ביסט אַ ליבינקער...

איר קול איז געווען מעלאָדיש, מאָדולירט; איר טערקיש — אַ געשוליטער; איר אויסשפּראַך האָט געהאַט אַ פרעמדלעכן נאָכקלאַנג. ער האָט זיך געקליגט פעסטצושטעלן איר אָפּשטאַם. פרעגן האָט ער ניט געוואָלט, האָט ער איר גע־לאָזט ריידן. און זי האָט גערעדט וועגן די שווידערליכקייט פון קריג: מענטשן ווערן אַוועקגעריסן, גייען אַוועק, קומען קיינמאָל ניט צוריק...

— אָ, דזשידזשעם! — איז זי פאַרגאַנגען אין אַ וויינענדיג קול — פאַרוואָס מוזט איר אַזוי ליידן? פאַרוואָס מוזט איר אַלע אַוועקגיין?!

— זיי ניט אַזוי סענטימענטאַל, איליאַ. דאַרפסט ניט וויינען: טרערן מאַכן די אויגן רויט...

— איך האָב איך אָבער אַזוי ליב — איך האָב איך אַלעמען ליב... נעם מיר אַרום, דזשידזשעם.

— די נאַכט איז נאָך גרויס, איליאַ.

— בלייבסט דאָ פאַר דער גאַנצער נאַכט?

— מיט דיר.

— אָ, דו ביסט אַזאַ גוטינקער! און מאָרגן וועסטו, ווי אַלע אַנדערע, אַוועק... וואוהין שיקט מען אייך פון דאַנען, ליבינקער?

כייקל און אוני עפּענדי מיט ביידע מוידן זיינען אַריינגעקומען.

— אַט אַזוי, מונטער אים אויף, שוועסטערל! — האָט כייקל, אַן צערע־מאָניעס, אַ פּאַטש געטאָן איליאַן איבערן הינטן — זע אים גוט צו; ער איז מיין בולוק־קאָמאַנדאַנט.

— אַ בולוק־קאָמאַנדאַנט?! ער?! און ער האָט עס מיר אפילו ניט גע־זאָגט. פון וועלכער אָפּטיילונג?

— די 53טע. די טאַפּפערסטע פּירקאַ אין דער גאַנצער לוויזיגער אַרמיי! זעסט? מיר האָבן אַלע מעדאַלן! — האָט כייקל אויסגעשטרעקט הויך זיין ברוסט און האָט אָנגעצייגט אויף דער שפּאָגל־נייער אָפּצייכענונג־טאַשמע אין לאַץ — עהע! מיר'ן זיי נאָך ווייזן, די לאַנגע טאַמים, ווער ס'איז עלטער...

און קוים האָט כייקל נאָר דערמאָנט דעם מעדאַל, איז ער באַלד געוואָרן האַפּערדיג און האָט געהייסן שטעלן געטראַנקען און צובייסנס — שישקאַבאַב און האַרב־געווירצטע סאַלאַטן. אוני עפּענדי איז געוועזן פאַרנומען מיט זיין מויד. ביי כייקלען האָט זיך די צונג אויפגעבונדן און איז געגאַנגען ווי אַ ווינטמיל. איליאַ האָט געזען אַז די גלעזלעך זאָלן אויף אַ רגע ניט בלייבן שטיין ליידיג, און האָט זיך, פון דער זייט, צוגעהערט צו כייקלס פּלאַפּלערייען. איר גאַנצער זיין דאָ, איר עקזאָטישער באַנעם, איז אבוקאַדיר עפּענדין געוועזן אויפפאַלנד. ער האָט זיך געמאַכט טרינקענדיג. איליאַ איז אַלע ווײַלע אַרויס־געלאָפן עפּעס ברענגען — נאָך ווײַן, נאָך ראַקי, נאָך צובייסנס. כייקל איז שוין פּטור געוואָרן פון דעם אָקאַרשט־געקראַגענעם געהאַלט. אוני האָט שוין ניט געקאָנט צוזאַמענרעכענען אַ פינגער מיט אַ נאָז. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך געמאַכט פאַרצייילבדיג. איליאַ איז געשפּרונגען פון דער הויט:

— אָ, איך האָב אַזוי ליב צו זען אייך, יונגען, אַזוי פריילעך! נאָך אַ גלעזל פאַר דעם נצחון פון דער 53טער פּירקאַ אויפן נייעם פראָנט! וויוואַ!!

כייקל האָט פון איר געשעפּט נחת:

— אַי, אַ וואזשנע נקבה דיינע — אַ שוועבעלע!

— האַלט דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס און די צונג צווישן די ציין, דו פּלוידערזאַק! — האָט אבוקאַדיר עפּענדי אים געוואָרנט אין דער שטיל, ווען איליאַ איז אויף אַ ווײַלע ניט געוואָרן — געדענק וואו דו געפינסט זיך...

כייקל האָט פון גאָרנישט געוואָלט הערן —

— איך האָב עס אין דר'ערד! מאָרגן 'עלן מיר כאַליען פאַר אַזעלכע מאַמע־לעך, און אַ קדחת 'עט מען האָבן... הוליע, ברודער!

— באַסיאַק!...

איליאַ האָט זיך באַוויזן אין טיר און האָט אים אַ רוף געטאָן מיט אַ וואונק. ער איז איר נאָכגעגאַנגען דורכן שמאָלן קאָרידאָר. אַ קליין צימערל, אָבער מאָדנע באַקוועם. באַלד איז איליאַ געשטאַנען פאַר אים מוטער־נאַקעט.

— ביסט צו־שיין, איליאַ... דו באַלאַנגסט ניט דאָ... — האָבן זיך די ווערטער אַרויסגעכאַפּט ביי אים צעברעקלט, און ער האָט דערהערט דעם שלאָגן פון זיין האַרץ.

איליאַ האָט זיך הילכיק צעלאַכט:

— און באַלד ׳עסטו אפשר, ווי אַ צעהיצטער שול־אינגל וועלכער איז צום ערשטן מאָל מיט אַ פרוי, מיר שטעלן צום געוויינטלעכן פאַרהער: „ווי ביסטו געקומען דערצו?... ווער האָט דיר דערצו געשטויסן?... ווי אַזוי—?... פאַרוואָס טוסטו דאָס?...״ כאַ־כאַ־כאַ! אַלע זיינען זיי אַזוי. דו, ליבינקער, זעסט מיר אָבער אויס צו זיין צו־דערפאַרן פאַר אַזוינע בענאַלי־טעטן. דו ביסט אַ וואוילער. כ׳האָב דיר ליב. דו ליבערשט לייג זיך נעבן מיר, אָט־אָ־דאָ... — האָט זי אים אַ צי געטאָן צו זיך אויפן געלעגער און אים אַריינגענומען אין אירע ווייכע אָרעמס — קוש מיר! שלאָג מיר! טו מיט מיר וואָס דו ווילסט!...

— איך וויל גאָרניט, איליאַ — ג אָ ר נ י ט .

— פאַרן צוריקגיין אויפן פראָנט...?

ער האָט זיך אויפן אויגנבליק דערמאָנט, ווי דאָרט, אויפן פראָנט, פלעגן זיי אויסגיין נאָך דער נאָנטקייט פון אַ פרוי; ווי די גלידער פלעגן ברענען, ציטערן פאַרן אָפּדאַכט פון אַ ווייבלעכן ווען. איצט, ווען ער האָט עס געהאַט פאַר זיך—?...

ער האָט זיך באַהערשט.

— מיר גייען נאָך ניט אָפּ אַזוי שנעל. מיר זיינען אַקאָרשט געקומען פון דאָרט.

— פון וואַנען?

— פון גאַליפּאָלי.

— אָ, פון גאַליפּאָלי!... דאָרט זיינען פאָרגעקומען מוראדיגע שלאַכטן, האָב איך געהערט.

— דו׳סט געהערט דעם אמת.

— און אַ סך זיינען דאָרט אומגעקומען פון אייער פּירקאַ, דזשידזשעם?

— ווי געוויינטלעך. מיר זיינען אָבער אַרויס די זיגער. ז י י האָבן זיך געמוזט צוריקציען.

— דאָס איז וואויל! איר האָט אָבער אַ סך געליטן, אָרימינקע... אָ, ווי קאָנט איר דאָרט לעבן אַזוי? — אַליין, אָן—, אָן גאָרניט... גאָט דערבאָרמדיגער! און אַצינד טרייבט מען איך שוין ווידער...

— פון וואַנען ווייסטו?

— דיין האַמשאָרי, כאַקי עפּענדי, האָט מיר דערציילט. קיין אַראַביסטאַן, אַנטקעגן די ענגלענדער, האָט ער געזאָגט.

— ער ווייסט ניט וואָס ער רעדט, איליאַ: ער איז שיכור. אויב מ׳עט אונדז וועלן צוריקשיקן, וועט עס אודאי זיין קיין קוט־איל־אַמאַראַ.

— מאָרגן?

— מ׳ווייסט ניט ווען. אונדז אַרט דאָס ניט: מיר האָבן זיך ניט פאַרוואָס צו שרעקן.

— איך ווייס. די 53טע אין אַ העלדישע פּירקאַ. און... אַזויפיל יונגינקע צווישן זיי!

— דאָס זיינען נאָר די נייע — ס׳הייסט, נאָר אַ קליינע צאָל יונגע אָפּי־צערן... — האָט ער זיך באַלד צוריקגעכאַפּט — פאַר טרענירונג־צוועקן.

— נאָר אָפיצערן... און אַזעלכע ליבינקע צווישן זיי... אַ, ווי שרעקלעך עס איז צו דענקען: נעמען אַ גאַנצע פּירקאַ מיט יונגע מענטשן און שיקן זיי אין פייער! און דיר, דזשידזשעם — אויך... דזשאַנעם, ניין! לאָמיר בעסער ניט ריידן דערפון. דריק מיר, ליבינקער, צו צו דיר... זיי ניט אַזוי פאַר־טראַכט. ביסט ניט געקומען אַהער צו טראַכטן... לאָז מיר דיר קושן אין מויל.

— ניין. טו דאָס ניט.

זי האָט אים שטיפעריש אַריינגעקוקט אין די אויגן.

— אַ——ה, איך ווייס! דו ביסט פאַרליבט, מיין יונג... האָסט געלאָזט אַ מיידל אין דערהיים — אַ געליבטע... ווי הייסט זי?

— ס׳איז ניט דיין עסק!! — האָט ער זיך אָפּגעריסן פון איר און האָט גענומען אומשפּרייזן נערוועז איבערן צימער.

זי האָט זיך אויפגעזעצט אויפן געלעגער און האָט אים נאָכגעקוקט מיט שפּאָטיגע בליקן —

— און דו בענקסט נאָך איר, דערפאַר ביסטו אַזוי—— דו דענקסט אַז זי וועט וואַרטן אויף דיר — וועט האַלטן איר אומשולד ביז דיין קומען, כאַ־כאַ!

— שוויג, דו——!

— זאָג וואָס דו האָסט געוואָלט זאָגן: זונה! צויג! — איז זי אַנטקעגנ־געקומען זיין אויפגערעגטן טאָן מיט גיפטיגער בייסיגקייט — איך שעם זיך ניט מיט דעם! איך העלף מענטשן: איך לינדער אַזוינע ווי דו זייער עלנט! איך לאָז זיי ניט בענקען, לאָז זיי ניט וואַרטן... און געדענק מיינע ווערטער: זי דאָרט וועט אויך ניט וואַרטן!... ס׳איז שטענדיג דאָ אַן אַנדערער, ווען איין מאַנסביל גייט אַוועק...

— האַלט דעם אויסגעלאַסענעם פּיסק דיינעם! — האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר אַ צערייצטער.

זי האָט אָנגעכאַפּט זיין צעגויפגעביילטע האַנט און האָט עס גענומען קושן, הינטיש, אונטערטעניג —

— אָ, זײ ניט בײז אױף מיר, ליבינקער. איכ'ל זײן גוט צו דיר — זײער גוט... איך פֿאַרשטײ... זײ ניט בײז.

— איך בין ניט בײז אױף דיר, איליאַ. כ'האָב פֿריער צופֿיל געטרונקען: דאָס רעגט מיר אױף.

— איר זענט אַלע אױפֿגערעגט װען איר קומט אַהער, עלנטע װאָס איר זענט!... זעץ זיך נעבן מיר — כ'על דיר באַרואיגן... אָט אַזױ... קיל זיך אָן מײן לײב... און װי צערטלעך דו ביסט; און זײ פֿײניגן אײך, די מערדער!... האַלט דײן האַנט אָט־אַ־דאָ... גוט אַזױ?

— דו קאַנסט פֿרײנדלעך זײן, װען דו װילסט, איליאַ־שװעסטערל.

— איך װ י ל זײן פֿרײנדלעך; איך בין גערן צו דינען אײך מיט װאָס איך קאָן; און דאָס־אָ—— דאָס איז אַלץ מיט װאָס איך קאָן אײך דינען, טײערינקע מײנע... און מאָרגן װעסטו אַלץ פֿאַרגעסן, װי אַלע.

— איך פֿאַרגעס ניט, איליאַ.

— דו װ ו ע ס ט פֿאַרגעסן. דו'סט זיך אָנשפּילן מיט מיר די נאַכט, און מאָרגן 'עסטו אפֿילו ניט געדענקען צי ס'איז דאָ אַן איליאַ אױף דער װעלט, װי דער עסטרײכשער אָפֿיצער.

— װעלכער עסטרײכשער אָפֿיצער?

— אײנער אַ יונגינקער — נאָך גאָר אַ יונגינקער. געװען דאָ בײ מיר נעכטן אָונט, ט'צוגעזאָגט הײנט װידער צו קומען, און האָט פֿאַרגעסן. און אפֿשר ט'מען אים אַװעקגעשיקט אַהין... ער איז אין דער אַרטילעריע. ער האָט מיר געזאָגט, אַז זײ האָבן די בעסטע האַרמאַטן.

— ס'איז אמת.

— דורך זײער פֿײער, האָט ער געזאָגט, קאָן זיך דער שטאַרקסטער שונא ניט דורכברעכן. און זײ זײנען געקומען אונדז צו העלפֿן. זײ װערן פֿאַנאַנדערגעטײלט צװישן אונדזערע אַרמעען. אָ, דאָס איז אַזױ גוט!

— יאָ.

— און אײער פֿירקא האָט אַרײנגעקראָגן אַ סך פֿון זײערע, דזשידזשעם!

— פֿאַרװאָס פֿרעגסטו?

— גלאַט אַזױ. איך זאָרג זיך נאָר פֿאַר דיר.

— אָ...

— מיט זײ זענט איר בעסער געשיצט און——

— און װאָס?

— און איך װיל ניט אַז מיט דיר זאָל עפּעס געשען, דזשידזשעם...

— אַ דאַנק, איליאַ. ביסט אַ גוטע. רײד.

— און איך האָף, אַז דער יונגינקער עסטרײכער װעט זײן דאָרט נעבן דיר. ער איז אױך אַזאַ װאױלינקער. זײ גײען אױך אָפּ מאָרגן.

— המ?... אָבער מיר גײען ניט אָפּ מאָרגן.

— עה, דו ליגסט צו מיר, ליבינקער! — האָט זי שעלמעריש אומגעטייטלט אַ טאַדלדיק פינגער און האָט האַלב־צוגעמאַכט די אויגן — דו ליגסט... כ'וויס: דו ווילסט ניט אַז איך זאָל זאָרגן, אָבער—— איר גייט מאָרגן אָפּ פון דאַנען — קיין אַראַביסטאַן — די גאַנצע פּירקאַ... זאָג מיר דעם אמת, ליבינקער: יאָ?... פאַרוואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי?...

ער האָט פאַרביסן די ליפּן און האָט ניט אַרונטערגענומען זיין צודרענג־לעכן, שניידנדיקן בליק פון איר. פּלוצים איז ער אויפגעשפּרונגען און האָט זיך געשטעלט איבער איר אינגאַנצן ניכטער, געשפּאַנט. זיין פאַרדאַכט איז רייף געוואָרן.

— שוועסטערל, דו ביסט צו־שיין דערשאָסן צו ווערן!... — האָט ער אַרויסגערעדט מיט האַרטער געמאָסטנקייט — דיין שפּיל איז דיר דאָסמאָל ניט געלונגען... ניט ווער!...

זי האָט אַ שוידער געטאָן, ט'זיך צוריקגעצויגן און איז אויפן אויגנבליק ווי איינגעשרומפּן. שטאַרע אויגן. אַ בלאַס געזיכט. אַ ראַשער אויפצאַפּל. זי איז פאַרשוואונדן.

די טיר איז געבליבן אָפן. פון איבער די קאָרידאָר־ווענטלעך האָבן זיך געהערט אוני עפּענדים נאָכאַנאַנדיקע קללות, כייקלס קייקלדיגער געלעכטער. אבוקאַדיר עפּענדי איז אַ ווילע געשטאַנען אומבאַוועגט, ט'ווי אויף עפּעס גע־וואַרט, און האָט זיך באַלד אַרויסגעיאָגט אויף דער פאַרוואָרלאָזטער גאַס. אַ ניזאַם־טשאַויש האָט אים אָפּגעשטעלט.

— נעם מיר שנעל צום נאָנטסטן טעלעפאָן־פּונקט! — האָט ער אַרויסגע־העשעט אָן אַן אָטעם — דרינגענד!... אַ שפּיאָן צווישן די מוידן... האַידע!

— עווער, עפּענדים.

# 30

# שטערן זינגען, שטערן פֿאַלן

עסקישעהיר. קוטאַיאַ. קאָניאַ. אַדאַנאַ. שטויביקע וועגן איבער דער מעלאַנכאָלישער אַנאַטאָליע. פֿאַרוואָרלאָזטע פֿעלדער. פֿאַרטרינקטע, אָפּגעדאַרטע מוילבער־וועלדלעך. דערפֿער פֿאַראומערטע, אָן אַ סימן פֿון יונגמאַנסבילשן דאָ־זיין. דאָ און דאָרט, איבער אַן אויפֿגעשפּאָלטענער פֿעלד־בייט, איז אַן אַלטער קאָיאַדזשי נאָכגעגאַנגען זיין אַקער געשלעפּט פֿון אַן אייזל און אַ פֿרוי געשפּאַנט באַנאַנדער. צווישן די אָפּגעלאָזענע הייזער האָבן אומגעבראָדיעט האַלב־נאַקעטע, אויסגעדאַרטע קינדער מיט אָנגעדראָלענע בייכער, און האָבן געבעטלט מיט פֿאַרהונגערטע אויגן. אַמאָל האָט זיך פֿאַר אַ הויז־שוועל באַוויזן אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט שוין אָפּגעגעבן אַ טייל פֿון זיין קערפּער פֿאַר דער מעמלעקעט, און איז איצט געזעסן אַן אויסגעזוי־גענער, אַ צעבראָכענער און האָט זיך געזונט אויף דער נידעריקער פּריזבע, מיט אַ הילצערנער קוליע אָנשטאָט אַ פֿוס, מיט אַ ליידיקן העמד־אַרבל אָנשטאָט אַן אָרעם. אין די טויער־פֿורטקעס און הינטער די צוימען־קוסטן פֿון ביידע זייטן וועג האָבן געלאָקערט פֿרויען־געשטאַלטן, און מיט לאַכצנדיקע בליקן נאָכגעקוקט די פֿאַרבייגייענדיקע טרופּן... אַמאָל פֿלעגט דער אַלאַי זיך אָפּ־שטעלן איבער־נאַכט אין אַ דאָרף. דאַמאָלט פֿלעגט, באַלד נאָך זונאונטערגאַנג, באַלעבט ווערן דער וועג צום ברונעם. דאָרט האָבן, אין די מילדע אָוונט־שאָטנס, געברענט יונגע אויגן פֿון דאָרפֿספֿרויען און זיך פֿאַרטאַיעט איבערגעוואונקען מיט אומשליימבדיקע אַסקאַריס און זאַביטס. מיט בינטלעך אָפּגעשפּאָרטן עסנוואַרג אונטער אָרעם און פּאָלע, פֿלעגן די יונגען, אין דער טונקל פֿון הינטערשטעגן, נאָכפֿאָלגן זייערע באַהאַלטענע טריט; פֿלעגן זיך אָפּשטעלן פֿון דער ווייט, זיך פֿאָרזיכטיק אומקוקן אַרום, און פֿאַרשווינדן בליץ־שנעל אין אַ בלינדן הייפֿל. באַלד פֿלעגט זיך אַ טיר פֿאַרריגלען. אין דער טיף פֿון אַ פֿענצטערל פֿלעגט אויפֿטויכן אַ פֿאַרהוילן פֿייערל. און נאַכט האָט געשוויגן, נאַכט איז געלעגן וואַך. און מיטן פֿרימאָרגן פֿלעגן פֿאַרבענקטע

בליקן אַרויסבאַגלייטן זייערע טריט — טריט פון זעלנער איבער די גרויע וועגן פון אַנאַטאָליע.

אין אַדאַנאַ האָט די פּיראַקאַ באַקומען אַ באַפעל אָנצואַיילן דעם מאַרשרוט: דער דרום־פראָנט ווערט טעטיק. מ׳האָט זיך געלאָזט אין אַ דראַנג־מאַרש: צען מינוט אָפּרו נאָך אַ שעה גאַנג. דורך טאָג און נאַכט — דער מאָנאָטאָנער טראַמפּל פון טעמפּע טריט, דער הייסער סאָפּען פון אָטעמס אונטערן לאַסט פון רוקן־געפּעק, דער זויערלעכער אָפּגערדוך פון שוויס. שטויב אויף די ליפּן, שטויב אויף די ברעמען. מ׳איז געגאַנגען. און ווען די אויגן פלעגן זיך איבער־גיסן מיט שלאָף, פלעגט מען פאַרלייגן אַ מידע האַנט אויף אַ חברס אַקסל; די ברעמען פלעגן זיך אַרונטערוואויגן, די פיס האָבן זיך באַוועגט, געשלעפּט פון זיך אַליין, זיך געצויגן אָן ווידערשטאַנד; דער אָפּקלאַנג פון טריט האָט איינגעוויגט...

אין דעם אַלעפּאָ־געגנט האָבן די קאָלאָנען אָנגעטראָפן געדיכטע שטויב־וואָלקנס איבערן וועג. צוקומענדיק נענטער, האָבן זיך פון שטויביקן נעפּל אויסגעשיילט קריכנדיקע שאָטנס אונטער אַ וואָך פון כאַיאַלן. די ערשטע השערה צווישן די טרופּן איז געווען, אַז דאָס זייַנען געפאַנגענע ענגלענדער פון קוט־איל־אַמאַראַ. דער גאַנג איז געוואָרן לעבהאַפטיקער. נייגער האָט געטריבן דעם טראָט: מ׳האָט זיי געוואָלט אָנקוקן אויף בייז־וואונדער. דעריאָגט, האָט מען ערשט איינגעזען דעם טעות: דאָס זייַנען געווען מחנות פאַרטריבענע אַרמענער, צווישן זיי — אַלטע לייט, צעבראָכענע שאַרבנס, געבויגן אונטערן לאַסט פון יאָרן; פאַרפּייניקטע מוטערס מיט פאַרחלשטע זויג־קינדער אין די אָרעמס; יונגע מיידלעך מיט צעשויבערטע האָר און צעביילטע לייבער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער צעפליקטע קליידער — אָפּגעריסן, פאַרשמאַכט, מיט פאַרגליווערטער מורא אין די אויגן. דורכשנייַדנדיק זייער וועג צווישן דער מחנה פון די גאַאורס, האָבן אייניקע פון די טרופּן זיי באַהאָגלט מיט ביטערע קללות און זידלערייען; אַנדערע האָבן זיי צוגעוואָרפן ביסלעך עסנ־וואַרג פון זייערע שפּאַרע אַרזאַק־בייטלען. מ׳איז אָנגעפאַלן אויף דעם ווי אַ סטאַיע הונגעריקע וועלף. קאַלאָסט עפּענדי האָט געקוקט אויף זיי מיט צע־טומלטע אויגן, זיין פּנים האַרט, די ליפּן פאַרגליווערט. לאַנג האָט ער געהאַלטן זיין ליידיקן בליק אויף דער פאַרשווינדנדיקער מחנה פון די געטריבענע און האָט געשוויגן. דעמזעלבן אָוונט האָט ער זיך אַריינגעיאָגט אַ קויל אין די שלייפן — „איך קאָן ניט טראָגן מיין לעבן פאַר די פייניגער און רוצחים פון מיינע ברידער...״ אַכמעד טשאַוּיש איז געווען דער ערשטער אים צו געפינען.

— טשודזשוק...[1] — האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן שווערן קאָפּ — נאָך נאָך גאָר אַ אינגל, אָבער אַ וואויל אינגל... אַ שאָד!

1. אַ אינגל.

כייקל האָט זיך געפילט געטראָפן, אָבער ער האָט עס ניט געוואָלט אַרויסווייזן:

— אַ פּרא־אדם! ווען ער וואָרט אַביסל לענגער, ביז מיר קומען אַהין, וואָלט ער דער מלוכה איינגעשפּאָרט די בליי...

— ס'איז אים ניט צו פאַרדענקען: „בלוט איז ניט קיין וואַסער"... — האָט אַבוקאַדיר עפּענדי זיך אָנגערופן פאַרטראַכט.

אַוני עפּענדי איז געווען אויפגערעגט:

— איך אויף זיין אָרט, וואָלט אפשר אויך אָפּגעטאָן דיזעלבע נאַרישקייט; אימעצער וואָלט אָבער פריער טייער באַצאָלט פאַר דעם... — האָט ער אַ זאָג געטאָן פאַרביסן און האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט.

אין דמשק האָבן זיי דערוואָרט די דייטשישע מאַשין־געווער־אָפּטיילונגען. דאָ האָט שוין געשמעקט מיט ארץ־ישראלדיגן אָנהויב־זומער. דאָ האָט מען זיך דערוואוסט נייעס פון ארץ־ישראל. ס'איז דאָרט געווען ניט פריילעך. דזשאַ־מאַל פּאַשאַס דעקרעטן קעגן אידישן ישוב זיינען וואָס אַ מאָל געוואָרן בייז־וויליגער. יעדער דורכפאָל פון דער פערטער אַרמיי אויפן מצרימער פראָנט האָט געפונען זיין אָפּקלאַנג צווישן די בערג פון יהודה און גליל. יפו איז עוואַ־קואירט געוואָרן.

כייקל איז אַריינגעפאַלן פון דער גאַס פאַרשמאַיעט:

— דוכס! אדון שיפּריס און זיין משפחה זיינען דאָ, אין דמשק! זיי זיינען פאַרשיקט געוואָרן אַהער פון דער ארץ־ישראלדיגער קאָמאַנדאַטור, צו־זאַמען מיט דר' מיכלזאָנען און אַנדערע. מ'מוז זען אָפּגעבן שלום דעם אַלטן.

זיי האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אויפזוכן אדון שיפּריסן. זיי האָבן ניט באַוויזן אים צו געפינען. דעמזעלבן נאָכמיטאָג האָט דער אַלאַי פאַרלאָזן דמשק.

שוואַרצע בערג פון עבר־הירדן. שטיקנדיגע היץ פון אָטעמלאָזע טאָלן. טעג אָן וואַסער, נעכט אָן ווינט. נצרת. שכם. און רעכטס — די שפלה.

ניט ווייט פון די יפור זאַמדן האָט דער אַלאַי זיך אָפּגעשטעלט אָפּצורוען. אַבוקאַדיר עפּענדי מיט כייקלען האָבן באַשלאָסן אַריבערצוכאַפּן זיך דערווייל קיין תל־אביב: זען ווי זי זעט אויס. אפרים ליפשיץ האָט פאַר די לעצטע טעג געליטן פון דיזענטעריע. עס האָט אים גוואַלדיג אָפּגעשוואַכט. ער האָט זיך אָבער ניט געוואָלט אונטערגעבן און אַריינלייגן אין לאַזאַרעט. דערזע־ענדיג די צוויי גיין אין דער ריכטונג פון דער שטאָט, האָט ער זיך אויפ־געהויבן פון זיין אָרט, וואו ער איז געלעגן אָן אויסגעמאַטערטער, און האָט זיי אָנגעיאָגט.

— סט'זיך ליבערשט געדאַרפט אָפּרוען אַביסל, אפרים.

— ניט אַרום דאַנען. ס'ציט אין שטאָט אַריין: מיין צווייטע היים.

די גאַסן האָבן זיך געבאָדן אין העלער זוניגקייט. פענצטער און טירן זיינען געשטאַנען פאַרשלאָגן. ס'איז קיין לעבעדיגן מענטשן ניט געווען אָנצוזען אין

דער גאַנצער שטאָט. פֿייגעלעך האָבן געצוויטשערט אויף די בוימער אין מיטן העלן טאָג. איבער דער גימנאַזיע־געבײַדע האָט געפֿלאַטערט די פֿאָן פֿון דער רויטער האַלבע־לבֿנה. זעלטן־ווען איז פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ סאַניטאַר, אַ מיליטער־דאָקטער, און באַלד איז די גאַס ווידער געבליבן וויסט. אין דער שטילקייט האָט זיך געהערט דער ווײַטער גערויש פֿון ים און דער אָפּהילך פֿון זייערע אייגענע טריט. עס איז געווען שווער זיך פֿאַרצושטעלן אַז דאָ האָט אַמאָל געברויזט אַ לעבן, אַז דאָ האָט אַמאָל געקוועלט אַ פֿרייד. אַ שווערקייט האָט געדריקט אויפֿן געמיט. אימעצער האָט דערמאָנט קאַלאָסט עפּענדיס נאָמען. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן. מ'איז געגאַנגען שוויַגנדיק. די שטילקייט האָט ניט געלאָזט ריידן. מ'האָט זיך ווי געשראָקן אַרויסצוזאָגן וואָס מ'פֿילט: אין דער אַרומיגער ליידיגקייט וואָלט דאָס וואָרט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געהויל... האָט מען געשפּרייזט מיט געמאָסטענע טריט און אויסגעמיטן צו קוקן איינער אויפֿן אַנדערן. אפֿרים האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר אַ הויז אויף דער הערצל גאַס:

— אָט דאָ האָב איך געוואוינט... — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער פֿאַר־האַקטער טיר.

כּייקל האָט זיך אַפֿילו ניט אומגעקוקט —

— טאָ גיי טו דאָרט אַ קוש די מזוזה, אויב דו קאָנסט ערגיץ־אַנדערש ניט קושן... — האָט ער זיך אָפּגערופֿן אומגעדולדיק. אָבער ס'איז געווען מער ווי אומגעדולד וואָס האָט פֿון אים אַרויסגעשריען.

און זיי האָבן געשפּרייזט ווייטער, זייט־בײַ־זייט. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. די איינגעקלעמטע שטילקייט האָט פֿאַר זיי גערעדט, האָט אַלץ דערציילט, האָט עפּעס קלאָר געמאַכט... נאָר צוריקגייענדיק, ווען די שטאָט איז שוין געלעגן הינטער זיי, האָט אביגדור זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און האָט אַריבערגעקוקט צו די ווײַסע, פֿאַרלאָזענע הייזער־ציילן.

— ווער וואָלט זיך עס דאַמאָלט פֿאַרגעשטעלט אַז ס'וועט קומען דער־צו?... — האָט ער באַזאַכט אַרויסגערעדט.

שפּעט נאָכמיטאָג איז מען אָנגעקומען קיין לוד. לאַגער אונטער לײַוונט. מ'האָט דערוואַרט ווײַטערדיקע פֿאַראָרדענונגען פֿון ירושלימער הויפּטקוואַר־טיר און די אָפּטיילונגען פֿון דעם 163טן אַלאַי. זיי זײַנען פֿאַרהאַלטן געוואָרן אין שכם: קאַראַנטין. פֿון צייט־צו־צייט האָבן זיך אַהער דערטראָגן די ווײַטע אָפּדונערן פֿון האַרמאַטן. כּייקל איז געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן:

— וואָס 'עלן מיר דאָ זיצן און כאַפּן פֿליגן? לאָמיר זיך גאָר אַריבערכאַפּן צו דײַן ליפּשיצן! ס'איז ניט ווײַט... וואָס זאָגסטו צו דעם, דוכס?

דוכס האָט שוין פֿריער וועגן דעם געטראַכט. ער האָט געוואָלט זיך זען מיט תּמרהן. ער האָט געפֿילט אַז ער מ ו ז איר זען — כאָטש נאָך איין מאָל. נאָר עפּעס האָט אים אָפּגעהאַלטן; עפּעס אין אים האָט אים געזאָגט אַז

מ׳דאַרף ניט — אַז ער ט אָ ר נ י ט. פּאַרוואָס, איז פאַר אים אַליין ניט קלאָר געווען, און ער האָט זיך ניט געגעבן די מי דאָס קלאָר צו מאַכן. מיט קאַלטע אויגן האָט ער אַרויסגעקוקט צום וועג, וואָס פירט אין דער קאָלאָניע, צום טונקל־בלויען שאָטן פון בוימער, וואו דער וועג פאַרשווינדט. „אַזוי נאָנט...״ ער האָט אָבער געהאַט דעם געפיל, אַז זיין פליכט פאַר די טעג די קומענדיגע פאָדערט פון אים אַז ער זאָל נ י ט גיין אַהין: ער האָט איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל באַשלאָסן צו פאַרגעסן און—— און גלייכצייטיג האָט עס אים געצויגן אַהין, גערופן... איצט, ווען כייקל איז צוגעשטאַנען, איז דער גע־ראַנגל אין אים געוואָרן פיינלעכער, שאַרפער. ער האָט געזוכט אַן אויסרייד.

— מ׳דאַרף ניט, כייקל, — האָט ער זיך ווי געבעטן; — ליבערשט ניט.

כייקל איז אָבער באַשטאַנען אויף זיינס:

— מ׳עט דאָ גאָרניט פאַרשפּעטיגן. ווי ס׳זעט אויס, ׳עט מען נאָך דאָ שטיין אַ פּאָר טעג. אַ חיי־שעה איז אויך גוט.

— פאָלג מיך.

— זיי ניט ניט קיין עקשן! ס׳איז אונטער דער נאָז. ווען ׳על מיר ווידער האָבן אַזאַ געלעגנהייט?

— אויב דו באַשטייסט, נעם־מיט אפרימען און גיי. דער קליינער איז ניט־געזונט. איכ׳ל פאַר איך אויסווירקן אַ דערלויבעניש. איך—— איך קאָן ניט איבערלאָזן דעם בולוק.

— איך וועל פאַר דיר איבערנעמען דעם בולוק, אַבוקאַדיר קאַרדאַשעס, — האָט אַווני עפּענדי זיך אַנגערופן. — כאַקי עפּענדי איז גערעכט: דו דאַרפסט גיין. האַידע, לאָז זיך ניט בעטן! אויב עפּעס וועט דאָ געשען, וועל איך שיקן נאָך איך.

— אַפּאַרעם, אַווני עפּענדי! — האָט כייקל אים אַ פּאַטש געטאָן אין פּלייצע — דו ביסט אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד! דו׳סט זען: מיר׳ן צו דיר ניט צוריקקומען מיט ליידיגן: גוטער ווייַן...

אַבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געהאַמפּערט, און האָט ענדלעך נאָכגעגעבן. ער האָט געקראָגן דערלויבעניש פאַר אַלע דריי — אים, כייקלען און אפרימען — און זיי האָבן אָוועקגעריטן אין דער קאָלאָניע אַריין.

די גערטנער זיינען געשטאַנען אין פולער צעוואָקסנקייט. בוימער און קוסטן האָבן זיך אַרונטערגעוואויגן אונטער דער שפע פון זאַפטיגער גרינקייט. די שווערע צווייגן האָבן פאַראויסגעזאָגט אַ גערעטעניש. דיזעלבע גאַסן, די־זעלבע הייזער, דיזעלבע מענטשן; נאָר עפּעס איז איבער אַלץ געהאַנגען אַ פאַרהוילענע דערוואַרטונג, אַן אומגעדולד פון צווישן־שעה, פון ערב־עפּעס... אידן זיינען געקומען, אידן האָבן זיך נאָכגעפרעגט, זיינען געווען זשעדנע נאָך נייעס:

— וואָס? — וואָס הערט זיך דאָרט?

— וואו ?
— אָט דאָרט — פון וואַנען איר קומט, וואוהין איר גייט — ?
— פון וואַנען זאָלן מ י ר וויסן ?
— אַז ניט איר, טאָ ווער דען ?! איר זענט דאָך ביים סאַמע——
— ט אַ ק י דערפאַר.
— אַהער אָדער אַהין — זאָל עס שוין געשען !
— וואָס ?
— מ׳דאַרף אייך נאָך אַריינלייגן אַ פינגער אין מויל ?
— המ ?
— מ׳זאָל כאַטש איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל וויסן ו ו ע ן...
ו ו ע ן...

שווער פאַר די מענטשן הימישע צו באַגרייפן, אַז מענטשן אין שלאַכט האָבן ניט קיין נייעס ; אַז פאַר זיי קאָן נ י ט זיין קיין נייעס ! שווער פאַר זיי צו פאַרשטיין, אַז אַ זעלנער האָט ניט קיין ווען. ס׳איז נישט צו פאַרשטענדיגן זיך מיט די מענטשן — מענטשן וועלכע זיינען, דאַכט זיך, אַזוי נאָנט...

געזען אַז פון די חברה איז קיין נייעס ניט צו דערגיין, האָבן די אידן גענומען דערציילן פון וואָס ס׳איז ביי זיי פאַרלאָפן, האָבן זיך באַקלאָגט אויף דער בידנער דאָליע : „שלעכטע צייטן... סוכרא, צוואַנגס־אַרבעט... באַקשישן... בעדעל — בלוטיגע אויסלייז־געלט — פאַר זיך, פאַר זין און איידעמס... פאַראַיאָריגער ווייץ זויערט נאָך אין די קעלערס... ניטאָ וואו אַפּצוזעצן די מאַראַנצן, די מאַנדלען... דאַסיאַר איז גאַר אַ גערעטעניש (נאָר אַ היישעריג איז תמיד אַ גערעטעניש), איז וואָס קומט דערפון אַרויס ?... דער יקב אַרבעט נאָר צוויי טעג אַ וואָך. טויט !... אידישע פועלים זיינען זיך צעלאָפן — ווער קיין גליל, ווער קיין שומרון. די עטלעכע, וועלכע זיינען דאָ, האָבן מורא דעם נאָז אַרויסצושטעקן, ליגן באַהאַלטן אין די כרמים... מ׳האָט זיך „פון אויבן” אַנגעזעצט אויף אונדז : „אידן זיינען מיטן צווייטן צד ! אידן זיינען מיט ז י י !”... ניטאָ קיין טראָפּן נאַפט, קיין ברעקל צוקער פאַר אַ חולה אפילו... און דאָרט, ביי זיי, אין מצרים — דערציילט מען — איז דאָ פון וואָס אַ מויל קאָן נאָר ריידן...”

און ס׳איז געווען מער ווי בלויז אַ באַקלאָגן זיך אין זייער פאַרציילן. ס׳איז געווען א מין התנצלות, אַ פאַרענטפערונג, פאַר זייער ניט־אַרויסגערעד־טער דערוואַרטונג. נאָר וואָס איז דאָס אַלץ אַנגעגאַנגען אביגדורן ? ווער האָט אַצינד פאַרנומען זייערע קריוודעס ? — ווען פאַר אים איז איצט געווען תמרה ! — ווען אַרום אים האָט געכישופט דער צויבער פון איר ווען... ס׳איז זי, וואָס האָט אים געמאַכט וואָס ער איז ; צוליב איר איז ער אַצינד דאָ ; און זי איז אין איר פולן בליען, און זי איז אַזוי שיין, און זי איז אַזוי נאָנט...

פא̈רגעסן זיינען א̈לע פיינען פון די נעכטנס אונטערן בא̈ריר פון איר הא̈נט; צעשוואומען איז די געפא̈ר פון מא̈רגן אונטער דער זוניגקייט פון איר בליק. א̈ציינד הא̈ט ער נא̈ר געוואוסט פון דעם אומעסטבא̈רן פיצל איצט און זי...

ליפשיץ הא̈ט בחשאי געשיקט נא̈ך דוד קא̈פלא̈נען. ער איז געווען לערער אין נס־ציונה. ער איז געקומען, און הא̈ט געברא̈כט זיין מא̈נדא̈לינע מיט אים. דערזעלבער דוד.

— א̈י, א̈ שא̈ד וואס כ'קא̈ן ניט, פא̈ר איין גא̈נג, א̈רא̈פּברענגען א̈הער ראובנין! — הא̈ט ליפשיץ זיך ווי פא̈רענטפערט — א̈י, וואלט איך א̈ בעלן געווען א̈ז ער זא̈ל דיר א̈ציינד זען, דער קא̈פיטא̈ן! נו, איז ער א̈בער — העט־וואו! — אין גליל. בא̈הא̈לט זיך אוים. ער איז פרינציפּיעל קעגן מלחמה, דער צער־בעל־החיימניק!... ראובני!...

אפרימען הא̈ט חוה א̈ריינגעלייגט אין בעט. ער הא̈ט זיך קוים געהא̈לטן אויף די פיס.

עס זיינען זיך צוזא̈מענגעקומען יונגווא̈רג פון דער קא̈לא̈ניע, בא̈קא̈נטע פון א̈מא̈ל, און מיידלעך וועלכע זיינען ווי איבער־נא̈כט אויסגעווא̈קסן און רייף געווא̈רן, און קא̈לא̈ניסטישע זין וועלכע זיינען פא̈רבליבן אין דערהיים אין דעם זכות פון א̈ וויסיקא̈, א̈ רעגירונג־שיין, א̈דער א̈ פּא̈פירענעם א̈פיציעלן א̈מט, פא̈ר וועלכע זייערע טא̈טעס הא̈בן בא̈צא̈לט מיט גילדענע לירעס. זיי זיינען געווען הא̈פערדיג ביי זיך: זיי הא̈בן בעסער אויסגעפירט; זיי זיינען דא̈! זיי הא̈בן זיך ניט „געלא̈זט פא̈רפירן אין זא̈ק!“... מיט א̈זויפיל מיידלעך א̈רום זיך, איז כייקל געווען אין זיבעטן הימל!

— א̈י, חוהלעך — נא̈ר די ביינדעלעך זייערע צו צעקושן!...

און ס'הא̈ט זיך אים דוקא פא̈רגלוסט א̈ נשף. מ'הא̈ט אים נא̈כגעגעבן. אויף א̈זוינע זא̈כן הא̈ט מען חברה־יונגווא̈רג ניט געדא̈רפט צופיל בעטן. דער בית־עם איז געווען פא̈רנומען מיט טרענירונג־טרופּן, הא̈ט מען דעם נשף געמא̈כט ביי ליפשיצן אין הויז. די צימערן זיינען געווען גרא̈ם, און א̈ גרא̈־מא̈פא̈ן איז דא̈רט געווען, און דוד הא̈ט געברא̈כט זיין כלי, און די פּיא̈נא̈ פון בית־עם איז איצט במילא געשטא̈נען ביי ליפשיצן, און שושנה פרומקין הא̈ט זיך תמיד געהא̈לטן פא̈ר א̈ גא̈נצער פּיא̈ניסטן. זי הא̈ט זיך פשוט געשמא̈לצן פא̈ר נחת פון כייקלען:

— ער איז א̈זוי א̈מוזא̈נט!

און כייקל א י ז געווען א̈מוזא̈נט. זיך דערקוויקט ס'הא̈רץ מיט א̈ביסל משקה — „קיין חזיר דא̈רף מען ניט זיין“ — און די אויגן הא̈בן זיך ביי אים א̈ביסעטשקע פא̈רגלעזערט, און, „דעם בא̈רא̈נס אייניקלעך“ זיינען געווען צוגעלא̈זן, לייטזעליג, הא̈בן דוקא געוואלט הערן פון זיין מויל ווי־א̈זוי ס'איז דא̈רט וואו מ'שלא̈גט זיך, אין סא̈מע פייער — הא̈ט ער געפלא̈כטן פא̈ר זיי זיינע בא̈יקעס,

ט׳גערעדט אַ מייל־אַ־מינוט פון וואָס ס׳איז אים נאָר געקומען אויף דער לויזער צונג — צעפלאַכטן, צעכראַשטשעט — אַ־לאַ־כייקל:

— סכנה? — ווייס איך וואָס! מ׳פייפט אויף דעם! דער צד־שכנגד איז פונקט אַזוי אין ראַסל ווי מיר, און מיר האָבן דאָך עפּעס מוכאַמאַד הנביא אויף אונדזער זייט... קוקט: מעדאַלן!... דאָס גיט מען ניט פאַר מאַכן אַ המוציא אויף אַ דונער... האַ? דער אויער? — ס׳איז בלאָטע! אַ שטיקל זכר אַז מ׳איז דאָרט געווען מוז פאַרבלייבן... אַי, איז דאָרט גוט! מ׳איז שטענדיק אויף דער פרישער לופט, אין די אָרעמס פון דער מאַמע־נאַטור: ס׳איז גוט פאַרן אַפּעטיט. זינט מיר זיינען דאָרט, איז אונדזער אַפּעטיט דריי מאָל אַזוי שטאַרק ווי געווען... האַ? — אַ, אַ דאַנק. זייער געהויבענער געבעקס! דאָרט האָבן מיר ניט שטענדיק ס׳געבעקס אַזוי פריש, כע־כע!... וואָס? פאַר־וואָס זאָל איך זיך עפּעס אָפּזאָגן פון אַ טרונק וויין?! וואָס׳י, ס׳איז חלילה יין־נסך?... נאָך איינע? — מהיכי־תיתי: כ׳בין ניט קיין עקשן. ס׳איז זייער גוט: ס׳שווייגקט־אַרונטער דעם חמץ... מורא? — פאַרוואָס זאָלן מיר מורא האָבן?! געהערט אַ מעשה?! מורא גאָר! וואָס זיינען מיר עפּעס — מלופים־קינדער?! העלדישקייט, זעט איר — דאָס יאָ! ביז איבער די אוי־ערן!... אָט וועל איך אייך פאַרציילן אַ קלייניגקייט, ׳עט איר וויסן וואָס העל־דישקייט באמת איז... באַלד! כ׳על נאָר באַנעצן דעם גאָרגל אַביסל...

און די מיידלעך האָבן אים געקיכלט, האָבן אַנגעקוואָלן פון אים. און ביי כייקלען האָט זיך צעפלאַמט די פאַנטאַזיע. און שושנה פרומקין איז אים גע־האַנגען אויפן אַרבל, האָט פון אים קיין אויג ניט אָפּגעלאָזט, און האָט יעדן מאָל אויסגעשאָסן מיט אַ פרעגלדיק געלעכטערל. כייקלס דערפאָלג האָט אבשלום כרמין געדופעט ביזן ביין: כייקל האָט מאָנאָפּאָליזירט זיין שושנהן! כייקל אָבער האָט אים געהאַט ערגיץ־אַנדערש, דעם מוכטאַרס בן־יחיד. און אים אויף צע־פּיקעניש, האָט ער זיך צעלאָזט אין גאַנצן ברייטל. ער האָט אָפּגעענטפערט אויף שושנהס לאַסקעס, ט׳איר אַרומגעכאַפּט און האָט זיך מיט איר אַוועקגעלאָזט טאַנצן. די פיס האָבן זיך ביי אים אַביסל אונטערגעפּלאָנטערט, אָבער ער האָט געברענט, געפלאַקערט, און שושנה אויך. היינט איז זי זיינע! און באַלד איז ער ווידער געזעסן אין דער מסיבה פון די מיידלעך און האָט דערציילט די נפלאות פון פראָנט.

אבשלום האָט אים ניט פאַרגונען דעם נחת, און האָט זיך אָפּגעטראָגן אין אַן אַנדער זייט, נעבן אביגדורן.

— איך בין אים מוחל די גרויסע גדולה זיינע ביים טערק! מיר איז מיין אייגן בעט אַ סך באַקוועמער, און דער מאַמעס עסן אַ סך געשמאַקער. ניט אַזוי, דוכס?

— יעדערער וואָלט געקאָנט זיין אַזאַ חכם ווי דו, מיט אַ טאַטן ווי דיי־נעם... — האָט אביגדור כלאחר־יד אָפּגעענטפערט.

אבשלום האָט זיך געמאַכט ניט־הערנדיג. עס האָט אין אים געקאָכט, און ער האָט געמוזט ריידן:

— ... דאָ פילט מען אויך שטאַרק די מלחמה: ס'איז נישט צו קריגן מער קיין רוסישע ווייסע מעל, קיין אויסלענדישע שפּראָטן און... איך האָב עס אַזוי האָלט!... מ'זאָגט אָבער, אַז ס'איז דאָ אַ האָפענונג—— איינגיכן...

אביגדור האָט זיך ניט אָפּגערופן. ער האָט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך פון דער גרופּע יונגוואַרג אַרום אים — דער בעסערער עלעמענט פון דער אָרטיגער יוגנט. זיי האָבן גערעדט פון העכערע ענינים: ליטעראַטור, קונסט, פּאָעזיע. אַ סך פון זיי האָבן זיך אָקאָרשט באַקאַנט מיט דער וועלטלעכער ראָמאַנ־טישער ליטעראַטור, און איר איינפלוס אויף זיי האָט זיך געלאָזט שטאַרק פילן. זיי האָבן גערעדט מיט יוגנטלעכער פאַרחלומקייט, מיט נאַאיווער באַגייסטערונג, זיינען אים באַפאַלן מיט פראַגן: אָה, זיי האָבן געהערט אַז ער פלעגט שרייבן לידער. זיי האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט צו לייענען אייניגע פון זיי — אָה, אַזוי לירִיש־שיין!... האָט ער געלייענט שניאורס „די מתנה"? וואָס איז זיין מיינונג וועגן דעם?... שרייבט ער נאָך איצט אויך אַ סך? איצט מוז ער אודאי אויסדיכטן שטאַרקע לידער?...

ער האָט בלאָס אַ שמייכל געטאָן און האָט שעמעוודיג אָפּגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניין?! אָה, פאַרוואָס?... אַזוינע איבערלעבונגען מוזן פאַראיי־ביגט ווערן אין דער פּאָעזיע, נישט אַזוי?...

ער האָט ניט געענטפערט, ער האָט ניט געקאָנט ענטפערן. עס האָט זיך געפאָדערט אַ קראַפטיג וואָרט פאַר דעם. און ער האָט אַזאַ וואָרט פאַרמאָגט; ער האָט פאַרמאָגט אַ סך אַזוינע ווערטער — קורץ, נאַקעט, שאַרף. אָבער ס'איז ניט געווען פאַר זיי! דאָרט, צווישן די אייניגע — מיט כייקלען, מיט אָווניך, מיט די אַנדערע — האָט מען עס געקאָנט אַרויסזאָגן אַזוי לייכט: אַ קרים ס'מויל, אַ שפּיי, אַ טרוקענעם געברום דורך פאַרקלעמטע ציין, און מ'פאַרשטייט זיך, ס'ווערט פאַרענטפערט. אָבער די — המ... זיי וואָלטן אויפגעציטערט, וואָלטן זיך געפילט געטראָפן, העכסט־באַליידיגט, און וואָלטן עס קיינמאָל ניט פאַר־שטאַנען. דער טאָן אַליין וואָלט זיי געלאָזט פריטשמעליעט!... און דאָס וואָרט האָט געברענט אויף די ליפּן, האָט זיך געריסן אויסצופלאַצן. און ער האָט געשוויגן, און האָט זיך צוגעהערט צו זייער שמועס. סענטימענטן... אַב־סטראַקטן... אידיליזורונגען... אויסגעטרוימטע באַגערן... און דאָס אַלץ האָט דאָך אַמאָל פאַר אים אַזויפיל געמיינט; — איז געווען אַ טייל פון אים. איצט האָט עס אויסגעזען אַזוי קליין, אַזוי נישטיג — אַ ווייטע וועלט, אַ פרעמדע וועלט און—— אַזאַ רואיגע, אַזאַ פאַרברייכטע... גאָט, וועט ער קיינמאָל מער ניט קאָנען זיך צוריק איינלעבן אין דערדאָזיגער וועלט?! איז זי פאַר אים אויף אייביג פאַרלאָרן! און—— אין דערדאָזיגער וועלט לעבט דאָך תמרה...

ער האָט זיך אויפגעהויבן, ט'איר אַרומגענומען און האָט זיך מיט איר אַוועקגעוויגט אין אַ טאַנץ. קאַפּלאַן האָט געשפּילט אַ וואַלץ. ער האָט געשפּילט מיט טעמפּעראַמענט, מיט געפיל. ער האָט געקוקט אויף אביגדורן מיט תמרהן, און די טענער פון דער מאַנדאָלינע זיינען געקומען קראַפטיג, וואַרעם, „האָבן גערעדט ווערטער". די ריטמישע אַקאָרדן פון דעם פּיאַנאָ־באַגלייט האָבן פולער, קלאָרער אַרויסגעבראַכט דעם ציטער פון די סטרונעס. תמרה האָט אָנגעלענט איר שלייף אויף אביגדורס באַק, זיינע ליפּן האָבן באַרירט אירע האָר און, ברוסט־צו־ברוסט צוגעדריקט, האָבן זיי זיך אומגעשיפט איבער די כוואַליגע קלאַנגען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם ערשטן אָוונט ווען ער האָט געטאַנצט מיט תמרהן — דעם אָוונט ווען זייער פריינדשאַפט איז צייטיג געוואָרן. און ער האָט איצט געיערט צו זען זיך נאָכאַמאָל איינגעוועבט אין יענע ליכטיגע טעג. די אויגן האָבן זיך צוגעמאַכט. ווי פון אונזיכטבאַרע ווייטקייטן קומען זיי די זעאונגען פון זיין יוגנט, די פרייד פון יענע שטראַליגע שעהן, דער באַרוישנ־דיגער ציטער פון זיין ערשטן באַרירן תמרהס לייב... ער טאַנצט מיט איר, און עפּעס אין אים האַלט אים אין איין דערמאָנען, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ ווייטע דעראינערונג, אַ פאַרשוואונדענער דמיון... ער האָט זיינע אויגן אויפגעעפנט: תמרה קוקט אויף אים — אַ גליקלעך קינד...

— געדענקסט, תמרה?

— יאָ. פּונקט אַזוי האָבן מיר דאַן געטאַנצט.

— און אַצינד טאַנצן מיר ווידער...

— דעמזעלבן טאַנץ...

יאָ: דעמזעלבן טאַנץ... ער האָט איר געהאַלטן אין זיינע אָרעמס. זי האָט זיך געטוליעט צו אים אַזוי ווייך. דיזעלבע תמרה! — פול מיט לעבנספרייד... פון איר יעדן בויג האָט אַרויסגעזונגען דער פולער חן פון יוגנט, פון אַ לעבן אין בליען... ניין! זי איז אויף אַ האָר ניט אַנדערש געוואָרן — נאָר ער... ער... און ער האָט דאָך געהאַט איר אַזויפיל צו זאָגן, אַזויפיל אויפצובינדן... פאַרוואָס קאָן ער איצט ניט ריידן? פון אַלץ וואָס ער האָט געמיינט איר צו זאָגן, פאַרוואָס קאָן ער ניט איצט קיין אייניציג וואָרט פון זיינע ליפּן אַראָפּשיילן?... ער האָט איר שטייפער צוגעדריקט צו זיך. די כוואַליעס פון וואַלץ האָבן זיי געטראָגן אימפּעטדיגער, שפּינענדיגער. ער האָט געוואָלט כאָטש מיטן דמיון דערכאַפּן די פאַרשוואונדענע זעאונג...

— דו ביסט אַזוי לייכט אין מיינע אָרעמס, תמרה.

— ס'איז מיין ליבלינג־וואַלץ.

— שוין לאַנג אַזוי ניט געטאַנצט... אונדזער ערשטער טאַנץ צוזאַמען געווען, און איצט — אפשר דער לעצטער—— פאַר מיר...

תמרה האָט אויפגעהויבן איר פּנים צו אים. אירע אויגן האָבן אויפגע־

פראַלט. שוואַרצער פייער האָט זיך אָנגעצונדן אין אירע שוואַרצאַפּלען. שווייגנ־דיג האָבן זיי פאַרגעזעצט דעם טאַנץ.

אימעצער האָט אויסגעשריען:

— רבותי! אַ טאָסט!

אויף אַ שטול איז געשטאַנען אבשלום כרמי מיט אַ גלאָז וויין אין דער האַנט —

— צום לעבן פון אונדזערע אידישע העלדן און צו דער שנעלער דער־לייזונג פון אונדזער לאַנד!

נאָר נאָך איידער דער ערשטער הידד־געשריי איז געקומען, איז שוין כייקל געווען נעבן אים און האָט אים אַ האַפּטיגן זעץ געטאָן איבער דער האַנט. די גלאָז איז אַרונטערגעפאַלן און האָט זיך צעשמעטערט. דער רויטער וויין האָט זיך אויסגעגאָסן אויף כרמיס ווייסן אָנצוג.

— דער איבערגעפּרעסענער נאַר! — האָט אביגדור אַרויסגעהעשעט דורך פאַרקריצטע ציין, האָט אַ שפּיי געטאָן אין אבשלומס ריכטונג און האָט פאַרלאָזט דעם צימער.

ווען דער נשף איז שוין געווען פאַראיבער, האָט אים תמרה געפונען שטיין אַליין אויף דער ווערַאנדע, שטאַרנדיג אין דער דורכזיכטיגער שטיק נאַכט וואָס האָט זיך געוויקלט פאַר אים. זי האָט זיך דערנענטערט צו אים מיט שטילע טריט.

— וואָס איז דער מער, אביגדור?

— גאָרניט, תמרה. גאָרניט.

— ביסט דאָ געשטאַנען די גאַנצע צייט?

— יאָ, דאָ.

— דער נשף האָט דיר געלאַנגווייליגט?

— ניין, ניט דאָס.

— נאָר וואָס־דען? ביסט אַזוי אויפגערעגט געווען איבעווענעיג.

— כ׳וויס אַליין ניט, תמרה. נאָר דער אינעווייניג — די ווענט, די סטע־ליע, אַלץ — דריקט שווער אויף אונדז; מיר פילן זיך דאָרט ענג. אָפּגע־ואויִנט, הפנים. דער דרויסן איז אונדז נענטער...

— ס׳איז מער ווי דאָס, אביגדור; כ׳פיל, אַז ס׳איז מער ווי דאָס. און דו זאָגסט גאָרניט.

ער האָט געשוויגן.

— פאַרוואָס רעדסטו ניט, אביגדור? איך ווייס, דו האָסט אַ סך צו זאָגן...

זייערע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אין דער טונקל. ער האָט איינ־געגראָבן זיין פּנים אויף איר אַקסל.

— זאָגט מיין שווייגן דיר גאָרניט?...

אַ טרער איז געפאַלן פון זיין אויג אויף איר ברוסט. זי האָט געגלעט זיינע האָר.

— דו וויינסט?!... אַ, מיין גרויסער זעלנער־אינגל ווײנט... כ׳ווייס: ביסט מיד. ניט געזאָלט דיר באַלעסטיגן מיט פראַגן... דיין געלעגער איז גרייט פאַר דיר אין שטיבל... ס׳איז שפּעט. מוזט האָבן רו. אַ גוטע נאַכט, אביגדור.

זי האָט צוגעטראָגן צו אים אירע בעטנדיגע ליפּן. ער האָט אַרומגענומען איר פּנים און האָט לאַנג געזויגן די זיסע זאַפטיגקייט פון איר מויל.

— אַ גוטע נאַכט, תמרה.

— רואיגן שלאָף...

אָבער יענע נאַכט איז ער ניט געשלאָפן, יענע נאַכט האָט פאַר אים קיין רו ניט געהאַט. ער איז געזעסן מיט כייקלען ביים טישל אין שטיבל און האָט געקוקט מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן אויף דער שמעלצנדיגער ליכט צווישן זיי. איבער זיי איז געהאַנגען דער רויך פון סיגאַרעטן, אין קאָפּ אַ טשאַד, די רעקלעך צעשפּיליעט, די שטערנס פאַרוואַלקנט. כייקל האָט ערגיץ־וואו פאַצאַפּעט צוויי פלעשער קאָניאַק. איינע איז שוין איצט געשטאַנען אַליידיגע, די צווייטע — האַלב־אויסגעטרונקען. כייקל האָט מיט אַ שווערער האַנט אַ שטעל געטאָן די אויסגעליידיגטע גלאָז אויפן טישל:

— עך, ברודער, עס גלוסט זיך גאָרניט אַוועקגיין פון דאַנען! ס׳איז דאָ אַזוי גוט. אָבער מ׳מוז, דזשאַנעם!

אביגדור האָט צו אים אַרויפגעקוקט פון אונטער פאַרצויגענע ברעמען.

— רעכט אויף דיר, דו באַסיאַק! איך האָב זיך געבעטן ביי דיר...

— אַ, גיי קיל די ערד און טריקן זיך אויס! נאָך אַלעמען, איז דאָך אַ נשמה ניט קיין ראָזשינקע. מענטשן לעבן דאָ... און זי, שושנה, איז אַזוי... אַ, סיקטערעט! דאָס מאַכט דעם אַוועקגיין נאָך שווערער...

ער האָט אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אויפן טישל און האָט אַריינגענומען דעם קאָפּ צווישן די הענט. אביגדורס געזיכטצוגן האָבן זיך צוזאַמענגעקרעמפּט. זיינע נאָזלעכער האָבן געצוקט. ער האָט אַ זעץ געטאָן מיט אַ קנאַכיגן פויסט אין טיש און האָט זיך צעשריען אין אַ פאַרהייזעריגטן קול:

— מ ׳ ד אַ ר ף נ י ט , האָב איך געזאָגט! איך האָב געוואוסט אַז ס׳וועט זיך אַזוי אויסלאָזן, צו אַלדי שוואַרציאָר! זעסט ניט אַליין, דו לויזיגער קוילן־פרעסער? — מיר באַלאַנגען דאָ ניט מער!... דאָרט — אין די ראַצן־לעכער, אין דעם שמוץ פון די גראָבנס, אין די זונה־הייזלעך, אין דעם רינשטאָק פון מענטשישן אָפּפאַל — ד אָ ר ט באַלאַנגען מיר! ד אָ ר ט ווייסן מיר ווי זיך צו באַנעמען! אָבער דאָ... די אַלע... כ׳מיין, מיר קאָנען זיך דאָך אפילו ניט מער צוזאַמענריידן מיט זיי, צו אַלדי שדים!...

כייקל האָט אים שוין אָבער ניט געהערט. ער איז ניט געווען מער נעבן

אים. ער האָט זיך פאַרקליבן צום פענצטער און האָט אַרויסגעגאַפט אויפן בלוינאַכטיגן דרויסן. רואיג. פון הינטער די ציפּריסן האָט אַרויסגעקוקט די לבנה.

— אַך, צום טייוול! — האָט כייקל, נאָך אַ לענגערן שווייגן, אָפּגעזיפצט — עס גלוסט זיך גאָרניט גיין געהרגעט ווערן אין אַזאַ נאַכט... גיס־אָן! ס'איז קיין פעולה ניט, ברודער.

אביגדור האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט, זײַנע אויגן אַרונטערגעלאָזט אויף דער ניט־דערטרונקענער גלאָז קאָניאַק אין זײַן האַנט.

— ס'איז ניט דאָס דערהרגעט ווערן, כייקל. ס'איז דאָס גיין אַנטקעגן טויט ניט־געלעבטערהייד — אָט וואָס ס'קוועטשט! וואָס לאָזן מיר איבער נאָך זיך? — חלומות... באַגערן... און— תמרה... אָ, לעזאזל! פאָלג מיר, כייקל: לאָמיר אַלץ פאַרשטעקן אין זאַטל! לאָמיר אויפוועקן דעם קליינעם און אָפּציען פון דאַנען איידער ס'ווערט טאָג... דער תירוץ: „אַ געאײַלטער רוף"... האַ־אידע!

— איר וועט עס ניט טאָן. אַזוי גייט מען ניט אַוועק.

המ? פון וואַנען קומט דער קול?... וואָס?... ת מ ר ה?...

ווי אַ בלאַסער שאָטן איז זי געשטאַנען אין דער טיר, אירע הענט אויף די ביישטידלען, ערקעט, שטײַף, איר פנים קאַלט, אירע אויגן אויפגעפּראַלט.

אביגדור האָט זיך מיט אַ וואַקל געטאָן אַ הויב־אויף, האָט מיט גוואַלד געפּרוּווט האַלטן די אויגן אָפן. די צונג האָט זיך אים געפּלאָנטערט:

— אָ!... תמרה... מיר האָבן... מיר זײַנען, ע——

— איך האָב דיר געהערט, אביגדור.

— אַנטשולדיק, תמרה... איך האָב ניט... ניט געמיינט...

— דאַרפסט זיך פאַר מיר ניט פאַרענטפערן, אביגדור. איך פאַרשטיי. נאָר——

איר בליק איז געפאַלן אויף דער גלאָז אין זײַן האַנט. אירע ליפּן האָבן זיך אַ בראָך געטאָן אין אַ פאַרוויטאָגטן שמייכל.

— איז דאָס אַלץ וואָס איר האָט צו טאָן ווען איר בלײַבט מיט זיך?

אביגדור האָט פאַרצווייפלט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען —

— וואָס־דען זאָל אַ מענטש ווי אונדזערער טאָן ווען ער טרעפט זיך אָן מיטן קאַלטן אמת?

— אָבער ס'איז ניט דער אמת, אביגדור.

— ו ו ע ט ע ס ז ײַ ן דער אמת... צו דײַן געזונט, תמרה?... — האָט ער צוגעטראָגן די גלאָז צו די ליפּן און האָט אַריבערגעקוקט צו איר מיט פאַרחלשטן פײַער אין די אויגן — און איצט, איין טרונק מיט דיר: פרײַנד־שאַפט... גיס־אָן, כייקל!

— מ'דאַרף ניט, אביגדור!

— דו מוזט, תמרה.

— מיך נויט מען ניט!... לאָז אָפּ! גענוג. האָלסט זיך שוין אַזוי אויך קוים אויף די פיס.

— איז וואָס? טאַנצן אויף זיי דאַרף איך שוין ניט מער. מיר האָבן שוין אונדזערס אָפּגעטאַנצט... טרינק מיט מיר, תמרה!

— פּלוידער ניט און קום אַרויס. קום, אביגדור.

— נאָר נאָך איין טרונק... נאָר איין טרונק — מיט דיר...

— ליבערשט ניט, אינגל. כ'דאַרף מיט דיר עפּעס ריידן. לאָמיר גיין.

ער האָט געפאָלגט.

כייקל איז מיט זיי מיטגעגאַנגען ביזן הויף־טויער.

— איכ'ל מיר גיין אויפזוכן אונדזער מוזיקאַנט. ער האָט זיך אודאי פאַר־פּלאָפּלט מיט אַן אונטערקליידל ערגיץ־אַרום... — האָט ער אַ זאָג געטאָן און האָט זיך אָפּגעטראָגן אין אַ קעגנזייטיקער ריכטונג פון זיי.

די נאַכט איז געלעגן אַ צעאָטעמטע, אַ שטילע. דער הימל האָט זיך גע־שפּרייט בלוי און אָפן. שטערן זיינען געהאַנגען נידעריק און פול. צווישן די ביימער האָט זיך געהילט אַ סודותדיקייט.

זיי האָבן זיך אַריינגעשניטן מיטן שמאָלן וועג צווישן די דרעמלענדיקע גערטנער. דאָ איז די שטילקייט נאָך שטילער געווען. דער קילער נאַכט־אָטעם האָט אביגדורן ווי אינגאַנצן אויסגעניכטערט און האָט געשטילט זיין געמיט. און ס'איז געווען גוט צו גיין אַזוי, מיט פאַרקלערטע טריט, צווישן די ווייך־שאָטנדיקע גאָרטן־שטעגן און פילן אַרום זיך די גלעטנדיקע שטילקייט, און אין דער שטילקייט — ער און זי.

— וואָס נאָגט דיר, אביגדור? זאָג.

— גאָרנישט, תמרה, און—— אַלץ.

— אַנטוישט?

— מער ווי דאָס, מיידל. ס'איז ניט ווי מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט — לחלוטין ניט! מיר זיינען אַנטקעגנגעקומען דעם רוף מיט ברענענדיקן ענטו־זיאַזם, מיט אַ פעסטן גלויבן. מיר האָבן געדענקט, אַז מיר לאָזן זיך אויסצו־טרעטן דעם וועג צו זיך — דעם וועג צום מאָרגן. אַנדערש אָבער האָבן אונדז די טעג געלערנט: זיי האָבן אַלץ אין אונדז אויסגעזויגן, און געלאָזט פאַר אונדז נאָר פּליכט — קאַלטע פּליכט און צאָרן! קיין צוריקוועג איז פאַר אונדז ניטאָ, און הינטער אונדז בלאָזן שוין אַנדערע ווינטן...

— דו ביסט פאַרצווייפלט, אביגדור, און אין דיין פאַרצווייפלונג האָסטו געלאָזט פאַלן האַרבע רייד.

— ניין! ס'איז נאָך ניט אויסגעשמידט געוואָרן דאָס ריכטיקע וואָרט פאַר דעם, תמרה. דער טייוול אַליין האָט נאָך ניט פאַרקלערט אַזאַ קללה! ווייסטו וואָס עס מיינט אויפצוואַכן אין מיטן שטורעם און דערזען, אַז אַלץ

וואָס דו האָסט געלאָזט הינטער זיך, פאַרוואָס דו ליידסט און אָפּפערסט זיך, איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן צום פאַרקויף פאַר דעם העכסטן מקח, פאַר אַ זאַטערן ביסן ? ! ווייסטו וואָס עס מיינט אויסצוגעפינען מיטאַמאָל, אַז די וועלכע האָבן געזאָלט זיין מ י ט דיר, האָבן געזאָלט שטאַרקן דיינע הענט אין דעם פאַרצווייפלטן געפעכט — די האָבן דיר פאַרלאָזן אין דער שעה פון נסיון, און וואַרטן אויף דיין אומקום ? ! ווייסטו וואָס עס באַטייט צו אויסניכטערן זיך אין מיטן טומל און דערפילן אַז דו ביסט אַליין — איינגאַנצן אַליין — אַ בוים אין שטורעם ? . . . אַ, תמרה ! ס'איז ניטאָ קיין וואָרט, קיין נאָמען, פאַר דעם, און מ'קאָן עס קיינעם ניט אַרויסגעבן — מ ' ט אָ ר עס ניט אַרויסגעבן ! און דאָס שטיקן אין זיך דערגייט אָפט ביז צום וואַנזין . . .

— איך פאַרשטיי דיר, אביגדור ; איך פאַרשטיי.

— ניין ! דו קאָנסט עס ניט פאַרשטיין — ק י י נ ע ר קאָן דאָס ניט פאַרשטיין ! ס'איז אַ ווייטאָג, תמרה, און נאָר דער וואָס טראָגט אים, פילט עס.

— פאַרליר ניט דעם מוט אביגדור. שטאַרק זיך אין דער האָפענונג. דער מאָרגן איז נאָך פאַר אונדז.

— פאַר אונדז דאָרט איז ניטאָ קיין מ אָ ר ג ן ! אַכט פון די, וועלכע דו האָסט געזען אַוועקגיין מיט אונדז, זיינען שוין טויט. מיר זעען זיי דאָרט אין די צענדליגער, אין די הונדערטער, יעדן טאָג, יעדער שעה — אויף די שטאַכל־דראָטן, אין די זומפּן, אין די אויפרייס־לעכער — מיט זייערע שטאַרע, שפּיזל־דיגע שוואַרצאַפּלען, מיט זייערע גרין־גרויע געזיכטער, מיט אויסגערונענע געהירן איבער דער בלאָטיגער ערד . . . וואו איז ז י י ע ר מאָרגן ? ! וואו זיינען ז י י ע ר ע האָפענונגען ? ! ווער וועט דערלעבן זייערע ניט־דער־לעבטע טעג ? ! ווער וועט דערגאָרן זייער ניט־דערלעבטע פרייד ? ! . . .

— גאָט, ס'אַר אַן אָפּהענדיגקייט, ס'אַר אַ יאוש ס'ווײַנט אַרויס פון דיינע רייד ! און איך האָב דיר שטענדיג געזען אַזאַ באַגייסטערטן, אַזאַ דערהויבענעם. ס'איז אַזוי אומנאַטירלעך פאַר דיר, אביגדור . . .

— דאָס אומנאַטירלעכע איז פאַר אונדז דאָרט נאַטירלעך געוואָרן . . . צו־יונג האָבן מיר געשלאָסן פריינדשאַפט מיטן טויט, תמרה, און מיר צאָלן טייער פאַר זיינע לאַסקעס. מחנותוויז גייען מיר אַהין, צוריק קומען נאָר געציילטע.

— אַ, רייד ניט אַזוי, ליבסטער ! ד ו װ ע ס ט צוריקקומען — דו מ ו ז ט צוריקקומען ! דאָס לעבן איז דיר שולדיג צופיל פריידיגע שעהן. מאָן זיי אויף ! פאָדער זיי ! זיי שטאַרק !

— איך האָב געוואָלט זיין שטאַרק, תמרה. איך האָב אַלץ אויסגעריסן פון מיין האַרצן : מיין טאַטנס היים, מיין ברודערס בלוט, דעם חלום פון מיינע טעג ; נאָר— דיך — דיך קאָן איך אויף קיין רגע ניט פאַרגעסן . . . איך האָב ג ע װ אָ ל ט פאַרגעסן. פליכט האָט עס געפאָדערט. און אין מיין

לעכצונג נאָכן טויט, האָב איך געהערט מיין גאַנצן לעבן רופן צו דיר — צו דיר... און אָפּטמאָל זעסטו מיר אויס צו זיין אַזוי ווייט — אַזוי אויסטערליש ווייט; מיין רוף וועט צו דיר קיינמאָל ניט דערגרייכן. און איך ווייס פאַרוואָס: צווישן מיר מיט דיר שטייט טויט, און דו—— דו באַלאַנגסט צום לעבן...

— איך באַלאַנג צו ד י ר , אַביגדור!... האָסטו ניט פאַרנומען מיין בענקען דורך די נעכט, מיין איינזאַמקייט דורך די טעג? מיין רו איז מיט דיר; דיין פּיין איז מיינער. איך בין געמיינט פאַר דיר, אַביגדור... זאָג, פאַרוואָס האָסטו ניט דעם מוט צו פאָדערן דיינס פון מיין לעבן?! פאַרוואָס——

— וואָרט!... — האָט ער איר פלוצים אָנגעכאַפּט און איז געבליבן שטיין מיט איר אומבאַוועגט, מיט אָפענעם מויל און אויער.

אין דער שטילקייט האָט זיך פון דער ווייט דערקייקלט דער אָפּגעטויבטער געבריל פון קאַנאַנען — הויל, ברעקלענדיג.

— איכ'ל וואַרטן... איכ'ל וואַרטן... — האָט זי ציטערדיג אויסגעהע־שעט — וועל שטענדיג וואַרטן...

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט קאַלט, באַנומען. זיין אָטעם איז געקומען לידיג:

— ה ע ר ס ט ?...

זי האָט געשוויגן. איר קאָפּ האָט זיך קוים אַ וויג געטאָן אויף אַראָפּ.

— דאָס איז דער ענטפער אויף אַלץ, תמרה — דער איינציגער ענטפער אויף אַלץ...

זיי זיינען געשטאַנען ווי פאַרבליפט. זיינע פינגער האָבן געציטערט איבער איר אָרעם. די ווייטע אָפּדונערן האָבן זיך דערטראָגן דייטלעכער, טרוקענער. זיי האָבן זיך צוגעהערט מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם. מיטאַמאָל האָט ער איר ליידנשאַפטלעך איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס. זיין ברוסט האָט געשטורעמט. זיין קול איז געקומען אָפּגעריסן, אין אַ פאַרשטיקטן רעוועון:

— אָ, לאָז מיר ניט אַליין, תמרה! נעם מיך אַריין אין דיר — זויג מיך איין אין דיין וועזן! איך האָב קיינעם ניט, גאָרניט, נאָר דיר! — דיר!... באַקלייד מיר אויפסניי מיט דעם כוח פון אַמאָל; שענק מיר צוריק איין רגע פון מיין פאַרלאָרענער יוגנט; גיב מיר מיט איין ליכטיג שטראַל פון מיין אויסגעלאָשענעם חלום... איך גיי אַ ליידיגער אַנטקעגן טויט, תמרה!...

אירע אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן אין דער נאַכט — אָפן, שטאַר. איר פּנים איז פון דער טונקל אויפגעשוואומען פאַר זיינע ליפּן. אירע אָרעמס האָבן איינגעשלייפט זיין האַלדז. איר אָטעם איז אויפגעגאַנגען דערשיטערט, הייס:

— איך בין דיינע, אַביגדור... דו נויטיגסט זיך אין מיר — נעם מיך! איך בין אינגאַנצן דיינע...

ליפּן האָבן זיך צוגעזויגן. שטילקייט האָט געעפנט אַלע תהומות. גלוסט

האָט אונטערגעשוועקט דעם טראָט. ערד און הימל האָבן זיך אַ וואַקל געטאָן, אויסגעמישט. דער ציטער פון אַ מיידלש ברוסט אונטער פאַרבענקטע פינגער. ווייסער לייב אין שטומער בלויקייט. אַ פאַרטאַיעטער העשען. אַ נאָדל־דינער אָפּזיפץ. לייב אין לייב ווערט פאַרשלונגען. און בלוי ווערט בלאָס, און געל ווערט רויט, און לייכט און לייכטער ווערט אַלץ אַרום, און שוועבט, און ציט זיך צו די הויכן — נאַכט, און ערד, און בוים, און הימל, און ער און זי —

— ליבסטע מיינע...

— מיין באַשערטער...

אין הימל איבער זיי האָט זיך אַ שטערן אָפּגעריסן און איז פאַרפאַלן אין דער נאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען ער איז צוריקגעקומען אין שטיבל, איז שוין דאָס ליכט אויפן טישל געווען אויסגעברענט. אין דער פינצטער פון צימער האָט זיך געטראָגן כייקלס פייפנדיגער שנאָרכן. אויפן אויסגעבעטן דיל איז געלעגן קאַפּלאַן. דער אויסגע־קרימטער שאָטן פון פענצטער־ראָם איז געפאַלן אויפן ליידיגן טייל פון געלעגער.

ער האָט זיך אַנידערגעלייגט נעבן קאַפּלאַנען. שלאָף איז ניט געקומען, איז ער געלעגן אַ צייט מיט אָפּענע אויגן. באַלד האָט ער דערשפּירט אַז קאַפּ־לאַן איז אויך וואַך.

— כ׳וויל דיר עפּעס בעטן, דוד. — האָט ער זיך אָפּגערופן אין דער שטיל.

— טאָ וואָס וואַרטסטו?

— זאָג מיר צו אַז דו׳סט עס טאָן — איך בעט דיר!

— אויב ס׳ווענדט זיך נאָר אָן מיר, מעגסטו זיכער זיין אַז כ׳על דיר ניט אָפּזאָגן.

— זאָג מיר צו!

— לאָמיר הערן.

— כ׳האָב שוין אַנומעלטן געוואָלט ריידן מיט דיר וועגן דעם... לאַנג צוריק... אין ירושלים נאָך...

— כ׳געדענק. האָסט אַ סך מאָל אָנגעהויבן און קיינמאָל ניט דערזאָגט.

— אַלץ געקליבן זיך... ניט געקאָנט... איצט איז אַנדערש, דוד...

— איז וואָס ביסטו אינמיטן אַנשוויגן געוואָרן?

— גאָרניט. כ׳וואָלט עס פון דיר ניט פאַרלאַנגט, ווען דו... איך ווייס אַז דו... דו ביסט אויך...

— שטאַמל ניט אַזוי! וואָס איז דער מער מיט דיר?!

— גאָרניט, דוד — גאָרניט... איין ווילע... — האָט ער פאַרגעזעצט נאָך אַ טרוקענעם שלונג — פאַרשטייסט? ס׳איז וועגן תמרהן... מיר גייען צוריק אַהין. אַלץ קאָן געשען — גיכער יאָ ווי ניט... אַמאָל האָב איך

געהאַט אַן אַנדער פּאַראַגראַף; איצט ווייס איך בעסער: די שאַנסן זײַנען שוואַכע...

— נאַרישקייטן! — האָט קאַפּלאַן זיך געטאָן אַ זעץ־אויף אויפן געלעגער — וואָס דיר פֿאַלט אײַן!

— שלאָג מיך ניט איבער! — איז אביגדור אויפגעשפּרונגען נאָך אים, אויפגערעגט — איך רייד אַצינד, און דו מוזט מיר אויסהערן!

— אַנטשולדיק. איך הער.

— איז אַזוי... תמרה... וואָס עס זאָל מיט מיר דאָרט געשען, וויל איך אַז——

— הער אויף! איך וויל פון דעם ניט הערן!

— אָבער דו מוזט!

— גיי־אָן... רייד...

— ניט שלאָג מיר מער איבער. ס'איז ניט גרינג... איז אָט וואָס: אויב אונדזער פֿריינדשאַפֿט האָט עפּעס ווען געמיינט, וויל איך אַז דו זאָלסט מיר צוזאָגן... מיט מײַנע כתבים קאָנסטו טאָן וואָס דו ווילסט. זיי מײַנען איצט גאָרניט... נאָר תמרה... איר יוגנט טאָר ניט לײַדן. איר צער וועט מוזן געפֿינען אַ תיקון... זי וועט מוזן צוריקגעפֿינען איר גליק—— אין דיר...

— אביגדור! ביסט——

— כ'ווייס וואָס איך רייד... זאָג מיר ניט אָפּ, דוד! דו ביסט דער איינציגער וואָס בלײַבט דאָ און... גיב מיר דײַן צוזאָג, דוד!

— און תמרה?

— מיר האָבן הײַנט גערעדט.

— און?

— זי האָט מיר פֿאַרשטאַנען... גיב מיר דײַן האַנט, דוד!

— מײַן וואָרט.

ער האָט וואַרעם געדריקט דודס האַנט און האָט אָפּגעקערט דעם פּנים אויף אַ זײַט. דער קאָפּ איז פֿאַרזונקען צווישן די אַקסלען. זײַן לינקע האַנט איז נאָך אַ לענגערע ווײַלע געהאָנגען אויף דודס שולטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג איז אַכמעד טשאַוּאיש געווען אין הויף —

— עפענדים, דער אַלאַי האָט געאײַלט אָפּגעצויגן צום פֿראָנט.

— ... און גיב אַכטונג אויף אפרימען, אביגדור; — האָט חוה, בײַם אַוועקגיין, אים אָנגעזאָגט מיט טרערן אין די אויגן, — דער אינגל איז קראַנק...

# 31

## פאַר ד־ער שטאָט פון בכ־ינדן גבור

געיאָגטע טריט איבער בלינדע מדבר־וועגן. טעג דורכגעגיהנומטע אין ווייסגלוטיגע זאַמדן. גליווערדיגע מדבר־נעכט פון מיסטישער גרינג־בלויקייט. און מיט יעדער דעמערונג — פאַרפירערישע, רויט־בלוטיגע מיראַזשן איבערן שטח פון אויפגעטרייסלטער וויסטעניש. על־אַריש. שעיך זאַוואוד. ראַפפאַ. כאַן יוניס. פאַרביסענע געפעכטן. צווישן די זאַמדיגע טאָלן און קאַפריזנע שטויב־היגלען האָט מזרח און מערב זיך פאַרמאָסטן אין עקשנות און אויסדויער. זין פון אַנאַטאָליע און פון קורדישע סטעפּן, און זין פון ווייטע אינזלען איבער די זיבן ימען, האָבן געמישט זייער בלוט איבער דער ווילדערניש פון סין; האָבן געלאָזט בלייכן זייערע ביינער אונטער דער בלענדנ־דיגער זון. פאַר יעדן טראָט פאָראויס, פאַר יעדן שפּאַן צוריק, האָט מדבר אויפ־געמאָנט זיין קאָפּ־שטייער פון די פרעמדע ישוב־זין; האָט געקאָרמעט מיט זייער פלייש זיינע פאַרהונגערטע קעסט־קינדער, וועלכע שפּאַלטן־דורך מיט זייער געהויל דעם שלומער פון תוהו דורך די נעכט. און מדבר האָט געשטוינט, מדבר האָט געשטורעמט, איבער מדבר האָט זיך געטראָגן גייץ און צאָרן און טויט.

די געשטורעמטע טערקישע רייען האָבן אָנגעהאַלטן אַ האַפטיגן ווידער־שטאַנד. זיי האָבן טייער באַצאָלט, און נאָך טייערער געלאָזט באַצאָלן, פאַר יעדער וואַקלענדיגן שטויס צוריק — פאַר יעדן אייל פון אַוועקגעריבטן באָדן אונטער די פיס. אָבער צוריקציען זיך האָט מען געמוזט. מ'האָט גע־וואוסט: די שאַנסן זיינען טאָמיס. מ'האָט געוואוסט: מ'איז פאַרלאָרן. האָט מען אַנטריסן זיך געלאָזט אין אָפּוועד־קאַמף; פאַרצווייפלטער זיך געוואָרפן אינ'ם געראַנגל — דער געראַנגל פון באַזיגטן אויפן וועג צוריק.

*

ביי עזה האָט מען זיך איינגעגראָבן, געבליבן שטעקן. אין גראָבנס, מיט זאַמד־זעק באַוועגטיגט, איז מען געלעגן און—— געוואַרט.

וואַרטן...—

זיצן מיט אָנגעקוואָלענע גלידער, מיט אַרונטערגעלאָזטע, לײדיקע הענט און קוואָרן אין די שפּאַלטן פון דער ערד; צוגעסן ווערן אין די פינצטערע נאָרעס פון לײז און ראַצן; לאָזן דאָס לײב צעפוילט ווערן פון קרעץ און קויט; צוהערן זיך שעה־אײַן שעה־אויס צו דער לײדיקײט אין מאָגן; פילן ווי עס ציִען זיך די נערוון אָן ביז צום פּלאַצן, ווי אומגעדולד גיסט־אָן די אָדערן, צעברויזט זיך אין בלוט און — מ׳מוז וואַרטן. וואַרטן ביז ס׳וועט שלאָגן די שעה פון טויט־אָדער־רויט... אָבער ז אָ ל ע ס! אויב אומקומען, זאָל עס זײַן אין געפעכט, ווי אַ מאַנספּערשוין. אויב פאַלן, זאָל עס אין שטרײַט. אָבער ניט פאַרפּײַניקט ווערן ווי די טכוירן אין אַ פאַסטקע; ניט לאָזן אויסגײן ס׳חיות טראָפּנווײַז, ווי פליגן פאַרכאַפּטע אין שפּינוועב...

וואַרטן...

טעג. מעת־לעתן. וואָך איבער וואָך. לאַנגווײַליקע איבערשוסן, נאַכט־איבערפאַלן, צופעליקע צוזאַמענשטויסן פון אַוואַנגאַרד, און צוריק פאַרשאַרט זיך פון וואַנען מ׳איז געקומען. און צווישנלאַנד איז געבליבן ווי געוועזן. פּאַט!... און מ׳האָט ניט געציילט שוין מער די טעג, ניט געחשבונט זיך אין נעכטנס, מאָרגנס: הונגער האָט צײַט געצייכנט, אומגעדולד — די שעהן, וואָכן.

מ׳האָט געוואַרט.

און צו דער אָנגעפּרעסטער אומגעדולדיקײט פון וואַרטן איז לעצטנס נאָך צוגעקומען דער שטענדיקער פּחד פאַרן שונאס פאַנציר־טאַנקען און לופט־שיפן. אין דער פאַרחלשטער שטילקײט פון דער נאַכט פלעגן זײ זיך אָנטראָגן, די „שפּאַרבערס", איבערן לאַגער פון די פאַרמאַרטערטע. אויסגעבענקטער שלאָף פלעגט צעריסן ווערן דורכן אָנזאָג פון גרויל: „טאַיאַראַ!... טאַיאַ־ראַ!..." פון די אונזיכטבאַרע הויכן פלעגט זיך דערטראָגן דער געררויש פון זײערע פליגל, דער גרילצנדיקער סוויסטש פון די אַרונטערגעוואָרפענע „אײער". מ׳פלעגט זיך פאַנאַנדערשפּרײטן, זיך צוזויגן צו דער נאַקעטער ערד ווי אומ־באַהאָלפענע, דערשראָקענע קינדער צו דער ברוסט פון אַ טויטער מוטער. מ׳איז געווען שוצלאָז, און מ׳האָט עס געפילט, און אין די בײַנער האָט גע־ברענט אַ צאָרן.

און וואַרטן האָט מען געמוזט.

און דער אומרו פון אָנגעשטרענגטן וואַרטן האָט זיך לעצטנס גענומען אָנזען אפילו אויף כײַקלען. צווישן אײן פאָקער־שפּיל און דעם צווייטן, פלעגט ער זיך אַרויסכאַפּן פון אונטערגראָבן, פלעגט צולויפן צום בעאָבאַכטונג־פּונקט, ט׳געכאַפּט אַ קוק אַריבער, און האָט אַנטוישט אַ צאַפּל געטאָן מיט די הענט אין דער לופטן —

— אויסגערונען דאָרט, צו אַלדי שוואַרציאָר! אויסגעלאָזט זיך ביי זיי די לופּט, די ממזרים!

— וואָס איז מיטאַמאָל די בהלה?

— אָה, ס'ווערט שוין דערעסן, דזשאַנעם! אויף וואָס וואַרט מען, דוכס?

— אַז דו זאָלסט אַמאָל אויפהערן שפּילן אין קאָרטן.

— אפשר מיט דער צייט. נאָר דערוויל — אַי, וואָלט זיך מיר געוואָלט, כאָטש איין מאָל, זיך אַזוי כדבעידיג אָפּרעכענען מיט אים!

— מיט וועמען?

— מיטן איזמירילי, מיט עליאַס עפּענדין. איידער איך באַוויז נאָך אָנ־צוואַוואַרעמען די פּאָר פּיאַסטער, איז עס שוין ביי אים! יעדער טאָג וואָס מיר בטלענען דאָ אַוועק, לאָזט מיר איבער אַ גרעסערע לאָך אין קעשענע. אַי, חלשט זיך מיר אים אָנצולערנען! און איך האָב עס טאַקי שיעור ניט געטאָן אויך.

— נאָר וואָס?

— נאָר... נאָך א י י ן טויז... נאָך איין טייזעלע ווען איך האָב!...

— סט'נאָך בלייבן אָן תחתונים מיט אַזאַ שפּילן. אַז מ'קאָן ניט, שפּילט מען ניט.

— שייך מיקאָן ניט?! אַז יענער שלעפּט זיי ווי פון אַרבל אַרויס. אַ מזל פון אַ גרעק! ס'האָט אים אָפּגעגאָלטן. איך בין נאָך אָבער מיט אים ניט פאַרטיג... — האָט זיך כייקל אַ טאַפּ געטאָן ביי דער ליידיגער קעשענע, ווי נאָך אַ בייזן חלום. — דענקסט אַז דער מאַאַש [1] 'עט דאַסמאָל קומען אין צייט?

אַבוקאַדיר עפּענדי האָט אים אָפּגעפּטרט מיט אַ קוועטש מיט די פּלייצעס. כייקל האָט געוואָרפן אַ כמורנעם בליק אויף דער חרובער שטאָט אַרויף, אויף דעם צעשאָסענעם קופּאָל פון דער עזה'ר דזשאַמע.

— נו־נו, אַ כרך! אַ מקום אַביסל! כדאי טאַקי געווען זיך אָוועקצוקוילעכן איבער דעם... געבליבן שטעקן דאָ אין אַ לאָך און—— פויל! וואַרט!

— דאָ האָט אַמאָל אימעצער־אַנדערש געוואָרט, כייקל... — האָט אביגדור זיך אָנגערופן באַזאַכט. — אַ בלינדער גבור איז דאָ געזעסן און האָט געוואַרט ביז זיין שעה האָט געשלאָגן...

— יאָ. ער האָט אָבער ניט געזען דאָס וואָס מיר האָבן צו זען: טאַנקען! ער האָט ניט געדאַרפט אָנקוקן אָט די טשעראָכאַפּאַכעס און וואַרטן, ווי מיר, אַז זיי זאָלן זיך אָנטראָגן און אויסמאַנגלען די ביינער.

אביגדור האָט אים ווי ניט געהערט.

1. געהאַלט.

— בלינדערהייד, אונטער די שפּאַטיגע בליקן פון זיינע פאַנגער, האָט ער מילשטיינער געשלעפּט אין מיטן מאַרק און האָט—— געוואַרט. ס'איז דאָ גבורה אין וואַרטן, כייקל!

— ער האָט אָבער געהאַט זיין דלילהן דאָרט... מיט אַזאַ נקבה ביי דער זייט, קאָן יעדערער זיין אַ גבור. עה, ווען איך האָב אַזאַ דלילהלע! זי וואָלט מיר באַלייגט אויף אירע זאַפטיגע היפטן, וואָלט מיר אַרומגעשוירן אַביסל די קאָלטונעס; פּרעהס חברה וואָלטן זיך ניט אַזוי געפּלאָדיעט דאָרט, וואָלט עס אפשר ניט אַזוי געהויבן אין דער לופטן. אַי, אַ דלילהלע!... נו, האָט אָבער הפנים דער פעטער יאַנקל אויסגעפונען איר אַדרעס פּ אַ ר מיר, און זי האָט אים קאָנטיג אָפּגעטאָן דעם אַלטן שפּיצל: איינגעשלעפערט אים אין איר שויס...

— דאָרט שלאָפט מען שוין גאָרניט.

— דהיינו?

— דערווייל — גאָרניט; נאָר עפּעס דאַכט זיך, וועט אינגיכן געשען.

— וואָס, עפּעס געהערט?

— וואו?

— אויף אויסשפּיר־פּאַטרול —

— יאָ... זיי גרייטן זיך... די לעצטע עטלעכע נעכט האָבן מיר זיך דערקליבן האַרט צו זייער פאָר־פּאָסטן, זיך צוגעהערט. דער סאָפּען פון לאָקאָמאָטיוון קומט פון נאָענט. זיי האָבן דערפירט די אייזנבאַן ביז צו זייער רעזערוו־ליניע. אַ באַוועגונג פון טרופּן, טראַנספּאָרטן, שווערער געווער. עפּעס איז אין דער לופט... זיי גרייטן זיך...

— וואָס האָט זיי מיטאַמאָל אַ ביס געטאָן אין זיצפלייש?

— אפשר די לעצטע נייעס: די איבערקערעניש אין רוסלאַנד.

— דאָס, זעסטו, לייגט זיך גראַד אויפן שכל. איז עס טאַקי הפנים אמת, הע?

— וואָס?

— אָט די מעשה מיט דער רעוואָלוציע דאָרט —

— און נאָך ווי! שוין אפילו געשלאָסן אַ באַזונדערן פרידן־אָפּמאַך. דאָס פאַרשטייסטו, וועט אָפּציען אַהער אַ היבשע צאָל טרופּן פון די אַנדערע פראָנטן. זיי, דאָרט אַנטקעגן, ווייסן דאָס, און פאַרלירן ניט קיין צייט.

— אַי, מוז דאָרט איצט זיין ליהודים!

— וואו?

— אין רוסלאַנד. אויס שמערקע! אויס רייסעניש! ש ל ו ם...

— יאָ... — האָט אביגדור פאַרטראַכט אָוועקגעקוקט פון כייקלען — נאָר אונדז דאָ האָט דער ענין לעת־עתה קיין גוטס ניט געטאָן.

— אין וועלכן זין?

— אין אַלגעמיין.

— אַלץ?

— אָט דער צוגרייטונג־פיבער, די אָנגעשטרענגטע שטימונג הינטערן פראָנט, די עספּיאָנאַזש־אַפּערע אין זכרון־יעקב...

— זיי האָבן דאָרט אַזוי ריכטיג אָנגעמלאכהט, די מאַמעליגעס אונדזערע.

— איצט — אַ נייע זאַך: קלאַנגען אַז די ענגלענדער האָבן מיט זיך אַ אידישן לעגיאָן, אַן אַרמענישן לעגיאָן. אמת, צי ניין — דער הויפּטקוואַרטיר נעמט עס ערנסט, און בינו־לבינו איז אין דער פּירקא אָנגעקומען אַן אָנפראַגע וועגן דער צאָל פון ניט־מאַכמעדאַנישע אָפיצערן אויפן פראָנט, און אַן אויפ־פאָדערונג פאַר אַן אויספירלעכע ליסטע פון זייערע נעמען.

— איז פון דעם געדרונגען?

— אַז דו ביסט אַ אידיאָט! פאַרשטייסט ניט?! דאָס מיינט, אַז „פון אויבן" קוקט מען אויף אונדז מיט חשד; אַז אונדזער גינציגקייט איז אונטער פאַרדאַכט. און דאָס קרענקט ביזן ביין, ברודער! נאָך דעם אַלעם וואָס מיר זיינען אויסגעשטאַנען, פעלט טאַקי ניט מער אַז מ'זאָל אונדז — אין דעם איצ־טיגן מאָמענט — אַנטוואַפענען און צוריקרופן פון פראָנט, דזשאַנעם!

— און איך זאָל דורכדעם פאַרלירן מיין מיטשפּילער, עליאַס עפענדין...

— באָסיאַק! דאָס איז אַלץ וואָס דיר ליגט אין פערדישן קאָפּ...

— פּע! דאָס וואָלט געווען מיאוס... — האָט כייקל זיך אָנגערופן נאָך אַ לענגערן שוויגן, אַרויסקוקנדיג אין דער ריכטונג פון כאַן יוניס — און די ממזרים דאָרטן גרייטן זיך טאַקי, הייסט עס. נו, אויב אַזוי, דאַרף מען זיי אַביסל פאַרהערן אין חכמת־יון... העי, סאַדרי! גיב מיר דיין געווער...

כייקל האָט אַרונטערגענומען דעם קאַפּאַלאַק פון קאָפּ, ט'עס אָנגעהאַנגען אויפן שפּיץ־ביקס און האָט עס פאַמעלעכקע אַרויסגעשטעקט איבערן פּאַראַ־פּעט —

— אַנו, טאָמי־סערדצע, לאָמיר אַקאָרשט זען ס'אַר אַ שאַרפער שיסער דו ביסט!

אַ זאַלפּ פון קוילן האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון קעגנאיבער.

כייקל האָט באַקוקט דעם קאַפּאַלאַק: גאַנץ!

— שלעכט געצילט, טאָמי! פּרואוו זיך נאָכאַמאָל.

טראַך־טראַך, טראַך־טראַך, טראַך!

צו קורץ.

— פּע, פּאַסקודנע! ביסט דאָך טאַקי אַ פאַלנער שלימזל, במחילה מכבודך!... ס'לעצטע מאָל! לאָמיר זען.

טראַך־טראַך, טראַך־טראַך, טראַך!

— ע, ס'איז ניטאָ מיט דיר וואָס צו ריידן, טאָמי־לעבן! ביסט אַ וויסטע קאַליקע! דו לערן זיך צוערשט אויס שיסן ווי אַ מענטש, דערנאָך 'עסטו זיך שטופּן צו אונדז אין קאָן אַריין. דערווייל זענט איר נאָך בריהס צו שיסן אויף

פעלד־קיכן, אויף פראָוויאַנט־אָפּטיילונגען. פּע! דאָס איז באמת ניט שיין — חלשות! ניט דערלאָזן ברענגען אַביסל וואַסער פאַר די יונגען... ניין, ניין! דאָס איז שוין גאָרניט מעשה־דזשענטלמאַן. נאָך אַלעמען, י ו ש ר ? !...

אָבער כאַן יוניס האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין יושר. כאַן יוניס האָט געהאַלטן אַן אויג, כאַן יוניס האָט געטראָגן אַ בייז האַרץ:

אין אַן איבערפאַל אויף אַלי־מונטאַר, האָבן די טאָמיס זיך אָנגעטראָפן אויף אַ האַפטיגן ווידערשטאַנד פון די יונגען פון 1טן בולוק. זיי האָבן אויף דעם געוואָרט. ס'האָט זיך צעפלאַקערט אַ פאַרביסענער געפעכט. מ'האָט זיי פאַר־טריבן מיט ליידיגן צוריק קיין כאַן יוניס. ס'זיינען געבליבן פאַרוואונדעטע. אין צווישנלאַנד, אין דער אָפן, זיינען זיי געלעגן און גערופן נאָך הילף. מ'האָט געמאַכט אַ פאַרזוך זיי אויפצוקלייבן. זיי, אַנטקעגן, האָבן ניט דערלאָזט: האָבן געעפנט פייער. אַ צווייטן מאָל, אַ דריטן — זיי דאָרטן זיינען איינגעשפּאַרט. און די געשרייען פון די פאַרוואונדעטע האָבן ניט געלאָזט איינרוען. מ'האָט אויפגעהויבן די פאָן פון דער רויטער האַלבע־לבנה און אָפּגעטרומייטערט צייטווייליגן וואָפנשטילשטאַנד. פון אַנטקעגן האָט מען אָפּגעענטפערט: צושטימיג. מ'האָט אַרויסגעשיקט אַ סאַניטאַרן־אָפּטיילונג מיט אַ דאָקטער. אָפּגעגאַנגען האַלב־וועג, האָט מען פון כאַן יוניס גענומען האָגלען מיט בליי, אויסגעלייגט זיי ווי אונטער אַ קאָסע. דאָס האָבן שוין די יונגען ניט געקאָנט אַרונטערשלינגען. די טראַנשעע האָט אויפגעקאָכט ווי אַ קעסל. ס'איז ניט געווען צו קיינעם אַ וואָרט אויסצוריידן. און נאָך איידער אַבוקאַדיר עפענדי האָט באַוויזן צו נעמען די סיטואַציע אין די הענט, זיינען שוין די יונגען געשטאַנען ביים פייער־טרעף — אַכמעד מיט זיי. אין זיינע אויגן האָט געברענט אַ צאָרן. —

— באַפעל, צו ניט באַפעל — מיר גייען אַריבער, עפענדי. אויב יאָ הפקר, 'עלן מיר זיי וויזן ווער מיר זיינען! קום ליבערשט מיט, עפענדי.

ס'האָבן ניט געהאָלפן קיין דבורים — ער איז מיטגעגאַנגען. ווי די רוחות האָט מען זיך דורכגעטראָגן איבערן צווישנלאַנד, געשטורעמט דעם היגל פון כאַן יוניס און געמאַכט מיט זיי קורץ־חשבון: האַנט־גראַנאַטן, קאַלטן געווער — דורכגעבויערט זיי, די הינטישע זין — אויסגעלייגט זיי קאַלט, ווי די קעלבער, און—— צוריק.

איצט האָט כאַן יוניס ניט געלאָזט אַ נאָז פון דער טראַנשעע אַרויסצו־שטעקן. ביי דער מינדסטער באַוועגונג האָט מען פון דאָרט געגעבן צו שמעקן פולווער פון אַ מאַשין־געווער־נעסט. די פעלד־קיכן האָבן דורך די טעג ניט גע־וואָגט צו דערנענטערן זיך צו די פאַרבינדונג־גראָבנס, און די טרופּן האָבן זיך דערנערט מיט האַלב־געבאַקענעם דוראַ־ברויט און פּעקסעמעט. פון טעל־שעראַיעט האָט זיך באַלד אַראָפּגעלאָזט איין אויספאָרשונג־קאָמיסיע נאָך דער אַנדערער. גענעראַל פאָן קרעס אַליין האָט אומגעריכט באַזוכט די פאָדער־רייען, האָט געוואָרנט קעגן דער ווידערהאָלונג פון אַזוינע געשעענישן, ט'פאַרזאָגט צו

האָבן געדולד, ט'געהייסן וואַרטן. און מ'האָט געוואַרט. און כאָן יוניס איז געוואָרן וואָס אַ טאָג העזהדיגער. כאָן יוניס האָט זיך געעקשנט. כאָן יוניס איז געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלדז.

אוּני עפּענדי איז צוריקגעקומען פון אַ מאַאַמוריע, אַן אָפיציעלע שליחות, הינטערן פראָנט; האָט מיטגעבראַכט אַ זאַפּאַס מיט נייעס:

— די קאָמאַנדאַטור ביי די טאַמיס האָט זיך געביטן. אַ נייער פעלדמאַרשאַל — איינער אַן אַלי ביי[1], דזשאַנעם! אַ פאַרביסענער קערל... באַר־שבע איז לוזיג מיט שפּיאָנען... טאַמי איז אויף דער וואַך. יעדע טרופּן־באַוועגונג הינטערן פראָנט רופט באַלד אַרויס פיינדלעכע לופטשיפן... עפּעס וועט, דאַכט זיך, באַלד פּלאַצן — אינגיכן, אַדזשעבאַ. דערוויל — גיס־אַן!...

נאָך אַ לענגערן טור פון אויסשפּיר־פּאַטרול, האָט אַבוקאַדיר עפענדי באַקומען צוויי טעג אָפּרו. ער האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די צייט אויף צו באַזוכן אפרימען. דער אינגל איז געווען קראַנק. די דיזענטעריע האָט אים ענדלעך אַריינגעטריבן אין אַ שפּיטאָל אין באַר־שבע.

באַר־שבע האָט געווירבלט מיט מיליטערישער טעטיגקייט. באַר־שבע האָט געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג. אויף יעדן טריט און שריט האָבן קאַנון־טשאַוּאישן אָפּגעשטעלט יעדן אומבאַקאַנטן און געפאָדערט צייגעניסן, אידענטיפיצירונגען.

אבוקאַדיר עפענדי איז אַריין אין שפּיטאָל־ביוראָ און האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אפרימען. מ'האָט אים אָנגעגעבן די אָפּטיילונג פון שפּיטאָל וואו צו געפינען אים. דורכגייענדיג דעם לאַנגען קאָרידאָר, איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ קראַנקשוועסטער. זי האָט זיך אויף אַן אויגנבליק פאַרהאַלטן אַנטקעגן אים, און האָט זיך באַלד פאַרבייגעטראָגן מיט שנעלע טריט. איר פיגור, איר פּנים, האָבן אים אָן עפּעס דערמאָנט. ער האָט זיך אויסגעדרייט נאָך איר און האָט איר נאָכגעקוקט. זי האָט הינטערוויילכס געוואָרפן אַ בליק אין זיין ריכטונג און האָט אויפשנעל אָפּגעווענדט איר פּנים.

— איליאַ! — האָט ער אַ רוף געטאָן צו איר — איליאַ...

זי האָט אויף אַ רגע פאַרהאַלטן איר גאַנג, האָט זיך מאָמענטאַל צוריקגעכאַפּט און איז פאַרשוואונדן אין אַ דורכקרייצנדיגן קאָרידאָר.

ער האָט זיך אַ יאָג געטאָן נאָך איר. זי איז ניט געוואָרן. דורכן פענצטער האָט ער באַמערקט איר געשטאַלט פאַרביישווינדלענדיג אונטן אין הויף. זיין פאַרדאַכט האָט אים פּלוצים אַ שלאָג געטאָן אין געדאַנק מיט פולער שאַרפקייט: „ס'איז זי!... זי האָט אַ האַנט אין דעם אַלעם... איצט טאָר מען אויף קיין זאַך ניט קוקן — מ'מוז!...״

---

1. אַלענבי.

ער האָט זיך גלייך געמאָלדן צום סעיר־טאַביב פון אַנשטאַלט און האָט באַ־הויפּטעט זיין פאַרדאַכט. יענער האָט אים צוערשט אָנגעקוקט פאַרווירט:

— עס איז וואַרשיינלעך אַ טעות פון אייער זייט... זי איז די פּעאיגסטע קראַנקשוועסטער וואָס מיר האָבן דאָ. זי איז אַן עכטע עסטרייכערן!

אָבער אַבוקאַדיר עפענדיס פעסטגעשטעלטקייט האָט אים ווי געצוואונגען צו טעלעפאָנירן דעם דזשאַנדאַרם־קאָמאַנדאַנט. די פעלד־פּאָליציי איז באַלד געווען אויף די פיס. מ'האָט גענזוכט, גענישטערט, מ'האָט איר ניט געקאָנט געפינען. די דייטשישע אינפאָרמאַציאָנס־אָפּטיילונג האָט באַלד גענומען אַ האַנט אין דעם. אין אָוונט איז אַבוקאַדיר עפענדי גערופן געוואָרן אין הויפּט־קוואַרטיר. זי איז דאָרט געווען. זי האָט אַ שוידער געטאָן ווען מ'האָט איר געבראַכט פּנים־אל־פּנים מיט אַבוקאַדיר עפענדין. ער האָט איר אָפיציעל דער־קאָנט. נאָך אַ לענגערן צוואַנגס־פאַרהער האָט זי זיך צוזאַמענגעבראָכן, האָט זיך מודה געווען, און האָט אַריינגעשלעפּט אַ יונגען עסטרייכישן אַרטילעריע־אָפיצער אין דער אַפערע. מ'האָט געפונען איר פאַרבאָרגענעם דראָטלאָזן טע־לעגראַף־אַפּאַראַט, מיליטערישע לאַנדקאַרטן און אַרטילעריע־פּלענער.

איידער אַבוקאַדיר עפענדי האָט פאַרלאָזן באר־שבע, האָט איר דער פּרי־מאָרגן געפונען שטיין מיט אַ סיגאַרעט אין מויל ביי דער וואַנט, אַנטקעגן אַ הינריכטונג־אָפּטיילונג.

# 32

## „אַלְלַא בִּיזִכְלִין!“

סְ׳האָבן זיך געגומען באַוויזן אַלץ מער דייטשישע שטאַב־אָפּיצערן אין דעם סעקטאָר. די אַמוניציע־פּונקטן זיינען אָנגעפּילט געוואָרן. איצט האָט מען אָפּטער געזען אייגענע לופטשיפן איבערן פראָנט. איסמאַאיל ביי איז אַרויסגערופן געוואָרן קיין טעל־שעראַיעט און איז צוריקגעקומען מיט אַ דייטשישן שטאַב־אָפיצער, אַ מאַיאָר. ער האָט געשיקט נאָך אַבוקאַדיר עפענדין.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט כייקל אים געטראָפן שטיין ביים פּאַראַפּעט, קוקנ־דיג דורכן פעלד־שפּאַקטיוו צום אַנדערן זייט.

— וואָס קוקסטו אַזוי? סט׳נאָך זיי געבן אַ גוט אויג...

— מיר גייען היינט אַריבער, כייקל.

— וואָס, ס׳ווערט יום־טוב פאַר אַ נאָווינע?

— אפשר. דערווייל — כאַן יוניס. אָן איבערראַשונג־אָנגריף.

— דער גאַנצער בולוק?

— נאָר אַ וואָלונטירן־אָפּטיילונג. איך קום אַצינד פון הויפּטקוואַרטיר.

אַ באַפעל: כאַן יוניס מוז אָפּגערייניגט ווערן אונטער אַלע אומשטענדן! איסמאַאיל ביי האָט אויפגעפאָדערט וואָלונטירן. איך האָב זיך אָנגעבאָטן.

— משוגע אויף טויט!

— מעגלעך. איצט אָבער מוזן מיר.

— ס׳איז אַ שווערער לייענען.

— כ׳ווייס. עס אינטריגירט מיר אָבער. כ׳האָב מיין פּלאַן אויסגעלייגט. ס׳איז אַ שפּיל פאַן טייוול, אָבער— דער איינציגער שאַנס... מאָדנע ווי די לאַנדשאַפט איז פאַר מיר קלאָר נאָר ביינאַכט; ביי טאָג איז זי מיר אינגאַנצן פרעמד, נישט צו פאַנאַנדערקלייבן זיך אין איר... — האָט אביגדור געזאָגט, אָפּרייסנדיג זיך פון זיין לוג־אָרט.

— וועמען נעמסטו מיט, דוכס?

— אָונין, אַכמעדן און וואָלונטירן פון צווישן דער מאַנשאַפט. מיין אָפּ־טיילונג וועט מאַכן דעם איבערפאַל; דער 2טער טאַבור וועט צושיקן אַן אָפּטיילונג צו פאַרשטאַרקן די שטעלונג.

— איך גיי־מיט! — האָט כייקל אַ זאָג געטאָן אַנטשלאָסן.

— דו בלייבסט שוין דוקא דאָ.

— וואָס 'על איך דאָ טאָן?

— שפּילן אין קאָרטן, ווי תמיד.

— קיי די ערד! איך גיי־מיט.

— דו בלייבסט דאָ, האָב איך געזאָגט.

— אַזוי זאָגסטו.

— יאָ, אַזוי זאָג איך!

— אָ, מאַך זיך ניט צום נאַר, דוכס. דו'סט דאָך ניט איבערלאָזן אַ חבר שטעקן דאָ און אַליין גיין אויף דער שמחה...

— איך וויל פון גאָרניט וויסן. דו גייסט ניט מיט און—— גענוג!...

— כ'הער דיר ווי המן דעם גראַגער.

— איך באַפעל! — האָט אביגדור אָנגענומען אַ שטרענגע שטעלונג.

— און איך פאָלג ניט. — האָט כייקל זיך געשטעלט אַנטקעגן אים אין אַכטונג. — דאָסמאָל שפּילן מיר טעאַטער צעזאַמען, עפּענדים.

— שפּאַס אָן אַ זייט, כייקל!

— איך בין אויך פאַרדאַמט ערנסט.

— דאָסמאָל 'עסטו פאָלגן.

— און זיין דאָרט באַצייטנס...

— ניט אויב א י ך האָב עפּעס צו זאָגן אין דעם!...

נאָר כייקל האָט געמאַכט אַלע פאַרברייטונגען אויף מיטצוגיין. ער האָט מיטגעבראַכט צום אָפּגאַנג־פּונקט זיין גאַנצן טאַאַקים — אַלע פרייוויליג. מיט זיין טאַאַקים וועט ער מ ו ז ן מיטגיין. ער האָט זיי געהאַלטן אין איין דערמונטערן. פון אַלע וואָלונטירן פון בולוק האָט אַבוקאָדיר עפּענדי אָפּגע־קליבן צוואַנציק יונגען — דערפאַרענע זעלנער. כייקל האָט זיך געהאַלטן נעבן אָונעי עפּענדין, צווישן די אָפּגעקליבענע. אַבוקאָדיר עפּענדי האָט זיך געמאַכט ניט־זעענדיג. נאַכט איז צוגעפאַלן. מ'האָט זיך אויסגעשטעלט ביים פייער־טרעפּ. אַבוקאָדיר עפּענדי האָט געגעבן די לעצטע פאַראָרדענונגען:

— ... און געדענקט: ס'איז אַן איבערפאַל. מיר צוואַנציג, און מער קיינער אַרום. דער קלענסטער דורכפאַל, און מיר זיינען פאַרלאָרן! כאַן יוניס ווייסט ניט פון קיין רחמנות. די איינציגע הילף וועט קומען פון 2טן טאַבור, און זיי וועלן אָנציען אין צייט... האָט איין זיך אין זינען, יונגען: כאַן יוניס מוז אָפּגערייניגט ווערן! כאַן יוניס מוז געהאַלטן ווערן! דאַמאָלט וועט מען קאָנען אַהער דערברענגען עסן...

און ער האָט פֿאַרענדיגט װאַרפֿנדיג אַ געאײַלטן בליק אין כײַקלס ריכטונג:

— אין מײַן אָנװעזנהײט װעט דער בולוק זיך געפֿינען אונטער כאַקי עפֿענדיס אױפֿזיכט. גאָט העלף!

כײַקל האָט עפּעס שאַרף אַ בורטשע געטאָן אונטער דער נאָז און איז אַרױסגעטראָטן פֿון דער רײ. ער האָט זיך ניט געקאָנט העלפֿן: איסמאַאיל בײ, דער אַלאַי־קאָמאַנדאַנט און דער דײַטשישער שטאַב־אָפֿיצער זײַנען געװען בײַם אָפּגײן.

— איך װינטש אײַך גליק און מוט, אַבוקאַדיר עפֿענדי! — האָט איסמאַאיל בײ אים צוגעװאונטשן.

— אַ דאַנק, בײעם. מיר׳ן ברענגען כאַן יוניס אײַנגעװיקלט אין אַ פֿײגנ־בלאַט.

— מיט אַללאַס הילף. די יונגען זײַנען בראַװו.

דער דײַטשישער שטאַב־אָפֿיצער האָט אױסגעשטרעקט צו אַבוקאַדיר עפֿענדין די האַנט. איסמאַאיל בײ האָט, אַ פֿאַרציטערטער, עס באַצײטנס צוריקגעצױגן:

— עס ברענגט שלימזל...

אַבוקאַדיר עפֿענדי האָט שעמעװדיג אַ שמײכל געטאָן. ער האָט געגעבן אַ צײכן צו די יונגען:

— עי װאַללאַ — האַידע!

זײ זײַנען אַריבער. ער, אַכמעד טשאַאױש און דרײ פֿון זײַן אַמאָליגן טאַאַקים — אױסגעװינטיגטע יונגען — האָבן זיך געלאָזט פֿאָראױס. אַ זאַמד־שטורעם האָט זיך אױפֿגעהױבן. מ׳האָט געפּװיזשעט אױף אַלע פֿיר און זיך געהאַלטן נאָנט צו דער ערד. דער װינט האָט געשמיסן אין פּנים מיט נאָדלדיגע בײטשן, ט׳געיאָגט זאַמד אין די אױגן, אין נאָז, צװישן די צײן. די פֿינצטער־ניש איז װאָס אַ װײַלע געװאָרן געדיכטער אַרום. מ׳איז געקראָכן. קלײד און לײַב האָט זיך געריסן איבערן דאָרנדיגן געװיקס. אַבוקאַדיר עפֿענדי האָט זיך געלאָזט פֿאָראױס, האָט אױסגעשפּירט דעם װעג אין דער זאַמדיגער פֿינצ־טערניש. נאָך יעדע עטלעכע אײלן — זיך אױסגעצױגן, צוגעהערט, געפּרואװט זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן אין די שאָטנס. אין דער פֿינצטער האָבן די דערנער־קוסטן אױסגעקוקט װי אײַנגעהױקערטע מענטשן־געשטאַלטן... פּלוצים האָט עפּעס געפּלאַצט אונטער אַבוקאַדיר עפֿענדיס געװיכט. זײַן האַנט האָט אײַנגע־זונקען, װי דורך אַ לײדיגקײט, אין אַ שלײמיג־װײכן געמײזעכץ. ס׳האָט אַ שלאָג געטאָן מיטן ריח פֿון צעפֿוילטן פּגר. ער האָט אױפּשנעל געטאָן אַ שלעפּ־אַרױס די האַנט פֿון צװישן די אױסגעשטאַרטע ריפּן־בײנער. דער קלעפּיגער געמײזעכץ איז אַרונטערגעהאַנגען פֿון זײַנע פֿינגער. ער האָט עס מיט עקל אָפּגעריבן אָן זאַמד, אָן די קלײדער. דער געשטאַנק האָט אים נאָכגעפֿאָלגט. אַכמעד טשאַאױש האָט הײזעריג אַ ברום געטאָן:

— לאָזן אפֿילו די טױטע ניט באַגראָבן, די זונה־זין!...

— שווייג! — האָט אים אַבוקאַדיר עפּענדי אַ שטויס געטאָן מיטן עלנבויגן — מיר זיינען ביי די אונטערן נאָז.

זיי האָבן זיך אַריינגעדראַפּעט צווישן די קאַקטוסן. דאָ איז מען געווען אַביסל בעסער געשיצט פֿון די בושעוודיגע זאַמד־כוואַליעס. ס׳איז געווען גרינגער זיך אַרומצוקוקן.

— רעכטס, הינטער־אַרום. דאָרט ליגט זייערער אַ פֿאָר־וואַך... — האָט אַבוקאַדיר עפּענדי אַרויסגעפּליסטערט.

מ׳האָט זיך געהאַלטן נידעריג. ביים זוים פֿון די קוסטן האָט עפּעס אַ שאָטן געטאָן. מ׳איז געבליבן ליגן אומבאַוועגט. אַ רגע. צוויי. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט געגעבן אַ צייכן צו די יונגען צו פֿאַרהאַלטן זיך אויפֿן אָרט, גרייט. ער מיט אַכמעדן האָבן זיך פֿאַרזיכטיג אַוועקגעשלייכט פֿאָראויס. די שאָטנס אַנטקעגן האָבן זיך באַוועגט. צוויי זיינען זיי געווען; זיינען געזעסן מיטן רוקן צו זיי און געלאָקערט. ער האָט אַ צי געטאָן אַכמעדן פֿאַרן אַרבל. אַכמעדס ווייסלען האָבן אַ בלענד געטאָן אין דער טונקל. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט אים אָפּגעענטפֿערט מיט אַ לאַנגזאַמען שאָקל מיטן קאָפּ. מ׳האָט זיך פֿאַרשטאַנען. די רוקנס האָבן זיך אָנגעצויגן. אַכמעד האָט געטאָן אַ שפּרונג־אויף ווי אַ קאַץ, ט׳באַפֿאַלן איינעם הינטער־אַרום, און אין איין אויגנבליק אין יענעמס האַלדז געווען צווישן אַכמעדס הענט. דעם צווייטן האָט אַבוקאַדיר עפּענדי צורעכט געמאַכט מיט אַ זעץ פֿון דער קאָלבע איבערן שייטל. דער צווייטער קלאַפּ האָט אים געטראָפֿן אין פּנים — אַ יונג פּנים, כמעט אַ קינדיש. אַכמעדס טאַמי האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געצאַפּלט; אָבער אַכמעד האָט שוין געזען אַז יענער זאָל זיך ניט לאָזן הערן. די יונגען האָבן זיי באַלד פֿאַרשטעקט צווישן די צאַבער־קוסטן. ס׳איז געבליבן אַ לואיס־ביקס און פֿינף באַנדאָלירן. די איבעריגע פֿון דער אָפּטיילונג מיט אַוונין זיינען אָנגעקומען. מ׳האָט זיך איינציגווייז אַרויסגעשאַרט אין דער אָפּן, זיך אויסגעלייגט ביים אָפּזייט פֿון דער וואַדי — אָנגריף־פֿאָרמאַציע.

דער זאַמד־שטורעם האָט נאָך אָנגעהאַלטן. איצט אָבער איז עס געווען ווי געוואונשן: מ׳האָט געהאַט שטאַכל־דראָטן איבערצושניידן. צווינג! צווינג! די דראָטן פּלאַצן אונטער די שערן. דער ווינט טויבט־אָפּ דעם געשאָרך. קיין באַוועגונג פֿון אַריבער. מ׳איז געלעגן געשפּאַנט, געוואַרט. די פֿאַרשטאַרקונג־אָפּטיילונג פֿון 2טן טאַבור איז נאָך ניט געקומען. אויבן האָט זיך שוין געביטן די וואַך. אין דער ווייט, אויף לינקס־צו, האָט זיך געהערט אַ האַפּטיגער איבערשוס. די יונגען האָבן זיך איבערגעקוקט אומרואיג. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך צוגעשאַרט צו אַווני עפּענדין:

— זיי האָבן זיך דאָרט הפּנים אָנגעטראָפֿן מיט אַ פֿיינדלעכן פּאַטרול, די וואַנצן פֿון צווייטן טאַבור.

— איז דאָס די שיסעריי?

— ס׳קומט פון יענער ריכטונג. כ׳האָב שטאַרק מורא אַז זיי וועלן זיך ניט דורכברעכן. זאָג, ווי געשיקט ביסטו מיט אַ לואיס־ביקס?

— כ׳קאָן עס מאַכן צו שפּייען ווי זיבן שדים.

— גוט! לאָז ברענגען דאָס פאַרכאַפּטע געווער־שטיק. מיר׳ן עס איצט דאַרפן. שנעל!

דער איבערשוס אין דער ווייט איז געוואָרן האַפּטיגער. די יונגעץ האָבן זיך אַנגעשטויסן. וואָס אַ ווײַלע האָבן זיך מער קעפּ געהויבן, זיך אומגעקוקט באַנומען אַרום. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט דערפילט די נערוועזע אַנגעשטרענגט־קייט פון די יונגעץ. זייער מאָראַל האָט זיך אַנגעהויבן צו וואַקלען. צו דעם טאָר מען ניט דערלאָזן! פאַרשטאַרקונג, אָדער ניט פאַרשטאַרקונג — די שליחות מוז אויסגעפירט ווערן און—— באַלד!

ער האָט זיך אַרויסגעשאַרט אין פראָנט.

אַ געשאָרך האָט זיך דערטראָגן פון אַנטקעגן. טריט.

ער האָט זיך צוגעזויגן צו דער ערד, ט׳געלאָקערט. עפּעס האָט אַ שאָטן געטאָן ביים אָפּזייט פון אַנטקעגנדיגן היגל. ער האָט אַ וואונק געטאָן צו אַכמעדן און האָט אים אַ צי געטאָן ביים אַקסל:

— זעסט?...

די פאַרבייגייענדיגע געשטאַלט האָט זיך אויסגעסילואירט אַנטקעגן דער זאַמדיגער גרויקייט. די פאַלבן פון אַ קילט האָבן זיך אומגעוויגט אין ווינט. אַכמעד האָט דערשטוינט אויסגעהעשעט:

— אַ קליידל?!

— דאָס וואָס דו זעסט.

— עה, אויף צונ׳אַמתן?

— יאָ: ווייבער... אָט ווען מ׳שיקט קעגן אייך, שלאָפּביצעס!

— צו דעם זאָל עס שוין האָבן דערגאַנגען, עה?! אַ, בײַך!... די זונה־זין!

אַכמעדס דערשטוינונג האָט באַלד אַנגעשטעקט די איבעריגע. ס׳האָט גע־ווירקט. די יונגעץ האָבן אויפגעמונטערט, אויפגעברענט. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט —

— נאָך מיר, יונגעץ! אַללאַ ביזימלי! — הודזשום! אַנגריף!

מ׳האָט זיך אַ לאָז געטאָן פול שטורעם נאָך אים — פאָראויס — אַרויף —

— אַללאַ! אַללאַ! אַללאַ! אַללאַ!!

ס׳האָבן פאַרבייגעשווינדלט פאַרצוימונגען, גריבער, פלאָנטערס. מ׳האָט זיך געטראָגן אַפיר, אימפּעטיג, צעיושעט —

— אַללאַ! אַללאַ! אַללאַ! אַללאַ!!

מ׳איז אינמיטן. מ׳איז אויבן. אַ מאַשין־געווער בילט־אָפּ, צעקייכט זיך. אַ האַנט־גראַנאַט מאַכט אים באַלד שטום. מ׳ציט זיך אַרויף — פאָראויס. זיי

אַנטקעגן עפּענען ביקסן־פֿייער — בלינד, צו־נאָנט, צו־שפּעט. די טראַנשעע איז אין אַ קלעם: באַפֿאַלן פֿון דער זייט, אַרום. מ'איז א י ב ע ר זיי, א ו י ף זיי. אַ צווייטער מאַשין־געווער פֿאַרמעסט זיך צו פֿאַרהאַלטן דעם דורכגאַנג; ער ווערט דורכגעבויערט פֿון אַ באַיאָנעט. קאַלטער געווער איז דאָס איינציגע וואָס גילט, און די יונגען נוצן עס געשיקט, פֿאַרביסן. אימעצער קוליעט זיך אַראָפּ פֿון פּאַראַפּעט, קייקלט זיך אַרונטער. אַכמעד טראָגט זיך פֿאַרביי מיט אַ צעפּליקטער ברוסט — צעקאַכט, באַנומען; פֿון מויל שלאָגט אים אַ שוים:

— וויבער, עה?!...

פֿון אונטערגראָבן האָבן זיך אַרויסגעיאָגט עטלעכע טאָמיס. אַ האַנט־גראַנאַט, אַ צווייטער — זיי זיינען מער ניט אַרויסגעקומען. דער קאַניאַלי האָט אַריינגעכאַפּט אַ באַיאָנעט צווישן די ריפּן; ער האָט זיך צוזאַמענגעקאַרטשעט, איז געבליבן ליגן. נאָך פֿיר פֿון די אייגענע האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פֿיס. מ'האָט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. ביי דער זייט־טראַנשעע איז געווען אַ שפּאַרעניש. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַהין:

— פֿאַרשאַנצן די פֿאַרבינדונג־טראַנשעע!

אוני עפּענדי איז באַלד געווען אויפֿן פּלאַץ. ס'איז געווען גוט צו הערן ס'אייגענע געוועוען בילן. די טאָמיס האָבן זיך געוועוערט, האָבן געהויבן הענט: „קאַמעראַד! קאַמעראַד!" די יונגען האָבן פֿון גאַרניט געוואָלט וויסן. זיי האָבן געפּאַלמעסט אויף רעכטס און אויף לינקס. אונטן, איבערן פּלאַך, האָט זיך דער זאַמד־שטורעם איינגעשטילט, נאָר אויבן, אין דער טראַנשעע, האָט איצט געבור־שעוועט ווילדער אייפֿער. די יונגען האָבן געוואוסט נאָר איין זאַך: כאַן יוניס מוז אָפּגעראַמט ווערן! כאַן יוניס מוז געהאַלטן ווערן!

צוויי פֿון די טאָמיס האָבן זיך געטאָן אַ הויב און זיינען באַלד געווען אי־בערן פּאַראַפּעט. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך אַרויסגעלאָזט נאָך זיי. איינער האָט זיך אים אַנטקעגנגעשטעלט און האָט אַריינגעכאַפּט אַ רעוואָלווער־קויל צווישן די אויגן. דער צווייטער איז געבליבן שטיין פֿאַרבליפֿט, די הענט האַלב־אויפֿגעהויבן אין דער לופֿטן. סאַדרי איז אויסגעוואַקסן ווי פֿון אונטער דר'ערד און האָט אים אַרויסגעלאָזט די געדערים. די טראַנשעע איז פֿאַרנומען געוואָרן.

פֿון אַ הינטער־ליניע האָט מען געעפֿנט פֿייער — שיטער, געזיפּט.

— שטעלונג אונטער באַריקאַדע! דעקן פֿלאַנקען מיט מאַשין־געווער!

אַכמעד טשאַוויש האָט זיך פֿאַרקליבן מיט אוני עפּענדיס מעטראַיאָז אין דער זייט־טראַנשעע אויף לינקס. אוני עפּענדי האָט געדעקט דעם רעכטן פֿליגל מיטן לואיס־ביקס. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט אָנגעפֿירט די פֿייער־ריכטונג פֿון דער טראַנשעע.

— שפּאָרעוודיג מיט די קוילן, יונגען! צילן איידער מ'פֿייערט־אָפּ. יעדער קויל מוז ברענגען גרוסן!... אויסשפּרייטן זיך!

פון אַנטקעגן איז דער ביקסן־פייער געקומען געדיכטער. באַלד האָט זיך איבערן טאָל גענומען מערקן אַ באַוועגונג. „זיי קומען!"... דער פייער פון דער פּאַרנומענער טראַנשעע איז געקומען רעגלמעסיג, געמאָסטן. די פלאַנקען זיינען געווען שטום, אויפן וואַך. מ'האָט זיי געלאָזט זיך דערנענטערן. אַ מינוט, צוויי — אַ צייכן צו אָוניין. יענער האָט געלאָזט זיין געווער אין פולן אימפּעט. אַכמעד איז אים נאָכגעקומען אין צייט. ס'האָט געווירקט. די רייע אַנטקעגן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, ט'זיך צוריקגעצויגן. די יונגען האָבן געשאָסן ווי אין אַ ציל־ברעט. אַ צווייטע כוואַליע האָט זיך באַלד אָנגעטראָגן פון אַנטקעגן; זיינען געקומען שנעל.

— קאָנצענטרירן פייער פון רעכטס! פולן גאַנג!

די יונגען האָבן זיך אויסגעפלאַנקט אַרום אָוני' עפּענדין. אָוני' האָט דורכגעקאָסעט דעם לאַנד־שטח. זיין פייער איז געווען צו־שוואַך. אַכמעד האָט זיך אַרויסגעטראָגן אין דער אָפן, ט'פאַרשטעלט דעם דורכגאַנג. די יונגען האָבן אָנגעהאַלטן אַ האַפטיגן קרייץ־פייער. זיי האָבן זיך ניט געקאָנט דורכברעכן. זיי האָבן באַקומען פאַרשטאַרקונג, האָבן גענומען דעקונג. דער רעכטער פליגל האָט געצויגן זייער פולן פייער. דער שטויס איז געווען געצילט אַהין. דאָס איז געווען ווי געוואונשן.

— אויספלאַנקען פראָנט־לינקס! אָפּשטעלן מאַשין־געווער־פייער!

מ'האָט געלאָזט דעם רעכטן פליגל אָפן. די מאַשין־ביקסן האָבן זיך איבערגעטראָגן אין צייט. דער פלאַנק איז געווען אין פאַרמאַציע. פון אַנטקעגן האָט דער פייער אָנגעהאַלטן אויף דער פאַרלאָזענער שטעלונג. זיי האָבן זיך געטאָן אַ הויב און זיך געלאָזט פראָנט־פאַרמאַציע רעכטס. אויף דעם האָט ער געוואָרט! —

— פול פלאַנק פאַראויס! אָנהאַלטן ביז דער לעצטער קויל, יונגען!

זיי זיינען אַריין אין דער פאַסטקע! זיי האָבן דאָרט קיינעם ניט געפונען. דער פייער פון לינקס איז געקומען צו־פלוצים פאַר זיי. זייער איינציגער אויסוועג איז געלעגן אין דער ריכטונג פון די קאַקטוס־שורות. זיי האָבן זיך געלאָזט אַהין. דער מאַשין־געווער־פייער האָט זיי אויסגעלייגט ווי די סנאָפּן.

— נאָכפאָלגן, יונגען! נישט דורכלאָזן!

די צאַבער־קוסטן זיינען געשטאַנען ווי אַ וואַנט. מ'איז געווען האַנט־צו־האַנט. די יונגען האָבן געוואוסט וואָס צו טאָן אין אַזאַ פאַל: מ'האָט זיי אָפּגעקיילט אַנטקעגן דער דערנער־וואַנט, געלאָזט זיי הענגען. מיט די געפאַנגענע האָט מען ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות: אַכמעד האָט זיי אויסגעלייגט קאַלט. אַ שיסעריי האָט אויסגעבראָכן נעבן דער חורבה. אַ הינטער־כוואַליע האָט געמאַכט אַ פאַרזוך אַרומצורינגלען. מ'האָט זיך צוריקגעצויגן אין צייט. מ'איז געווען אין דער אָפן.

— דעקונג! אָנהאַלטן שטעלונג!

מ'האָט אָפּגעענטפערט זאַלפּ־פאַר־זאַלפּ. די יונגען האָבן געפּאַלגט. זיי זיינען געווען אָנגעשטרענגט, מיד, אָבער זיי האָבן ניט נאָכגעלאָזט. פון דער פאַרשטאַרקונג־אָפּטיילונג פון צווייטן טאַבור איז קיין סימן ניט געווען. אַבוקאַדיר עפענדי האָט אָפּגעשיקט אַ לויפער צום אַלאַי־הויפטקוואַרטיר: „פאַר־פאָסטן פון כאַן יוניס פאַרנומען. קיין הילף דערגרייכט. פאַרשטאַרקונג דרינגענד!״

אַ האַלבע שעה. אַ שעה. קיין פאַרשטאַרקונג איז ניט געקומען. דעם שונאס רייען זיינען געוואָרן טעטיגער. די שטעלונג איז געוואָרן אומגעזונט. מ'איז געלעגן אין אַ הינטערהאַלט — אין שראַפּנעל־גריבער, אין דער וואַדי, הינטער קוסטן. דריי זיינען געלעגן שווער פאַרוואונדעט. מ'האָט אָנגעהאַלטן די פּאָזיציע מיט די לעצטע כוחות.

ס'האָט גענומען שאַריען אויף טאָג. די אַנטקעגנדיגע אָנגריף־אָפּטיילונג האָט זיך צוריקגעצויגן. די אַרטילעריע האָט אַציגד גענומען ריידן דבורים. זייער בּאַראַזש איז געוואָרן וואָס אַ ווײַלע געדיכטער, אימפּעטדיגער. זיי האָבן געשאָסן אויף דער פאַרלאָזענער טראַנשעע. זיי האָבן נאָך דעם הינטערהאַלט ניט אויסגעפונען. באַלד האָט זיך דערהערט דער גערויש פון לופטשיפן איבערן קאָפּ. זיי זיינען געפלויגן נידעריג, צו דערגרייכן מיט ביקסן־פייער. מ'האָט זיך באַהערשט און ניט געשאָסן: דאָס וואָלט אַרויסגעגעבן די שטעלונג. עס האָבן גענומען פאַלן באָמבעס איינע נאָך די אַנדערע. זיי האָבן אויפגעריסן. אַ כמאַרע פון שטויב האָט אויפגעשאָסן ווי אַ וואולקאַן. זיי זיינען געקומען נידעריגער, אָפּטער. די נערוון האָבן זיך געבראָכן. באַנומענע געשרייען זיינען געקומען פון אַכמעדס הינטערהאַלט — ס'האָט דאָרט געטראָפן שווער. אַבו־קאַדיר עפענדי האָט געכאַפּט אַ קוק דורכן פעלד־שפּאַקטיוו אויפן צווישנלאַנד: צווישן די דערנער־קוסטן האָט זיך עפּעס באַוועגט... „הילף!...״ בייקל האָט זיך געטראָגן פאַראויס.

אַ מוראַדיגער גרילץ האָט דורכגעשפּאַלטן די לופט פון אויבן —

טרר־אַך־טע־דערר־ראַך! ברו——ם!

אַ האָגל פון שפּלינטערס. רויך. אימעצער האָט גערעוועט וואַנזיניג ביי דער חורבה —

— אַבוקאַדיר עפענדי, אַהער!... איך זע דיך ניט!...

ער האָט צוריקגעשריען אין אַ געפּלאַצט קויל — הויך, רייסנדיג:

— עס קומט הילף! עס קומט הילף!!

טרר־אַך־טע־דערר־ראַך! ברו——ם! טראַך!!

אַ שטויס אין דער לופטן, אַ ריס, אַ שליידער. אַ דורכבויערנדיגער ווייטאָג. די פינצטערניש איז געוואָרן טיפער. דער טומל אַרום האָט זיך איבערגעבראָכן. אַבוקאַדיר עפענדיס ליפּן האָבן נאָך אַ ווײַלע געפּליסטערט:

— עס קומט הילף... עס קומט ה י ל ף... ה י ל ף...

# 33

## די טרוימערן פון גלאַכן־טורעם

אַקילע האַנט האָט זיך ווייך דורגעשיפּט איבער זיין שטערן. ווערטער האָבן זיך שטיל פאַרבייגעפליגלט:

— נאָך אַזאַ יונגינקער...

ער האָט מיט שווערינקייט זיינע אויגן אויפגעריסן. צוויי פרויען־געשטאַלטן האָבן געהויערט איבער אים: איינע — נאָנט, דייטלעך; די צווייטע — אָפּגעשטאַנען, צעפלאָסן. עס האָט אַ בלענד געטאָן מיט ווייסקייט אַרום. די שניידנדיגע ווייסקייט האָט אַרונטערגעוואויגן זיינע ברעמען, און ער האָט זיך איבערגעגעבן דער איינגענעמער מידקייט פון זיין קערפּער. ער האָט דערפילט די קילקייט פון פרישן ליינען אַרום זיין לייב. אָפּגעריסענע, ווייטע קלאַנגען האָבן דורכגעציטערט פאַרביי אים. זיי זיינען אים אויסגעקומען באַקאַנט; ער האָט, דאַכט זיך, אויפגעכאַפּט דעם באַטייט פון יעדען וואָרט; נאָר נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיי צוזאַמענצוקייטלען, זיינען זיי שוין געווען צעשוואומען אין דער ריזלדיגער ליידיגקייט אַרום. דער שאַרפער ריח פון קאַרבאָל און יאָדאָפאָרם האָט געשלאָגן אין נאָז. ער האָט זיך באַלד אָנגעשטויסן אַז ער געפינט זיך ערגיץ אין אַ שפּיטאָל — פאַרוואונדעט אפשר. ווען? וואו? ווי־אַזוי־אַרום איז ער אַהער געקומען? דער זשומענדיגער געמיש אין די שלייפן האָט ניט געלאָזט צו דערדענקען זיך. ווייכע פינגער האָבן אַ גלעט געטאָן זיין שטערן, זיינע האָר. זיינע אויגן האָבן זיך באַלד ווידער אויפגעעפנט און האָבן זיך אָנגעטראָפן מיטן מילדן פּנים פון אַ יונגער נאָנע. אַ צווייטע — אַ סך עלטער — האָט געשאָטנט הינטער איר. ער האָט איצט קלאָר פאַרנומען זייער שפּראַך: רוסיש... איז ער געפאַנגען? אַריינגעפאַלן צו די רוסן? ווען? ווי־אַזוי?... אָ, וואָס איז דער אונטערשייד?! ער איז מיד, ער איז קראַנק, ער איז דורשטיג —

— אַ טרונק... — האָט ער פאַרשמאַכט אַרויסגערעדט.

די נאָנעס האָבן זיך פאַרוואונדערט איבערגעקוקט. זיי האָבן אים ניט פאַרשטאַנען.

— אַ טרונק... איך בין דורשטיג... — האָט ער מיט אָנשטרענגונג איבערגעחזרט, באַנעצנדיג מיטן צונג דעם פאַרטריקנטן שליים אויף די ליפּן.

זיי האָבן אַלץ ניט פאַרשטאַנען.

ער האָט געפּרואווט דערקלערן מיט אַ האַנט-באַוועגונג, אָבער באַלד האָט ער דערפילט אַז ער איז ווי צוגעקלעמט צום געלעגער. דער לינקער אָרעם איז געווען שווער, אַריינגענומען אין אַ שטייפן באַנדאַזש. זיין גאַנצער קערפּער איז אויפאַמאָל פאַרגאַנגען אין אַ קראַמפּהאַפטיגן וויטאָג. אַ קאַלטער שווייס האָט באַשלאָגן זיין שטערן. ער האָט הייס אָפּגעהעשעט:

— סו... וואַסער..

— ער וויל אַ טרונק, שוועסטער אַלעפעאַ. — האָט זיך די עלטערע נאָנע אָנגעשטויסן.

אַבוקאַדיר עפּענדי האָט בלאַס אַ שמייכל געטאָן. די אינגערע האָט אַ שוואונג געטאָן מיט די לויזע פאַלבן פון איר קלייד און איז געשווינט פאַרשוואונדן.

ש ו ו ע ס ט ע ר  אַ ל ע פ ע אַ, האָט ער איינגעחזרט דעם נאָמען אין זכרון. ש ו ו ע ס ט ע ר  אַ ל ע פ ע אַ...

באַלד איז זי צוריקגעקומען. מיט געמאָסטענער באַוועגונג האָט זי אונטערגעשפּאַרט זיין קאָפּ, און האָט אים צוגעטראָגן ס׳גלאָז וואַסער צום מויל. נאָך די ערשטע צוויי שלוק האָט זי פאַרזיכטיג אָוועקגענומען די גלאָז פון זיינע ליפּן —

— גענוג.

אַבוקאַדיר עפּענדי האָט פון איר די אויגן ניט אַרונטערגענומען.

ש ו ו ע ס ט ע ר  אַ ל ע פ ע אַ... וואו האָט ער איר אַמאָל געזען? ווען האָט ער אין די שטילע אויגן אַריינגעקוקט? ער איז געווען זיכער, אַז ער האָט זיך מיט איר אַמאָל ערגיץ-וואו געטראָפן און, פּונקט ווי איצט, האָבן אים דאַמאָלט דידאָזיגע אויגן געמאַניעט, גערעגט. ווען? וואו?

אַ וויטאָג-כוואַליע האָט זיך פּלוצים צעגאָסן איבער אַלע גלידער. עס האָט אַ ברען געטאָן אין קאָפּ. פייערדיגע רינגען האָבן זיך געטראָגן פאַר די אויגן. דער דאָקטער איז צוגעקומען, האָט עפּעס געפרעגט. ער האָט געוואָלט ענטפערן, נאָר דער האַלדז איז געווען פול מיט הייסן אָטעם, די צונג שווער. שוועסטער אַלעפעאַ האָט אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן, איז באַלד ווידער געווען נעבן אים. די שפּריצנאָדל האָט זיך שאַרף איינגעשטאָכן אין אָרעם. ער האָט איצט קלאָר געזען איר פּנים, אירע אויגן: טיף, און לויטער, און בלוי. אַ וואַרעמע מידקייט האָט זיך ביסלעכווייז צעגאָסן אונטער דער הויט. אַ לייכטער ציטער אין די שפּיץ-פינגער. די גלידער ווערן לייכט, זיין גאַנצער קערפּער — וויגנדיג,

ווי געטראָגן אויף שפּילעוודיגע כוואַליעס... כוואַליעס... אַ בלויער ים אין אַ זוניגן פרימאָרגן... פון אויבן — אַ פאַרטראַכטער, בלויער הימל... אַ שיף ציט זיך צו אַ רואיגן ברעג .. ער... און אַנטקעגן אים — אויגן בלויע צווײ... זי... שוועסטער אַלעפּעאַ...

*

און יעדן פרימאָרגן איז זי געשטאַנען ביי זיין בעט; יעדן טאָג האָט ער געפילט איר אָטעם, אירע פינגער איבער זיין לייב. און יעדן מאָל וואָס ער האָט אין אירע אויגן אַריינגעקוקט, האָבן אויפגעטויכט פאַר אים ווייטע זכרונות, האָט זיך געצונדן אין זיין האַרצן אַ באַגער אויפצורייסן דעם שלייער פון איר סודותדיקייט. ער האָט געדעדט צו איר אין איר שפּראַך; זי האָט געענטפערט. זי איז ווי געדרן געוועזן צו ריידן מיט אימעצן וואָס קאָן איר פאַרשטיין. נאָר עפּעס האָט איר שטענדיג אָפּגעהאַלטן פון נאָכצוקומען דעמדאָזיגן באַגער; עפּעס האָט איר ניט געלאָזט לאַנג צו זאַמען, און אירע ווערטער זיינען געפאַלן קורץ, ניט־דערזאָגט: אַרום האָבן אויגן געוואַכט... אויגן האָבן שטענדיג איבער איר געוואַכט. אויגן האָבן שטענדיג נאָכגעפאָלגט איר יעדע באַוועגונג. שטענדיג האָבן אויגן אַרום געלעכצט נאָך דער נאָנטקייט פון איר וועזן, און אויגן האָבן געציטערט פאַר איר שטאָלצן בליק. די געטלעכע צויבערן, האָט מען איר גערופן.

און יעדן פאַרנאַכט פלעגט זי מיט שטילע טריט פאַרשווינדן, און באַלד פלעגן זיך פון גלאָקן־טורעם אַראָפּפליגלען צעציטערנע גלאָקן־קלאַנגען, אייב־זאַם, לאַנגווייליג, ביז דער הימל פלעגט ווערן גאָלדיג־געל, דערנאָך — נאַכטיג־בלוי, און דער לעצטער קלאַנג פלעגט אויסגיין אַ פאַרבענקטער...

ער האָט שוין איצט געוואוסט, אַז דער שפּיטאָל, אין וועלכן ער איז געלעגן, האָט זיך געפונען אין אַ געוועזענעם רוסישן פרויען־מאָנאַסטיר נעבן דער שטאָט חברון. און ווען דער שולטער האָט זיך אָנגעהויבן צו בעסערן און ער איז אַרונטער פון בעט, פלעגט ער אומבלאָנקען איבערן זוניגן שפּיטאָל־הויף און קוקן מיט ליידיגע אויגן אויף אַלץ אַרום. ער האָט דעם פּלאַץ גוט געקאָנט: ער איז דאָרט אַמאָל געווען אויף אַ שפּאַציר מיט דער כאַליאַסטרע, מיט תמרהן. ער האָט אָבער ניט געוואָלט טראַכטן פון יענע טעג: ס'האָט צופיל דערמאָנט. ער האָט תמרהן ניט געשריבן אַז ער איז פאַרוואונדעט, וואו ער געפינט זיך. „צוואָס?" זי וואָלט געקומען. ס'וואָלט קיין גוטס ניט געטאָן. בעסער אַזוי...

אַמאָל פלעגט ער אָנטרעפן שוועסטער אַלעפּעאַן אויף איר וועג צום גלאָקן־טורעם. זי פלעגט אויף אַ ווײלע פאַרהאַלטן איר גאַנג, פלעגט מילד אַ שמייכל טאָן צו אים, און לאַנג נאָכדעם פלעגט ער זיך געפינען נאָכקוקן די שפּורן פון אירע טריט, ביז איר געשטאַלט פלעגט אַ שאָטן טאָן צווישן די קאָלאָנען פון

גלאָקן־טורעם אין דערהויך, און פלעגט דאָרט בלייבן שטיין ביז דער לעצטער שיין פון טאָג איבערן צלם־שפּיץ פלעגט זיך אויסלעשן.

*

כייקל האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן. ער האָט אויסגעווירקט אַ מאַאָמוריע און האָט, אויפן וועג, זיך אָפּגעשטעלט אין חברון. ער איז געווען צעיאַכמערט ווי שטענדיק:

— ...איסמאַאיל ביי וועט פאַר דיר קיין זאַק ציבעלע ניט אָפּגעבן! און דער דייטשישער שטאַב־אָפּיצער איז ממש די כפרה פאַר דיין שפּיל אין כאַן יוניס!... אַהאַ, אָפּגעטאָן דיר כדבעי?!... — כ׳בין דאָרט געווען... גע־כאַפּט אַ שלעכטן קייל?

— אַ פּאָר שטיקלעך שראַפּנעל. מ׳האָט עס אַרויסגענומען. דערווייל קאָן איך נאָך דעם אָרעם ניט רירן — אין אַ פּעטליע, ווי דו זעסט... ווי גייט עס מיט די יונגעגן דאָרט?

— עס גייט, עס גייט! אַכמעד טשאַואיש איז שוין אַ הלך לעולמו. טאַקי אין יענער נאַכט, מיט דיר. ט׳געכאַפּט אַ בענטש איןביידע פיס — דורך־און־דורך. איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט איידער מ׳האָט אים דערשלעפּט צו אַ פעלד־לאַזאַרעט. איז איינס אַראָפּ! נו, און אַוני ווייסט מען גאָרניט וואו ער איז אַהינגעקומען. די יונגעגן דערציילן, אַז ער האָט געכאַפּט אַ שנעל אין נאַז, נאָר וואו זיין געביין איז, איז אַ רעטעניש. און ווער ווייסט וואָס מיט דיר וואָלט געווען, ווען ניט אונדזער כיזמאַטשי, סאַדרי! ער האָט נאָר געוואָלט מיטגיין, ווען מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט צו אייך. ער האָט געפילט, דער הינטישער שנויץ, אַז מיט דיר איז עפּעס ניט גלאַטיג. איך בין ניט דו: אַז אַ מענטש וויל דוקא גיין, האָב איך אים מיטגענומען. ער האָט דיר אויסגעניש־טערט און אויף די פּלייצעס דיר פאַרטראָגן ביזן גראָבן. אַ וואוילער יונג!

— און כאַן יוניס?

— אָ, דאָס, פאַרשטייט זיך, איז געבליבן ביי אונדז — אָבער ניט אויף לאַנג. טאַקי צוליב אונדזערע יפור שטינקערס.

— ווער?

— קאָץ און בענדער. די עסטרייכער האָבן יענעם טאָג צוגעבראַכט נייע האָוויצערס. אַ פויגל וואָלט זיך דורך כאַן יוניס ניט דורכגעריסן. אין אַ שיינעם אָוונט, גייען די צוויי אַרויס אויף אילערי־קאַראַקאָל[1] און—— ביטאַ! און גלייך אויף מאָרגן האָט טאָמי גענומען האָגלען פונקט אויף די נייע באַ־טערייען. צוויי און צוויי — איז פיר. און דער הויפּטקוואַרטיר איז להרוג ולהשמיד!

— די טכוירן! — איז אַבוקאַדיר עפּענדי אויפגעשפּרונגען אַ צעקאָכטער —

---

1. פראָנט־פּאַטרול.

דאָס האָט אונדז נאָך אַצינד געפעלט צו אונדזערע יום־טובדיגע קליידער!...

— יאָ, זיי האָבן אַזוי ריכטיג אָנגעשטונקען. מ׳זאָגט... מ׳רעדט... זע נאָר, אַ וואַזשנע מאַמעלע די וואָס דרייט זיך דאָ אַרום... מ־מ!... זי לאָזט זיך צולייגן אַ האַנט?

— בעסערע מאַנספאַרשוינען פון דיר האָבן זיך געפּרואווט — אָבער נאָר איין מאָל; און ביים פּרוּוון זיינען זיי געבליבן.

— אַי, אַ פּאַווּעלע!

— באַסיאַק!

*

אַ דייטשישער שטאַב־אָטאָמאָביל האָט זיך העזהדיג אַריינגעטראָגן אין שפּיטאָל־הויף און האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער פאַרוואַלטונגס־הויז. ס׳האָט זיך אַרויסגעלאָזט אַן אָבערסט־לויטענאַנט מיט אַן אַדיוטאַנט. צו זיי איז באַלד צוגעשטאַנען דער סעיר־טאַביב, דער מענזעל־קאָמאַנדאַנט און אַ כאָליאַסטרע יאַוועדלעך. דער דאָקטער האָט זיי אָנגעוויזן אויף אַבוקאַדיר עפּענדין.

— לויטענאַנט אַבוקאַדיר עפּענדי? — האָט דער רויט־פּנימדיגער דייטש מיט מאַטערניש אַראָפּגעלייענט פון אַ צושריפט.

— יאַוואָהל, העררָ אָבערסט!

אַכטונג. דער סקאַרבאָווער „אים נאָמען דעם קאַיזערס״, שטייפע מיליטע־רישע אָנגעצויגנקייט. „... פאַר אומגעבראָכענעם מוט און טאַפּפערקייט אין צוזאַמענשטויס מיטן שונא אויפן פעלד פון העלדן־שטרייט און כבוד...״

סאַלוט. אַן אייזערנעם צלמל אויפן ברוסט. באַגריסונג.

וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס אַלץ געהאַט קעגן דעם פאַרלוסט פון אַכמעדן, פון אַוּיבין? קעגן דער באַליידיגונג און פאַרשוועכונג וואָס די אייגענע האָבן פאַראורזאַכט? און כאַן יוניס——?

שוועסטער אַלעפּעאַ האָט אויף אים לאַנג געקוקט יענעם טאָג. זי האָט ווי מיט אַ כיוון געזוכט וואָס אָפטער זיך אָנצוטרעפן מיט אים. זי האָט אָבער גאָרניט גערעדט. זי האָט נאָר געקוקט אויף אים מיט אירע קוואַליגע בלויע אויגן. עפּעס האָט דאָסמאָל אַרויסגעקוקט צו אים פון דידאָזיגע אויגן, וואָס ער האָט ביז אַהער ניט באַמערקט: זיי האָבן געפרעגט, גערופן, געבעטן אַן ענטפער.

ער האָט פון ווייטן נאָכגעפאָלגט אירע טריט אויפן וועג צום גלאָקן־טורעם. די טירל האָט זיך צוגעמאַכט הינטער איר. פון דערהויך האָט זיך דערטראָגן דער ערשטער אויסגוס פון גלאָקן־קלאַנגען. ער האָט אַ ווײַלע געוואַרט און האָט מיט שטילע טריט זיך געלאָזט קלעטערן איבער די שלענגלענדיגע טרעפּ. איבערן גלאָקן־בוידעם איז געווען טונקל. אַלעפּעאַ איז געשטאַנען מיטן פּנים צום באַלויכטענעם אַרקע־אויסשניט, איין האַנט אויפן צינגל פון גלאָק. דער שאָרך פון זיין לעצטן טראָט האָט איר אָפּגעריסן פון איר שטעל. זי האָט זיך האַסטיג אויסגעדרייט צו אים און האָט אים אָנגעקוקט דערשטוינט.

— וואָס טוט איר דאָ?!... — האָט זי דערשראָקן אַרויסגעפּליסטערט.

— איך בין דאָ. גאָט, ווי הערלעך דער אויסבליק איז פון דאַנען! — האָט ער, אַ פאַרגאַפטער, זיך אַ צי געטאָן צו דער אַרקע. — בערג אין שקיעה!... אַזוינע וויכע פּורפּל שאָטנס אין די פאַלבן פון גרויער רואיגקייט... אַן אויס־גוס פון רויטן גאָלד איבער פאַרטראַכטע שייטלען פון באַיאַרנטע הויכן... מערב צינדט אַ רויטן יום־טוב אָן, און בלויע טאָלן פאַלן אויף די קני אין אַ שטילער תפילה, ווי—— איר...

זי איז געשטאַנען שטום, אומבאַוועגט. פון דער טונקל האָט זיך אויסגע־שיילט איר פּנים מיט שקיעה־שיין באַגאָסן, און אירע אויפגעפּראַלטע, טיפע אויגן. זי האָט ווי ד ו ר ך א י ם אַרויסגעקוקט צו דער וועלט וואָס האָט זיך געוויקלט אין די שלייערן פון זונאונטערגאַנג.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט זי איבערגעחזרט אין אַ בלאָס קול.

— דאָסזעלבע וואָס כ'האָב געטאָן אין אַ וויטן פרימאָרגן: כ'זוך צו דער־גיין דעם סוד פון אייער וועזן...

— איך — אַ סוד?! איך בין ניט מער ווי אַ נאָנע, אַ קראַנקנשוועסטער, אַ וועכטערין פון גלאָקן־טורעם. איר האָט ניט באַדאַרפט קומען אַהער, לויטענאַנט.

— אפשר ניט. אפשר האָב איך דאָ אינגאַנצן ניט באַדאַרפט זיין. גורל האָט מיר אַהער געבראַכט. אַנטקעגן דעם אויפגאַנג פון אַ טאָג אַ זוניקן האָב איך אייך ס'ערשטע מאָל געזען; אינ'ם דעמער פון אַן אויסגייענדיקן טאָג שטייט איר פאַר מיר ווידער — און אַלץ אַזוי שווייגנדיק, אַזוי סודותדיק. איך פיל אַז עפּעס געמיינשאַפטלעכעס ליגט צווישן אונדז ביידן; אַז עפּעס בשותפותדיקעס האָט אונדזערע וועגן צוזאַמענגעבראַכט. זאָגט מיר, איך בעט אייך: ווייסט איר פון וועלכע ס'איז גילטיגער אורזאַך פאַרוואָס דער פאַרהאַנג פון פרעמדקייט זאָל הענגען צווישן אונדז?

ער האָט זיך דערנענטערט צו איר און האָט איר פאַרזיכטיג אַרומגענומען מיט דער געזונטער האַנט. זי איז געבליבן שטיין אומבאַוועגט ווי פריער אויף איר שטעל. איר ניט־ווערן זיך האָט אים איבערראַשט. זי האָט אים אָנגעקוקט גראַד, מיט אָפענע, פולע ווייסלען —

— פאַרוואָס טוט איר עס, לויטענאַנט? — האָט זי שטיל אַ פרעג געטאָן אין אַן אונגעבראָכענעם גלייכטאָן.

— ווייל איך פיל ווי צו זיין באַנט צו אייך. צייט האָט אונדז צוזאַמענ־געבראַכט, עלנט האָט אונדז פאַרחברט. איך האָב די גאַנצע צייט געפילט דעם רוף פון אייער שווייגן, דעם שטומען געבעט פון אייערע אויגן. גאָט! כ'האָב קיינמאָל ניט געוואוסט אַז בלויע אויגן האָבן אַזאַ כּוח!...

— און איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט אַז שווייגן קאָן אַזויפיל זאָגן...

ער האָט דערפילט איר הייסן, דערשיטערטן אָטעם אַרום זיך. הונגעריקע יונגע ליפּן אויף זיינע. איר ברוסט האָט זיך געהויבן הויך. שאָטנס האָבן זיך

געוויקלט אַרום זיי. איבער די בערג האָבן זיך געלאָשן די שקיעה־פאַרבן.

— ...און אָט שטייען מיר, צוויי יונגע מענטשן: פאַר אונדז — אַ שקיעה, צווישן אונדז — אַ רעטעניש, און איך —— איך קאָן אייך אפילו ניט געהעריג אַרומנעמען, ווי אַ מאַן דאַרף אַרומנעמען אַ פריינדן...

זי האָט זיך שטום געטוליעט צו אים. ער האָט געגלעט איר ווייך פּנים, איר האַלדז.

— נאָך וועמען בענקט איר, לויטענאַנט?

— נאָך אַלעמען — נאָך קיינעם ניט... און אפשר בענק איך גאָר נאָך זיך אַליין — נאָך מיין געוועזענעם איך — נאָכן איך, וואָס האָט ג ע ז אָ ל ט ז י י ן...

— און איר האָט זיך היינט געפילט געשמייכלט, שטאָלץ — ?

— מיט וואָס?

— מיט דעם... די אויסצייכענונג...

— אפשר. און מעגלעך — ניט. ס'איז פליכט וואָס האָט געטריבן, וואָס טרייבט, און וואָס וועט האַלטן אין טרייבן... פליכט!... און אפשר איז עס ניט מער ווי נאַטירלעך צו פילן זיך געשמייכלט, ווען מ'דערפילט אַז אונדזער מי־און־לייד איז אָנגעלעגט; אַז אימעצער האָט צומאָל געפונען פאַר נויטיג צו אַרויסוויזן וועלכע ס'איז אָנערקענונג...

— ס'איז אייך צו פאַרשטיין, לויטענאַנט.

— יאָ?

— איך גלויב אַז איך פאַרשטיי אייך. איך קוק אָפּט אויף אייך אַלעמען דאָ מיט רחמנות, און צו דערזעלבער צייט בין איך אייך מקנא — שטאַרק מקנא: איר טוט אייערס מיט אָפּענער מוטיגקייט, מיט שטורעם. איך —— איך מוז מיינס טאָן אין דער שטיל, אין שווייגן.

— ס'איז דאָ גבורה אין שווייגן, שוועסטער אַלעפּעאַ; ס'איז דאָ כּוח אין איינזאַמקייט... דערציילט מיר פון דיינע טעג אין שווייגן, מיידל, — פון די וועגן וואָס האָבן דיר דערפירט אַהער...

און זי האָט אים דערציילט.

שטומע נאַכט האָט זיך געטוליעט צום פענצטערל. אין איר צימערל איז טונקל געווען. אין ווינקל, פאַר אַ איקאָנע, האָט זיך פרום געררויטלט אַ לאַמ־פּאַדקע. צוגעגורעט ווי אַ שאָטן איז ער געזעסן ביי אירע פיס. אַ רואיג קול — אַ ווידערקלאַנג פון פאַרשוואומענע ווייטקייטן. פאַרחלומטע בליקן אין דער ווייכער טונקלקייט פון אַ מיידלס איינזאַם־צעל. איר צאַרטע האַנט אַרום זיין האַלדז —

און זי האָט דערציילט.

זי האָט געשטאַמט פון אַ רייכער משפּחה אין קרים. איר פאָטער האָט פאַרנומען אַ הויכן רעגירונג־פּאָסטן אין יענעם ראַיאָן. ער איז געווען אַ

שטרענגער, אַ האַרטנעקיגער, איבערצייגט אין דער אַלמאַכטיגקייט פון פּאַטערל־צאַר און אין דער רעכטפערטיגקייט פון דער קירך, און — ווי אַלע אַנדערע אין זיין שטאַנד — געוועזן פאַרטאָן אין יאַגד און אין לוסטיגע פאַרוויילונגען. איר מוטער איז געווען אַ שוויגנדיגע, אַ פיין־פילנדע; איז באַזעסן אַ הויך־אַנטוויקלטן עסטעטישן חוש, און האָט דעם גרעסטן טייל פון איר צייט פאַר־בראַכט אין איר צימער, ביים קלאַוויר, איבער ביכער.

איר ערשטע דערציאונג האָט זי באַקומען אויף דער אימעניע, אָרום סימ־פעראָפּאָל — אַ טראַדיציאָנעלע, באַגרעניצטע דערציאונג. שפּעטער האָט איר מוטער איר געשיקט קיין כאַרקאָוו, אין דער דאָרטיגער פּרויען־גימנאַזיע. דאָרט האָט זי זיך, מיט דער צייט, באַקאַנט מיט אַ סטודענט, דימיטרי אָרי־עכין, — אַ זון פון אָרימע עלטערן אין ראָסטאָוו. זיי האָבן זיך פאַרליבט — שטערבלעך פאַרליבט. מיטיאַ האָט פאַר איר אַנטדעקט אַ נייע וועלט — אַ וועלט פון וועלכער זי האָט דאָרט, אין איר פּאַטערס היים, אינ׳ם זאַטן לעבן פון איר סביבה, גאָר קיין אַנונג ניט געהאַט: אַ וועלט פון אָרימקייט, פון פאַרשקלאַפונג, פון טרוימער, פון קעמפער — פון אַן אמת, וועלכער איז געווען פאַר איר ביז דאַמאָלט פאַרהוילן. זי איז מיטגעריסן געוואָרן. מיטן גאַנצן אייפער פון איר יונגער נשמה האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן מיט מיטיאַן אין דער אַרבעט — אינ׳ם חלום וואָס האָט באַשטראַלט מיטיאַס וועזן, וואָס האָט צוזאַ־מענגעקניפּט זייערע הערצער. זי איז געווען גרייט אַ זינגענדיגע צו לייגן איר לעבן פאַר זייער ליבע, פאַר איר ניי־געפונענער ליבשאַפט פאַר אַ באַפרייטער מוטערל־רוסלאַנד. דער פאַטער האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט איר צוריק־גערופן אַהיים, ט׳איר געפּרואווט אָוועקרייסן. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ פאַרבי־סענער קאַמף צווישן איר פאַטער און איר. די מוטער האָט דערפון שרעקלעך געליטן, ט׳געוויינט אין דער שטיל, און—— געשוויגן. ס׳איז געקומען צו אַן עפנטלעכן צוזאַמענשטויס. דער פאַטער האָט איר פאַרשטויסן פון זיך, ט׳איר איינגעשפּאַרט אין איר צימער, ט׳קיינעם צו איר ניט צוגעלאָזט. ביז ס׳האָבן אויסגעבראָכן די אומרועז אויף די זאַוואָדן, און מיטיאַ איז אַרעסטירט געוואָרן. מ׳האָט אים געהאַלטן אין געהיים. זי האָט געוואָלט צוקומען צו אים, אויסגע־פינען; ס׳האָט זיך איר ניט איינגעגעבן. ענדלעך האָט זי געבראָכן איר שטאָלץ און איז צוגעפאַלן דעם פאַטער צו די פיס, געבעטן אים אַז ער זאָל אָנווענדן זיין איינפלוס און ראַטעווען איר מיטיאַן. די מוטער האָט זיך פאַר איר איינ־געשטעלט, האָט מיטגעבעטן. דער פאַטער האָט כלומרשט נאָכגעגעבן: ער האָט אויסגענוצט דעם איינפלוס פון זיין הויכן אַמט אין—— דער קעגנזייטיגער ריכ־טונג... און מיטיאַ איז ניט געוואָרן. מיטיאַ איז פאַרלאָרן געגאַנגען. מיטיאַ איז פאַרשיקט געוואָרן, אפשר גאָר—— ניין! זי איז פון אָנהויב־אָן געווען זיכער אַז ער לעבט, אַז ער וועט צוריקקומען. זי האָט געפּרואווט דערגיין עפּעס וועגן אים — כאָטש וויסן וואָס. אומזיסט! אַלע וועגן זיינען געווען פאַר איר

פאַרשטעלט. מ׳האָט אומעטום געקוקט אויף איר ווי אויף אַ זינדיגער, אַ פאַרשטויסענער. זי האָט אָבער איר שבועה צו מיטיאַן ניט געבראָכן. זי האָט געוואָלט פאָרזעצן די אַרבעט, אָבער  אָ ן  א י ם  האָט זיך גאָר איר כוח אָפּגעטאָן. זי איז געוואָרן פאַרביטערט קעגן פאָטער, קעגן מענטשן, קעגן דער וועלט, איז אַריינגעפאַלן אין אַ טיפער מעלאַנכאָליע. און ווען די מוטער איז איינמאָל צו איר צוגעשטאַנען און, מיט טרערן אין די אויגן, זיך געבעטן ביי איר, אַז זי „זאָל אים פאַרגעסן! זי איז נאָך יונג; זאָל שליסן באַקאַנטשאַפט מיט יונגעלייט פון איר גלייכן — אָט מיט דעם, וועלכן דער פאָטער האָט גראָד איצט בדעה“ — איז זי אַנטלאָפן פון דערהיים און האָט זיך אָפּגעגעבן דעם מאָנאַסטיר.

דאָ, אין דער אַבסאָלוטער אָפּגעשלאָסנקייט, האָט זי געטראַכט פון אים, האָט איבערגעטרוימט זיין חלום. זי האָט אים געזען אין די ווערק פון די הייליגע, האָט געהערט זיין וואָרט אין די רייד פון די פּראָפעטן. זי האָט געזוכט טרייסט אין איינזאַמקייט. מיט תפילות האָט זי זיך פאַרזונגען — תפילות שטומע צו אַ גאָט נאָך־ניט־געבוירענעם. און יעדן פאַרנאַכט וויינט זי אויס איר בענקשאַפט אין דעם גלאָקן־קלאַנג פון דעם טורעם־הויך... און נאָכט און ליב זייִנען איר געוואָרן די ווענט פון׳ם מאָנאַסטיר: דאָ האָט זי איינגעוויגט איר מיידלש לייד, דאָ איז איינגעשלאָסן איר יוגנט... און ווען די טערקישע רעגירונג האָט פאַרוואַנדלט דעם מאָנאַסטיר אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל, האָט זי זיך אָנגעבאָטן צו זיין צווישן די עטלעכע עלטערע נאָנעס, וועלכע זייִנען פאַרבליבן אַכטונג צו געבן אויפן קלויסטער. זי געפינט באַפרידיגונג אין באַהאַנדלען די קראַנקע, אין העלפן די פאַרוואונדעטע... איצט — מיט רוסלאַנד אַ באַפרייטער, אַ דערלייזטער — האָט זיך אין איר אויפסניי דערוואַכט דער באַגער פון איר ניט־געגאָסענער יוגנט, דער גלוסט צו לעבן וואָס האָט געשלומערט אין איר בלוט — דער דורשט צום פולן לעבן, צום באַפרייטן. ס׳האָט אין איר אויפגעפלאַמט איר ליבשאַפט צו מענטשן, צו די אויסגעלייזטע, און איר בענקשאַפט צו דער היימישער ערד. און ער וועט קומען — ער  מ ו ז  קומען! זיין שעה האָט געשלאָגן. זי וועט אים אויפזוכן, וועט אים געפינען...

— יאָ, — האָט אַבוקאַדיר עפּענדי זיך אָנגערופן פאַרטראַכט — ס׳איז דער שטענדיגער שטרייט צווישן אייך דור מיטן צווייטן; דער אייביגער געראַנגל צווישן  צ ו ו י י  א מ ת ן — ווען מיר זאָלן ניט זיין, פון וואַנען מיר זאָלן ניט האָבן געקומען.

— ס׳איז דער שטרייט פאַר דאָס רעכט צו לעבן... לעבן!... לעבן!... קאַמף!... — איז זי אויפגעשפּרונגען אַנטקעגן אים מיט צעשפּרייטע אָרעמס. אירע אויגן האָבן אויפגעבליצט. איר גאַנצער וועזן האָט וויברירט — איך וויל לעבן! קעמפן! וואו שטורעם, דאָרט באַלאַנג איך!... איך וועל דורכברעכן אַ וועג אַהין, וועל אים געפינען אַ קאַמפּ־

לוסטיגן ווי—— דו... זע: איך האָב שוין זאַגאַר מיינע צעפּ געלאָזט וואַקסן!...

זי האָט האַסטיק אַרונטערגעריסן דעם נאַנע־שלייער פון איר קאָפּ. רויט־פלאַמיגע לאָקן־כוואַליעס האָבן זיך צעגאָסן איבער איר שטאָלצן האַלדז און נאַקן. זי האָט זיי אויפגעשויבערט מיט לאַנגע, צאַפּלדיגע פינגער. עס האָט אויפגעבלאָזט אַ שטיק ווייסער אַקסל.

— איך וויל לעבן! איך האָב איצט פּ אַ ר ו ו אָ ס צו לעבן! איך וויל אויסשטורעמען יעדע שעה לעבן אין מיר! כ'וועל אויפמאַנען יעדע פאַרלאָרענע פרייד!...

עס האָט אַ בלענד געטאָן פאַר אים נאַקעטער רייץ. אַ רויטקייט האָט זיך צעצונדן. ס'האָבן אויפגעכוואַליעט לאָקן. ברוסטן האָבן געברויזט. ליפּן זיינען פאַרגאַנגען אין אַ באַרוישנדיגן צוזויג. זיי האָבן זיך איבערגעגעבן דעם שטורעם פון בלוט.

אין דער לאַמפּאַדקע האָט דאָס פלעמעלע אַ ציטער געטאָן.

***

„וואָס האָט זי געמיינט אין מיין לעבן?", האָט אַבוקאַדיר עפּענדי נאָכגעטראַכט פון איר, ווען ער איז געווען אויפן וועג צוריק צום פראָנט; „וואָס האָט איר פריינדשאַפט דורך די טעג מיר געגעבן? — אַ ליכטיגע דעראינערונג... נאָך אַ בענקשאַפט... אַ שמעטערלינג אין אַ וואָלקנדיגן טאָג..."

# 34

## פיר טויזן און — אַ טויט

די פּאָזיציעס אויפן פראָנט האָבן זיך כמעט ווי ניט געענדערט. אַ זומער איז דאָרט געווען און איז פאַרגאַנגען, און האָט געלאָזט די גראָבנס מער צעשמעטערט, די טרופּן — מער אָפּגעריסן, פאַרהונגערט. ס׳האָבן געפעלט אַ סך באַקאַנטע פּנימער. ס׳זיינען צוגעקומען נייע, פרעמדע. די שטימונג איז געווען אַ דערשלאָגענע, אַן אָנגעצויגענע.

אַבוקאַדיר עפענדי האָט זיך געמעלדעט אינ׳ם הויפּטקוואַרטיר פון דעם פּירקאַ. איסמאַאיל ביי האָט אים אויפגענומען מיט דער געוויינטלעכער פריינדלעכקייט.

— געטשמיש אָלסון[1], אַבוקאַדיר אָרלום.

— טעשעקער עדערים[2], בייעם.

— גוט צו זען איך צוריק. כ׳האָף אַז איר פילט זיך אין גוטן געזונט.

— נישט צו באַקלאָגן זיך, בייעם. כ׳בין גרייט צו זיין צו ווייטערדיגער דינסט, בייעם.

— מיר דאַרפן איך דאָ. יאָ, אַ שאָד וואָס ס׳איז געשען מיט די צוויי... — האָט איסמאַאיל ביי ווי ניט געפונען גענוג מוט אים צו זאָגן — אַ שאָד וואָס זיי האָבן אונדז אַזוי פאַרלאָזט, די צוויי האַמשערים אייערע.

— איך האָב וועגן דעם געהערט, בייעם, און באַדויער שטאַרק דעמדאָזיגן צופאַל.

— ס׳איז צו באַדויערן. און דאָס איז דער רעזולטאַט דערפון... — האָט איסמאַאיל ביי אים געגעבן איבערצולייענען אַ צושריפט פון דער אויבער־קאָמאַנדאַטור — ליידער!

אַבוקאַדיר עפענדי האָט אויפשנעל דורכגעבליקט די שורות. די ווערטער

---

1. זאָל עס זיין צום אָפּקומען.
2. אַ דאַנק.

האָבן שטעכיק אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן: „... צוריקשיקן אַלע ניט־מוס־לימאַנישע אָפיצערן פון דער פראָנט־ליניע..."

ער האָט שווייגנדיק צוריקגעלייגט דעם צושריפט אויפן טיש. איסמאַאיל ביי האָט אים פרעגנדיק אָנגעקוקט:

— וואָס ט'איר זאָגן דערויף?

— צום באַדויערן — גאָרניט, בייעם. — האָט אַבוקאַדיר עפענדי גע־ענטפערט פאַרשולדיגט — איך נעם־אויף דעם באַפעל מיט אַ געבויגענעם קאָפּ.

— נישט דאָס בין איך אויסן, אַבוקאַדיר־אַרלום. ס'וועט ניט קומען דערצו. נאָר ס'איז זיי, דאָרט אין הויפּטקוואַרטיר פון דער אויבערקאָ־מאַנדאַטור, אפשר אויך ניט צו פאַרדענקען. איך דאַרף אייך ניט זאָגן וואָס ס'גייט־אָן הינטערן פראָנט. איר ווייסט וואָס די שטימונג איז צווישן אייערע גלויבן־גענאָסן, צווישן די אַנדערע. און דאָס פאַרדריסט — באַ־זונדערס, ווען איך דאַרף צו א י י ך ריידן וועגן דעם... איר פאַרשטייט? פאַר די לעצטע פערציק יאָר עקזיסטירט אין לאַנד דער געזעץ פונ'ם „רויטן־צעטל", לויט וועלכן אַן איינגעוואַנדערטער פרעמדער אונטערטאַן טאָר ניט פאַרבלייבן אין לאַנד לענגער ווי זעקס מאָנאַטן. דערדאָזיגער געזעץ איז אין פולער מאַכט. ווייסט איר סיידן פון אַן איינציגן פאַל, דורך די גאַנצע פערציק יאָר, אַז אַ א י ד פון פרעמדער בירגערשאַפט זאָל האָבן אַרויסגעשיקט גע־וואָרן פון לאַנד אויף דער באַגרינדיגונג פון דעמדאָזיגן געזעץ? ווייסט איר פון אַן אַנדער מלוכה, וועלכע האָט זיך שטענדיק באַצויגן אַזוי גאַסטפריינד־לעך צו אייך אידן ווי מיר טערקן? און ווייסט איר פון אַן אַנדער מאַכט וואָס וואָלט, אונטער ענלעכע אומשטענדן, זיך פאַרהאַלטן אַזוי געצוימט אין דער באַשטראָפונג פון די שולדיגע אין די לעצטע אָפּערעס?... איצט, ווען מיר האַלטן זיך אין טרינקען; ווען מיר האָבן דאָס פולע רעכט צו דערוואַרטן יעדע ברעקל הילף פון די וועלכע מיר האָבן שטענדיק געהאָלפן; ווען מיר נויטיגן זיך אין זייער טריישאַפט, און זייער שטיצע — איצט האָבן מיר געקראָגן פון זיי צוגעטראָטן מיטן פוס; פון זיי באַקומען מיר אַציינד דעם אינערלעכן טויט־שטויס צום נידערפאַל; ד י באַצאָלן אונדז איצט מיט פאַרראַט פאַר אונדזער צוטרוי! און דאָס קרענקט, אַרלום.

אַבוקאַדיר עפענדי האָט ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. ער האָט געפילט, אַז דאָ רעדט צו אים אַ מענטש מיט דאָס בלוט פון זיין האַרצן; אַז דאָ רעדט־אַרויס מער ווי אַ פאַרוואונדעטער שטאָלץ, מער ווי אַ באַליידיגטער געפיל; אַז דאָ וויינט־אַרויס עפּעס מער ווי אַן אָפּגענאַרטער צוטרוי אין מענטשן. ער האָט זיך געפילט הילפלאָז קעגן איסמאַאיל בייס אָפנהאַרציגקייט, קעגן זיין שלאָגנדן אַרגומענט.

— כ'האָב ליידער, קיין דירעקטע פאַרענטפערונג פאַר דעם, בייעם. —

האָט ער זיך ענדליך אָנגערופן — איך דערלויב מיר אָבער צו האָפן, אַז איר, מײַן בײַ, זענט ניט בלינד צו דעם פאַקט אַז יעדער מענטשן־גרופּע האָט אירע אויסוואורפן, איר אייגענעם אָפּפאַל. מיר אידן זײַנען ניט קיין אויסנאַם אין דעם הינזיכט. לײדער האָט עס זיך געדאַרפט אַרויסווײַזן א י צ ט, און גראַד ד אָ.

— איך האָב דאָס גענומען אין אַנבאַטראַכט, אָרלום, און אויף דעם האָב איך באַגרינדעט מײַן ענטפער צו דער אויבערקאָמאַנדאַטור. אָט איז עס. איר קאָנט עס לייענען...

אַבוקאַדיר עפענדי האָט באַלד דערקאָנט איסמאַאילס בייס קראַפטיגן כתב, זײַנע אָפּגעטעמפּטע, רונדיגע אותיות: „...און איך פערזענלעך נעם די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר יעדן איינעם פון די אָפיצערן, וועלכע געפינען זיך אונטער מײַן אויפזיכט, צו וועלכע איך האָב דעם פולסטן צוטרוי...״

ער האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבן די אויגן צו איסמאַאיל בײַען און האָט זיך אָנגעטראָפן מיט יענעמס גוטמוטיגן שמייכל.

— איך פאַרמאָג ניט קיין ווערטער אויסצודריקן מײַן דאַנקבאַרקייט צו אײַך, בײַעם! — האָט ער גערירט אַ זאָג געטאָן, און האָט אָנגעכאַפּט איסמאַ־איל בייס האַנט און עס אַ קוש געגעבן.

איסמאַאיל בײַ האָט אים פאָטערלעך אַ גלעט געטאָן איבערן אַקסל —

— איר האָט מיר גאָרניט פאַרוואָס צו דאַנקען, אַבוקאַדיר־אָרלום. נעמט ניט מײַנע באַמערקונגען צו־פערזענלעך: אַ מענטש מוז זיך אַמאָל פאַר אימעצן אויפבינדן אין אַזאַ צײַט... זאָל דאָס בלײַבן צווישן אונדז.

— אײַער צוטרוי וועט געפינען באַרעכטיגונג, בײַעם.

— איך בין זיכער אין דעם. גאָט העלף, אָרלום.

*

די קאַנאָנאַדע האָט אָנגעהאַלטן מיט פולן אימפּעט איבער דער גאַנצער לענג פון פראָנט מיטן טראָפּ אויפן עזה־סעקטאָר. אַ מעת־לעת נאָכאַנאַנד — שווער, באַטױבנדיג. די לופט איז געווען געדיכט מיט בײַסנדיג־שטיקנדיגן נאָכגערוך פון אויפרײַס־שטאָף. מוטנע רויך־וואָלקנס האָבן זיך אומגעיאָגט איבערן צעשטורעמטן חלל. דער האָריזאָנט איז געווען איין שטיק פלאַם.

אין דעם ענגן אונטערגראָבן איז געהאַנגען דער רויך פון טאַבאַק און דער ריח פון שווייס און פון איבערגעברענטן שוועבל. אַ ליכט האָט זיך גע־שמאָלצן אין דער האַלדז פון אַ ליידיגער בראַנפן־פלאַש. פון די ווענט און פון׳ם ליימיגן דיל האָט געשלאָגן אַ דומפּע פײַכטקייט. די קאַנאָנען־קראַכן האָבן זיך אָהער דערטראָגן אָפּגעטויבט, טיף, צעצויגן. מיט יעדן דונערדיגן אָפּקנאַל, מיט יעדער בראַזגנדיגן אויפפּלאַץ, האָבן די שפּאַרעס פון גראָבן אויפגעטרייסלט און אָפּגעשאָטן מיט צעקרישלטער ערד. ס׳פּלעמל אין דער

ליכט פֿלעגט דערביי אַ טוק טאָן, פֿלעגט מיט אַ צאַפּל זיך אויסגלייכן, און בלייבן שטיין אַ ווײלע פֿאַרגליווערט.

אפֿרים איז אַוועק אומבייטן כייקלען אויפֿן פֿאַר־פּאָסטן, און אין אונטער־גראָבן זײַנען נאָר זיי דרײַ געווען: עליאַס עפּענדי, אָסמאַן ביי, דער נײַער מאַ־שין־געווער־אָפּיצער, און אַבוקאַדיר עפּענדי. עליאַס עפּענדי האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט, האָט פֿון־צײַט־צו־צײַט כלאחר־יד אַ זשליאָקע געטאָן פֿון דער פֿלעשל ראַקי, און האָט מיט ליידיגע אויגן געקוקט אויף דער צעוואָרפֿענער טעשל קאָרטן פֿאַר אים. אָסמאַן ביי האָט געדויכערט איין סיגאַ־רעט נאָכן אַנדערן און האָט מיט נערוועזע פֿינגער זיך אומגעשפּילט מיטן רעוואָלווער־טאַש. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך אײַנגענורעט אין רעקל, די הענט פֿאַרשטעקט אין די אַרבל, און האָט זיך צוגעטוליעט צו דער וואַנט. ער האָט געוואָלט אַרײַנכאַפּן אַביסל שלאָף. די אויגן האָבן זיך אָבער בשום־אופֿן ניט צוגעמאַכט. די נאָכאַנאַנדיגע סטוקאַטאָ פֿון די אַרטילעריע־דונערן, די גרילצנדיגע קרעסצענדאָ פֿון די אומיאָגנדיגע שראַפּנעלן אויבן איבערן אויבערפֿלאַך, האָבן געגומען אַרונטערוואויגן דעם געמיט, האָבן געשפּאָלטן די נערוון. עס איז איצט קלאָר געווען: דאָסמאָל זײַנען זיי אויסן אַן ענטשיידענעם דורכבראָך, און דעם אָנגריף איז צו דערוואַרטן יעדע מינוט. דאָ? דורך באר־שבע? פֿאָן פֿאַלקענהיין האָט קאָנצענטרירט די ווידערשטאַנד־כוחות אַרום עזה. מ׳האָט זיך געהאַלטן גרייט.

כייקל האָט זיך אָנגעטראָגן פֿון דרויסן — פֿאַרשמירט, פֿאַרבלאָטיגט, צעפּלאָכטן —

— וואַה! דרויסן שמעקט מיט „צדוק הדין”! כ׳האָב מורא אַז זיי ׳עלן נאָך הײַנט אָפּשפּילן דעם קונץ... אַ טרונק! אַביסל דערוואַרעמען זיך... אָט אַזוי!... נו, דערווײַל — אַ פּאָקערל, יונגען! זאָלן ז י י זיך דאָרט ברעכן די קעפּ! האַידע!...

מ׳איז גערן געווען צו צעשטרויען די אָנגעשטרענגטקייט און מ׳האָט אים נאָכגעפּאָלגט — נאָכגעביג, אַפּאַטיש. מ׳האָט זיך אויסגעזעצט אַרום דעם קאַסטן־טישל, אויסגעגלייגט פֿאַר זיך ס׳קליינגעלט און געשפּילט. איג׳ם טריבן אָפּשיין פֿון דער ליכט איז די אָנגעצויגנקייט פֿון די געזיכטער אַרום געוואָרן בולטער, אײַנגעגעסן. די שפּיל האָט זיך געשלעפּט. מ׳האָט כוואַליעסווײַז געשלונגען דעם רויך פֿון די סיגאַרעטן און ווייניג גערעדט. אָסמאַן בייען האָט ניט גע־שפּילט דער מזל. ער האָט שאַרף אַ שימף געטאָן צווישן די ציין און האָט אָפּ־געוואָרפֿן די קאָרטן. כייקלען איז עס אויך געגאַנגען מיט די פּוטער אַראָפּ. ער האָט פֿון מאָל־צו־מאָל „אויסגעבאָרגט” אַ טרונק ביי עליאַס עפּענדין און האָט געשפּילט ווײַטער. „די שפּיל מוז אָנגיין!” עליאַס עפּענדי האָט אויסגעטיילט קאָרטן. אָסמאַן ביי האָט באַשטימט דעם אײַנשטעל־געלט:

— צוויי פּיאַסטער.

— מ׳האָט איינגעשטעלט בלינד, נאָכלעסיג — „טאָמער...״ מ׳האָט פון יוצא־וועגן אַ קוק געטאָן אין די קאָרטן. ביי כייקלען האָבן אַ בלישטשע געטאָן די אויגן —

— מאַכט עס דריי — ס׳איז מזלדיגער.

די אַנדערע צוויי זיינען נאָכגעקומען. אַבוקאַדיר עפענדי האָט איבער־געקערט זיינע קאָרטן:

— נישט פאַר מיר! ס׳האָט ניט דאָס ווערט.

עליאָס עפענדי האָט זיך גענומען צום טעשל:

— וויפל שטיק, אָסמאַן־קאַרדאַש?

— דריי.

— כאַקי עפענדי?

כייקל האָט אויסגעהאַרנט צוויי פינגער. פאַר זיך האָט דער גרעק גענומען נאָר איין קאָרט, האָט אָפּגעבלאָזן אַ פולן מויל רויך און האָט פאַר־זיכטיג פאַנאַנדערגענומען די קאָרטן. ער האָט אַ פרישן צי־געטאָן פון סיגאַרעט און האָט זיי קאַלטבלוטיג אָפּגעלייגט אויף אַ זייט. ביי כייקלען האָט געפלאַמט ס׳פּנים. ער האָט ניט געקאָנט איינזיצן. אָסמאַן ביי האָט פאַרשטעלט די פריש־אויסגעטיילטע קאָרטן מיט איין האַנט, מיט דער אַנדערער האָט ער פאַמעלעך פאַרבויגט אַ ווינקל פון אַ קאָרט, און האָט כלומרשט בגנבה געכאַפּט אַ קוק — איינע, די צווייטע. כייקל האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן —

— קנייטש ניט איין די קאָרטן, צו אַלדי שוואַרציאַר! דו׳סט גאָרניט אַרויסקוועטשן. וויפל זינגסטו?

אָסמאַן ביי האָט זיך געהאַלטן ביי זיין מקח:

— צוויי פיאַסטער.

כייקל האָט זיך געטאָן אַ וויש דעם נאָז פון אונטן אַרויף. ער איז שוין געוועזן צעהעצקעט:

— צוויי, און צוויי אַריבער! ס׳קלינגט בעסער... עליאָס־דזשידזשעם?

דער גרעק האָט אים דורכגעשטאָכן מיט אַ שפּיזיגן בליק:

— שוין אַרייננעכאַפּט אַ מאַטניאַ, וואָס?

— באַצאָל, ט׳מען דיר לאָזן וויסן!

עליאָס עפענדי ט׳גענומען די קאָרטן צו זיך, ט׳זיי איינציגוויין באַטאַפּט מיט טרוקענע פינגער און האָט אַריינגעקוקט מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן.

— פיר ווילט איר, עה? נו, זאָל זיין פיר און— געטאָפּלט!

אָסמאַן ביי האָט אַ שמיץ געטאָן די קאָרטן אויפן טישל —

— סיקטערעט!

די שפּיל איז געבליבן צווישן כייקלען מיטן גרעק. כייקל האָט זיך אַליין ניט געטרויט, ט׳ער פון זיכערקייט־וועגן געכאַפּט נאָכאַמאָל אַ קוק אין די קאָרטן: ניט קיין טעות...

— נו, כ'על זיך מיט דיר ניט דינגען, נאָר נאָך אַ פינפערל וועל איך דעקן.

עליאַס עפּענדי האָט אויפגעצאַפּלט —

— קוק עס נאָר אָן: ט'זיך צעזונגען מיטאַמאָל!

— טענה ניט — ס'עט דיר קאָסטן טייערער. לאָמיר זען די קלינגערס!

עליאַס עפּענדי האָט געשטייגט אין טאָג אַריין. כייקל האָט געהאַלטן אין איבערשטייגן.

— צי ניט די עצמות! לייג זיך אויס מיט אַ צענערל — פאַר גוט־ברו־דערשאַפט!

דעם גרעק איז עס געגאַנגען אין נצחון. דאָס קופּקעלע קליינגעלט אין מיטן טישל איז געוואָרן וואָס אַ ווײַלע העכער. אויף כייקלען האָט געברענט די הויט. די פינגער האָבן ביי אים אַזש געציטערט. ס'געדולד האָט ביי אים געפּלאַצט. ער האָט אַ שאַר געטאָן זיין גאַנץ פאַרמעגן אין מיטן טישל:

— רעסט!![1]

ביי עליאַס עפּענדין איז בלאָס געוואָרן דער נאָז. דער מויל האָט ביי אים אַ צוק געטאָן אויף אַ זייט. ער האָט אָנגעקוקט כייקלען באַנומען ——

מיטאַמאָל האָט דער פאַרהאַנג איבערן אַריינגאַנג זיך אויפגעריסן און ס'האָט זיך אַריינגעיאָגט דער לויפער פון פאַר־פּאָסטן:

— עפּענדים! דעם פּאָסטן באַשאָסן!... אַ שראַפּנעל... איבראַהים עפּענדי...

כייקל איז אויפגעשפּרונגען און האָט זיך אַרויסגעיאָגט פון גראָבן. אַבוקאַ־דיר עפּענדי האָט זיך אַרויסגעלאָזט נאָך אים. אין אַ ווילדן געלאָף האָבן זיי זיך געטראָגן איבערן אָפענעם פלאַך, דורך די צעשמעטערטע פאַרבינדונג־גראָבנס. די אויפפלאַצן זיינען געקומען געדיכטער. מ'האָט זיך אונטערגעבויגן, באַלד ווידער אויפגעשפּרונגען. כייקל האָט זיך געדראַפּעט ווי אַ קאַץ. אַ בליץ האָט אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן. אַ מוראַדיגער קראַך. אַ וואָל ערד. אַבוקאַ־דיר עפּענדי האָט זיך מיט מאַטערניש אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער פאַר־שיטונג, ט'זיך אָפּגעטרייסלט. די באַטויבונג האָט זיך אַביסל אויסגעלייטערט. פון כייקלס ריכטונג איז געקומען אַ שווערער אָפּקרעכץ. ער האָט זיך צוגע־שאַרט צו אים. כייקל האָט זיך געקאָרטשעט אין דרייען, די האַנט צוגעדריקט צום זייט.

— וואו ט'עס דיר געטראָפן, כייקל?

כייקל האָט שווער געסאָפּעט:

— ס'איז גאָרניט... די יונגען 'עלן קומען... 'עלן מיר אָפּטראָגן... זע וואָס ס'איז מיט אפרימען...

1. אינגאַנצן!!

אַבוקאַדיר עפּענדי האָט אים צוגעוואָרפן זיין באַנדאַזש און האָט זיך אָוועקגעשאַרט. ער האָט זיך פאַרקליבן צום פאַר־פּאָסטן. ס'איז געווען האַלב־פאַרשאָטן, דער טעלעפאָן — צעשמעטערט. צוויי זיינען געווען שווער פאַרוואונדעט. אפרים איז געלעגן מיט אַן אַרונטערגעהאַנגענעם, צעמאַלענעם שאַרבן. אַ גלייך־טרעפער. ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויפן צוזאַמענגעקנוילטן שאָטן וואָס איז געווען אפרים. אין געדאַנק האָבן אויפגעצאַפּלט חוהס לעצטע ווערטער ביי זייער אָפּגיין: „גיב אַכטונג אויף אים, אביגדור: דער אינגל איז קראַנק...״

— באַערדיגן אים אויפן אָרט! — האָט אַבוקאַדיר אַ זאָג געטאָן אין אַ באַפעל־טאָן און זיין קול האָט זיך איבערגעבראָכן.

ער האָט זיך באַהערשט. אַ זעלנער האָט אים איבערגעגעבן אפרימס אידענטיפיצירונג־שטיפט און זיין זייגערל. ער האָט עס אַ ווײַלע געהאַלטן אין האַנט, האָט דערשפּירט דעם צאַפּלדיגן טיקן פון זייגערל און האָט עס אויפשנעל פאַרשטעקט אין קעשענע. אָסמאַן ביי איז צוגעקומען מיט אַן אויסטויש־אָפּטיילונג. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט אים איבערגעגעבן דעם פּאָסטן און האָט זיך אָפּגעטראָגן צוריק.

כייקל איז שוין געלעגן אין אונטערגראָבן. ער האָט געבעטן וואַסער; מ'האָט אים ניט געוואָלט געבן: אַ בויך־וואונד. ער האָט געגוואַלדעוועט:

— דזשאַנעם, כ'ווער פאַרברענט! אַ טרונק!

— מ'טאָר ניט, כייקל, — האָט אַבוקאַדיר עפּענדי זיך געבעטן ביי אים — ליג רואיג.

— איך ב י ן רואיג, דזשאַנעם! איין טראָפּן כאָטש...

זיין פּנים איז געווען אַשיג־גרוי. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרגלעזערן. מ'האָט זיך דאָ צו־גוט פאַרשטאַנען אויף דעמדאָזיגן אויסזען: אַזוינע ציען ניט לאַנג. ס'איז ניט געווען וואָס צו פאַרלירן. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט אים צוגעטראָגן די פעלד־פלאַש צום מויל:

— נאָר איין שלוק.

כייקל האָט ליידנשאַפטלעך אַרומגעכאַפּט די פעלד־פלאַש אין אַבוקאַדיר עפּענדיס האַנט. זיינע הענט זיינען געווען קאַלט, ציטערדיג, זיינע פינגער־נעגל — בלוי, די ליפּן האָבן זיך צוגעזויגן צום פלעשל —

— נאָך איין טראָפּן...

ער האָט אויפגעמונטערט. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אפרימען. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט ניט געהאַט ס'האַרץ אים אויסצוזאָגן. ער האָט זיך געמאַכט ניט־הערנדיג, ט'געפּרואווט אים צו פאַררייידן:

— ס'וועט זיך אַביסל איינשטילן, וועט מען דיר אָפּטראָגן אין לאַזאַרעט.

כייקל האָט אַ שמייכל געטאָן. כייקלס שמייכל, נאָר די וואַרעמקייט אין אים איז שוין ניט געווען.

— ס'איז אַ בויך־וואונד, דוכס...

— מ'עט דאָס דאָרט צורעכט מאַכן. סט'זיין צוריק אויף די פיס.

— און אויב אפילו ניט... כ'וויס... איך בין ניט דער איינציגער... בין ניט בעסער...

כייקלס אויגן זיינען געוואָרן פול, די שוואַרצאַפּלען — שפּיזיג, זיין קול — בלאַסער:

— פאַרשטייסט?... צום ערשטן מאָל... ס'ערשטע מאָל פאַר דער גאַנ־צער צייט... אויפאַמאָל פ י ר ט ו י ז ן א ו ן——

ער האָט ניט דערנעדט. זיינע אויגן זיינען שטיין געבליבן. דער גוססער שמייכל איז אים געבליבן הענגען אויף די טויטע ליפּן. פון זיין האַנט איז אַרויסגעפאַלן אַ קאָרט — אַ שוואַרצע טויז.

# 35

## מיט די באַזיגטע און געיאָגטע

די גרויסע אָפענסיווע האָט זיך אָנגעהויבן. פאַן פאַלקענהיינס טעות האָט צו־טייער געקאָסט. אַלענבי האָט אים גענומען אויפן זיכער. דער אָנגריף האָט אויסגעבראָכן אין דעם באר־שבע־סעקטאָר. ס׳איז גע־קומען מיט אומגעהויערן אימפעט, מיט ענטשיידענער שטויס־קראַפט. דעמזעלבן פאַרנאַכט איז באַר־שבע געפאַלן. עזה האָט נאָכגעפאָלגט נאָך אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד. ס׳האָט ניט געהאָלפן. דער פראָנט האָט זיך געבראָכן איבער אַלע פונקטן. סעקטאָר נאָך סעקטאָר איז אַרומגערינגלט און פאַרכאַפּט געוואָרן. שטעל נאָך שטעל איז געפאַלן. דזשעבליע, און בית־חנון, און דערנאָך מעד־זשדעל. ס׳איז זיי ניט געווען אָפּצוהאַלטן. זיי זיינען געווען צו־זאַט, צו־פריש, צו־זיכער אין זייער אייגענעם כוח. מ׳איז געלאָפן ווי צעשראָקענע חיות פון אַ וואַלד־פייער. כאַאָס. טומל. לויפערס האָבן זיך אומגעיאָגט ווי פאַרסמטע מייז. ווידערשפּרעכנדיגע באַפעלן: „זיך צוריקציען אין פולער שנעלקייט!“... „אָנהאַלטן ביזן לעצטן זעלנער!“... „פאַרצוימען דער דורכגאַנג ביים ים־ברעג!...“ „זיך פעסטשטעלן אין די בערג!“... פּאַניק איז געוואָקסן. אַלע פאַרבינדונגען זיינען איבערגעריסן געוואָרן. ס׳איז קיין צייט ניט געווען זיך איינצוגראָבן. די ניוזעלאַנדער, די אויסטראַליער קאַוואַלעריע זיינען געווען הינטערן נאַקן. מ׳האָט זיך געפּרואווט אין דער אָפן. מ׳האָט זיך איינגע־שטעלט — אויף אַ ווײַלע: „אפשר...“ די פאַרלוסטן זיינען געווען צו־שווער. אָפּטיילונג נאָך אָפּטיילונג איז צעשמעטערט געוואָרן, געפאַלן געפאַנגען. מ׳האָט געמוזט אָפּציִען. בלינדער געלאָף. באַראַזש האָט פאַרצוימט אַלע וועגן. מ׳האָט זיך צעשפּרייט ווי זאַמד אין שטורעם. מ׳איז געווען באַזיגט. מ׳האָט גע־בלאָנדזשעט. אָפּגעריסענע אָפּטיילונגען אין צערודערטן תוהו. אַמאָל האָט נאָך ערגיץ־וואו אָפּגעפייערט אַן אייגענער האַרמאַט, אַמאָל עטליכע אויף אַמאָל. ס׳איז געווען צו־שוואַך, צייללאָז — אָפּוועגדונג־פייער. אָפטמאָל איז עס געווען די זעלבסט־פאַרניכטונג פון אייגענע באַטערייען, דער אויפּרייס פון אַ ניט־

אָפּגעראַטעוועטן אַמוניציע־פּונקט, פון אַן איבערגעלאָזטן שפּייז־אַמבאַר. דאָס
האָט געקרענקט ביזן ביין, האָט דערשלאָגן ביז די טיפסטע טיפענישן, האָט
אויפגעפלאַמט אַ צאָרן אין די בלוט. אין אַנטריסונג האָט מען געמאַכט אַ פּאַר־
זוך צו קעגנשטעלן זיך. ס'איז קיין פּעולה ניט געווען: צו־שפּעט. זיי האָבן
זיך פאַרשפּרייט ווי די לייז איבערן לאַנד. מ'האָט זיך צוריקגעצויגן רעשטלעכ־
וויז — מיד, פאַרשמאַכט. דערעסנדיגער האַרבסט־רעגן האָט געעפּנט זומפּן אי־
בערן וועג, האָט שווער געמאַכט דעם טראָט. פון פּראָוויאַנט איז מער קיין
רייד ניט געווען — ס'האָט ניט געקאָנט זיין. האָט מען זיך געשלעפּט הונגעריגע,
געבעטלט אַ ביסן ברויט אין פאַרבייגעגאַנגענעם דאָרף. מ'איז באַגעגנט גע־
וואָרן מיט שפּאָט, באַגלייט געוואָרן מיט וויסטע קללות. אַמאָל האָט מען זיך
דערנערט מיטן פליישׁ פון די אייגענע פערד... פאַרלוירענע וועגן, פאַרפירע־
רישע הינטערהאַלטן, און ערד, ווי מענטש, האָט געשלאָסן אַ פאַרשווערונג
קעגן די געיאָגטע: איז געלעגן שטייניג, האַרט — ניט אַ שוץ־פּלאַץ פאַרן
קאָפּ אויפצוגראָבן...

זעכצן טעג נאָכאַנאַנד. זעכצן טעג אין אָטעמלאָזן געלאַף; זעכצן נעכט
אָן אַ שפּור פון שלאָף — זעכצן גרויליגע אייביגקייטן.

פאַר דער גאַנצער צייט האָט אַבוקאַדיר עפּענדי ניט באַוויזן די העמד
אויף זיך אויפצושפּיליען. פאַרלויזיגט, דורכגעווייקט ביזן לייב; די שיך
שווער מיט בלאָטע, האָבן זיך ווי צוגעוואָקסן צו די פוס־זוילן. די גלידער זיינען
געווען אָנגעגאָסן מיט בלייאיגער מידקייט. די אויגן האָבן געברענט. ער האָט
געמונטערט די יונגען. זיי האָבן געפאָלגט, זיינען געבליבן איבערגעבן. פונ'ם
לעצטן לויפער, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז די פּירקאַ
נעמט זיך צוזאַמען ביי די בערג. מיט די רעשטלעך פון זיין אָפּטיילונג האָט
ער זיך דערשלאָגן ביז צום זוים פון די הרי־יהודה, האָט זיך דאָרט אָנגעטראָפן
מיט אַ געמישטער אָפּטיילונג פון 163טן אַלאַי, וועלכע האָט געהאַלטן שטעלונג
ביים אַריינשניט פון וועג. זייער אָפיצער איז געווען פאַרוואונדעט, האָט גע־
מוזט זיך לאָזן זוכן הילף. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט איבערגענומען דעם אויפ־
זיכט פון דער שטעלונג. מ'האָט זיך איינגעפעסטיגט פאַר דער נאַכט. אַ
הינדוסן רייטער־פּאַטרול־אָפּטיילונג האָט זיך אָנגעטראָגן פון דער וואַדי. זיי
האָבן זיך געוואָלט דורכברעכן. מ'האָט זיי פאַרשטעלט דעם דורכגאַנג —

— ניט דורכלאָזן!

אַ פאַרביסענער איבערשוס. פון אַנטקעגן איז דער פייער געקומען אָן
אָפּלאָז. די יונגען האָבן ניט נאָכגעגעבן. די אַמוניציע איז געווען שפּאָר. מ'האָט
זיך אויסגעבאָרגט קוילן. פון אַ הינטערהאַלט איז געקומען אַ האַרמאַטן־פייער.
ס'איז געווען פון דער אייגענער אַרטילעריע. ס'איז געפאַלן קורץ, ט'געטראָפן
אין דער אייגענער פּאָזיציע. דאָס האָט אַנטמוטיגט. אַנטקעגן האָט זיך אָנגע־
יאָגט פאַרשטאַרקונג. דער אַרטילעריע־פייער האָט אָנגעהאַלטן. דער ביקסן־

פייער פון דער אייגענער שטעלונג איז געוואָרן שוואַכער, שיטערער. מ׳האָט לענגער די שטעלונג ניט געקאָנט האַלטן, אָבער——

— אָנהאַלטן ביזן לעצטן, יונגען! ס׳איז אונדזער לעצטער שטעל! מיר האָבן ניט וואוהין צוריקצוגיין... פייער!!

זיי האָבן געהאַלטן דעם דורכגאַנג מיט די לעצטע כוחות. די אָפּקנאַלן פון אַנטקעגן זיינען געקומען געדיכטער, הילכיגער. די ערד אונטער אַבוקאַדיר עפּענדין האָט זיך פּלוצים אַ וואַקל געטאָן. אַ שאַרפער ווייטאָג. אַ שוואַרצע כמאַרע טראָגט זיך פאַרביי, שלינגט אים איין. אַלץ אַרום ווערט מיטאַמאָל שטיל, צעשוואומען. אַ ליבלעכע וואַרעמקייט נעמט אים אַרום, צעגיסט זיך איבער אַלע גלידער. ער ווערט גרינג, וואָגלאָז. דער נעפּל אַרום לייטערט זיך אויס, צעגייט. איבער אים פאַרציט זיך אַ הימל — אַזוי טיף, און לויטער, און בלויער ווי בלוי. פון דער בלויער שטילקייט פליסט אַ מילדע שטראַליגקייט. אַ ליכטיג פינטעלע און נאָך איינע — אַזוי ווייך און זוניג... אַ ווייט געזאַנג... פון אונטער דורכזיכטיגע, ווייסע שלייערן גייט־אויף די היים... די מאַמע בענטשט ליכט. תמרה איז ביי איר זייט... ס׳בלאָסן הענט. ס׳פּערלען טרערן... דער טאַטע זאָגט שיר־השירים מיט אַ גמרא־ניגון... פון ווייטע הויכן נידערט אַראָפּ אַ שבת אויף דער וועלט — אַ גרויסער שבת — אַ ליכטיגע טרייסט איבער אַלץ... רו — אייביגע רו. און אין דער רו — ער... און אימעצער וועקט אים, אימעצער רופט:

— אַבוקאַדיר עפּענדי, זיי קומען!... מיר ציען אָפּ!...

ער הערט דעם קול. ער פאַרנעמט. ער מוז מיטגיין. ער קאָן ניט: ער איז א י ן דער רו —

— רו... אייביגע רו...

---

נאַכט. דריבנער רעגן.

ער איז אַליין — איינער אַליין איבער אַ פאַרלאָזענעם פעלד.

די קליידער אויף אים זיינען נאַס, קלעפּיג. בלאָטע. בלוט. אַ ווייטאָג ריזלט זיך דורך פון די שפּיץ־פינגער פון פוס ביז אונטער די פאַכוועס. „פאַר־וואונדעט?...״ אַלע זיינען זיי זיך צעלאָפן און איבערגעלאָזט אים אַ געפאַ־לענעם, איינעם אַליין אין דער טויבער נאַכט, מיט אַ טויטן פערד ביי דער זייט... וואו זיינען זיי אַלע?! וואו איז ער?! וואו——?

אַפּשוסן זיינען געקומען פון דער ווייט, האָבן זיך פאַרקייקלט אין ליידיגן הינטערגרונט.

ער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך זיך אויפצוהויבן. איין פוס איז ניט געווען אָפּ־צורייסן פון דער ערד. ס׳לייב האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלטן שוויס. אין קאָפּ האָט געשוימט. פאַר די אויגן האָט געשווינדלט. די עלנבויגנס האָבן

זיך אונטערגעבראָכן. ער איז צוריק צוגעפאַלן צו דער ערד. די ערדישע קיל־קייט האָט אַרומגענומען זיין צעברענט לייב. די צונג איז געווען טרוקן. פון שלייף האָט זיך אַראָפּגעקייקלט איבערן באַק אַ טראָפּן פליסיגקייט. ער האָט עס פאַרכאַפּט ביים מויל־ווינקל, ט'עס געטאָן דורשטיג אַ זויג־איין: ב ל ו ט... ער האָט געטאָן אַ פיר־דורך די האַנט איבערן פּנים. די פינגער האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ ברענענדיגער רויקייט אויפן שלייף. די צעשמירטע פייכטקייט האָט שמאַרצנדיק געטריקנט איבערן שטערן, איבערן אָפּזייט פון נאָז. ער איז געבליבן ליגן אָפּהענדיג. טעמפּע מידקייט האָט אים שווער אַרונטערגעוואויגן צו דער ערד. די וויעס זיינען צוגעפאַלן שווער.

אַ קלאַטשען פון קאָפּיטעס.

ער האָט געטאָן אַ הויב־אויף דעם קאָפּ. די אויגן האָבן אויפגעפּראַלט: איבערן דערבייאיגן וועג האָט זיך דורכגעטראָגן אַ רייטער־אָפּטיילונג. רונדע העלמס — ברייט־היפּטיגע פערד — ער איז ביי זיי!... זאָל עס זיין וואו ס'איז —

— ה י ל ף !

דער געשריי האָט זיך איבערגעבראָכן אין האַלדז, ט'זיך צעברעקלט. קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט. זיי האָבן זיך אָוועקגעיאָגט איבערן אָפענעם פעלד און זיינען פאַרשלונגען געוואָרן אין דער נאַכט. זיינע אויגן האָבן דורכ־גענישטערט דעם מוטנעם האָריזאָנט. ניט־ווייט האָט געטונקלט אַ בוים.

מיט שווערקייט האָט ער זיך דערשלעפּט ביזן בוים. די רעכטע פוס איז נאָכגעהאָנגען שווער, געלעמט; דער שוך איז געווען אָנגעגאָסן מיט קלעפּיגער נאַסקייט. ער האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן ביי דער באַנדאַזשן־טאַש: ס'איז געווען ליידיג. ער האָט זיך באַלד דערמאָנט אַז ער האָט דעם לעצטן באַנדאַזש אָוועק־געגעבן כייקלען — ערשט נעכטן, דאַכט זיך... און אפשר לאַנג צוריק... וואָס איז דער אונטערשייד? ס'איז ניטאָ!... דער קאָפּ האָט זיך בלייאיג אַרונ־טערגעוואויגן. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן פּלייצע אָן שטאַם פון בוים און איז געבליבן זיצן מיט אַרונטערגעלאָזטע אָרעמס.

פון אַנטקעגן, וואו דער פערד איז געלעגן, איז געקומען אַ געשאַרך. פונ'ם פערדס נאָזלעכער האָט אַ שלאָג געטאָן אַ פּאַרע. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט זיך אויפגעזעצט גראַד, אָנגעפּרענגט. פון דער טונקל האָבן אַרויסגעגלאָצט צוויי שטאַרע ווייסלען — מאָוימדיג, גרויס. ס'האָבן אַ בלאַנק געטאָן ציין. אַ ציטער. דער פערד האָט זיך געטאָן אַ הויב מיטן פאָדערשטן טייל פון קערפּער און האָט זיך באַלד צוריק אַרונטערגעלאָזט. אַ פאַרשטיקט הירזשען, ווי דאָס געוויין פון אַ קראַנקן. די ווייסלען האָבן ווידער אויפגעפּראַלט. זיי האָבן זיך באַוועגט לאַנג־זאַם, בולט. אַבוקאַדיר עפּענדי איז געבליבן זיצן באַוועגלאָז. די ווייסלען אַנט־קעגן זיינען מיט יעדער ווייל געוואָרן נענטער, פולער, שרעקנדיגער; דער ווייגענדיגער הירזשען — דינער, פיינלעכער. ס'האָט גענומען גרויען אויף

טאָג. אין דער פאַרטאָגיגער גרויקייט האָט ער באַמערקט אַ טיפע וואונד אויפן פערדס רוקן: דער רוקנביין איז געווען איבערגעבראָכן. ער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער, האָט אָן עפן געטאָן דעם מאַגאַזין: ס׳זיינען דאָרט געווען צוויי פּאַטראָנען. „גוט!" ער האָט גענומען ציל צווישן די צוויי שטאַרע ווייסלען אַנטקעגן און האָט אַ צי־געטאָן דעם צינגל. קנאַל! קנאַל! דער פערד האָט זיך געטאָן אַ האַסטיגן צאַפּל אַרויף און האָט איבערגעקערט דעם קאָפּ.

פון אַ הינטערהאַלט ביי דער זייט זיינען אויפגעשפרונגען צוויי שאָטנס:

— האַלט!

— הו׳ז טהער?![1]

באַיאָנעטן האָבן אַ בליאַסק געטאָן פאַר אים. צעפליאָטשעטע שטימען:

— געט־אָפּ, יע בלאָדי——![2]

אַבוקאַדיר עפענדי האָט אויפגעהויבן די הענט און האָט געקוקט מיט צעשראָקענע אויגן. איינער פון זיי האָט זיך צוגעבויגן צו אים —

— בליאַמי, איף׳ט בי נאָט ליטל פריטץ הי׳סעלף!... קאָם אָן![3]

אַבוקאַדיר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט ניט פאַרשטאַנען אַ וואָרט. ער האָט אָנגעצייגט אויף דער פאַרוואונדעטער פוס. דער ענגלענדער האָט אים פאַרשטאַנען —

— עי בליאַטי, באַי דזשאָוו![4]

ער האָט אָפּגעלייגט דעם ביקס אָן אַ זייט, האָט אויפגעשניטן אַבוקאַדיר עפענדיס שוך און האָט אַרומגעבונדן די וואונד. דער צווייטער האָט געהאַלטן וואַך.

אַן אונטעראָפיצער איז צוגעקומען, האָט אים באַטאַפּט און האָט זיך צעלאָזן מיט ס׳גאַנץ ביסל „אַראַביש", וואָס ער האָט פאַרמאָגט:

— האָן? אַלעמאַן?

— טורק.

— אַ, טורקי מאַגנון. טורקי גוד סאָלדזשער... אָפיסער?[6]

— אָפיצער.

דער אונטעראָפיצער האָט אים אויסגעליידיקט די טאַשן: שטיקלעך צעריסטן, קליינגעלט, אָפּצייכענונגען; האָט באַטאַפּט יעדן שטיקל חפץ מיט זשעדנע פינגער.

---

1. ווער איז דאָרט?!
2. הויב זיך אויף, דו שמוציגער—— !
3. שטראָף מיר, אויב ס׳איז ניט דער דייטש אַליין!... קום מיט!
4. אַ בענטש (אַ וואונד), ביי גאָט!
5. אַ דייטש?
6. אָ, דער טערק איז צעדרייט. דער טערק איז אַ גוטער סאָלדאַט... אַן אָפיצער?

— סואווניר, אַכמעד? מי? טורקי קעטיר טאַיעב...[1] סיגאַרעט?

ער האָט אים געלאָזט נעמען. יעדע קלייניגקייט איז ביי זיי געווען אַ גאַנצע מציאה — אַן עפּאַלעט, אַ חתימהלע, אַ מעדאַל פאַר שיסן. וואָס האָט עס איצט פאַר אים געמיינט? ער איז ביי זיי... דער אונטעראָפיצער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ פאַרבלוטיגט זייגערל — אפרימס. אַבוקאַדיר עפּענדי האָט עס אויפשנעל געטאָן אַ שלעפּ אַרויס פון זיין האַנט —

— נאָ!... — האָט ער אויסגעשריען אין טרוקן קול.

דער אונטעראָפיצער האָט נאָכגעגעבן:

— אָ׳רדייט, יו בלאַדי מאַג! אָ׳רדייט!

איינער פון זיי האָט געבראַכט צוויי סאַניטאַרן. זיי האָבן אים אָפּגעטראָגן אויף אַ טראָג־בעטל. עטלעכע מאָל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן טראָגן:

— סואווניר...

אַ קנעפּל, אַ גאַרטל־שלאָס, אַ בענדל — אַלץ איז געווען אַ סחורה.

איינער האָט אים געגעבן אַ זופּ פון פעלד־פלאַש, האָט באַלד אויסגעשטעקט אַ האַנט:

— סואווענטיר...

אַ לאַזאַרעט־אַטאַמאַביל. דער גערויש פון אַ מאָטאָר. אַ שפּיטאָל־צעלט. אימעצער האָט אים געשטעלט פראַגן. ער האָט, דאַכט זיך, געענטפערט — שווער, מיט גוואַלדיגער אָנשטרענגונג, אָבער — געענטפערט. דער גערויש אין קאָפּ איז געוואָרן שטאַרקער. פינגער האָבן זיך געפּאַרעט אַרום זיין וואונד. ווייטאָג האָט אים אויפגעוועקט. ער איז ווידער ערגיץ אויף אַ בעטל. אימעצער איז געשטאַנען ביי זיין זייט —

וואָסער? — ס ו א ו ו ע נ י ר. אָן איבערדעק? — ס ו א ו ו ע נ י ר.

אַ וויקעלע? — ס ו א ו ו ע נ י ר, ס ו א ו ו ע נ י ר! ס ו א ו ו ע נ י ר!! ס ו א ו ו ע נ י ר!!!

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער זיך געפונען ליגן אַליין אין אַ געצעלט, אפרימס זייגערל שטייף איינגעקלעמט צווישן די פינגער. ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער שומר.

1. אַ סואווניר, אַכמעד? פאַר מיר? דער טערק איז זייער אַ גוטער...

# 36

## אין פֿרעמדע הענט

אין געצעלט איז אַריינגעקומען אַן ענגלישער אָפֿיצער — שלאַנק, אויפֿגערוימט, מיט אַ בלויער אָפּצייכענונג אויפֿן לאַץ פֿון רעקל; ס׳פּנים פֿאַררויטלט ביז צום שטערן, די אויגן שמאָל, אָבער זשוואַוו. זיין האַלטונג איז געווען געמאָסטן, רואיק, בעאָבאַכטנדיק. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען אַן אויבערסאַרזשאַנט און אַ טאָלמאַטשער. דער אָפֿיצער האָט זיך צוגעזעצט נעבן אַבוקאַדיר עפֿענדין, ט׳אַרויסגענומען אַ נאָטיץ־ביכל, ט׳פֿאַררויכערט, און האָט פֿאָרגעלייגט דעם פּעקל סיגאַרעטן אַבוקאַדיר עפֿענדין. דער טאָלמאַטשער האָט גענומען דעם געפֿאַנגענעם אויפֿן פֿאַרהער. אין פֿאַרגלייך מיט די צוויי אַנדערע, האָט דערדאָזיגער קורצגעוויקסיגער, שווער־באַוואָקסענער נפֿש אויסגעקוקט ווי אַ קאַריקאַטור פֿון עפּעס פֿרעמדס אין אַן ענגלישער אוניפֿאָרם. ער האָט זיך מיט אַלע כּוחות געפּלייסט צו מאַכן דעם אָנשטעל פֿון אַן עכטן אייראָפּעער, נאָר זיינע אָריענטאַליש־נערוועזע מאַניערן און זיין אַרמענישער גאָרגלדיגער טערקיש האָבן אים באַלד אַרויסגעגעבן פֿאַר וואָס ער איז. אַבוקאַדיר עפֿענדין האָט דאָס אַמוזירט. ער האָט זיך משער געווען ווי שווער דערדאָזיגער אַרמענער מוז נעביך שוויצן יעדן פֿרימאָרגן ביים אַרומסקראָבען דעם געדיכטן געוויקס אַרום זיין איינגעקוואַרטן פּנים, און טראָץ דעם אַלעם בלייבט ביי אים אַ טונקעלער פֿלעק פֿון דיקן נאָכגעוויקס — אין שאַרפֿן קאָנטראַסט מיט די גלאַט־ראַזירטע פּנימער פֿון די צוויי ענגלענדער. דער בחור האָט זיך אָבער געמיט אַרויפֿצוצווינגען זיין חשיבֿות אויפֿן געפֿאַנגענעם. אַבוקאַדיר עפֿענדי האָט דאָס באַלד דערשפּירט, און האָט זיך פֿאַרהאַלטן צו אים מיט אָפּגענער פֿאַראַכטונג. ער האָט נאָר געענטפֿערט אויף יענע פֿראַגן, וועלכע ער האָט געפֿונען פֿאַר נויטיק — קורץ, געצוימט, ווי צו אַן אונטערלינג. דאָס האָט דעם אַרמענער אויפֿגעבראַכט, האָט אים געריפּעט אין ביין. די באַציאונג צווישן די צוויי איז געוואָרן וואָס אַ ווייטער צולהכעיסדיגער, אַנטאַגאָניסטישער. דער טאָלמאַטשער האָט געברענט. דער ענגלישער אָפֿיצער האָט דאָס באַלד דער־

שמעקט, און האָט געהייסן דעם טאָלמאַטשער צו פרעגן דעם געפאַנגענעם מיט וואָס ער האָט זיך באַשעפטיגט פאַרן קריג־אויסברוך און וואָס פאַר אַ שפּראַכן ער באַזיצט. אַבוקאַדיר עפענדי האָט געענטפערט.

— אָ, דייטש! — האָט דער אָפיצער זיך אָנגעכאַפּט — דאָס איז בעסער.

ער האָט זיך צוגערוקט נענטער צום בעטל און האָט אַליין פאַרגעזעצט דעם פאַרהער. ער האָט גערעדט אַ פליסיגן דייטש. זיין באַנעם איז געווען ראַפינירט, העפלעך, זיין קול — מאָדולירט.

— און וואָס האָט אייך געבראַכט קיין פּאַלעסטינע, לויטענאַנט?

— די אידיש־נאַציאָנאַלע באַוועגונג.

— און איר האָט אָנגענומען טערקישע בירגערשאַפט?

— ריכטיג.

— אויס צוואַנג?

— דורכאויס נ י י ן. פרייוויליג.

— אַלס טערקישער פּאַטריאָט?

— רופט עס אָן אַזוי. איך האָב געהאַנדלט לויט מיין איבערצייגונג.

— און איר זענט זיי געבליבן איבערגעבן ביז צום לעצט?

— שטאָלץ צו זאָגן, י אָ.

— זיינען אַלע פּאַלעסטינער אידן אַזוי געשטימט?

— דערלויבט מיר צו באַמערקן, הער קאַפּיטאַן, אַז איך האָב קיין רעכט צו ענטפערן פאַרן פּאַלעסטינער אידענטום. איך קאָן נאָר ענטפערן פאַר מיר פּערזענלעך.

— און איר מיינט צו זאָגן, הער לויטענאַנט, אַז איר פּערזענלעך זענט איינפאַרשטאַנען מיט דער באַרבאַרישער באַציאונג פון דער טערקישער מאַכט צו אירע ניט־מוסלימאַנישע אונטערטאַנען?

— איך מיין גאָרניט צו זאָגן. אַלס אָפיצער פון אַ פיינדלעכן לאַגער קאָנט איר קוים אַזוינס דערוואַרטן פון מיר.

— אָבער דער איצטיגער פאַל איז אינגאַנצן אַנדערש, הער לויטענאַנט. מיט אונדזער זיג זיינען מיר ניט אויסן צו דעראָבערן דאָס הייליגע לאַנד פאַר זיך, נאָר צו העלפן די אידן.

— דאָס האָט מען שוין געהערט. אונדז אידן האָט דאָס דערוויַיל זייער אַ קנאַפּע טובה געטאָן.

דער ענגלישער אָפיצער האָט זיך געמאַכט ניט־הערנדיג.

— די ענגלישע רעגירונג האָט פאַרשפּראָכן צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע היים פאַר די אידן אין פּאַלעסטינע. זיין מאַיעסטעטס רעגירונג האָט דאָס עפענטלעך דערקלערט אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

— דאָס גייט מיר, ליידער, זייער ווינציג אָן.

— אייך — אַלס אַ נאַציאָנאַלן אידן?!

— איך ווידערהאָל: איך בין דאָ ניט געפֿאַנגען אַלס איד, נאָר אַלס טער־קישער אָפֿיצער.

— אָבער דאָס אַלץ מוז איצט באַטראַכט ווערן ווי אַ זאַך פֿון דער פֿאַר־גאַנגענהייט. איצט, אַלס געפֿאַנגענער, מיט אייער אַרמיי פֿולשטענדיק באַ־זיגט——

— מיר זיינען ניט באַזיגט געוואָרן! — האָט אַבוקאַדיר עפֿענדי אים איבערגעשלאָגן די רייד און האָט זיך אויפֿגעזעצט אויפֿן געלעגער — מיר זיינען פֿאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט; פֿאַרשפּילט אפֿשר, אָבער ניט פֿאַרלוירן! איר זענט נאָך ווייט פֿון צו האָבן געוואונען דעם קריג.

— איר זענט צו־פֿאַרביסן, לויטענאַנט.

— צו־ערלעך, מיינט איר, קאַפּיטאַן.

— נאַאיוו... דאָ האַנדלט זיך אין די אינטערעסן פֿון אייער פֿאָלק. די אינפֿאָרמאַציע וואָס איר קאָנט אונדז געבן וועט אַ סך העלפֿן אין דער באַפֿריי־אונג פֿון פּאַלעסטינע.

— איז דאָס וואָס איר זענט אויסן?! — אינפֿאָרמאַציע?!...

— יאָ. נאָר אייניקע פּונקטן... און איך זע ניט אַיין פֿאַרוואָס איר, אַלס איד, זאָלט דאַרפֿן באַטראַכט ווערן אַלס אונדזערער אַ שונא...

אַבוקאַדיר עפֿענדי איז בלאַס געוואָרן. זיינע נאָזלעכער האָבן נערוועז געצוקט. זיין ענטפֿער איז געקומען מיט אָנגעשטרענגטער באַהערשונג:

— ס'וועט אייך ניט געלינגען, הער קאַפּיטאַן! מיין גורל איז פֿאַרבונדן מיט די, וועמען איך האָב געגעבן מיין שבֿועה. איך גלויב ניט אין אייערע מלחמה־פֿאַרשפּרעכונגען!

— גרויס־בריטאַניע האָט נאָך קיינמאָל איר וואָרט ניט געבראָכן.

— זי דערוואַרט אָבער אַז אַ נ ד ע ר ע זאָלן דאָס פֿון אירטוועגן טאָן... ליידער האַנדל איך ניט מיט געפֿילן אויף דער לאַנדאָנער בערזע, מיין הער.

— איר דאַרפֿט ניט זיין אַזוי אונהעפֿלעך, לויטענאַנט.

— אַנטשולדיקט. איך בין ניט אויסן געווען צו זיין אונהעפֿלעך. איך וויים: איך בין אַנטוואָפֿנט, געוואונדעט, בין ביי אייך אין די הענט. דער־לויבט מיר אָבער צו פֿרעגן אייך, הער קאַפּיטאַן: איר — אַלס בריטישער אָפֿיצער — וואָלט איר, אין מיין פּלאַץ, געבראָכן אייער שבֿועה צו אייער פֿאָן?

דער ענגלענדער איז רויט געוואָרן ביז די שלייפֿן און האָט אָנגעקוקט אַבוקאַדיר עפֿענדין פֿאַרלאָרן. אַבוקאַדיר עפֿענדי האָט ניט נאָכגעלאָזט:

— איר — אַלס אייראָפּעער, אַלס דזשענטלמאַן — וואָלט איר?! וואָלט איר צומאָל ניט פֿאַרדענקט אייערע פֿאַנגער אין פֿאַרגוואַלדיקן אייערע גע־פֿילן?! וואָלט איר עס ניט באַטראַכט אַלס אַ צוואַנג־טאַט פֿון אַזיאַטן?! פֿון מיר אָבער דערוואַרט איר אַז איך זאָל נאָכקומען אייער וואונש — צו

באַגיין פאַרראַט — און איר האַלט עס פאַר רעכט... אַלס געפאַנגענער אָפיצער באַשטיי איך אויף מיין רעכט און אַנטזאָג זיך קאַטעגאָריש צו ענטפערן אויף אַזוינע פראַגן. פאַרראַט איז ניט מיין באַרוף!...

— עס איז ניט קיין פאַרראַט, לויטענאַנט, ווען איר טוט עס אין די אינ־טערעסן פון אייער פאָלק. אייניגע פון אייערע מיט־ברידער האָבן ענליכס געטאָן. איצט זיינען זיי אויף דער פריי אין עגיפּטן.

— איר פאַרמאָגט ניט גענוג פריהייט, קאַפּיטאַן, צו באַצאָלן פאַר אַ מענטשנס אמתער ערלעכקייט. און דערלויבט מיר צו באַהויפּטן, אַז איר, אין דער ניט־אידישער וועלט, האָט זיך געשאַפן אַ גאַנץ פאַלשן באַגריף וועגן אונדזער געוויסן און וועגן אונדזער פאַרטרויאונגסווערט. מיר זיינען פעאיג עס אָוועקצושענקען; מיר קאָנען זיך מקריב זיין פאַר דעם; אָבער ניט פאַרקויפן. צופעליגערווייז באַלאַנג איך צו דערדאָזיגער קאַטעגאָריע. צווישן פאַררעטער און געפילן־מעקלער וועט מיין נאָמען ניט דערמאָנט ווערן.

— איך שאַץ אייער מיליטערישע עטיק, לויטענאַנט, אָבער איר שיינט מיר צו זיין אַביסל צו־איינגעשפּאַרט.

— מעגלעך. מיין וואָרט בלייבט פאַר מיר הייליג.

— דאָס וועט אונדז אָבער ערגיץ ניט דערפירן.

— איך גלויב אַז איר האָט דעם ענין דערפירט אַזוי ווייט ווי די אומשטענדן דערלויבן.

— כ'וועל מיט אייך ניט אַרגומענטירן. איר זענט דערוואַקסן גענוג צו פאַרשטיין אַליין וואָס איר האָט צו טאָן. כ'האָב שטאַרק מורא אַז אייער שטע־לונג וועט אייך פערזענלעך קיין גוטס ניט טאָן.

— איך בין גרייט אויפצונעמען די פאָלגן.

— עס איז נאָר מיין פליכט צו וואָרנען אייך אַז איר באַגייט אַ טעות.

— ס'איז ניט מיין ערשטער.

— וואָס, מעג איך פרעגן, איז געווען אייער טעות פ אַ ר ד ע ם ?

— צו פאַלן געפאַנגען...

— אַ דאַנק. מיר'ן זיך נאָך פּיליכט זען...

דער אָפיצער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק אָן אַ „זיי געזונט".

דעמזעלבן טאָג האָט מען אַבוקאַדיר עפּענדין איבערגעטראָגן אין אַ גרע־סערן געצעלט, צוזאַמען מיט נאָך טערקישע געפאַנגענע, וועלכע זיינען געלעגן פאַרוואונדעט. די באַהאַנדלונג איז געווען אַ נאָכלעסיגע, אַ צייטווייליגע: היינט־מאָרגן, און מ'עט זיי אָפּשיקן ווייטער. מ'איז געלעגן אין די אייגענע אַנטועכצן. דער עגיפּטישער דאָקטאָר האָט זיך קוים געקאָנט צונויפריידן מיט די חולאים, האָט אַמאָל פון יוצא־וועגן איבערגעבונדן אַ וואונד, און האָט זיך מערסטנס באַנוגנט מיטן אויסטיילן פּילן פון אַ פלעשל. וואונדן האָבן זיך גע־יאַטרעט ביז זיי האָבן אָנגעהויבן צו שטינקען. מענטשן האָבן געקרעכצט ביז

זיי האָבן אויפגעהערט. האָט מען זיי אַרויסגעטראָגן אין רעגן־ליילעכער, און אויף זייער אָרט זיינען געקומען אַנדערע. דער פּלאַץ איז געוואָרן ענגער פון טאָג־צו־טאָג. די אויפזעער זיינען געווען גוטמוטיקע דזשאָניס, אַליין ניט־אינגאַנצן דערהיילטע פון וואונדן. זיי האָבן זיך באַצויגן פריינדלעך; האָבן צוגעזען מיט אַן עקסטראַ קענדל בולי־ביף[1], מיט אַביסל טוטון, און געבעטן באַקשיש. ענדלעך האָט זיך נאָענט דערביי דערהערט דער סאָפּען פון אַ לאָקאָמאָטיוו. מ׳האָט איבערגעציילט די חולאים, אָנגעהאַנגען זיי שטיפטן אַרום האַלדז און אָפּגעטראָגן זיי, אונטער אַ וואַך, צו דער באַן.

אין אָפענע לאַסט־וואַגאָנען איז מען געלעגן אָנגעפּאַקט ווי די קעלבער און זיך געבראָטן אין דער טרוקענער מדבר־זון, זיך געשלעפּט מיט דער היינקעדיגער אייזנבאַן. עס האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן אַלט־באַקאַנטע פלעצער, געוועזענע פראָנטירן. מ׳האָט זיי גוט געקאָנט: אַ סך פון זיך דאָרט איבערגעלאָזט. איצט זיינען דאָרט געווען אויסגעלייגט גלייכציילּיגע לאַגער־צעלטן. מ׳האָט זיך געפּרואווט פאַרהאַלטן גלייכגילטיג, זיך פאַרטראַכט אין די אייגענע יסורים. מחנות אויסגעטריקנטע עגיפּטיאַנער פון דעם מצרימער אַרבעט־קאָרפּוס, אין געלע אויבערהעמדלעך און באַרוויסע פיס, האָבן געשלעפּט גרויסע וואַסעררערן, געאַרבעט אַרום אָפענע קאַנאַוועס, זיך אומגעקוקט יעדע ווײַלע מיט פאַראַכטונג אויף זייערע ענגלישע אָנטרייבער און געזונגען מעלאַנכאָליש־פאַרבענקט אין כאָר:

יאַ בעלאַדי, יאַ׳בעלאַדי,
אַנגליזי אַכאַד בעלאַדי![2]

ביי יעדן אָפּשטעל־פּונקט איז דער צוג באַלאַגערט געוואָרן פון פאַרשיידנאַרטיגע בריטישע זעלנער. זיי האָבן זיך אָנגעהאַנגען אויף די זייט־ווענטלעך פון די וואַגאָנען און אַריינגעשריען אין אַן אויפגעכאַפּטן דור־הפלגה־לשון:

— העי מוהאַמעד! טורקי קעטיר נאַפּי. גי׳מי טהעט שייני באָטן![3]

— מאַרהאַבאַ, מוסטעפּא אָל׳ פעללער! היר׳ז מאַנגע פיר יע, יע בלאַיטער!... דעם גוד בעלט יע העז... עי, טהיס וואָן![4]

— נעי, יע בלאָדי מאָג! באָם־באָם מוש טאַיעב! מי ענ׳ יע גאָו טו קאָנסטאַנטינאָפּל באַראַבאַר[5].

1. קאָנסערווירטע פלייש.
2. מיין היים־שטאָט, מיין היים־שטאָט,
דער ענגלענדער האָט פאַרכאַפּט מיין היים־שטאָט!
3. העי מוכאַמאַד! דער טערק איז זייער אַ וואוילער. גיב מיר אָט דעם גלאַנציגן קנעפּל.
4. גוט מאָרגן, מוסטאַפּאַ מיין אַלטער גוטער פריינט! אָט איז עסן פאַר דיר, דו צעממיטטער. ס׳אַ טייערן פּאַסעק דו האָסט... יאָ, אָט יענער!
5. ניין דו שמוציגער פּרצוף! מלחמה איז ניט גוט! איך מיט דיר וועלן נאָך גיין צוזאַמען קיין קאָנסטאַנטינאָפּל.

— טהי פור בלאַק אָוו יערס, ענ׳ האַו יער פור פ——ן מאָטהער וויל קראַי![1]

— מאַגנון! קאַיראַ בינט קוואַיעס קעטיר, באַי גאַללי![2]

— זאַיאַק, יאַ׳סאַהיב?! איף איט עינט אָל׳ פראָפעט מוהאַמעד הי׳סעלף!
אָה, סיק, עה? עי פורטוגאַל פער יער — סאָוק עט!... אַטטאַ באַי![3]

— סי יע אין דזשערוזאַלעם, יע באַסטאַרד![4]

— באַי־באַי, בעיבי![5]

די נאַכט איז געווען קאַלט, די איבערדעקן — שפּאַר. ס׳האָט געשלאָגן אַ צאָן־אָן־אַ־צאָן. מיטן פרימאָרגן האָט מען געפונען עטליכע מיטרייזנדע ליגן מיט אויסגעשטאַרטע, פאַרגליווערטע אויגן. מ׳האָט זיי אַרונטערגענומען ביים ערשטן אָפּשטעל־פּונקט.

די פוס־וואונד האָט אַבוקאַדיר עפּעדין גענומען דרעסן. די קני איז געווען אָנגעדראָלן, שטייף, די שפּיץ־פינגער — נאָדלדיג, זיין גאַנצער קערפּער האָט געפיבערט. די בלענדנדיגע מאָרגנזון האָט אים ניט געלאָזט די אויגן אויפמאַכן.

די וואָך האָט זיך אָפּט געביטן. וואָס ווייטער מ׳האָט אָפּגעצויגן פון פראָנט, אַלץ פרעכער, אַלץ פיינדלעכער איז געוואָרן די פאַרהאַלטונג צו די געפאַנגענע. דאָרט, אויפן פראָנט, איז דער גורל געווען, נאָך אַלעמען, אַ בשותפותדיגער: היינט — דו, מאָרגן — איך. דאָ אָבער איז מען געווען אָנגעפּאָמפּעט מיט האַס, באַטרונקען פון די נצחון־נייעסן, געווען תקיף. שנאה ווערט שטענדיג אויפגעבלאָזן ה י נ ט ע ר ן פראָנט.

אין על־קאָנטראַ האָט מען קיין זייטיגע צו די געפאַנגענע ניט צוגעלאָזט. מ׳איז געהאַלטן געוואָרן אין אַ פאַרצוימונג פון שטאַכל־דראָטן. אַ לאַזאַרעט פאַר פאַרוואונדעטע געפאַנגענע. לאַנגע פירקאַנטיגע געצעלטן — דער לאַגער פון די צעבראָכענע, דער יסורים־אינזל ביים ברעג פון סועץ־קאַנאַל. ס׳ערשטע מאָל אין אַ לאַנגע צייט — אַ געבעט געלעגער. ס׳ערשטע מאָל — וועש. די פאַרוואונדעטע זיינען אָנגעקומען אין באַדייטנדע מאַסן. ענטשיידונגען זיינען געמאַכט געוואָרן שנעל. די ענגלישע דאָקטוירים זיינען אַרויסגעהאָלפן געוואָרן פון עטלעכע טערקישע געפאַנגענע טאָביבס — גראַדואירטע פון ענגלישע און

1. דער אָרימער קאָפּ דיינער; און ווי דיין אומגליקלעכע צע——ע מאַמע וועט דאָס וויינען איבער דיר!

2. ביסט משוגע! קאַיראָר מוידן זיינען שיין, ביי גאָט!

3. וואָס מאַכסטו מיין פריינט?! אויב ס׳איז ניט דער נביא מוכאַמאַד אַליין! אָה, קראַנק, עה? אָט איז אַ מאַראַנץ פאַר דיר — זויג עס אויס!... אָט אַזוי!

4. וועל דיר זען אין ירושלים, דו ממזר!

5. גליקלעכע רייזע, עופעלע!

אַמעריקאַנער מיסיאָן־קאַלעדזשעס. צווישן דידאַזיגע האָט זיך אויך געפונען אַנאַסטאַסי עפענדי, דער געוועזענער דאָקטער פון דער טאַליס־גאה. ער איז געפאַלן געפאַנגען מיט די ערשטע אָפּטיילונגען פון דער דריטער פירקאַ, מאָ־נאַטן צוריק. ער האָט אַבוקאַדיר עפענדין באַלד דערקאַנט; האָט זיך נאָכ־געפרעגט ביי אים אויף די אַנדערע פון מורעטטעב, אויף כייקלען...

דער ענגלישער דאָקטער איז צוגעקומען, האָט געהייסן אויפבינדן די וואונד. די באַנדאַזשן זיינען געווען פאַרהאַרטעוועט, צוזאַמענגעקלעפּט מיט פאַרטריקנט בלוט. אַנאַסטאַסי עפענדי האָט עס געפּרואווט פאָרזיכטיג פאַנאַנ־דערנעמען. ס'איז צוגעגאַנגען שווער, לאַנגזאַם. דער ענגלישער דאָקטער איז געוואָרן אומגעדולדיג, האָט איבערגעלייגט דעם ציבעק פון איין זייט מויל צום אַנדערן און האָט ענדלעך אַליין, מיט אַ פלינקער באַוועגונג, אויפגעריסן דעם באַנדאַזש. דער וויטאָג איז פאַרגאַנגען ביזן מאַרך־ביין. די פוס האָט אויסגעזען שרעקלעך: אַנגעשוואָלן, בלוי — אַן עלעפאַנט! אַ שטיק נאַקעט ביין האָט אַרויסגעשטעקט פון צווישן די געל־גרינע אייטער־פלעקן. דער דאָקטער האָט איבערפלאַכלעך באַטאַפּט דעם שינד־ביין ביז דער קני, ט'אויף אַ רגע אַרויסגענומען דעם ציבעק פון מויל, ט'לאַנגזאַם אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און האָט אַרויסגערעדט גלייכגילטיג, אויסגעצויגן:

— עמ־פיו־טיישן.[1]

— וואָס?

אַנאַסטאַסי עפענדי האָט עס פאַר אים פאַרטייטשט. אַבוקאַדיר עפענדי האָט אויפגעצאַפּלט:

— ניין!! — האָט ער אויסגעשריען באַנומען, זיינע אויגן — צעשטורעמט, אַרויסגעזעצט, זיין פּנים — וואַנזיניגער אַנגסט. — ניין!! כ'על ניט לאָזן!!

דער דאָקטער האָט אָנגעהאַלטן זיין קאַלטן גלייכגילט:

— ער'ט מוזן צושטימען, אַניט 'עלן מיר ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די קאָנסעקווענצן. גאַנגרין... מאָרגן פרי.

— ס'וועט ניט געשען! כ'על ניט דערלאָזן!...

דער דאָקטער האָט זיך געמאַכט ניט־הערנדיג. ער איז אָפּגעגאַנגען צו אַן אַנדער בעטל, אַ דריטער, ט'געלאָזט הינטער זיך אַ זייל רויך פון זיין ציבעק. אַנאַסטאַסי עפענדי האָט הינטער־אַרום אַ וואונק געטאָן צו אַבוקאַדיר עפענדין. אַבוקאַדיר עפענדי האָט דעם באַדייט פון זיין וואונק ניט אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך אומגעוואָרפן, ווי אַ צעפּאַלמעסטע שלאַנג, אין יסורים. דער געלעגער אונטער אים האָט געברענט, זיין בלוט האָט געזאָדן אין אים, דער מוח האָט זיך געצונדן: מאָרגן פרי... אַ וויסטע קאַליקע... ניין! ס'וועט ניט גע־

1. אַמפּוטאַציאָן.

שען!... מאָרגן פרי... קיינמאָל!... אַ טעות... נאָר דעם פערד דער־
שאָסן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַביסל שפּעטער האָט אים אַנאַסטאַסי עפּענדי געפונען אין טרערן, אַן אויסגעזויגענעם, אַ פאַרצוויפלטן — אַ שטיק פאַרגליווערטע דערשלאָגנקייט. ער האָט זיך אָנגעבויגן איבער אים און האָט אים לייכט אַ טשוכע געטאָן:

— וויין ניט, מיין פריינט. לאָז זיך ניט אָפּ.

— כ'קאָן דאָס ניט דערלויבן, דאָקטאָר אַנאַסטאַסי. כ'על ניט—— מיין באַשלוס איז פעסט... איידער צו בלייבן אַ קריפּל, 'על איך בעסער—— איכ'ל ליבערשט—— מאַכן אַ סוף צו אַלץ... כ'על——

— ס'עט ניט קומען צו דעם, מיין פריינט.

— ער האָט געזאָגט מאָרגן פרי...

— דאָס איז ז י י ן מיינונג.

— אָבער——

— זאָרג זיך ניט, אַבוקאַדיר עפּענדי. באַרואיג זיך. ס'איז דאָ אַן אויסוועג.

— ווי אַזוי?

— אויב דו קאָנסט נאָר האַלטן סוד... היינט, אַרום מיטנאַכט, גייט פון דאַנען אָפּ אַ שפּיטאָל־צוג מיט פאַרוואונדעטע קיין קאַירא. כ'האָב דיין נאָמען אַריינגעשמוגלט אין דערדאָזיגער ליסטע — כלומרשט דורך אַ טעות... זיי גרייט און מאַך זיך ניט־וויסנדיג. מיטן פרימאָרגן 'עסטו זיין אין קאַירא.

— און דאָרט וואָס?

— דאָרט וועט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט טאָן, ניט געשען. דיין פוס איז, לויט מיין מיינונג, ניט אין אַזאַ הילפלאָזן צושטאַנד ווי ער האָט דיאַגנאָזירט. כ'האָב געזען געגוג אַזעלכע און אַ סך ערגערע. מיט געניטער באַהאַנדלונג קאָן דיין פוס פאָלקאָם דערהיילט ווערן. דאָרט וועסטו דאָס באַקומען. די דאָקטוירים דאָ זיינען יונג, אונדערפאַרן. זיי זוכן צו פּראַקטיצירן כירורגיע אויפן חשבון פון די געפאַנגענע. דאָרט, ווי איך פאַרשטיי, געפינען זיך פאַכ־לייט, אויסגעצוונטע כירורגען... כ'ווינש דיר גליק!

— כ'בויטיג זיך אין דעם, דאָקטאָר עפּענדי, — כ'האָב עס נאָך ניט געהאַט...

— וועסט עס נאָך האָבן. מוט, מיין פריינט!

ער האָט אַ דריק געטאָן אַנאַסטאַסיס עפּענדיס האַנט. זיינע אויגן זיינען פאַרלאָפן. אַ קלומפּ האָט זיך אים געשטעלט אין האַלדז. ער האָט קיין כוח נעהאַט אים געהעריג צו באַדאַנקען.

# 37

## אין דער קעניגרײַך פון נאַכוויי און מעסטער

הווידלקעס אויף אָרעמס, וויקעלעך אַרום שטערנס, תליות איבער בעטן.
אין אַ געפּלאָנטער פון ווייס וואַכט די קראַנקע וועלט און וויגט־איין
אירע קענדערלעך פון נאַכטומל, ביט־דערקווילעטע, אין פרעמדע וויגן —
קינדערלעך פון אַ קראַנקער וועלט.

ס'וויגט־איין דער סוד פון פּיין, ס'וועקט־אויף די שרעק פון דאָ־זיין, די שאַנד פון גלידער צעמאָלענע. פאַרוואָס? וואוהין האָט מען זיי פאַרפירט —
די קינדערלעך פון אַ קראַנקער וועלט?...

געלע בלאַסקייט אויף בלענדנדיקן קישן־ווייס. בלויע רינגען אַרום אויגן־טיף. אויסגעקנאָכנטע קני פון אַ צוגענאָגלטן יעזוס אויף אַ שיידוועג־קרייץ. שאַרפע שאָטנקייט פון אויסגעשטאַרטע ריפּן אין דער פרעמדער העלקייט פון העליאָפּאָליס, די שטאָט פון זון.

אַזוי ליגן זיי, די קינדערלעך פון אַ קראַנקער וועלט.

פאַר זיי איז דער טומל שוין פאַראיבער. אין דעם פרעמדן וואָר ווערט אַלץ דורכזיכטיק ווי ס'אייגן הויט, אויסגעאיידלט ווי די פינגער פון אַ נאָך־גאַנץ־געבליבענער האַנט. דער לויף פון צייט ווערט געמאָסטן נאָך די פיבער־שטורצן, נאָך די שטורעם־אויסברוכן פון וויטאָג. און מ'ראַנגלט זיך אין דער שטיל, מ'ליגט, מ'וואַרט אויף אַ דערלייזונג —
אין דער פרעמדער ווייסקייט פון אַ קראַנקער וועלט.

און די זון גייט־אויף, די זון גייט־אונטער — פאַרביי'ן פענצטער, איבער דער וואַנט. דער טאָג פאַרגייט; — אַ ל ץ מוז אַמאָל פאַרגיין. פון אַ דערבייאיגן בעטל קומט אַ שטיקנדיקער גאָרגלען. ס'פאַרציט זיך אַ פאַראַוואַן. די נאַכט פאַלט־צו אַ ליידיגע, אָן רו. עס שלאָפן נאָר די פוילע וויזערס אויפן

וואַנזייגער. אין דער שלאָפלאָזער שטילקייט גייט־אויף דאָס ניט־דערהערט געוויין פון אויסגעפייניגטע גלידער אין דער נאַכט —

נאַכט איבער דער קעניגרייך פון נאָכוויי און מעסער.

מיטן באַגינען קומט מען נאָך זיי, נאָך די שכנים פון די בעטלעך — אַמאָל נאָך איינעם, אַמאָל נאָך עטלעכע באַנאַנדער. בכנעדיג לאָזט מען זיך אַוועקוועגלען אין דער טיף פון שמאָלן קאָרידאָר. די בעטן וואַרטן אָפענע, אויסגעגלעטע. אַמאָל קומט מען פון דאָרט אינגאַנצן ניט צוריק; ס'רוב ווערט מען פון דאָרט צוריקגעבראַכט — ווער מיט נאָר איין פוס צאַפּלענדיג אונטערן איבערדעק, ווער מיט אַ פּאַרריסענעם אַקסל, ווער מיט אַ קנויל מאַרלע איבער די אויגן, ווער אין אַ געפלעכט פון גומע־רערן. בעט נעמט זיי אַריין אין אירע קילע אָרעמס, אין זייער פאַרנאַרטן דרעמל. שלאָפטרונק וועפּט זיך אויס. אויגן פראַלן־אויף באַווילדערט. אַן אויפציטער. אַ וואַנזיניגער גרילץ: אַ מענטש האָט זיך אויפגעוואַכט אַ האַלבער... שפּיטאָל־זאַל ווערט דורכגעשפּאַלטן, שפּיטאָל־זאַל שטומט. אַרום אַ מויל־ווינקל צעבלעזלט זיך אַ ווייסער שוים. אַ גאַרגל־קנאַפּ צעיאָגט זיך איבער אַן אויסגעדאַרט האַלדז; אַ ליידיג ברוסט הויכט־אויס דעם לעצטן אָטעם אין אַ פרעמדן טאָג. אויף די ליפּן פאַלט אַ פאַרבלאָנדזשעט זונשטראַל און בלייבט הענגען אַן איבערגעבראָכענער: אַ קינדעלע איז איינגעשלאָפן — אַ פאַרוואָגלט קינד פון אַ קראַנקער וועלט —

אין דער קעניגרייך פון נאָכוויי און מעסער.

און וואָכן ביין אַזוי, און וואָכן צוועלף, און וואָכן זעכצן. אַ בעט־צופוסנס, אַ וואַנט, אַ סטעליע, און אַ ווייטאָג וואָס איז נאָר זיינער. דורך דער צייט איז אַבוקאַדיר עפּענדי דריי מאָל דורכגעפירט געוואָרן דורכן קאָרידאָר דעם שמאָלן, און דריי מאָל איז ער צוריקגעקומען צו זיין ווינקל. און יעדן מאָל האָט דאָקטער גראַהאַם אים געוואָרנט:

— איין שאַנס אין אַ הונדערט.

— איכ'ל ליבערשט נעמען דעם שווערן וועג, דאָקטער.

און ער האָט אויף זיך גענומען די יסורים. זיין ווילנסקראַפט איז אים געקומען צו הילף. ניט איין מאָל האָט ער דורך די לאַנגע נעכט פאַרקלעמט די ציין ביז די שלייפן האָבן געטרעשטשעט. ער האָט זיך געשטאַרקט אין בלינדער האָפענונג. זיין מוטיגקייט, זיין צוטרויליכער איבערגעבן זיך אין דאָקטער גראַהאַמס הענט, האָבן געצויגן דעם לעצטנס אויפמערקזאַמקייט, און ער האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס אין דעם יונגנמאַן, ווערמענס באַנעם איז געווען עפּעס אַזוי אַנדערש פון די אַלע אַנדערע אַרום. ער האָט דערפילט די שטומע דאַנקבאַרקייט. וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו אים פון דעמדאָזיגן יונגס אויגן יעדן מאָל וואָס ער האָט אים באַהאַנדלט; און ער איז

געוואָרן אַלץ מער צוגעלאָזן, פריינדלעכער צו אים. זייער אָפט, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין אַרבעט אין אָפּעראַציאָנס־זאַל, פלעגט ער זיך אַריינ־כאַפּן, זיך צוזעצן נעבן אַבוקאַדיר עפּענדיס בעט, פלעגט קוקן אויף אים מיט זיינע מילדע אויגן און אַ זאָג־טאָן פאַרן אַוועקגיין:

— האַלט־אָן דעם מוט, יונגערמאַן; ביסט אויפן וועג צו דערהיילונג. זיי גוט.

און מיט זיין יעדן אַוועקגיין פלעגט ער איבערלאָזן אַ שטילע צערודערונג אין אַבוקאַדיר עפּענדין. דאָ, מיט דעם טומל ה י נ ט ע ר ז י ך , האָבן געשעפּענישן און זאַכן געגומען הערשיינען פאַר אים אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט. דער נעפּל פון די ברויזיגע טעג האָט זיך אָנגעפּאַנגען אויסצוליטערן. און ליגנדיג וואָכן־לאַנג מיט גלידער אויסגעמידטע פון איבערגעגאָסענער רו, האָבן זיך אין אים נאָכאַנאַנד געפּלאָנטערט געדאַנקען, נאָכקלערונגען, אָפּפרעגונגען — אָפּריסן פון אַ גרויסן פ אַ ר ו ו אָ ס: „פאַרוואָס? פאַרוואָן? וואו איז דער זין פון דעם אַלעם? וואוהין האָט דער שגעון דערפירט? וואוהין וועט ער נאָך דערפירן?... אָט איז דער דאָקטער גראַהאַם: הענט אַזוינע ברודער־לעכע, אַזאַ לייטזעליגער באַריר: הענט וואָס ברענגען היילונג, וואָס ברענ־גען טרייסט; און דיזעלבע הענט וואָלטן דאָרט, ווי אַלע אַנדערע, געבראַכט פאַרניכטונג, וואָלטן זיך געקליגט אין מאָרד, וואָלטן געזייט ליידן. אויגן אַזוינע גוטע, און אויגן אַזוי שטום, און אויגן אַזוי פרעמד... פאַרוואָס האָט עס ניט געקאָנט אַנדערש זיין? וואו איז די מחיצה, די וואַנט, וועלכע טיילט־אָפּ מענטש פון מענטש? פון וואַנען פליסט דער גיפטיגער האַס, וואָס האָט אָנגע־צונדן האַרץ און מוח פון איין ברודער־מענטש צום צווייטן? פון וואַנען? וואו? פ אַ ר ו ו אָ ס?..."

געדאַנקען — אָפּפרעגונגען — נאָכטראַכטעניש — פּלאָנטערס.

נאָר דאָ, אין דעם חלל דעם אָנגעזאַפּטן מיטן ריח פון ליזאָל און עטער, איז עפּעס ניט געוועזן צו דערפירן קיין איינציגן געדאַנק ביז אַ ברעג; ניט צו פאַנאַנדערקלייבן זיך אין קיין איינציגער נאָכטראַכטונג. און די אָפּפרעגונגען טאַיען־אויף, קוועלן־ אָן, און פאַר ווערמען אויפצובינדן זיך איז ניטאָ. אַרום אים — שטויבעלעך פאַריאָגטע פון אַ ווייטן שטורעם, אָפּפאַל פון אַ פרעמ־דער צעשמעטערונג, יעדערער פאַרטיפט אין זיין אייגענער יסורים־וועלט, איב'ם נאָכגעוויין פון די אייגענע גלידער, און צווישן זיי — ער — אַ שטויבעלע אין דעם צער פון אַ קראַנקער וועלט.

*

די פוס האָט זיך געבעסערט. דאָקטער גראַהאַם איז געווען ביי זיין זייט, ווען ער איז צום ערשטן מאָל אַרונטער פון בעט. דער דרויסן האָט אים אַרומ־געכאַפּט מיט זיין בלענדנדיגער ליכטיגקייט. איבערן גרויסן שפּיטאָל־הויף האָבן זיך אומגעשלעפּט אַלערליי קאַליקעס: האַלבע מענטשן אין וועגעלעך,

אַנפּוסיגע אויף קוליעס, רויטלאַטיגע פּנימער מיט אָפּגעריסענע מײַלער, מיט אָפּגעפּוצטע נעזער. מענטשן אויפגעטרייסלטע — שברי־כּלים. בלינדע האָבן זיך געשאַרט מיט אונזיכערע, פלאַכע טריט, אָנהאַלטנדיק זיך אָן דעם ליידיקן אַרבל פון אַ זעענדיקן חבר — אַ שרייענדיקער דיסאָנאַנס אין דער העלער זוניקייט פון צעאָטעמטן דרויסן.

צען טעג אויפן רעדל־שטול. דריי וואָכן אויף אָן אָנלען. די צייט איז רייף געוואָרן פאַר אים אָפּגעשיקט צו ווערן אין געפאַנגענשאַפט־לאַגער נעבן אַלעקסאַנדריע. פאַרן אויסשרייבן אים פון שפּיטאָל, האָט דאָקטער גראַהאַם אים געהייסן זיך דורכשפּאַצירן פאַר אים הין־און־צוריק עטלעכע מאָל. ער האָט נאָכגעקוקט זיין גאַנג מיט געשפּאַנטער צופרידנקייט.

— ס'איז דאָ אַ גרויסע באַפרידיגונג אין דעם אַלעם; — האָט דאָקטער גראַהאַם ענדלעך זיך אָנגערופן, — ס'איז גוט צו פילן אַז מ'קאָן, אין אַ געווויסער מאָס, באַהילפיק זיין די אומבאַהאָלפענע. ס'ברענגט מיט זיך אַ געוויסע פאַרגי־טיגונג, לאָמיר זאָגן, פאַר באַגאַנגענע אומרעכטן...

אַבוקאַדיר עפענדי האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל וואָס ער האָט געהערט דעם תמיד־שווייגנדיקן דאָקטער גראַהאַם אַרויסריידן עטלעכע לענגערע זאַצן. ער איז געווען בייגעריג צו הערן זיין באַזאַכט־צעצויגענע אויסשפּראַך.

— מעג איך פרעגן: וואָס, צום בײַשפּיל?

דאָקטער גראַהאַם האָט אויף אים שאַרף אַ קוק געטאָן דורך אַ האַלב־צוגע־מאַכטן אויג־ווינקל און האָט לייכט אַ שמייכל געטאָן ווי צו זיך אַליין:

— וועלל, אַט דער אונזין, וועלכן צייט און אומשטענדן דערלויבן ניט אָנ־צורופן ביים ריכטיקן נאָמען... זיי גוט, יונגערמאַן, און גיב אַכטונג אויף זיך. כ'האָף אַז מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען...

*

פאַרלאָזנדיק דעם שפּיטאָל, האָט אַבוקאַדיר עפענדי געהאַט דעם געפיל, אַז דאָרט האָט זיין בלוט איינגעזויגן עפּעס אַזוינס, וואָס וועט לאַנג מיטפליסן אין זיינע אָדערן; אַז, ניט־דערזאָגנדיק, האָט דאָקטער גראַהאַם אין אים איבערגע־לאָזט עפּעס, וואָס וועט געפינען אַן אָפּקלאַנג אין אַ ווייטן מאָרגן.

